# שמשון הגבור

אָריגינעלער ביבלישער ראָמאַן פון דער צייט פון די שופטים

פון

## שאול ספיר

פּאָרפאַסער פון

קאַליף פון קאָרדאָווא, צווישען רוים און ירושלים, דוד המלך, שלמה המלך, אברהם'ס אייניקלעך, פּרינץ פון מצרים, אסתר המלכה, קאָלאָמבוס דער איד, די טאָכטער פון מדבר, פערציג יאָהר אין מדבר, א. ז. וו.

# SAMSON & DELILAH

**Biblical Novel by SAUL SAPHIRE**

**Author of Caliph of Cordova, Between Rome and Jerusalem, King David, King Solomon, Abraham's Grandchildren, Prince of Egypt, Queen Esther, Columbus the Cryptic Jew, The Daughter of the Desert, Forty Years in the Desert, etc.**

עס ווערט פֿאַרבאַרייטעט פֿאַר'ן דרוק און וועט אין גיכען
ערשיינען דער באַריהמטער ביבלישער ראָמאַן:

# משה רבינו'ס נאָכפֿאָלגער
## (יהושע)

פ ו ן

## ש א ו ל  ס פ י ר



פֿאָלגענדע ביכער פון זעלבען מחבר קען מען נאָך באַקומען

1. די טאָכטער פון מדבר.
2. פערציג יאָהר אין מדבר.
3. צווישען רוים און ירושלים.
4. קאָלאָמבוס דער איד.
5. פּרינץ פון מצרים.
6. שלמה המלך.
7. אסתר המלכה.

## ערשטער קאפיטעל

# די שרעק

די איינוואוינער פון צרעה, א שטאָדט פון שבט דן, זיינען געווען יום טוב׳דיג געשטימט. עס איז געוואָרען צוויי הונדערט יאָהר זינט די שטאָדט צרעה איז אריבער פון דעם חלק פון שבט יהודה צו דעם שבט דן.

אין אן אָפענעם פּלאַץ, אין מיטען שטאָדט, האָבען זיך די איינוואוינער פארזאמעלט, מען האָט געשאָכטען שאָף און רינדער און מען האָט זיך משמח געווען.

דאָס יונגוואַרג האָט געטאנצט און געזונגען לידער און די בעלי־בתים פון שטאָדט זיינען געזעסען ארום א לאנגען טיש און מען האָט געגעסען און גע־טרונקען און מען האָט זיך דערצעהלט מעשיות פון פארשיעדענע אמאָליגע העל־דען. מאנכע האָבען דערצעהלט, וואָס זיי האָבען געהערט פון זייערע עלטער־זיידעס, וועלכע האָבען געדענקט דעם געוויען טאָג ווען און ווי אזוי די שטאָדט איז איבערגעגעבען געוואָרען צום שבט דן.

אויבענאָן איז געזעסען מנוח און זיין ווייב צללפּונית. מנוח איז געווען א יאָהר פופציג און איז געווען פאררעכענט פאר דעם חשוב׳סטען בעל הבית פון שטאָדט; מען האָט פאר איהם גרויס דרך ארץ געהאט. נישט נאָר האָבען די איינוואוינער פון צרעה איהם אָפּגעגעבען גרויס כבוד, נאָר אויך דער גאנצער שבט דן האָט מיט איהם שטאָלצירט. אלע האָבען געוואוסט, אז מנוח איז דער איינציגער פון דעם שבט דן, וועלכער האָט גערעדט מיט א מלאך פון גאָט און הגם פון אָנפאנג האָבען איהם נישט אלע געוואָלט גלויבען, יעצט אבער, אז אלע האָבען געזעהן, אז דאָס, וואָס מנוח און זיין פרוי האָבען דערצעהלט אין נאמען פון מלאך, ווערט מקוים, האָט שוין זעלטען ווער עס איז געצווייפעלט אין זיינע רייד.

אלע האָבען געזעהן, אז שמשון, מנוח׳ס זוהן, איז אן אויסערגעוועהנליך קינד. און כאָטש אלע האָבען שוין געהערט צעהנדליגער מאָל ווי מנוח דערצעהלט וועגען דער געבורט פון זיין זוהן, שמשון, פלעגט מען איהם ביי יעדער געלע־

גענהייט ווידער אמאל בעטען צו דערצעהלען. עס וואלט זיי נישט מיאוס געוואַ־רען צו הערען די געשיכטע נאך פיעלע מאל.

— זאל אונז מנוח דערצעהלען ווי אזוי דער מלאך האט זיך צו איהם באַ־וויזען! — האט איינער אויסגערופען, נאכדעם ווי ער האט אויסגעליידיגט זיין בעכער וויין.

— יע, יע! — האבען אנדערע אונטערגעהאלפען. — מיר האבען ליעב צו הערען אט די מעשה!

— געוויס, דערצעהל אונז, מנוח! דיין געשיכטע צייגט אונז, אז גאט האט זיך נאך אן אונזער שבט נישט פארגעסען און מיר פארמאגען אויך הייליגע מענשען.

א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף מנוח'ס פנים. ער איז געווען זעהר צופרידען, ווען מען האט איהם געבעטען ער זאל דערצעהלען וועגען שמשון'ס געבורט. ער האט געוואָרפען א בליק אויף זיין פרוי, וועמעס פנים האט געשיינט פון גליק און ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאץ.

די אלע, וועלכע זיינען געזעסען ארום טיש, האבען זיך איבערגעבויגען. אויסשטרעקענדיג זייערע העלזער און מיט גרויס אומגעדולד געווארט, אז מנוח זאל אנפאנגען. א שטילקייט האט געהערשט ארום און נאך א קליינער פויזע האט מנוח אנגעפאנגען:

— דאס איז געווען מיט צוועלף יאהר צוריק. דאן בין איך זעהר אומ־גליקליך געווען, ווייל צוואנציג יאהר זיינען פאריבער זינט מיין חתונה מיט צללפונית און גאט האט אונז נאך נישט געבענשט מיט קיין קינד. איך געדענק אזוי קלאהר און דייטליך, אז יענעם טאג איז נאך מיין טרויער שטארקער גע־ווען. איך האב געזעהן ווי די קינדער פון מיינע שכנים שפיעלען זיך, איך האב געהערט זייערע פרעהליכע, קלינגענדיגע שטימען און עס האט מיר שטארק גענומען דריקען ביים הארצען... יעדער פארהייראטע פּאר איז געבענשט מיט קינדער, אבער איך און צללפונית זיינען קינדערלאז. איך האב אזוי שלעכט געפיהלט יענעם טאג, אז איך האב אפילו קיין מוטה נישט געהאט צו געהן אין פעלד צו דער ארבייט. איך בין פארבליבען אין דער היים... ווען איך פלעג זיין אין אזא שטימונג, פלעגט מיין פרוי, צללפונית, געהן אין פעלד טהאן די ארבייט יענעם טאג איז זי פלוצלונג געקומען צו לויפען פון פעלד און מיט גרויס אויפ־רעגונג מיר דערצעהלט, אז א געטליכער מאן האט זיך צו איהר באוויזען און ער האט איהר געזאגט, אז אינגיכען וועט זי געבוירען א זוהן.

— ווי האט ער אויסגעזעהן? — האט אימיצער פון די פארזאמעלטע זיך אפגערופען.

— ער האט אויסגעזעהן, — האט מנוח געווענדעט זיינע בליקען אויף זיין פרוי, — אבער זאל מיין פרוי ווייטער דערצעהלען, זי האט דאך דאס אלץ דורכגעמאכט.

— דערצעהל אונז, צללפונית! — האבען זיך געהערט עטליכע פרויען שטימען.

— יע, דערצעהל אונז ווי דער מלאך האט אויסגעזעהן.

צללפונית האט געהאט גרויס פארגעניגען, ווען זי פלעגט אנפאנגען דער־צעהלען. זי האט קיינע איינצעלהייטען ניט דורכגעלאזען.

— איך בין אזוי געזעסען, אין פעלד, זיך עטוואס אפגערוהט פון דער ארבייט, — האט זי אנגעפאנגען. — איך האב זיך געטראכט: מיר ווערען עלטער... נאך אייניגע יאהר וועלען פאראיבער און מיר וועלען שוין מעהר קיין כח נישט האבען צו ארבייטען און דא בין איך ווי אן אויסגעדארטער, פרוכטלאזער בוים, קיין קינדער, וועלכע זאלען זיין צו אונז א טרייסט אויף די עלטערע יאהרען. האב איך נישט... איך האב גענומען אויסגיסען מיין הארץ פאר גאט. איך האב איהם געבעטען, דאס צוליעב דעם זכות פון אונזערע מוטערס שרה, רבקה, רחל. וועלכע זיינען אויך געוועזען עקרות און נאכהער אויפגעריכט געווארען, זאל מיך גאט אויך אויפריכטען און בענשען מיט א זוהן. און ווי איך בין אזוי געזעסען פארזונקען אין מיינע געדאנקען, איך הויב אויף מיינע אויגען און דערזעה א מאן שטעהט נעבען מיר. איך האב זיך שטארק דערשראקען און זיך אויפגעהויבען פון מיין פלאץ און געוואלט אנטלויפען, אבער ער האט מיך אפגעהאלטען.

— שרעק זיך נישט! — האט ער צו מיר געזאגט. — קיין בייז וועט דיר נישט געשעהן· איך בין געשיקט געווארען דיר אנצוזאגען א פרעהליכע בשורה!

ערשט דאן האב איך איהם גוט באטראכט און איך האב גלייך פארשטאנען, אז ער איז א געטליכער מאן. זיין פנים, וואס איז געוועזען באציערט מיט א לאנגער ווייסער בארד, האט געלויכטען; זיינע אויגען האבען געשטראהלט.

— דו ביזט ביז יעצט געוועזען אן עקרה און דו האסט קיין קינדער נישט געבוירען. און איך קום דיר אנזאגען, אז אינגיכען וועסטו געבוירען א זוהן! — האט ער צו מיר זיך אפגערופען. — דו דארפסט אבער זעהר פארזיכטיג זיין און נישט טרינקען קיין וויין און אנדערע שארפע געטראנקען, דו זאלסט נישט עסען קיין אומריינע זאכען, ווייל דער זוהן, וואס וועט פון דיר ארויסקומען, וועט זיין א נזיר, ער וועט זיין היילינ. זיינע האר זאלסטו לאזען וואקסען און קיינמאל זיי נישט אפשערען. און ווען דו וועסט אויספאלגען אלעס. וואס איך האב דיר אנגעזאגט, וועט דיין זוהן זיין בכח צו העלפען ישראל פון די פלשתים.

איך האב דעם געטליכען מאן איבערגעלאזען אין פעלד און געלאפען אנזאגען מייז מאן וועגען דעם. אבער ווען ער איז מיט מיר געקומען, איז דער מאן מעהר דארט ניט געוועזען.

— פון וואנען ווייסטו אבער, אז ער איז געוועזען א מלאך? — האט איהר אימיצער אונטערבראכען.

— ער איז געקומען א צווייטען מאל! — האט מנוח איהם געענטפערט. — און דאן האב איך איהם אויך געזעהן. איך האם איהם איבערגעפרעגט, וואס צו טהאן מיט דעם קינד, וואס וועט געבוירען ווערען און ער האט מיר געזאגט די זעלבע זאך, וואס ער האט צללפונית׳ן פריהער געזאגט. איך האב איהם איינגעלאדען צו זיך אין הויז און געוואלט מאכען פאר איהם א מאלצייט, האט ער זיך ענטזאגט. און ווען איך האב איהם געפרעגט זיין נאמען, האט ער מיר געענטפערט, אז זיין נאמען איז פארבארגען.

— דאס איז נאך אלץ נישט קיין באווייז, אז ער איז געוועזען א מלאך, — האט יענער נאך אלץ געצווייפעלט. — מעגליך, אז ער איז בלויז געוועזען א נביא און ער האט פאראויסגעזעהן, אז דיין פרוי וועט האבען א זוהן?

דא האט שוין מנוח פארלוירען זיין גערולד·

— א נביא! — האט ער אויסגערופען. — מיר האבען דאן אויך געמיינט, אז ער איז בלויז א נביא, אבער איך האב דאך שוין אייך נישט איינמאל דערצעהלט, אז ווען איך האב אוועקגעלייגט א געקוילעט יונג ציגעלע אויף א שטיין אלס א קרבן צו גאט, איז א וואונדער געשעהן: א פלאם פייער איז ארויסגעקומען פון שטיין און האט פארברענט דעם קרבן. נו, האט שוין געקענט זיין א צווייפעל אז דאס איז געווען א מלאך פון הימעל?!

די ארומיגע האבען צוגעשאקעלט מיט די קעפ אלס א צייכען, אז זיי שטימען איין מיט איהם.

א ווייל שפעטער אבער, אז זיי זיינען געזעסען באזונדער אזוי, אז מנוה און זיין פרוי האבען זיי נישט געקענט הערען, האבען אייניגע צווישען זיך ווידער אויסגעדריקט זייער צווייפעל אין מנוח'ס רייד.

— איך גלויב, — האט זיך א מיטעליעהריגער איד, מיט א שפיציג בערדעל אפגערופען, — אז די מעשה מיט'ן קרבן איז א צוגעגעבענע. מנוח איז גארנישט אזא חשוב'ער מאן, אז א מלאך זאל זיך צו איהם באווייזען.

— דאס רעדט שוין אין דיר די קנאה! — האט אן עלטערער איד איהם געענטפערט.—אלע ווייסען, אז מנוח איז א גאטספארכטיגער און עהרליכער מאן.

— ווייניג גאטספארכטיגע און עהרליכע אידען זיינען פאראן אין דעם שבט דן? פונדעסטוועגען האט נאך קיינער נישט גערעדט מיט קיין מלאך!

— מיר זעהען דאך אלע, אז וואס יענער האט פאראויסגעזאגט אזוי האט פאסירט! צללפונית האט קירצליך נאך דעם געבוירען א זוהן! — האט א דריטער איד א זאג געטהאן.

— עס איז אבער א גרויסער ספק, אויב שמשון וועט אונז ווען עס איז העלפען פון די פלשתים! אמת, ער איז זעהר שטארק, אבער מיר שיינט נישט אז ער זאל אמאל ווערען א שופט און א פיהרער פון אונזער שבט.

—ער איז דאך נאך יעצט גאר יונג, פונדעסטוועגען רעדט מען שוין אין צרעה זעהר פיעל וועגען זיין גבורה.

— וואס פאר א נוצען האט מען פון זיין כח? ער צעשלאגט זיך מיט אנדערע קינדער און צע'מַמית'ט זיי! אט דאס אלעס, וואס מיר האבען פון איהם! ווען ער וואלט געווען געבענשט מיט דעם אמת'ן גייסט פון א פיהרער און א שופט, וואלט ער אפילו אין זיינע יונגע יאהרען געווען מעהר געזעצט און נישט ארומגעלאפען אזוי ווילד אין די פעלדער און וועלדער.

—מען קאן נאך יעצט גארנישט וויסען! — האט אן עלטערער איד זיך אריינגעמישט. — אויב די ערשטע רייד פון דעם מלאך זיינען מקוים געווארען און צללפונית האט געבוירען א זוהן, וועלען אויך זיינע אנדערע רייד, אז ער וועט אנפאנגען צו העלפען ישראל פון די פלשתימ'ס הענט, אויך מקוים ווערען. קיינער קען דאך נישט פארלייקענען, אז שמשון קוקט אויס צו זיין איינגאנציג אנדערש ווי די אנדערע קינדער אין זיין עלטער. ער באזיצט אן אונגעהויערע קראפט; ער באזיצט א ברייטען געזונטען קערפער און איז הויך געוואקסען. זיינע לאקען האר זיינען לאנג און געדיכט און זיינע פויסטען זיינען קרעפטיגע..

— אז זיינע פויסטען זיינען קרעפטיגע, דאס וויים איך! — האט נאך איינער זיך אפגערופען. — נישט איינמאל איז מיין זוהן געקומען אהיים א צעקיילטער און צעביילטער פון שמשונ'ען... זיי האבען זיך צוזאמען געשפיעלט,

פלוצלונג איז ער אין כעס געווארען און האט זיך צעשלאגען מיט זיינע חברים און ער האט זיי אלעמען צע׳ממית׳ט.

— נו, איז טאקע מעגליך, אז שמשון וועט זיך נאך אמאל באנוצען מיט די זעלבע פויסטען געגען די פלשתים! — האט דער עלטערער איד ווייטער געזאגט.

— ווער ווייסט! דערווייל ליידען מיר פון די אומווירדיגע פלשתים זעהר פיעל. זיי זיינען געווארען די אמת׳ע בעלי בתים איבער אונזער לאנד. זיי דריקען און שטיקען אונז, זיי באפאלען אונזערע שטעדטלעך און דערפער און רויבען פון אונז אוועק די בהמות און דערצו מוזען מיר נאך זיי צאהלען צינזען!

— מיר פייערען היינט צוויי הונדערט יאהר זינט אונזער שטאדט איז איבערגעגאנגען פון דעם שבט יהודה צו אונזער שבט. אבער איך זעה נישט איין. וואס פאר א שמחה דאס איז פאר אונז! קענען מיר דען אנרופען צרעה אונזער שטאדט? זיינען מיר דען פריי צו טהאן וואס מיר ווילען? אפילו אונזער געוועהר האבען זיי פון אונז צוגענומען!

— נו, צעשטער נישט אונזער שמחה! — האט איינער אויסגערופען, אנפילענדיג זיין בעכער מיט ווייז. — מיר טארען נישט זינדיגען. דערווייל הערשט שלום אין לאנד. און אפילו ווען מיר מוזען צאהלען עטוואס צינזען צו די פלשתים, דארפען מיר זיך אויך דאס שטארק צום הארצען נישט נעהמען. דאס גערעטעניש איז גוט און מיר וועלען קענען באהויפטען אפצוגעבען א חלק פון אונזער תתבואה אלס צינזען. מיר דארפען דאנקען גאט, וואס זיי לאזען אונז צורוה.

— גאט האט אונז באפרייט פון מצרים, פון שקלאפעריי און אונז געבראכט אין דעם לאנד, וואס פליסט מילך און האניג, און יעצט זיינען מיר שקלאפען צו די פלשתים! — האט נאך איינער זיך באקלאגט.

— דאס איז ווייל יעדער שבט לעבט זיך באזונדער! — האט א הויכער, דארער איד זיך אפגערופען. — יעדער זארגט נאר פאר זיין שבט. ווען מיר וואלטען אבער געווען פאראייניגט, וואלטען מיר נישט געהאט וואס מורא צו האבען פאר די פלשתים.

— אזא מזל האט שוין אונזער שבט. אז דאס לאנד, וואס איז אריינגעפאלען אין אונזער גורל, דארף זיך גאר גרעניצען מיט דעם לאנד פון די פלשתים!

— דאס איז אבער אונזער אייגענע שולד! — האט דער עלטערער איד זיך אפגערופען. — פיעלע פון אונז האבען פארגעסען דעם גאט, וועלכער האט מיט אונזערע עלטערען אזוי פיעל וואונדער געטהאן. זיי האבען אנגעפאנגען נאכצוטהאן די גוים. זיי דיענען צו זייערע געטער און פייערען זייערע ימים טובים. ווי אזוי קענען מיר ערווארטען, אז דער גאט פון אונזערע אבות זאל אונז קומען צו הילף? און מיר דארפען זיך נאך שעצען גליקליך, אז די פלשתים קומען נישט און פארניכטען אונז אינגאנצען נישט!

— מיר האבען דאך שוין געמאכט א פארזוך אויסצוראטען די געצענדינעריי פון אונזער שטאדט, — האט אן אנדערער געזאגט. — מנוח און די אנדערע עלטסטע פון צרעה זיינען אריינגעקומען אין יעדען הויז, וואו עס איז געווען אן אפגאט און זיי האבען איהם צעשטערט. די מזבחות פון דעם אפגאט בעל האבען זיי צעבראכען. פונדעסטוועגען ליידען מיר נאך אלץ פון די פלשתים! ווען אונ-

זערע אור־עלטערען האבען איבערגענומען צרעה פון דעם שבט יהודה, האבען זיי אפילו גארנישט געוואוסט פון די פלשתים.

— יע, זינט דאן איז דאס פלשתים פאלק געווארען אלץ מעהר מעכטיג. זיי זיינען שטארק און קענען זיך בעסער באנוצען מיט געוועהר ווי מיר.

— דאך דארפען מיר נישט זיין שטארק באזארגט, אזוי לאנג ווי מיר צאה־לען זיי די צינזען, וועלען זיי אונז נישט באאומרוהיגען.

אזוי האבען צווישען זיך געשמועסט די עלטסטע פון שטאדט, וועלכע האבען זיך באטייליגט אין דער פייערונג.

פלוצלונג האט זיך צו זיי דערטראגען א טומעל, וואס איז געקומען פון דעם מארק־פלאץ.

— וואס איז געשעהן? — האט מען זיך איינער דעם צווייטען געפרעגט.

באלד זיינען אריינגעלאפען צוויי פארסאפעטע אידען, איינער א יונגערמאן און דער צווייטער א מיטעליעהריגער. ביידע האבען אויסגעקוקט צעשראקען. כאטש זיי האבען געטראגען אויף זיך יום טוב׳דיגע קליידער, זיינען זיי געווען פארשטויבט און אין גרויס אונארדנונג.

א שרעק איז באפאלען אלע פארזאמעלטע. מען האט זיך שנעל אויפגע־שטעלט פון די פלעצער און ארומגערינגעלט די צוויי אנגעקומענע.

— וואס האט פאסירט? — האבען זיך געהערט עטליכע שטימען מיט אמאל.

— אן אומגליק האט פאסירט נעבען צרעה! — האט דער עלטערער איד אויסגערופען, קוים אפכאפענדיג דעם אטהעם, — פלשתים האבען מיין טאכטער אוועקגערויבט פון אונטער דער חופה.

— מיין כלה האבען זיי פון מיר אוועקגערויבט! — האט דער יונגערמאן אויסגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען.

— וואו איז דאס געשעהן? און ווי אזוי האט עס פאסירט? — האט מנוח זיי געפרעגט.

דער עלטערער מיט דעם יונגענמאן האבען מיט אמאל אנגעהויבען צו רע־דען. זיי זיינען ביידע געווען אזוי אויפגערעגט, אז מען האט קיין איינציגווארט פון זיי נישט געקענט פארשטעהן.

— מיר ווייסען נאך אלץ נישט, וואס עס האט ביי אייך פאסירט! — האט מנוח זיך אפגערופען. — זאל איינער פון אייך דערצעהלען, וועלען מיר וויסען, וואס עס איז פארגעקומען. דערצעהל דו פריהער! — האט ער זיך געווענדעט צו דעם עלטערען אידען.

— איך וואוין אין א דארף, נישט ווייט פון צרעה, נעבען אילון. מיר זיינען פרידליכע איינוואוינער. מיר צאהלען צו די פלשתים אונזער חלק צינזען. פונ־דעסטוועגען האט שוין נישט איינמאל פאסירט, אז די פלשתים זיינען אונז בא־פאלען און אוועקגעטראגען פון אונזערע סטאדעס שעפסען און אנדערע בהמות. מיר האבען געוואוסט, אז מיר זיינען הילפלאז געגען זיי און דעריבער פלעגען מיר ליידען און שווייגען. מסתמא איז אונז אזוי באשערט, אז מיר אזלען וואוי־נען נישט ווייט פון די פלשתים. אבער היינט האט א גרויסער אומגליק אונז געטראפען. איך האב געפייערט די חתונה פון מיין איינציגער טאכטער מיט דיי־זען יונגענמאן, וועלכער קומט פון צרעה. חתן־כלה און די איבעריגע געסט זיינע־ געווען פארזאמעלט אין מיין וויינגארטען און מיר האבען זיך משמח געווען.

ארום וויינגארטען זיינען געוועזן פיעלע איינגלעך און מיידלעך פון צרעה און ארום, וועלכע האבען גאנץ פרעהליך געשטיפט און געטאנצט. פלוצלונג דערהערען מיר א געשריי. עס ווערט א טומעל און א געלאף. מיר האבען זיך שנעל אויפגעהויבען פון אונזערע פלעצער צו זעהן, וואס דארט איז פארגעקומען. און איידער מיר האבען באוויזען זיך ארומצוקוקען, זיינען שוין אין וויינגארטען געשטאנען עטליכע פלשתים און זיי האבען גענומען ארייננטהאן אין זייערע כלים אלע געשאנקען, וואס זיינען געגעבען געווארען צו מיין טאכטער, די כלה. פון גרויס שרעק האט קיינער קיין ווארט זיי נישט געזאגט. "און יעצט וועלען מיר צונעהמען די כלה!" האט איינער פון די פלשתים אויסגערופען און זיי האבען באלד ארומגערינגעלט מיין טאכטער. איך און דער חתן און נאך אייניגע פון די געסט האבען געוואלט זיי נישט דערלאזען. אבער זיי האבען אונז מיט גרויס קראפט צוריקגעשטויסען. די איבעריגע געסט, מיט זייערע פרויען און קינדער, זיינען זיך צעלאפען. איך און ער — האט ער אנגעצייגט אויף דעם יונגענמאן, — האבען גארנישט געקענט טהאן. די פלשתים האבען א נעהם געטהאן מיין טאכטער, וועלכע האט געוויינט און זיך ביי זיי געבעטען, זיי זאלען איהר קיין שלעכטעס ניט טהאן, און זי ארויסגעטראגען פון וויינגארטען. איך האב זיך געוואלט נאך זיי נאכיאגען, אבער ווען איך האב דערזעהן, אז איך בין פארבליבען אליין מיט דעם חתן און אלע מיינע פריינט זיינען זיך פון גרויס שרעק צעלאפען, האבען מיר באשלאסען זיך צו ווענדען נאך הילף אין צרעה. מיר ווייסען ווער די פלשתים זיינען און אויך דאס פלאץ, וואו זיי געפינען זיך.

— אה, זיי האבען פון מיר מיין כלה אוועקגערויבט! — האט דער יונגערמאן געיאמערט. — ווער ווייסט, וואס זיי האבען צו איהר געטהאן? ! אה, העלפט מיר! לאמיר זיי נאכיאגען און ראטעווען מיין כלה פון די הענט פון די ערלים!

— וואס קענען מיר טהאן? — האט איינער געקוועטשט מיט די פלייצעס.
— מיר קענען אייך גארנישט העלפען. מיר זיינען אליין אויך הילפלאז געגען די פלשתים.

— מיר זיינען צופרידען, אז זיי לאזען אונז צו רוה! — האט א צווייטער געזאגט. — מיר קענען נישט באהויפטען זיך אנצופאנגען מיט די פלשתים אין דיעזער צייט.

— מיר טארען זיי יעצט נישט אויפרייצען, — האט נאך אימיצער א זאג געטהאן. — וואס וועלען מיר טהאן, אז זיי וועלען קומען מלחמה האלטען מיט אונז? זיינען מיר דען צוגעגרייט צו א מלחמה מיט די פלשתים?

— אבער ווי אזוי קענען מיר דערלאזען, אז די ערלים זאלען צונעהמען אונזערע טעכטער? — האט דער עלטערער איד זיך ביטער פארנאנדערגעוויינט.
— עס איז גענוג טרויעריג, — האט זיך מנוח אפגערופען צו זיין פרוי צללפונית, און געלויבט איז גאט, וואס ער האט אונז באשאנקען מיט א זוהן און נישט מיט קיין טאכטער.

— ארום דעם וויינגארטען האבען פארבראכט פיעלע איינגלעך פון צרעה און איך בין נישט זיכער, אויב יעדען פון זיי איז געלונגען צו אנטלויפען! — האט דער חתן אויסגערופען. — מיר דאכט זיך, אז די פלשתים האבען גענומען געפאנגען אייניגע פון דעם יונגוואַרג.

— איך בין זיכער, אז מיין שמשון איז דאַרטען נישט געוועזן ! — האַט צללפונית אויסגערופען נישט מיט ווינציג שטאָלץ. — ווייל מיין שמשון איז א נזיר און איהם איז פאַרבאָטען צו טרינקען וויין און אנדערע שאַרפע געטראַנקען. און דעריבער מוז ער אויסמיידען יעדען וויינגאַרטען.

— און מיר דאַכט זיך, אז איך האָב דאָרט אויך באַמערקט דיין זוהן ! — האַט דער חתן געזאָגט. — איך האָב איהם דערקענט אַן זיינע לאַנגע האָר.

— ווינציג יונגע אינגלעך זיינען פאַראַן מיט לאַנגע האָר ? ! — האַט מנוח אויסגערופען. — ניין, עס איז נישט געוועזן מיין שמשון ! ער קומט נישט פאַר־ברייינגען אין וויינגערטנער.

— איך זאָג דען, אז ער איז געוועזן אין וויינגאַרטען ? — האַט דער יונגער־מאַן אויסגערופען. — די יונגע אינגלעך האָבען פאַרבראַכט ארום וויינגאַרטען.

— אָבער מיין שמשון קומט אפילו נישט צו גאַנץ נאָהענט צו א וויינגאַר־טען ! — האַט צללפונית געזאָגט.

— וואָס איז דער אונטערשיעד, ווער עס איז דאַרטען געוועזן ? — האַט דער עלטערער איד אויסגערופען. — מיר זיינען געקומען צו אייך בעטען הילף, איהר זאָלט אונז העלפען ארויסראַטעווען מיין טאָכטער פון די הענט פון די פלשתים !

—מיר קענען אייך גאָרנישט העלפען ! — האַט א דיקער קורצער איד מיט א ברייטער באָרד אויסגערופען. — ווען מיר וואָלטען פאַר די פלשתים נישט מורא געהאַט, וואָלטען מיר זיי דען געצאָהלט צינזען ?

— און ווען די פלשתים וועלען פון אייך וועלען אוועקרויבען אייערע פרוי־ען און טעכטער, וועט איהר זיי דען לאָזען ? — האַט דער חתן געפרעגט מיט א טרויעריגער שטימע.

— דאַנקען מיר דעריבער גאָט, וואָס זיי טהוען דאָס נישט ! — האַט צללפונית זיך אריינגעמישט.

— די איינציגע עצה, וואָס איך קאָן אייך געבען, — האַט מנוח זיך אָפּגע־רופען, — איז, אז מיר זאָלען צו זיי שיקען שלוחים און פאַרהאַנדלען. מיר וועלען זיי אָנבאָטען א ביסעל שאָף און עטליכע שטיקער זילבער, זיי זאָלען אומ־קעהרען דיין טאָכטער צו דיר.

— אויב דאָס וועט נאָר העלפען, וועל איך זיין צופרידען ! — האַט דער אומגליקליכער פאָטער געווישט זיינע אויגען. — אָבער איך בין ארים און קען נישט באַהויפּטען זיי צו געבען אזוי פיעל אויסצוקויפען מיין טאָכטער פון די פלשתים׳ם הענט.

— וועלען מיר דיר ארויסהעלפען ! — האַט מנוח געזאָגט.

— ניין, דאָס וועלען מיר קיינמאָל נישט דערלאָזען ! — האָט איינער פון די עלטסטע פון שטאָדט אויסגערופען. — ווען מיר וועלען צייגען די פלשתים, אז מיר באַטען זיי אַן אזוי פיעל אויסלייז געלט, וועלען זיי גאַנץ אָפט ווידער־האָלען די זעלבע זאַך, זיי וועלען נעהמען אונזערע טעכטער און פרויען און גע־פאַנגענשאַפט און נאָכהער ערוואַרטען מיר זאָלען זיי דערפאַר גוט באַלוינען !

— וואָלסטו אזוי גערעדט, ווען די פלשתים וואָלטען דיין טאָכטער גענומען געפאַנגען ? — האַט דער פאָטער אויסגערופען מיט ביטערקייט.

— איך זאָג נישט, אז מען זאָל דיר נישט העלפען, — האַט דער עלטסטער זיך געפיהלט עטוואָס פאַרלוירען. — אָבער איך האָב מורא, אז דאָס וועט מאַ־

כען ערגער פאר אונז אלעמען. אונזער שטאדט צאהלט די פלשתים אזוי אויך גרויסע צינזען און מיר קענען נישט באהויפטען, אז יעדעס מאל, ווען די פלשתים וועלען אימיצען פון אונזער שבט נעהמען געפאנגען, זאלען מיר ביישטייערען צו דעם אויסלייז.

— אבער אונזער דארף געפינט זיך דאך אמנאהענטסטען צו צרעה! — האט דער חתן געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען. — צו וועמען דען זאלען מיר זיך ווענדען נאך הילף, אויב נישט צו אייך?

— מיר וועלען אזוי טהאן! — האט מנוח פארגעשלאגען. — פריהער וועלען מיר שיקען שלוחים צו זיי און זיי וועלען מיט די פלשתים פארהאנדלען. דאן, ווען מיר וועלען זעהן, וואס זייער פארלאנג איז, וועלען מיר באשליסען, וואס מיר האבען צו טהאן.

גאנץ שווער איז אנגעקומען אויסצוקלייבען צוויי שלוחים צו געהן פארהאנדלען מיט די פלשתים; נישט יעדער האט געהאט חשק צו געהן אהין. און ווען עס האבען זיך ענדליך געפונען צוויי מענשען, וועלכע האבען איינגעוויליגט צו געהן, האבען זיי פארלאנגט מען זאל מיט זיי מיטשיקען א מתנה פאר די הויפטלינגען פון יענעם פלשתים דארף.

מען האט מיטגעגעבען די שלוחים עטליכע שטיקלעך זילבער און זיי האבען אוועקגעריטען אויף זייערע אייזלען צו די גרעניצען פון די פלשתים.

דערווייל איז אין צרעה די גאנצע שמחה צעשטערט געווארען. די אלע, וועלכע האבען זיך באטייליגט אין דער פייערונג, זיינען זיך צעגאנגען יעדער צו זיין היים.

צללפונית האט געאיילט מנוח'ן ער זאל מיט איהר וואס שנעלער אהיימגעהן. כאטש זי איז געווען ביי זיך זיכער, אז איהר שמשון איז דארטען נישט געווען בעת דעם איבערפאל פון די פלשתים, האט דאך איהר הארץ געשראקען און זי איז שוין געווארען אומגעדולדיג צו זעהן איהר זוהן.

— מיך פארדריסט שוין, וואס מיר האבען שמשון'ען ניט געבעטען ער זאל מיט אונז מיטגעהן זיך צו באטייליגען אין דער פייערונג פון שטאדט, — האט צללפונית זיך אפגערופען צו מנוח'ן. — דעם גאנצען פריהמארגען איז ער פארבליבען אליין!

— דו ווייסט דאך, אז עס איז נישט פאר שמשון'ען זיך צו געפינען אין א פלאץ, וואו מען טרינקט וויין! — האט מנוח איהר געענטפערט. — אבער דו דארפסט נישט זיין באזארגט, שמשון איז שוין מעהר נישט קיין קליין קינד און ער ווייסט זיך ווי אויסצוהיטען.

ווען זיי זיינען אריינגעקומען אין הויז און דארטען שמשון'ען נישט געטראפען, האט זיך צללפונית שטארק גענומען שרעקען. אבער מנוח האט זי בארוהיגט.

— דו ווייסט דאך, אז שמשון האט ליעב אוועקצואוואנדערען אין פעלד אדער אין וואלד. ער וועט געווים זיך באלד צוריקקעהרען. און אפילו ווען מיר וואלטען געווען אין דער היים, וואלט ער דען נישט געגאנגען?

— אבער יעצט! — איז צללפונית נאך מעהר אומרוהיג געווארען. — האסטו דען נישט געהערט, וואס יענער האט געזאגט, אז ער האט דארטען געזעהן אויך שמשון'ען?

מנוח האָט זיך שוין אויך אָנגעפאַנגען צו שרעקען. דאָך האָט ער זיך באַמיהט זי זאָל עס אויף איהם נישט דערקענען און ער האָט גענומען זי ווייטער באַרוהיגען:

— ער האָט אַליין געזאָגט, אַז ער איז נישט געווען זיכער. און אַ חוץ דעם ווייסען מיר דאָך, אַז שמשון וועט נישט געהן פאַרברייינגען נעבען אַ וויינגאָרטען.

מנוח און צללפונית האָבען שוין נישט געקענט איינזיצען אין דער היים. זיי זיינען באַלד אַרויס אין דרויסען און נאָכגעקוקט אין פאַרשיעדענע ריכטונגען פיעלייכט וועלען זיי דערזעהן שמשון׳ען אָנקומענדיג.

פון ווייטען האָבען זיי באַמערקט עטליכע יונגע אינגלעך לויפענדיג, ווי זיי וואָלטען זיך פאַר עטוואָס געשראָקען.

— לאָמיר זיי פרעגען, פיעלייכט האָבען זיי ערגעץ וואו געזעהן שמשון׳ען.

— האָט צללפונית זיך אָפּגערופען.

מנוח האָט זיי צוגערופען און ווען זיי זיינען צוגעקומען נאָהענט, האָט ער זיי געפרעגט:

— פון וואַנען לויפט איהר דאָס?

— מיר לויפען דאָס פון דעם דאָרף, וואָס איז לעבען אילון, — האָט אַ אינגעל פון אַ יאָהר פערצעהן זיך אָפּגערופען, קוים אָפּכאַפּענדיג דעם אָטעם. — דאָרט איז פאָרגעקומען אַ חתונה און מיר האָבען זיך צוגעקוקט. באַלד האָבען מיר באַמערקט ווי אַ באַנדע פּלשתים רויבער קומען אַן, זיינען מיר זיך צעלאָפען.

— איז שמשון אויך געווען מיט אייך? — האָט מנוח זיי געפרעגט.

די אינגלעך האָבען זיך אַרומגעקוקט, ווי זיי וואָלטען איהם געזוכט צווישען זיך און נאָכהער האָט זיך דער זעלבער אינגעל אָפּגערופען:

— געוויס איז ער געווען צווישען אונז! אייניגע פון אונז האָבען נאָך געוואָלט אַריינגעהן אינעווייניג אין וויינגאָרטען. אָבער ער האָט אונז אָפּגערעדט דערפון.

— און וואו איז מיין קינד יעצט? — האָט צללפונית געפרעגט מיט אַ צעשראָקענער שטימע.

— ער איז דאָרט פאַרבליבען! — האָט אַ צווייט אינגעל געענטפערט. — איך האָב איהם גערופען, ער זאָל מיט אונז צוזאַמען אַנטלויפען, אָבער ער האָט נישט געוואָלט און ער איז פאַרבליבען דאָרטען, נעבען וויינגאָרטען.

— אוי, אַן אומגליק האָט פּאַסירט מיט מיין קינד! — האָט צללפונית אויסגעבראָכען אין אַ געוויין.

מנוח איז אויך געבליבען שטעהן ווי געלעהמט. זיין פּנים איז בלאַס געוואָרען און זיינע אויגען זיינען געווען צעשראָקען. ער האָט זיך אָבער באַמיהט זיך צו באַהערשען און אָננעהמענדיג זיין ווייב פאַר דער האַנט, האָט ער איהר געזאָגט:

— שרעק זיך נישט, צללפונית! גאָט וועט שמשון׳ען אויסהיטען פון אַן אומגליק. האָט דיר דען דער מלאך פון גאָט נישט פאַרזיכערט, אַז שמשון וועט אויסוואַקסען און ער וועט אָנפאַנגען צו העלפען די אידען פון די פּלשתימ׳ס הענט?

— אַה, מיין הארץ שרעקט מיר אזוי! — האָט צללפונית געיאָמערט. — וואָס זאָלען מיר טהאָן?

— גיב מיר דיין ציערונג! — האָט מנוח זיך פּלוצלינג אָפּגערופען צו זיין ווייב, — און איך וועל זעהן אָנצוּויאָגען די שלוחים.

צלפונית איז שנעל אריין אין הויז און מנוח איז איהר נאָכגעגאַנגען.

— איך וועל אויסער דיין ציערונג מיטנעהמען די גאַנצע זילבער און גאָלד וואָס מיר פאַרמאָגען. פיעלייכט וועל איך דאָס ברויכען. — האָט מנוח אומעטיג געזאָגט, — וואָרים וואָס טויג אונז אָט דאָס אַלעס, אויב עפּעס האָט פּאַסירט מיט אונזער שמשון'ען?

דערהערענדיג איהר מאַן'ס רייד, האָט זיך צלפונית נאָך שטאַרקער פאַנאַנ־דערגעוויינט.

— דו ביזט שוין אויך זיכער אַז די פלשתים האָבען געפאַנגען אונזער שמשון'ען. גאָט וויים אויב זיי האָבען איהם נישט צום טויט דערשלאָגען.

— לאָמיר האָפען צו גאָט אַז ער וועט אונזער זוהן בעשיצען, — האָט מנוח געזאָגט, איינפּאַקענדיג די ציערונג און די שטיקער גאָלד, אין אַ פּעקעל, — עס איז גאָר מעגליך אַז ער געפינט זיך יעצט ערגעץ־וואו אין וואַלד אָדער אין פעלד און אונזער שרעק איז אַן אומזיסטע.

— הלואי, ליעבער גאָט! — האָט צלפונית פאַרריסען איהרע אויגען צום הימעל, — שיקט אַרונטער דעם מלאך וועלכער האָט מיט מיר גערעדט וועגען זיין געבורט און זאָל ער אכטונג געבען אויף מיין קינד אַז קיין אומגליק זאָל מיט איהם דערווייל נישט פּאַסירען.

דערווייל האָט מנוח אָנגעזאָטעלט זיין אייזעל און זיך אַרויפגעזעצט רייטענדיג און טרייבענדיג איהם שנעל צו דעם זעלבען וועג וואו די שולחים האָבען זיך פאַרנומען.

## צווייטער קאַפּיטעל

# א מפּלה

אויף דעם וועג צו דער פלשתים שטאָדט, תמנה, איז געשטאַנען אַ קרעטשמע וואָס האָט בעלאַנגט צו אַ פלשתית.

דאָרטען פלעגען זיך צוזאַמענקומען פאַרשידענע פלשתים. הענדלער און וואַנדערער צו פאַרברייגגען ביי אַ גלעזעל וויין. אהין פלעגט מען ברייגגען אָנגערויבטע זאַכען וואָס די פלשתים פלעגען אַוועקנעהמען ביי די איינוואוינער פון פאַרשידענע דערפער, און אומבייטען זיי אויף אַנדערע סחורות וואָס די הענדלער האָבען געהאַט.

אין דיזער קרעטשמע פלעגען זיך אויך צוזאַמענקומען די ציגזען־מאַהנער פון די פאַרשידענע אידישע שטעדטלעך און דערפער וואָס האָבען זיך געגרע־נעצט מיט די שטעדט פון די פלשתים.

עס איז געוועזען אבענד. אין אַ גרויסען צימער וואָס איז געוועזען טונקעל בע־לויכטען זיינען אַרום אַ טיש געזעסען פינף פלשתים. זיי זיינען געוועזען אָנגעטהאָן אין קליידער פון פאַרשידענע קאָלירען. יעדער פון זיי האָט געהאַט אַ קורצע שווערדעל אויף זיין לינקער זייט. נעבען וואַנט זיינען געשטאַנען אָנגעשפּאַרט

פינף לאנגע שפיזען. צוויי פון די פינף פלשתים האבען אויסגעקוקט צו זיין נאר גאר יונג, זיי האבען קיין סימן פון קיין בארד נישט געהאט. די אנדערע דריי זיינען געווען עטוואס עלטער, זיי זיינען געווען באוואקסען מיט בערד, און זיינען געווען בעלי גופים, געזונטע ברייט־ביינערדיגע פלשתים.

זיי האבען אויסגעליידיגט זייערע גלעזער וויין און באלד זיי ווידער אנ־געפילט.

— ברטור האט זיך דיזען מאל ווידער פארשפעטיגט, — האט זיך דער עלטערער פון די פינף פלשתים אפגערופען צו זיינע פריינד, — ווי עס ווייזט אויס, האט ער געהאט שוועריגקייטען אויפצומאהנען די צינזען.

— אין דעם געגענד פון אילון זיינען די אידישע איינוואוינער נישט קריי־געריש געשטימט, און זיינען צופרידען צו צאהלען זייער חלק צינזען, אבי מען זאל זיי נאר צורוה לאזען, — האט איינער פון די אינגערע פלשתים זיך אפ־גערופען.

— אויב אזוי, פארוואס קומט ברטור שטענדיג דער לעצטער?

— געוויס האט ער אנגעזאמעלט מעהר צינזען פון אונז, — האט עכבור, איינער פון די עלטערע פלשתים אויסגערופען.

— דו מאכסט א טעות! — האט דער צווייטער פון די אינגערע געזאגט מיט א שמייכעל, — ברטור וועט געווים דיזען מאל ברייננגען נאך ווינציגער צינזען ווי פריהער.

— אבער פארוואס פארשפעטיגט ער צו קומען?

— דאס איז צוליעב אן אנדער אורזאכע. אין דעם איז שולדיג א שעהנע אידישע מיידעל פון יענעם געגענד.

די פלשתים האבען אנגעשטעלט זייערע אויגען אויף איהם.

— דו טרייבסט שפאס! — האט דער עלטערער געזאגט, — ברטור איז נישט דער וועלכער וועט טהאן אזא זאך.

— האט ער דיר דען דערצעהלט וועגען איהר אדער דו שטעלסט עס זיך פאר אזוי?

— מעגליך אז דו האסט איהר נאך אליין געזעהן!

— ניין, איך האב איהר קיינמאל נישט געזעהן.

— אויב אזוי, פון וואנען ווייסטו אז דאס איז די אורזאכע פון זיין פאר־שפעטיגען? — האט עכבור איהם א פרעג געטהאן.

— ווייל ברטור האט מיר וועגען איהר דערצעהלט. ער האט מיר געזאגט אז ער האט נאך אזא שעהנע מיידעל נישט געזעהן אין גאנץ תמנה.

— אבער זי איז דאך א ישראלית!

— די טעכטער פון ישראל זיינען א סך שעהנער פון די טעכטער פון פלשתים, נאר די צרה איז, וואס זיי זיינען ביי זיך צו שטאלץ.

— דערצעהל דאך אונז וואס האט דיר ברטור פארטרויט וועגען יענער אידישער מיידעל!

— ער האט מיר זעהר ווינציג דערצעהלט וועגען איהר, אבער ער האט מיר פארשפראכען צו דערצעהלען דיזען מאל ווען ער וועט זיך פון דארטען צוריקקעהרען.

— עס איז מעגליך, אז ער וועט נאך אונז איבערראשען און ברייננגען איהר

מיט זיך! — האט עכבור געשמייכעלט, — אבער דאן האב איך מורא, אז ער וועט פארלירען זיין אמט... אונזער הויפט פון תמנה וועט נישט וועלען האבען א צינזען־מאהנער איינעם וועלכער האט געהייראט מיט א טאכטער פון ישראל. ער וועט געוויס זיין פליכט נישט טהאן ווי געהעריג. ער וועט מאכען לייכטער פאר די אידען און ער וועט נישט אריינבריינגען געגוג צינזען.

— דאס האט גארנישט צו טהאן דאמיט, אויב זי וועט מיט איהם מיט־געהן איז א סימן אז זי וויליגט איין צו ווערען א פלשתית, און דאן וועט ער קענען פון זיי אויפמאהנען דיזעלבע צינזען ווי פריהער.

א גערויש פון א וואגען האט זיך דערטראגען פון דרויסען, און די פינף פלשתים האבען זיך שנעל א הויב געטהאן פון זייערע פלעצער און ארויס־געקוקט דורכ'ן פינסטער.

— ער קומט!

— מיט איהר?

— ניין, אליין! אבער זיין וואגען שיינט פול צו זיין!

— און מיר דוכט זיך, אז אימיצער איז מיט איהם! — האט עכבור זיך גוט צוגעקוקט.

— דאס איז דאך דער שווארצער קנעכט וועלכער העלפט איהם אויס־שפאנען דעם אייזעל.

— באלד וועלען מיר שוין אלעם וויסען.

— ער וועט געוויס זוכען דאס צו פארבארגען פון אונז!

— אויב ער האט איהם דערצעהלט, וועט ער זיך שוין דערפון נישט קענען ארויסדרעהען. ער וועט שוין פון אונז נישט פארלייקענען.

זיי האבען זיך אלע צוריקגעזעצט אויף זייערע פלעצער.

באלד האט זיך די טהיר געעפענט און ברטור איז אריינגעקומען.

ער איז געווען א מיטעל־געוויקסיגער, מיט א ברייטען קארק און רויטע געזונטע פנים וואס איז געווען באוואקסען מיט א רונדע שווארצע בארד. ער האט זיך באגריסט מיט זיינע פריינד.

זיי האבען איהם געענטפערט מיט א באגריסונג און גלייך געמאכט פלאץ פאר איהם.

עכבור האט אנגעפילט א גלאז וויין און איהם דערלאנגט.

— איך בין הונגעריג, איך וויל עסען, נישט טרינקען, — האט ער געזאגט אוועקשטעלענדיג דאס גלאז אויפ'ן טיש.

— אז דו ביזט הונגעריג, פארוואס ביזטו געקומען אזוי שפעט? — האט עכבור איהם געפרעגט, — מיר ווארטען שוין אויף דיר א היבשע צייט. מיר האבען שוין אלע געהאט אונזער מאלצייט. זאלען מיר אריינרופען די אייגענ־טימערין?

— איך האב שוין מיט איהר גערעדט. זי וועט באלד אריינשיקען פאר מיר דאס עסען.

— דערווייל נעהם אביסעל וויין און דערצעהל אונז וואס עס הערט זיך איז די אידישע דערפער נעבען אילון.

ברטור האט שנעל אויסגעליידיגט דאס גלאז וויין, האט אפגעווישט די ליפען און געזאגט:

— קיין וויכטיגע נייעס הערט זיך נישט, אייניגע פון די אידען פוילען זיך צו צאהלען די צינזען, זיי טענה'ן אז דאס יאהר איז נישט געווען אזוי געראטען.

— און דו הערסט זיך צו צו זיי און פארקלענערסט זייער אפצאהל? — האט איינער א זאג געטהאן.

— אה, ניין, נישט איך! — האט ברטור מיט שטאלץ געזאגט — די וועלכע בעקלאגען זיך זיינען געצוואונגען מיר צו צאהלען נאך מעהר. דאס ווענדט זיך געוועהנליך ווער דער קלוגער איז.

— אה, געוויס! — האט עכבור א שמייכעל געטהאן, — אויב דאס איז א שעהנע יונגע פרוי, דאן צושמעלצט זי מיט איהר פייער דיין הארטע הארץ, און דו פארקלענערסט די צינזען אדער דו נעהמסט גאר קיין צינזען נישט!

— איך פערהאנדעל נישט מיט פרויען וועגען צינזען! — האט ברטור געזאגט עטוואס אויפגערעגט. — אבער אויב דו ווילסט וועל איך זיך מיט דיר וועטען אז איך האב דיזען מאל מיטגעבראכט מעהר צינזען ווי דו.

— פארוואס זאלסטו נישט ברייגנען מעהר פון מיר? די אידען פון די דערפער פון וועמען דו האסט דאס רעכט אויפצומאהנען דעם דריי מאנאטליכען אפצאהל, זיינען פיעל רייכער פאר מיינע אידען, און זיי קענען בעקוועמער דיר צו געבען מעהר. אבער דו דארפסט אויך מיר נישט זיין אין כעס!

— ער איז הונגעריג און דאריבער צייגט ער ארוים זיין אומגעדולדיגקייט.

— האט איינער פון דער גרופע א זאג געטהאן.

— איך האב געזאגט פרויען, — האט עכבור זיך געזוכט צו פארענטפערען, ער האט נישט געוואלט אז ברטור זאל איהם חושד זיין דאס ער ווינקט איהם אז וועגען דער מיידעל, — ווייל עס טרעפט פיעלע מאל אז די אידען שיקען ארוים זייערע יונגע טעכטער צו פערהאנדלען מיט מיר וועגען צינזען. זיי מיינען אז מיין הארץ וועט ווייכער ווערען. אבער עכבור לאזט זיך נישט פארפיהרען! איך זאג ניט אז איך האב נישט ליעב צו פארברייגנען מיט א אידישער מיידעל, אבער ווען זיי ווילען ווירקען אויף מיר צו פארקלענערען די צינזען, דאס נישט.

באלד האט די דינסט אריינגעבראכט א שיסעל מיט א גרוים שטיק געבראטען פלייש און ברויט.

ברטור האט זיך קוים צוגעכאפט צום עסען. ער האט מיטביידע הענד א נעהם געטהאן דאס געבראטענע פלייש און איינגעגראבען זיינע געזונטע שארפע ציינער און גענומען שלינגען.

זיינע חברים האבען זיך איבערגעוואונקען מיט שמייכלענדע בליקען. אייניגע האבען צוגעזונגען שטילע נגונים, אנדערע האבען מיט זייערע פינגער אויסגעקלאפט א ניגון אויפ'ן טיש.

ברטור האט געשוויצט און נישט אויפגעהערט צו פאקען אין זיך. צו יעדע עטליכע ביסען האט ער אנגעפילט זיין גלאז וויין און עס גלייך אויסגעטרונקען.

און ווען ברטור איז פארטיג געווארען איז ער געווארען זעהר אויפגעלעגט. א שמייכעל האט זיך צוגאסען איבער זיין ברייטען פנים. זיינע אויגען האבען זיך גענומען קלעפען. זיינע חברים האבען איהם אבער באלד אויסגעטשוכעט. עכבור האט איהם א קלאפ געטהאן איבער'ן פלייצע און זיך אפגערופען צו איהם:

— דערצעהל אונז עפעס פון די פרויען מיט וועמען דו האסט פארבראכט.

— פון די פרויען! — האט זיך ברטור פאנאנדערגעלאכט, — וואס איז דא פון זיי צו דערצעהלען! איהר ווייסט דאך אז זיי קלעפען זיך צו מיר אזוי ווי ביהנען ארום האניג..

— קיינער פון אונז צווייפעלט נישט אז דו האסט מזל צו די פרויען, — האט נאך איינער א זאג געטהאן, — מיר ווייסען אויך אז דו פארטרייבסט זיי פון זיך אזוי ווי מען פארטרייבט ביהנען.

—יא, נאכדעם ווי דו נאשט אויף זייער האניג! — האט עכבור צוגע־געבען מיט א שמייכעל.

— מיינע ברידער! — האט זיך פלוצלינג ברטור אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ, — איך האב אייך אלעמען עפעס צו דערצעהלען, אבער איהר דארפט מיר פארשפרעכען צוויי זאכען: ערשטענס, נישט אפצושפאטען פון מיר, און צוויי־טענס, מיר קומען צו הילף ווען איך וועל זיך אין אייער הילף נויטיגען. פאר־שפרעכט איהר דאס מיר?

— מיר פארשפרעכען דיר! — האבען אלע מיט אמאל אויסגערופען און אנגעשטעלט זייערע אויערען.

— מיט עטליכע מאנאטען צוריק ווען איך בין געווען אין אילון אויפצו־מאהנען די צינזען ביי די דארטיגע אידען, האב איך אין איין הויז דערזעהן א יונגע מיידעל וועלכע האט מיך בעצויבערט מיט איהר שעהנקייט. עס פאר־שטעהט זיך, אז איך האב שוין פון דארט נישט אפגעטראטען, איך האב געזוכט צו פארבריינגען מיט יענער מיידעל.

— און געווים האסטו איהר פאטער פון צינזען באפרייט! — האט איי־נער איהם אונטערבראכען.

— דאס איז אמת, דערפאר אבער האב איך ארויפגעלייגט א שווערערען צינז אויף זיינע שכנים, — האט ברטור געענטפערט, — און דו מעגסט מיר גלויבען אז אונזער הויפט פון תמנה וועט פון דעם גארנישט פארלירען.

— אבער פארוואס אונטערברעכסטו איהם? — האט זיך עכבור א בייזער געטהאן אויף דעם פלשתי. — דערצעהל אונז ווייטער, ברטור, איז זי ווירקליך אזוי שעהן ווי דו שטעלסט איהר פאר?

— זי איז נאך שעהנער! איך פארזיכער אייך אלעמען אז אין אונזער לאנד קען מען זעלטען געפינען אזא שעהנהייט.

— נו, האסטו גערעדט מיט איהר פאטער?

— יא. איך האב מיט איהם גערעדט וועגען זיין טאכטער, תרצה איז איהר נאמען. איך האב איהם געזאגט, אז זי האט געפונען חן אין מיינע אויגען; און איך האב איהם פארשפראכען צו בריינגען א שעהנע מתנה פון מיין הויז, און דערצו וועל איך איהם באפרייען פון די צינזען.

— ווי אזוי וועסטו קענען טהאן אזא זאך? — האט איהם דער אינגסטער פלשתי געזאגט, — וועט דען דיר אונזער הויפט פון תמנה לאזען אוועקשענקען א אידען די צינזען?

— איך וואלט דאן איהם געבראכט נאך מעהר צינזען ווי שטענדיג! — האט ברטור געזאגט, — און ער וואלט זיכער צופרידען געוועזן.

— אבער וואס האט דיר איהר פאטער געזאגט?

— ער האָט מיר געזאָגט אז ער קען מיר זיין טאָכטער נישט געבען פאר מיין פרוי, ווייל זי איז פאר׳קנס׳ט צו יי יונגען מאן פון צרעה.

— האָסטו דען אויך גערעדט מיט תרצה׳ן וועגען דעם? — האָט עכבור איהם געפרעגט.

— דו ווייסט דאָך ווי די מיידלעך פון ישראל זיינען. עס איז שווער מיט זיי צו ריידען און בפרט ווען זיי זיינען פאר׳קנסט צו א צווייטען.

— נו, הייסט דאָס אז דו ביזט געקומען צו שפּעט? — האָט נאָך איינער זיך אָפּגערופען, — דער יונגערמאן פון צרעה האָט דיר דיין ווענ פארלאָפען.

— איך בין היינט ווידער אמאָל געוועזן אין תרצה׳ס הויז. איך האָב איהר פאטער נאָך אמאָל געוואָלט שענקען די ציגזען, און איך האָב פון איהם פערלאנגט ער זאָל ארויסשיקען זיין טאָכטער צו מיר איך זאָל מיט איהר קענען ריידען.

— האָט ער איהר ארויסגעשיקט צו דיר?

— יא, ער האָט איהר צו מיר ארויסגעשיקט. אָבער נישט אַליין. נאָר מיט איהר חתן... ער האָט פאר מיר איהם פאָרגעשטעלט און געזאָגט, אז אין א מאָנאט ארום וועט ער פייערען די חתונה פון זיין טאָכטער מיט דעם יונגען מאן פון צרעה. איך האָב בעטראכט תרצה׳ן. זי איז נאָך יעצט שעהנע געוועזן אין מיינע אויגען. מיין צאָרן האָט אין מיר געברענט, איך האָב גלייך פארלאָזען זיין הויז, און אפילו נישט אויפגעמאָהנט פון איהם די ציגזען.

— דו האָסט זיך בענארישט. איך וואָלט פון איהר פאטער דערפאר גענומען צוויי מאָל אזוי פיעל ציגזען.

— און איך האָב געשוואָרען ביי אונזער הויפּט־גאָט דגון, אז איך וועל תרצה׳ן נעהמען פאר מיין פרוי! — האָט ברטור א קלאַפּ געטהאָן מיט זיין פויסט אין טיש. — און איך פארזיכער אייך, אז איך וועל מיין שבועה האלטען און איהר וועט מיר אין דעם העלפען.

— אָבער ווי אזוי וועסטו עס קענען טהאָן?

— איך האָב אויסגעפונען דעם גענויען טאָג ווען די חתונה פון תרצה׳ן וועט פאָרקומען. אין יענעם טאָג וועלען מיר אוועקגעהן נאָך אילון און מיט געוואלד תרצה׳ן אוועקנעהמען פון איהר חתן. וועט איהר מיט מיר מיטגעהן, מיינע פריינד?!...

— געוויס וועלען מיר געהן, — האָבען זיי אלע געענטפערט.

— און איך וועל יעדען פון אייך גוט באלוינען דערפאר, — האָט ברטור געזאָגט, — איהר ווייסט דאָך אז ביי די אידען איז א מנהג צו ברייננען דער כלה פיעלע מתנות. אויסער די געשאנקען וואָס דער חתן ברייננט צו דעם פאטער פון דער כלה, און ווען מיר וועלען דאָרט קומען וועלען מיר אלע מתנות אוועקנעהמען און דאָס וועט געהערען צו אייך, איהר וועט זיך אלעס צוטיילען גלייך אויף גלייך, איך וועל דערפון גאָרנישט נעהמען. בלויז תרצה׳ן וועל איך נעהמען און ברייננען איהר אין תמנה וואו איך וועל איהר מאכען פאר מיין קעבס־ווייב.

— גוט! מיר וועלען טהאָן ווי דו פערלאנגסט, — האָט עכבור אויסגערופען, — אָבער גלויבסטו נישט אז דו וועסט דארפען האָבען דערצו די ערלויבניש פון אונזער הויפּט.

— מיר זיינען דאָך נישט געצוואונגען איהם צו זאָגען דעם אמת, — האָט

ברטור אויסגערופען. — ווען ער וועט זיך דערוויסען אז מיר זיינען די אידען באפאלען און אונז פרעגען די אורזאכע, וועלען מיר זאגען אז דאס האבען מיר אט דעם אידען בעשטראפט ווייל ער האט נישט געוואלט צאהלען די צינזען צו אונזער האר.

— און אין דער ווירקליכקייט האט דאך איהר פאטער קיין צינזען נישט געצאהלט. — האט עכבור צוגעגעבען.

— איז אפגעמאכט אז מיר געהן מאכען אן איבערפאל אין אילון און פאנגען תרצה'ן? — האט ברטור זיי איבערגעפרעגט.

— געוויס! מיר וועלען מיט דיר מיטגעהן! — האבען זיי איהם געענטפערט.

אויף מארגען אין דער פריה, ווען די זעקס פלשתים צינזען־מאהנער, זיינען אויפגעשטאנען פון זייער שלאף, האבען זיי איינגעשפאנט זייערע אייזלען צו די וואגענס און זיי האבען אוועקגעפיהרט די צונויפגעזאמעלטע צינזען צו זייער הויפט איז תמנה.

די שטאדט תמנה איז געווען אונטער דעם קעניג פון עקרון. די הויפט־שטאדט איז געווען דישון. צו איהם האבען די צינזען־אויפמאהנער געבראכט אלעס וואס זיי האבען אויפגעמאהנט פון די נאהענטע דערפער וואס גרעניצען זיך מיט תמנה.

דעם טאג וואס די אויפמאהנער פלעגען ברייגגען די צינזען אין תמנה, פלעגט דישון פייערען מיט גרויס פאראד. ער פלעגט צונויפרופען אלע וויכטיגע לייט פון שטאדט און די צינזען־מאהנער פלעגט דערצעהלען ווי אזוי זיי האבען געטהאן זייער פליכט, דאביי פלעגען זיי אפלאכען פון די אידען. יעדער איינער פלעגט נאכמאכען ווי אזוי זיינע אידען האבען איהם אויפגענומען, וואס זיי האבען גערעדט און וואס פאר א פנים זיי האבען ארויסגעצייגט ווען זיי האבען זיך געדארפט שיידען מיט די עטליכע שטיקלעך זילבער.

אנדערע האבען גענומען דערצעהלען וויצען וועגען די אידען און וועגען זייערע טעכטער. יעדער האט זיך במיהט אריבערצושטייגען זיין חבר, און איידער ער איז פארטיג געווארען האט שוין אויסגעבראכען א הילכיגער געלעכטער צווישען די פערזאמעלטע.

דישון האט געהאט צוויי טעכטער. די עלטערע האט געהייסען מרמה, און די אינגערע בריעה. מרמה איז דאן געווען א מיידעל פון פערצעהן יאהר. זי איז געווען גאנץ שעהן און ענטוויקעלט. איהר אינגערע שוועסטער בריעה איז נישט געווען איבריגס שעהן. דערפאר אבער איז זי געווען א סך קליגער פון מרמה'ן.

פון אלע צינזען־מאהנער וועלכע פלעגען קומען צו איהר פאטער, האט מרמה געגליכען ברטור'ן, און נישט איינמאל האט זי איהם געבעטען ער זאל איהר מיטנעהמען ווען ער געהט מאהנען די צינזען פון די אידען.

ברטור אבער האט איהר געענטפערט אז זי איז נאך צו יונג דורכצומאכען אזא ערפאהרונג און ער האט איהר געראטהען צו פארבלייבען אין איהר פאטער'ס הויז ביי וואנען עס וועט קומען איהר באשערטער און איהר פון דארטען אוועקנעהמען.

— איך בין שוין אויסגעוואקסען! — האט מרמה איהם פארגעווארפען, —

אָבער אין דיינע אויגען בין איך נאָך אַלץ קליין. דאָס איז א סימן אז דו האָסט מיך פיינט.

ברטור איז געבליבען אין א פאַרלעגענהייט. אַן אנדערש מאָל וואָלט אויף איהם איהרע רייד געמאַכט זעהר א גוטען איינדרוק. ער וואָלט געוועזן צופרידען ווען איהר פאָטער וואָלט איהר בעשטימט פאַר איהם. יעצט אָבער, האָט ער נישט אויפגעהערט צו טראַכטען פון תרצה׳ן, די אידישע מיידעל פון אילון, איהר שעהנער פּנים האָט איהם בעצויבערט. ער זעהט איהרע שעהנע אויגען... יאָ, אין א קורצע צייט ארום וועט זי געהערען צו איהם, און עס וועט זיין א סך בעסער פאַר איהם ווען ער וועט מרמה׳ן נישט ערמוטיגען.

— דו טאָרסט יעצט אזוינע רייד נישט ריידען, מרמה! — האָט ברטור איהר געזאָגט, — ווען דו וועסט עלטער ווערען וועט שוין דיין פאָטער פאַר דיר זאָרגען.

מרמה האָט אָבער ביי זיך בעשלאָסען, אז זי וועט וואַרטען ביז וואַנען ברטור וועט אפּרייזען א צווייטען מאָל און דאַן וועט זי זיך אריינ׳גנב׳ענען אין זיין וואָגען און ווען זיי וועלען זיין אין מיטען וועג וועט זי ארויסקומען פון איהר באהעלטעניש, און דאַן וועט ער איהר שוין מוזען מיטנעהמען.

פון א געשפּרעך וואָס זי האָט זיך אונטערגעהערט, בעת ברטור האָט גע־רעדט מיט זיינע פריינד, האָט זי אויסגעפונען אז א געוויסען טאָג וועלען זיי אַלע אפּרייזען נאָך אילון.

זי האָט פאַרטרויט איהר איינגערע שוועסטער פון איהר פּלאַן און איהר געבעטען אז זי זאָל בערוהיגען דעם פאָטער.

— זאָג איהם אז איך בין מיטגעפאָהרען מיט ברטור׳ן און איך וועל זיך אומקעהרען צוזאמען מיט איהם.

ווען אָבער דער בעשטימטער טאָג איז געקומען, איז מרמה שטאַרק ענט־טוישט געוואָרען. זי האָט באַמערקט אז אנשטאָט איינצושפּאַנען די אייזלען צו די וואָגענס, האָבען זיי זיך גאָר אוועקגעזעצט רייטען אויף די אייזלען.

— וואוהין גערט איהר דאָס יעצט? — האָט מרמה געפרעגט ברטור׳ן און די איבריגע.

— מיר געהען ערגעץ אויף א קליינע ווײַלע און מיר וועלען זיך שפּעטער צוריקקעהרען, — האָט ברטור איהר געענטפערט.

מרמה איז אָבער נישט געווען צופריעדען מיט זיין ענטפער און זי האָט בעשלאָסען זיי נאָכצופאָלגען.

— קום מיט מיר, מיין שוועסטער! — האָט זי זי דאָפּגערופען צו בריעה׳ן, — לאָמיר זעהן וואוהין זיי רייטען אוועק.

ביידע שוועסטער זיינען נאָכגעגאַנגען א היבשען וועג די רייטענדע זעקס פּלשתים.

ווען זיי זיינען מיעד געוואָרען און זיי האָבען שוין מעהר די רייטענדע ניט געקענט זעהן, האָט מרמה פאָרגעשלאָגען צו וואַרטען ביז וואַנען ברטור און זיינע פריינד וועלען זיך צוריקקעהרען.

— דער פאָטער וועט אָבער נישט וויסען וואָס מיט אונז האָט פּאַסירט, — האָט די איינגערע זיך אָפּגערופען, — און ווען מיר וועלען זיך צוריקקעהרען וועט ער זיין אין כעס אויף אונז.

— וועלען מיר איהם זאגען אז מיר האבען פארבלאנדזשעט.

---

אין דארף אילון איז געפייערט געווארען די חתונה פון תרצה, די טאכטער פון אביעזר, מיט יורם׳ן פון צרעה.

די געסט פוןביידע צדדים זיינען געווען זעהר פיעל, דאריבער האט אביעזר בעשלאסען צו פייערען די חתונה פון זיין טאכטער אין וויינגארטען.

מען האט ארויסגעטראגען פון הויז די לאנגע טישען מיט די בענק און זיי אוועקגעשטעלט אין גארטען.

מוזיק האט געשפיעלט. די מיידלעך האבען געטאנצט. פיעלע פון די יונגווארג האבען זיך פארזאמעלט ארום וויינגארטען צוצוזעהן די פייערונג פון דער חתונה.

דער חתן יורם האט אנגענומען זיין כלה תרצה׳ן פאר׳ן האנד און איהר געפיהרט צו דער חופה וואס איז אויפגעשטעלט געווארען אין וויינגארטען.

נאכדעם ווי יורם האט מקדש געווען תרצה׳ן האבען זיך אלע אוועקגעלאזט טאנצען. די געסט האבען געזונגען לוסטיגע ליעדער.

פלוצלינג האט זיך דערהערט א געשריי און א טומעל.

די טאנצענדע האבען אפגעשטעלט זייער טאנץ און די וועלכע האבען גע־זונגען האבען נישט פארענדיגט.

— וואס האט פאסירט? — האט אביעזר אויסגערופען.

— פלשתים האבען זיך אריינגעריסען אין וויינגארטען!

עס איז געווארען א מהומה. פיעלע געסט זיינען זיך צולאפען. די פרויען זיינען געווארען היסטעריש.

אביעזר און יורם זיינען די פלשתים אנטקעגען געקומען.

— וואס פערלאנגסטו, ברטור? — האט אביעזר איהם געפרעגט מיט א ציטערנדע שטימע.

— איך בין געקומען נעהמען דיין טאכטער, זי געהערט צו מיר! — האט ברטור אויסגערופען.

— אה, ניין, דו קענסט עס נישט טהאן, — האט אביעזר אויסגערופען.

— מיין טאכטער איז נאר וואס געווארען זיין פרוי, — האט ער אנגעצייגט אויף יורם׳ן.

— דו וועסט מיין כלה קיין שלעכטעס ניט טהאן, — האט איהם יורם פארשטעלט דעם וועג.

ברטור האט יורם׳ן א שטארקען שטויס געטהאן אז ער איז אזש אומ־געפאלען.

— קומט מיט מיר, מיינע פריינד, — האט ער זיך אפגערופען צו די איבריגע פלשתים.

ברטור און זיינע בעגלייטער האבען זיך א לאז געטהאן אין דער ריכטונג וואו די כלה איז געזעסען א בלאסע און צושראקענע פון שרעק.

— דאס אלעס בעלאנגט צו אייך! — האט ברטור זיי אנגעצייגט אויף די מתנות וואס זיינען געווען אויסגעשטעלט אויף דעם טיש, — לעגט עס אריין אין אייערע כלים.

— און דו, תרצה, — האט ער זיך צו איהר געווענדעט, — קום מיט מיר.

— אָה, איך בעט דיך, מיין האַר, ריהר מיך נישט אָן, ווייל איך בין פער־
הייראַט צו אַ צווייטען! — האָט זיך תרצה גענומען בעטען ביי איהם מיט
טרעהרען אין די אויגען.

— דו געהערסט צו מיר! — האָט ברטור איהר אָנגענומען פאַר׳ן האַנד, —
קום מיט מיר, און קיין שלעכטעס וועט דיר נישט געשעהן.

— אָה, ניין, לאָז מיך אָפּ, — האָט זי זיך היסטעריש פאַנאַנדערגעוויינט.

— אויב דו וועסט נישט מיטגעהן מיט דיין גוטען ווילען וועל איך דיר
צווינגען! — האָט ברטור איהר געסטראַשעט.

— איך וועל נישט געהן! איך וועל נישט געהן! — האָט זי געשריען, —
בעסער טויט מיך!

ברטור האָט אַ וואונק געטהאָן צו זיינע פריינד און יענע האָבען איהם
געהאָלפען. זיי האָבען אַ הויב געטהאָן תרצה׳ן פון איהר פּלאַץ און גענומען
איהר אַרויסטראָגען פון וויינגאָרטען.

— אַ, פאַטער! יורם!! — האָט תרצה געשריען.

אביעזר און יורם זיינען צוגעלאָפען צו די פּלשתים און געמאַכט אַ פאַרזוך
אַרויסצורייסען תרצה׳ן פון זייערע הענד. אָבער ברטור האָט אַ שטאַרקען שטויס
געטהאָן אביעזר׳ן און יורם׳ן האָט ער אַ בריק געטהאָן אַז ביידע זיינען אומגע־
פאַלען און האָבען זיך אַ ווײַלע פון אָרט נישט געקענט ריהרען.

ברטור און זיינע בעגלייטער האָבען אַרויסגעטראָגען תרצה׳ן און די מתנות
וואָס זיי האָבען אָנגערויבט און אוועקזעצענדיג תרצה׳ן, וועלכע האָט געיאָמערט
און געוויינט, אויף איינעם פון די אייזלען, האָבען זיך די פּלשתים גענומען
דערווייטערען פון וויינגאָרטען.

אַרום דעם וויינגאָרטען וואו די חתונה איז פאָרגעקומען, האָבען זיך פאַרזאַ־
מעלט פיעלע יונגע אינגלעך און מיידלעך פון דער שטאָדט צרעה. צו הערען דאָס
שפּיעלען און זינגען. דורך די שפּאַלטען פון צוים האָבען זיי אַריינגעקוקט אינע־
ווייניג און געקענט זעהן די גאַנצע צערעמאָניע, ווי מען טאַנצט און מען פאַר־
ברייננגט.

צווישען די אינגלעך האָט זיך געפונען שמשון, דער זוהן פון מנוח.

שמשון איז דאַן געווען אַרום צוועלף יאָהר אַלט. אָבער ער האָט אויסגעזעהן
פיעל עלטער. ער איז געווען אַ סך העכער פון די איבריגע אינגלעך אין זיינע
יאָהרען. זיין קערפּער איז געווען פול ענטוויקעלט, ברייט־פּלייציג און דיק.
זיין פּנים איז געווען רויט און געזונט. די האָר פון זיין קאָפּ זיינען געווען לאַנג
און געקרייזעלט. אַלע אינגלעך, זיינע חברים, האָבען געוואוסט אַז ער איז אַ נזיר
און מען טאָר זיינע האָר ניט שערען. פון דעסטוועגען פלעגען זיי פון איהם
אָפּלאַכען, געוועהנליך אונטער די אויגען. קיינער פון זיי וואָלט נישט געוואַגט
אָפּצושפּאָטען פון איהם אין זיין געגענוואַרט. זיי האָבען געוואוסט אַז ווען שמשון
גיט אַ קלאַפּ, פיהלט מען דאָס פאַר עטליכע טעג. און דעריבער האָט יעדער
פון די אינגלעך געזוכט צו לעבען מיט איהם בשלום.

די לעצטע צייט האָבען די אינגלעך מורא געהאַט צו מאַכען שפּאַס פון
שמשון׳ס לאַנגע האָר, אפילו ווען ער, שמשון, איז דאַביי נישט געווען. עס
פלעגען זיך געפינען אינגלעך וועלכע, כדי נושא חן צו זיין אין זיינע אויגען,
פלעגען איהם דערצעהלען ווער עס האָט פון איהם געשפּאַסט. און יענער האָט

זיך שוין גאָרנישט געגאַרט. אַ ציטער פלעגט אָנגעהמען אַלע אינגלעך ווען זיי פלעגן באַמערקען ווי שמשון רעכענט זיך אָפּ מיט איינעם פון זיי. און כאָטש יעדער איינער האָט פאַר איהם שטאַרק מורא געהאַט, דאָך איז ער ביי אַלעמען בעליעבט געוואָרען. אַלע האָבען געוואוסט אַז שמשון איז פון דער נאַטור גוט־הערציג, ער קען ניט פאַרליידען קיין עוולות. דערצו האָבען זיינע חברים איהם שטאַרק פאַרעהרט פאַר זיין אויסערגעוועהנליכער גבורה. זיי האָבען געוואוסט, אַז ווען שמשון געפינט זיך מיט זיי, דאַרפען זיי נישט מורא האָבען פאַר די פלשתים אינגלעך, וועלכע פלעגען גאַנץ אָפט באַגעגענען זיי אויפ׳ן וועג און פאַרפיהרען אַ געשלעג מיט זיי.

עס פלעגט גאַנץ אָפט פּאַסירען אַז שמשון האָט אָפּגעבראָכען אַ דיקען צווייג פון אַ פרוכט־בוים, און דאָס איבערגעבען זיינע חברים זיי זאָלען זיך צוטיילען מיט די פרוכט. די אינגלעך פלעגען זיך ניט קענען אָפּוואונדערען פון דעם. זיי האָבען געוואוסט אַז אַלע צוזאַמען, מיט פעראייניגטע כחות, וואָלטען אַזאַ זאַך נישט באַוויזען.

יעצט ווען שמשון און די איבריגע אינגלעך זיינען געשטאַנען נעבען וויינגאָרטען און מיט נייגעריגע בליקען זיך צוגעקוקט צו אַלעם וואָס קומט פאָר אינעווייניג, האָט זיי אָנגענומען אַ גרויס חשק אַריינצוגעהן אינעווייניג, בפרט ווען איינער פון די עלטערע האָט זיי די ערלויבניס געגעבען אַריינצוקומען אין וויינגאָרטען.

— לאָמיר אַריינגעהן אינעווייניג! — האָט אַ אינגעל אויסגערופען, און אַ קוק געטהאָן אויף שמשון׳ען.

אַלע האָבען געשוויגען און געווענדעט זייערע בליקען אויף שמשון׳ען.

— איהר קענט אהין אַריינגעהן! — האָט שמשון זיך אָפּגערופען, — אָבער איך וועל בלייבען פון דרויסען. איהר ווייסט דאָך, אַז איך טאָר אין אַ וויינגאָרטען נישט אַריינקומען.

קיינער פון זיי האָט זיך נישט געריהרט פון אָרט. זיי האָבען פאַרשטאַנען פון שמשון׳ס שטימע, אַז ער וועט זיין נישט צופרידען ווען זיי וועלען אַריינגעהן אינעווייניג און איהם איבערלאָזען פון דרויסען.

אויס דאַנקבאַרקייט האָט שמשון אַמוזירט זיינע חברים מיט פאַרשידענע קונצען. ער האָט אויפגעהויבען עטליכע פון זיינע חברים מיט אַמאָל זיי זאָלען קענען אַריבערקוקען איבער׳ן צוים, וואָס עס קומט פאָר אין וויינגאָרטען. ער האָט זיי געפרעגט רעטענישען און יעדער פון זיי האָט פּראָבירט טרעפען. דערנאָך, ווען קיינער האָט נישט געטראָפען, האָט ער זיי געזאָגט די בעדייטונג.

ווען די קלאַנגען פון דער מוזיק האָט דערגרייכט פון דרויסען, האָט שמשון גענומען טאַנצען. אַלע חברים האָבען האַרציג געלאַכט דערפון.

פּלוצלינג האָט איינער פון זיי אויסגעשריען:

— גיט נאָר אַ קוק, פלשתים קומען אָן!

די אינגלעך האָבען אומגעדרעהט די קעפּ און ווען זיי האָבען באַמערקט ווי די זעקס געזונטע פלשתים שטעלען זיך אָפּ נעבען אַריינגאַנג פון דעם וויינגאָרטען, האָבען זיי זיך שטאַרק דערשראָקען און גענומען לויפען.

נישט נאָר האָבען זיך די אידישע יונגוואַרג געשראָקען ווען זיי פלעגען באַגעגענען אַ פלשתי אין וועג, אָבער אפילו די ערוואַקסענע און עלטערע האָבען

געזוכט אויסצומיידען אזא באגעגעניש... אַנצופאנגען זיך מיט א פלשתי אין יענער צייט, האָט געשמעקט מיט גרויס געפאהר. די פלשתים האָבען געהאט די אויבערהאנד איבער די אידען און האָבען עס גוט אויסגענוצט. די פלשתים זיינען געווען שטארק און קרעפטיג און האָבען געהאט גוטע וואפען. און דאריבער האָבען זיי אַנגעווארפען אַן אימה אויף אַלעמען און בפרט אויף די יונגווארג. ווען א מוטער האָט געוואָלט אַנשטראָפען איהר קינד, פלעגט זי זאָגען, אויב דו וועסט מיך נישט פאָלגען וועל איך שיקען רופען דעם פלשתי און ער וועט דיך אוועקנעהמען. אזוי איז ביי די קינדער, נאָך פון גאנץ יונג, איינגעוואָרצעלט געוואָרען א מורא פאר "די שרעקליכע פלשתים". די עלטערע האָבען געזיפצט אונטער דעם שווערען יאָך פון צינזען וואָס די פלשתים האָבען אויף זיי ארויפגעלייגט. אָבער זיי זיינען געווען צופרידען צו צאָהלען אזוי לאנג ווי מען האָט זיי צו־רוה געלאָזען.

שמשון האָט זיך ארומגעקוקט און געזעהן ווי זיינע חברים זיינען זיך צולאָפען. ער האָט זיך אָבער נישט גערירט פון אָרט. ער האָט באמערקט ווי די זעקס פלשתים וועלכע זיינען נאָר וואָס צוגעקומען צום וויינגאָרטען, זיינען ארונטער פון זייערע אייזלען און זיי צוגעבונדען צו ביימער. דערנאָך האָט ער געזעהן ווי זיי האָבען ברייט אַן עפען געטהאָן דעם טויער פון וויינגאָרטען און אהין אריין.

באלד האָט צו זיינע אויערען דערגרייכט א טומעל און א שרעקליכער געשריי.

שמשון האָט ארויפגעקלעטערט אויף דעם פארקאַן און באמערקט וואָס פאר א שרעק די פלשתים האָבען אַנגעוואָרפען אויף אלע געסט, וועלכע האָבען אָנגעפאנגען צו לויפען אין גרויס שרעק אין פארשידענע ריכטונגען. ער האָט געזעהן ווי די פלשתים קלייבען צונויף אלע מתנות און לייגען דאָס אריין אין זייערע כלים. אָט דערהערט ער פלוצלינג א פארצווייפעלטען געשריי. א יאָמער־ליכער געוויין האָט זיך דערטראָגען צו זיינע אויערען. ער האָט זיך נאָך מעהר אריבערגעבויגען. דאָס בלוט האָט איהם א זעץ געטהאָן אין פנים ווען ער האָט באמערקט ווי די פלשתים האָבען א הויב געטהאָן די כלה. ער הערט ווי זי וויינט און בעט זיך מען זאָל איהר אָפּלאָזען... זי רופט איהר פאטער, איהר חתן צו הילף... ער זעהט מיט וואָס פאר א רציחה די פלשתים שליידערען אָפּ פון זיך די וועלכע האָבען געמאכט א פארזוך צו קומען צו דער כלה׳ס הילף... ער איז ארונטער פון פארקאַן און געבליבען שטעהן ווי פארגליווערט... וואָס ער האָט נישט געקענט פארשטעהן איז וואָס אזוי פיעל געסט האָבען זיך דערשראָקען פאר זעקס פלשתים... אמת, די פלשתים זיינען באוואפענט, זיי האָבען אין זייערע הענד געהאלטען שווערדען, אָבער די געסט זיינען דאָך צעהן מאָל אזוי פיעל.

שמשון׳ס יונגער שכל האָט דאָס נאָך נישט געקענט באגרייפען. ער איז א ווייל געבליבען שטעהן א צוטומעלטער. אָט דערזעהט ער ווי די פלשתים טראָגען ארויס די כלה, בינדען אָפּ זייערע אייזלען, איינער פון זיי זעצט איהר אוועק אויף זיין אייזעל און זיי רייטען צוזאמען אוועק.

די געסט וועלכע זיינען זיך צולאָפען פון גרויס שרעק, קעהרען זיך אום... עס איז געוואָרען א מהומה און א יללה.

— לאָמיר געהן בעטען הילף פון די איינוואָהנער פון דער שטאָדט צרעה!
— האָט שמשון געהערט ווי דער חתן האָט אויסגערופען.
— די כלה'ס מוטער האָט גע'חלש'ט, — האָבען זיך געהערט שטימען.
שמשון איז צוגעגאַנגען צום טויער פון וויינגאָרטען און ער האָט אריינגעקוקט. ער האָט נישט געוואוגט אריינצוקומען אינעווייניג. ער האָט געזעהן ווי מען מינטערט דער כלה'ס מוטער. די לופט איז אָנגעפילט געוואָרען מיט הארצרייסענדע געשרייען און געוויינען. אביעזר, האָט זיך קוים אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ.
— מיין טאָכטער! מיין טאָכטער! — האָט ער געשריען.
— מיר טאָרען קיין צייט נישט פארלירען! — האָט דער חתן אויסגערופען.
— מיר מוזען גלייך קריגען הילף!
— זאָל מען שנעלער ברייגנען צוויי אייזלען! — האָט אימיצער א געשריי געטהאָן, — מען דאַרף וואָס שנעלער אָנזאָגען די איינוואָהנער פון צרעה וועגען דעם גרויסען אומגליק וואָס האָט אונז געטראָפען.
— אָה, זיי וועלען דערוויל מיין טאָכטער פאַראומרייניגען! — האָט אביעזר אויסגערופען מיט פארצווייפלונג.
— ווער ווייסט וואוהין זיי האָבען איהר אוועקגעפיהרט? — האָט נאָך איינער געזאָגט.
— די ערלים האָבען איהר געוויס אוועקגעפיהרט אין קרעטשמע וואָס איז אויפ'ן וועג.
— לאָמיר זיך נאָכיאָגען נאָך זיי, — האָט יורם, דער חתן, אויסגערופען, — אפשר וועלען מיר איהר ראטעווען.
קיינער האָט זיך נישט געריהרט פון אָרט.
— אויב מיר האָבען דאָ גאָרנישט געקענט אויפטהאָן, וועלען מיר אויפ'ן וועג נאָך ערגער מאַכען.
— אויב אזוי מוזען מיר זיך גלייך ווענדען נאָך הילף פון די איינוואָהנער פון שטאָדט.
מען האָט שנעל געבראַכט צוויי אייזלען און אביעזר און יורם האָבען אוועקגעריטען אין שטאָדט.
— זי איז שוין א פארלאָרענע! — האָט שמשון געהערט ווי איינער פון די געסט האָט זיך אָפּגערופען צו עטליכע מענשען וועלכע זיינען געשטאַנען נעבען אריינגאַנג פון וויינגאָרטען.
— דאָס איז אביעזר'ס אייגענע שולד, — האָט א צווייטער געזאָגט, — ער האָט געדאַרפט וויסען אז אין דער צייט ווען די צינזען־מאַהנער באַווייזען זיך, דאַרפען מיר אונזערע טעכטער בעהאַלטען, און בפרט ווען די טאָכטער איז א שעהנע!
— איך אליין שיק פיעלע מאָל ארויס מיין טאָכטער זי זאָל פערהאַנדלען מיט די צינזען־אויפמאַהנער! — האָט א איד פון א צווייטען דאַרף זיך אָפּגערופען, — ווער האָט זיך דאָס געקענט ריכטען אויף אזא אומגליק?
— ער האָט געדאַרפט פארשטעהן אז ווען דער רשע ברטור האָט איהם שוין צוויי מאָל באַפרייט פון צינזען, מסתמא איז ער עפּעס אויסען דאַמיט.
— און דאַריבער טאַקע האָט ער צוגעאיילט זיין טאָכטער'ס התונה! ווער

וואָלט עס געגלויבט אז זיי וועלען אוועקנעהמען א פערהייראטע פרוי.

— אה, גאָט'ס צאָרן האָט זיך אויף אונז אַלעמען אויסגעגאָסען, קיינער פון אונז איז שוין מעהר ניט זיכער. וואָס מעהר מיר גיבען די פלשתים נאָך, אַלץ שטאַרקער דריקען זיי אונז. יעצט האָט מען אוועקגערויבט אביעזר'ס טאָכטער און ווער ווייס וועמענס טאָכטער זיי וועלען אוועקרויבען מאָרגען?... מיר צאָהלען זיי אַזעלכע שווערע צינזען און אין דערזעלבער צייט זיינען מיר נישט זיכער מיט אונזערע לעבענס.

— ווען אַלע אידען פון צרעה און אַרום וואָלטען געווען פעראייניגט, וואָלט אונז נישט אַזוי שווער אָנגעקומען אראָפּצוואַרפען דעם יאָך פון די פלשתים.

— וואָס אונז פעהלט איז א העלדישער פיהרער, ווי גדעון אָדער יפתח, וועלכע האָבען געקעמפט געגען אונזערע שונאים!

דערווייל איז פון וויינגאָרטען אַרויסגעלאָפען די כלה'ס מוטער. איהר פּנים איז געווען טויט־בלאַס, איהרע האָר צושויבערט... זי האָט געבראָכען מיט די הענד און געיאָמערט:

— מיין אומגליקליכע טאָכטער! מיין אומגליקליכע תרצה! הלואי וואָלט איך בעסער געשטאָרבען איידער צו זעהן מיט מיינע אויגען דעם אומגליק!... גאָט ווייס אויב איך וועל דיר שוין זעהן, מיין קינד!

איהרע געשרייען און געוויינען האָבען געקענט ריהרען א שטיין. דער שוידער איז נאָך גרעסער געוואָרען ווען אַלע אַנדערע פרויען האָבען מיט איהר מיטגעוויינט.

דעם יונגען שמשון'ס האַרץ האָט אויפגעציטערט... זיין צאָרן האָט זיך אין איהם צופלאַקערט, זיינע פויסטען האָבען זיך צוזאַמענגעדריקט.

— א טויט צו די פלשתים!! — האָט ער א געשריי געטהאָן, אז אַלע וועלכע זיינען דערביי געשטאַנען זיינען אויפגעציטערט געוואָרען.

ער איז שנעל צוגעגאַנגען צום פאַרקאַן און מיט זיין גאַנצען כח א ריס געטהאָן א קלאָץ. און ער האָט שנעל גענומען לויפען אין דער ריכטונג וואו די פלשתים האָבען זיך פאַרנומען.

אַלע זיינען געבליבען שטעהען א ווייל ערשטוינט.

— ווער איז ער דאָס אָט דער יונגעל? — האָט אימיצער א פרעג געטהאָן א צושראָקענער.

— מיר דוכט זיך, אז ער איז מנוח'ס זוהן!

— האָט איהר באַמערקט ווי ער האָט אַרויסגעריסען די קלאָץ פון פאַרקאַן?

— ווען איך וואָלט מיט מיינע אויגען דאָס נישט געזעהן, וואָלט איך דאָס קיינמאָל נישט געגלויבט.

— יעצט זעה איך אז עס איז ריכטיג וואָס מען זאָגט אז מנוח'ס זוהן איז זעהר שטאַרק.

— אָבער וואוהין איז ער דאָס געלאָפען?

— זעהסטו דען נישט אז ער איז געלאָפען צו די פלשתים!

— אה, לאָמיר איהם שנעל צוריקרופען! — האָט אימיצער אויסגעשריען.

— די פלשתים וועלען דאָך איהם צום טויט דערשלאָגען!

אייניגע האָבען זיך שנעל א לאָז געטהאָן, איהם נאָכגעלאָפען און געשריען

ער זאָל זיך שנעל אומקעהרען. אָבער שמשון איז שוין געווען ווייט אוועק. יענע האָבען זיך גלייך אומגעקעהרט, ווייל זיי האָבען מורא טאַמער וועלען די פּלשתים זיי באַמערקען און זיי וועלען נאָך מיינען אז דאָס יאָגען זיי זיך נאָך... דאַן וועלען זיי זיך מיט זיי אָפּרעכענען...

— מיין הארץ שרעקט מיך פאַר דעם יונגעל! — האָט זיך אַן עלטערער איד אָפּגערופען, — אויב די פּלשתים וועלען איהם באַמערקען, דאַן וועט ער זיך שוין קיין לעבעדיגער נישט אומקעהרען.

— אויב דאָס וועט געשעהן, דאַן וועט זיך אונזער אומגליק פאַרדאָפּלען... ווען עפּעס זאָל פּאַסירען מיט שמשון'ען דאַן וועלען דאָס זיינע עלטערען נישט איבערטראָגען!

— איך גלויב נישט אז ער וועט זיך דערנעהנטערען צו זיי. ווי ער וועט זיי נאָר פון ווייטען באַמערקען וועט ער זיך באַלד אומקעהרען.

— געוויס, אַזאַ נאַר איז ער דאָך געוויס נישט! ווי שטאַרק ער זאָל נישט זיין איז ער דאָך נאָך פאַרט אַ יונגעל און זיי זיינען דאָרטען זעקס געזונטע פּלשתים, און נאָך מיט וואָפען.

— דאָס האָט ער זיך געוואָלט פאַר אונז אויספּיינען! — האָט אימיצער אַ זאָג געטהאָן, — אָבער איך פאַרזיכער אייך, אַז מיר דאַרפען וועגען איהם נישט זאָרגען. ער וועט זיך געוויס פון דאָרטען פאַרנעהמען אַהיים.

באַלד האָבען זיך די פערזאַמעלטע פאַרגעסען אַן שמשון'ען און גענומען ווידער ריידען וועגען דער אומגליקליכער תרצה'ן.

די מוטער האָט נישט אויפגעהערט צו יאָמערען. די אויגען פון אַלע פרויען זיינען רויט געוואָרען פון וויינען. דער טרויער פון די מענער איז אויך געוואָרען זעהר גרויס.

— איך צווייפעל אויב זיי וועלען עפּעס פּועל'ן ביי די איינוואָהנער פון צרעה. קיינער וועט זיך נישט וועלען אָנפאַנגען מיט די פּלשתים! — האָט איינער טרויעריג צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— היינט איז דאָרטען אַ גרויסער יום טוב. אַלע אידען וועלען זיין פערזאַמעלט, פיעלייכט וועלען זיי מרוצה ווערען עפּעס צו טהאָן פאַר דעם אומגליקליכען אביעזר.

— אפילו ווען זיי וועלען שוין איינוויליגען צו העלפען, וועט שוין צו שפּעט זיין. די ערלים וועלען שוין ביז יענער צייט איהר האָבען פאַראומריינינגט.

— אָבער מען וועט דאָך איהר לעבען ראַטעווען.

— וואָס וועט שוין טויגען פאַר איהר אַזאַ לעבען! — האָט זיך אַ יונגער מאַן ארייננגעמישט, — יורם וועט געוויס מעהר נישט וועלען לעבען מיט איהר!

—פאַרוואָס זאָל ער אַזוי האַנדלען? וואָס איז זי שולדיג ווען אַזאַ אומגליק איז איהר באַפאַלען?

אַ היבשע ווייל זיינען די געסט געשטאַנען נעבען דעם וויינגאָרטען. די שטימונג איז געווען זעהר אַ געדריקטע. קיינעם האָט זיך אָבער נישט געוואָלט געהן אהיים. יעדער האָט מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט צו זעהן מיט וואָס אביעזר און זיין איידעם וועלען זיך אומקעהרען.

---

מיט דעם שטיק האָלץ אין זיין האַנד, האָט זיך שמשון געלאָזט לויפען און

נאכיאגען די פלשתים. דאס בלוט האט אין איהם געזאטען. ער איז געלאפען מיט גרויס אימפעט ווי געטראגען ביים ווינט. אין זיינע אויערען האט נאך אפגעקלונגען דער הארצרייסענדער יאמער פון דער אומגליקליכער מוטער.

פון ווייטען האט ער באמערקט די פלשתים... שמשון האט זיך נאך מיט מעהר אימפעט אוועקגעלאזען... ווען ער איז שוין געווען גאנץ נאהענט, האט ער דערהערט א שוואכען געוויין... און דערנאך די באסאווע מגשום'דיגע שטימע פון א פלשתי:

„אויב דו וועסט נישט אויפהערען צו וויינען וועסטו ערגער מאכען!״

— דו דארפסט זיך גליקליך שעצען וואס ברטור האט דיך אוועקגענומען פון יענעם אידישען פיינגלינג! — האט שמשון געהערט ווי א צווייטער פלשתי רופט זיך אפ, — ער טהוט דיר אן א גרויס כבוד דאמיט וואס ער וועט דיך פאר זיין קעבסווייב נעהמען, און צום סוף קלאגסטו! .

שמשון האט באמערקט ווי דער פלשתי זוכט איהר א קוש צו טהאן. אבער תרצה ראנגעלט זיך מיט אלע קרעפטען... זי שרייט און בעט זיך.. די איבריגע פלשתים לאכען גאנץ הויך.

— לאז איהר אפ!! — האט שמשון פלוצלינג א געשריי געטהאן.

די פלשתים האבען שנעל ארויסגעצויגען זייערע שווערדען און זיך אומגעקוקט. ווען זיי האבען דערזעהן דעם יונגען אידישען אינגעל, האבען זיי אויסגעבראכען אין א הילכיגען געלעכטער.

— וואס ווילסטו, זויגלינג?! — האט עכבור נישט אויפגעהערט צו לאכען.

— באפריי דיזע פרוי פון דיינע שמוציגע הענד! — האט זיך שמשון געווענדעט צו ברטור'ן מיט א באפעהלערישע שטימע, פארמעסטענדיג זיך געגען איהם מיט דעם האלץ וואס איז געווען אין זיינע הענד.

די זעקס פלשתים האבען זיך איבערגעווארפען מיט שמייכלענדע בליקען, און ברטור האט זיך צו איהם אפגערופען:

— ווער ביזטו, קליינער ווארים, און וואס איז דיין פארלאנג?

— איך וויל דו זאלסט באפרייען דיזע פרוי! — האט שמשון אויסגערופען מיט צארן.

— געה אהיים צו דיין מאמען! — האט זיך נאך א פלשתי פאנאנדערגעלאכט, — זי וועט דיר אנזויגען און לעגען שלאפען.

— אויב דו וועסט איהר גלייך נישט באפרייען, וועל איך דיך באלד איינשלעפערין אויף אייביג! — האט שמשון אויסגעשריען.

— כאפ איהם אן! — האט ברטור זיך אפגערופען צו עכבור'ן, — מיר וועלען איהם דא מל זיין צום צווייטען מאל.

די פלשתים האבען ווידער אויסגעשאסען אין א גרויס געלעכטער. עכבור איז ארונטער פון זיין אייזעל און זיך גענומען דערנעהנטערען צו שמשון'ען.

ווי גרויס איז זייער ערשטוינונג געווען ווען זיי האבען געזעהן אז אנשטאט צו אנטלויפען קומט נאך שמשון איהם אנטקעגען.

— ווארף בעסער אוועק דיין שטיק האָלץ! — האָט עכבור א שטשירע געטהאָן מיט די צייהן, — אויב נישט וועל איך דיר מאכען מיט א קאָפּ קירצער.

— ווען דו וועסט דיין שווערד אוועקווארפען וועל איך טהאָן דאסזעלבע מיט דעם האָלץ! — האָט שמשון איהם געענטפערט.

עכבור האָט לאנגזאם ארייגעטהאָן דעם שווערד אין דער שייד, נישט ארונטערנעהמענדיג די אויגען פון שמשון'ען.

שמשון האָט א שליידער געטהאָן דעם האָלץ און איז געבליבען שטעהן מיט ליידיגע הענט.

— וואָס זאָגסטו אויף זיין חוצפה? — האָט איינער פון די פּלשתים זיך אפּגערופען צו ברטור'ן.

— פאר דעם אליין האָט ער פארדיענט, אז מיר זאָלען איהם א צווייטען מאָל מל זיין! — האָט ברטור זיך נאָך אמאָל פאנאנדערגעלאכט. — כאָפּ איהם אָן איידער ער אנטלויפט און מיר וועלען איהם אָנלערנען.

עכבור האָט אויסגעשטרעקט זיין האנד און זיך געגעבען א לאָז צו איהם.

שמשון האָט זעהר פלינק א שפּרונג געטהאָן און מיט גרויס קראפט איהם אזא זעץ געטהאָן מיט זיין פויסט אין פּנים אז עכבור איז באלד אומגעפאלען א צובלוטיגטער.

ווען די איבריגע פּלשתים האָבען דאָס דערזעהן זיינען זיי באלד ארונטער־געשפּרונגען פון זייערע אייזלען און געבליבען שטעהן פארגליווערט. ברטור איז נאָך אלץ געבליבען זיצען אויף זיין אייזעל. ער האָט צוגעהאלטען תרצה'ן זי זאָל פון איהם נישט אנטלויפען.

עכבור איז געלעגען א הילפלאָזער אויף דער ערד... דאָס בלוט האָט גערונען פון זיין מויל און נאָז.. ער האָט זיך פון גרויס יסורים פון ארט ניט געקענט ריהרען.

ווען שמשון האָט דערזעהן אז די איבריגע פּלשתים קומען צו איהם מיט בלויז שווערדען, האָט ער שנעל ארויסגעצויגען עכבור'ס שווערד און ער האָט זיך זיי אנטקעגענגעשטעלט. זיין צאָרן איז געווען גרויס... פון זיינע אויגען האָבען פונקען געשפּריצט.

די פּלשתים האָבען שטייף געהאלטען זייערע בלויזע שווערדען. זיי האָבען געוואָרפען זייערע בליקען אויף עכבור'ן וועלכער איז געלעגען אין גאנצען א צובלוטיגטער און געקרעכצט.

— וואָס שטעהט איהר! — האָט ברטור א געשריי געטהאָן צו זיי, — דערשטעכט איהם מיט אייערע שווערדען!

די פּלשתים האָבען זיך א לאָז געטהאָן צו שמשון'ען און געוואָלט איהם ארומרינגלען.

שמשון האָט אָבער מיט עכבור'ס שווערד שנעל ארויסגעקלאפּט דעם שווערד פון דער האנד פון איינעם פון די פּלשתים.

דערווייל האָט א צווייטער זיך דערנעהנטערט מיט זיין שווערד.

מיט די פלינקייט פון א בליץ האָט שמשון א שפּרונג געטהאָן און יענעם פּלשתי ארייגעלאָזען א שטארקען בריק אין בויך אז ער האָט זיך אויש געגומען קאָרטשען אין דרייען פון יסורים און איז באלד אומגעפאלען.

ווען ברטור האט דערזעהן אז צוויי פון זיינע פריינד ליגען מאכטלאז אויף דער ערד, איז ער שוין אויך ארונטער פון אייזעל.

— אויב דו וועסט מאכען א פארזוך צו אנטלויפען! — האט ער געווארנט תרצהן׳, — וועל איך דיין הארץ מיט מיין שווערד דורכלעכערען.

ער האט איהר ארונטערגענומען פון אייזעל און איהר פארזאגט זיך נישט צו ריהרען פון פלאץ.

ברטור׳ס צארן האט אזוי געברענט אויף דעם חוצפה׳דיגען שטארקען אינ־געל, אז ער האט אויפגעהויבען זיין שווערד און זיך א ווארף געטהאן אויף איהם.

שמשון האט פלינק א שפרונג געטהאן אויף צוריק, א געפעכט האט זיך אנגעפאנגען. שמשון האט גלייך בעוויזען צוריקצושליידערען יעדען פארזוך פון ברטור׳ן איהם אנצוגרייפען.

די איבריגע דריי פלשתים זיינען געשטאנען עטוואס אפגערוקט. זיי האבען געציטערט צוצוקומען נעהנטער, זעהענדיג פאר זיך די צוויי צובלוטיגטע פלשתים.

ווען ברטור האט געזעהן אז ער קען גארנישט טהאן, האט ער א געשריי געטהאן צו זיינע חברים:

— פארוואס העלפט איהר מיר נישט!!

באלד האבען זיך די איבריגע דריי א ווארף געטהאן אויף שמשון׳ען.

מיט גרויס געשיקטקייט האט שמשון א שפרונג געטהאן און ארויסגעהאקט ברטור׳ס שווערד פון זיין האנד.

— דו זעהסט אז איך קען דיר יעצט אויף טויט דערשטעכען! — האט שמשון זיך צו איהם אפגערופען, האלטענדיג דעם שווערד נישט ווייט פון ברטור׳ס הארצען.

ברטור איז בלאס געווארען, אבער ער האט זיך נישט פארלארען. ער האט געווארט אויף הילף פון זיינע חברים, אבער יענע, ווייזט אויס, האבען זיך גוט דערשראקען און מורא געהאט צוצוקומען גאנץ נאהענט.

— ווארף אוועק דיין שווערד און לאמיר קעמפפען מיט די פויסטען! — האט זיך ברטור געווענדעט צו שמשון׳ען.

— אויב דיינע פריינד וועלען דאס טהאן שטים איך איין! — האט שמשון איהם געענטפערט.

— ווארפט אוועק אייערע שווערדען! — האט זיך ברטור געווענדעט צו זיינע דריי חברים, — מיר וועלען איהם מכבד זיין מיט אונזערע שטארקע פויסטען.

די דריי פלשתים האבען א ווארף געטהאן זייערע שווערדען אויף דער ערד.

שמשון האט אויך געטהאן דאס זעלבע. ער האט צוזאמענגעדריקט זיינע פויסטען און געווען גרייט צו באגעגענען זיינע שונאים.

יעצט, אז ברטור האט געזעהן דאס שמשון האט ביי זיך נישט קיין וואפען, האט ער זיך א לאז געטהאן אויף שמשון׳ען מיט זיינע פויסטען.

זיינע חברים האבען אויך געקראגען מעהר מוטה און זיי האבען שמשון׳ען ארומגערינגעלט און גענומען איהם שלאגען מיט זייערע פויסטען.

שמשון האט אבער אויך נישט געשוויגען. ער האט גענומען געבען קלעפ אויף רעכטס און אויף לינקס... אין א קליינע ווייל זיינען שוין נאך צוויי פון

די פּלשתים געבליבען ליגען צובלוטיגטע. יעצט האָט זיך דער קאַמפּף צופלאַקערט צווישען שמשון׳ען מיט ברטור׳ן און נאָך בלויז איינעם.

ברטור האָט געשריען און געשטורעמט. ער האָט מיט זיינע גאַנצע כחות זיך גענומען ווארפען אויף דעם אויסערגעוועהנליכען שטארקען איינגעל. אַבער ער האָט באלד איינגעזעהן אז זיין מיה איז אומזיסט. ער האָט דערפיהלט די מאכט פון שמשון׳ס אייזערנע פויסטען. ער האָט אויף א פּאָר טריט צוריקגעטראָטען, און ווען ער האָט געזעהן אז שמשון איז פארנומען מיט דעם צווייטען פּלשתי, האָט ברטור זיך שנעל א בויג געטהאָן און אויפגעהויבען זיין שווערד פון דער ערד·

שמשון האָט גלייך באַמערקט, און איידער ברטור האָט באוויזען זיך ארויפּ־ווארפען אויף איהם מיט׳ן שווערד, האָט שמשון א שפּרונג געטהאָן און זיך אָנגעכאַפּט אָן א דיקען צווייג פון א דערבייאיגען בוים און אזוי הענגענדיג אין דער לופטען, האָט ער א בריק געטהאָן מיט זיין פוס ברטור׳ן אין פּנים אז ער איז אומגעפאלען מיט אזא קראַפט אז ער איז געבליבען ליגען א צובלוטיגטער אויף דער ערד.

דער לעצטער פּלשתי האָט געזעהן וואָס עס האָט פּאסירט מיט ברטור׳ן. האָט ער גלייך גענומען לויפען. שמשון האָט זיך נאָך איהם נאָכגעיאָגט און איהם באלד געכאַפּט. ער האָט איהם א הויב געטהאָן און אוועקטראָגענדיג איהם צום פּלאַץ וואו די איבריגע פינף פּלשתים זיינען געלעגען און געקרעכצט פון יסורים, האָט ער איהם א זעץ געטהאָן אין פּנים און א שליידער געטהאָן אויף דער ערד.

— זיי זיינען דיינע חברים, און דו וועסט מיט זיי בלייבען, — האָט שמשון צו איהם א זאָג געטהאָן, אָפּשטויבענדיג פון זיך די שטויב.

תרצה איז געשטאַנען נעבען אייזעל און האָט ניט אויפגעהערט צו ציטערען. זי האָט געהערט ווי שמשון האָט צו זיי גערעדט, און זי האָט זיך שטארק גע־שראָקען אז זיי זאָלען איהם נישט טויטען. ווען זי האָט געזעהן אז שמשון האָט עטליכע פּלשתים אוועקגעלייגט צובלוטיגטע איז איהר געוואָרען עטוואס פרעה־ליכער, און מיט א קלאַפּענדען הארצען האָט זי צוגעזעהן דעם צופלאַקערנדען קאַמפּף צווישען דעם יונגען שמשון און די זעקס פּלשתים. וועט ער זיי בייד־קומען ? אָדער וועלען זיי איהם מיט זייערע שווערדען דערשטעכען ?

אָט זעהט זי ווי פיער פון די פּלשתים ליגען אויסגעצויגענע אויף דער ערד און קרעכצען פון וועהטאָג, איהר הארץ ווערט אָנגעפילט מיט האָפנונג... ער וועט זיך זיכער מיט אַלעמען אָפּרעכענען... זי וועט באלד פריי זיין...

ווען זי האָט אָבער פּלוצלינג דערזעהן אז ברטור האָט אויפגעהויבען דעם שווערד פון דער ערד און זיך א וואָרף געטהאָן אויף שמשון׳ען, האָט זי פון גרויס שרעק ארויסגעלאָזען א געשריי. באלד אָבער האָט זי שוין געזעהן ווי ברטור ליגט אויך אָן אויסגעצויגענער. און גלייך נאכדעם האָט זי באמערקט ווי שמשון האָט א שליידער געטהאָן דעם לעצטען פּלשתי אויף דער ערד.

פון גרויס אויפרעגונג און געשפּאַנטקייט, האָט תרצה׳ן אָנגעהויבען שווינד־לען אין די אויגען. דער קאָפּ האָט זיך איהר גענומען דרעהען, און ווען שמשון וואָלט צו איהר שנעל נישט צוגעלאָפען און צוגעהאַלטען וואָלט זי אומגעפאַלען.

שמשון האָט גלייך באמערקט אז זי האָט גע׳חלש׳ט, ער האָט איהר אָנגע־הויבען צו מינטערען, און ווי גרויס איז זיין איבערראשונג געווען ווען פון

הינטער די קוסטעס זיינען ארויסגעקומען צוויי יונגע פּלשתים מיידלעך... זייערע פּנים'ער זיינען געווען בלאַס און צושראָקען.

— ווער זייט איהר? — האָט זיי שמשון שנעל א פרעג געטהאָן.

— מיר זיינען צוויי שוועסטער די טעכטער פון דישון, פון דער שטאָדט תמנה! — האָט די עלטערע געענטפערט, — זאָלען דיינע הענט געבענטשט ווערען וואָס דו האָסט דיזע אומגליקליכע פרוי פון די הענד פון דיזע רשעים געראטעוועט, וועסטו מיין האר, ערלויבען וועל איך דיר צוברייננגען קאַלטע וואַסער וואָס פליסט פון א דערבייאיגען טייכעל.

— ברייננגט מיר דאָס וואסער וואָס שנעלער! — האָט שמשון זיך צו איהר אָפּגערופען, — ווייל די פרוי האָט גע'חלש'ט.

די צוויי שוועסטער זיינען שנעל פארשאָוואונדען געוואָרען און זיך באלד צוריקגעקעהרט מיט א פולע כלי קאַלטעס וואסער.

שמשון האָט גענומען שפּריצען דאָס וואסער אויף תרצה'ן און זי האָט זיך באלד גענומען באוועגען. זי האָט אויפגעעפענט איהרע זאָויגען און געקוקט אויף שמשון'ען און אויף די צוויי פרעמדע פלשתים מיידלעך... באלד זיינען איהרע בליקען געפאלען אויף די צובלוטיגטע פלשתים וועלכע זיינען נאָך אַלץ געלעגען באוועגלאָז, פון די שטאַרקע קלעפּ וואָס זיי האָבען געקראָגען פון שמשון'ען. זי האָט ווידער ארויסגעלאָזען א געשריי.

— בארוהיג זיך! — האָט שמשון זיך צו איהר אָפּגערופען צוהאלטענדיג איהר — אונזער גאָט האָט דיך געראטעוועט פון די פּלשתים'ס אומריינע הענד.

תרצה האָט איהרע אויגען ניט געקענט גלויבען: דיזער יונגער אינגעל זאָל באזיעגען זעקס געזונטע פּלשתים! ווער איז ער דאָס און ווי אזוי קומט ער אהער. זיין פּנים שיינט איהר צו זיין באקאנט... איז ער פיליכט א מלאך געשיקט פון הימעל איהר צו ראטעווען?

איהר שרעק און צוטומעלטקייט האָט איהר נאָך ניט אָפּגעלאָזען. זי האָט ניט אויפגעהערט צו ציטערען. וואָס טהוט זיך דאָ מיט איהר? ווער זיינען אָט די צוויי יונגע פלשתים מיידלאך? זי האָט געווענדעט איהרע צושראָקענע אויגען נאָך אמאָל אויף די צובלוטיגטע פלשתים. זייערע קרעכצען האָבען דער־גרייכט איהרע אויערען...

שמשון האָט איהר צוגעטראָגען די כלי וואסער נאָך אמאָל און זי האָט עס צוגעטראָגען צו איהרע ליפּען. איהרע האר זיינען געווען צושויבערט, א בלאס־קייט האָט באדעקט איהר פּנים, וואָס האָט אויסגעקוקט צו זיין זעהר מיער און צושראָקען.

— ווי פיהלסטו זיך יעצט? — האָט איהר שמשון א פרעג געטהאָן.

— איך פיהל זיך בעסער! — האָט זי געענטפערט מיט א שוואכע שטימע — אבער וואו זיינען מיין פאָטער און מוטער און וואו איז יורם?

— שלום איז צו זיי, קיין בייזעס האָט צו זיי ניט פּאסירט! — האָט איהר שמשון געענטפערט — ווען דו וועסט זיך בארוהיגען און צו זיך קומען, וועל איך דיר פיהרען צוריק צו דיינע עלטערען!

— דו דאַרפסט מעהר ניט באזארגט זיין! — האָט זיך מרמה, די על־טערע פון די צוויי שוועסטער, זיך אָפּגערופען, אנצייגענדיג אויף שמשון'ען. —

ער נועט דיך באשיצען אפילו ווען די צאהל פון דיינע פלשתים אנגרייפער וואל־טען געווען צעהן מאל אזוי פיעל.

— און דו ביזט דאך אליין א פלשתית?! — האט זיך שמשון צו איהר אפגערופען מיט א שמייכעל.

— יא, איך בין א פלשתית, אבער איך האב קיינמאל ניט געוואוסט, אז צווישען די ישראלים געפינען זיך אזעלכע העלדען! — האט מרמה געזאגט. — איך האב ניט איינמאל געהערט ווי אט די יעניגע — האט זי אנגעציינט אויף די פלשתים, וועלכע זיינען געלעגען אויף דער ערד — פלעגען אפלאכען פון דיין פאלק. זיי פלעגען זאגען, אז אלע אידען זיינען שרעקענדיגע האזען... יעצט זעה איך, אז זיי זיינען גרויסע ליגנער!

— און דו קענסט דיזע פלשתים? — האט שמשון איהר געפרעגט.

— געוויס קען איך זיי! — האט מרמה איהם געענטפערט — זיי זיינען די צינזען אויפמאהנער... זיי ברייננגען די צינזען צו מיין פאטער, און מיין פא־טער דארף צושטעלען די צינזען וואס זיי ברייננגען איהם צו דעם קעניג פון עקרון. אבער זאג דאך מיר, ווי אזוי האט עם אלעס פאסירט?

— דיזע אומווירדיגע פלשתים זיינען אריינגעקומען אין וויינגארטען, וואו עס איז פארגעקומען די חתונה און איהר, די כלה, אוועקגערויבט! — האט שמשון געזאגט.

— ווען מיין פאטער וועט זיך דערוויסען וואס זיי האבען געטהאן, וועט ער זיי אין גאנצען פאריאגען פון שטאדט! — ־אט מרמה געזאגט — זיי האבען קיין רעכט ניט צו מאכען אן איבערפאל, סאיי־ען די וועלכע ווילען קיין צינזען ניט צאהלען. און איך מעג דיר פארזיכערען, אז איך וועל מיין פאטער אלעס אי־בערגעבען, און זיי וועלען שטארק באשטראפט ווערען.

— אויב עס וועט שוין זיין ווען צו באשטראפען! — האט די אינגערע שוועסטער א זאג געטהאן — איך גלויב, אז זיי אלע זיינען שוין טויט!

— אה, ניין! — האט שמשון געזאגט — איך האב זיי ניט געטויטעט — איך האב זיי בלויז צייטוויילינ געמאכט הארמלאז... כאטש זיי האבען פארדינט דעם טויט, אבער איך האב זיך דערוויילע באנוגענט מיט דעם, ווען זיי וועלען מאכען א צווייטען פארזוך צו איבערפאלען מיינע ברידער דאן וועלען זיי זייע־רע לעבענס פארלירען.

— אה, ווי שטארק און בראוו דו ביזט! — האט מרמה אויסגערופען — דו האסט דיין לעבען אין געפאהר געשטעלט צו ראטעווען דיזע פרוי. אבער איך קען ניט פארשטעהן פארוואס דו ביזט איינער אליין, וואו זיינען די איבע־ריגע וועלכע זיינען געווען בעת די פלשתים האבען דיזע פרוי אין געפאנגשאפט גענומען.

שמשון האט איהר אויף דיזער פראגע ניט געענטפערט. ער האט איהר בלויז באטראכט. זי איז געווען א גאנץ שעהנע מיידעל, מיט רויטע האר און פייערדיגע אויגען. און זיין אינגעלשע הארץ איז אנגעפילט געווארען מיט שטאלץ. ער איז געווען שטארק צופרידען, וואס זי האט צוגעזעהן מיט איהרע אויגען, ווי אזוי ער האט צושלאגען די זעקס פלשתים...

— אויב דו ווענסט אמאל זיין אין אונזער שטאדט תמנה, טא קום אריין

אונז באזוכען — האט מרמה ווייטער געזאגט — מיין פאטער וועט זיין זעהר צופריעדען צו באגעגענען אזא העלד. איך וועל איהם אלעם דערצעהלען. פארשפרעכסטו מיר ?

— דו ביזט געווען גאנץ גנעדיג און דו האסט געבראכט פרישע וואסער פאר דער פרוי. און איך וועל דיין חסד ניט פארגעסען. ווען די געלעגענהייט וועט קומען, וועל איך דיך באזוכען, און אפצאהלען דיר פאר דיין טובה.

— דו מעגסט רוהיג זיין, די איינוואוינער פון אונזער שטאדט וועלען גאנץ פריינדליך זיין צו דיר. מיר שעצען זעהר פיעל א בראווען שטארקען מאן, בפרט ווען איך וועל פאר אלעמען דערצעהלען אונטער וועלכע אומשטענדען דו האסט באשטראפט דיזע פלשתים. יעצט זאג מיר, ווי איז דיין נאמען און פון וואנען ן ומסכנו ?

— מיין נאמען איז שמשון, דער זוהן פון מנוח, און איך קום פון צרעה.

— אה, דו ביזט דאס דער זוהן פון מנוח ! — האט תרצה זיך אפגערופען

— געלויבט איז גאט ! די רייד פון דעם מלאך, וועלכער האט גערעדט צו דיין מוטער, אידער דו ביזט געבארען געווארען, ווערען מקויים.

— איך זעה, אז דו פיהלסט זיך שוין בעסער ! — האט שמשון געזאגט — יעצט וועלען מיר זיך צוריקקעהרען צו דיין היים.

תרצה האט זיך אויפגעשטעלט און געמאכט א פארזוך צו געהן, אנהאלטענדיג זיך אן שמשון'ען, אבער איהרע פיס זיינען שוואך געווען פון שרעק, און אפגעהענדיג איינינע טריט, האט זי זיך געמוזט ווידער זעצען אויפ'ן גראז.

— איך וועל דיך אויף מיינע הענד אוועקטראגען ! — האט שמשון זיך צו איהר אפגערופען — איך ווייס ווי שטארק באזארגט דיין משפחה איז וועגען דיר.

— ביזטו דען אליין אויך ניט מיעד, שמשון ? — האט זיך מרמה צו איהם געווענדעט — מיין עצה איז, אז דו זאלסט נעהמען איינעם פון די אייזלען, וואס האט באלאנגט צו די פלשתים און איהר אפפיהרען אהיים צו איהרע עלטערען און צו איהר חתן...

— איך בין אהער ניט געקומען מיט'ן צוועק אימיצען צו בארויבען ! — האט איהר שמשון געענטפערט.

— דאן וועסטו אפברייננגען דעם אייזעל צו מיין פאטער ! דיזע אייזלען באלאנגען צו מיין פאטער, ער האט זיי געגעבען זיי זאלען מיט די אייזלען קענען פיהרען די ציגזען, וואס זיי זאמלען אן, אבער ניט אויף דעם צוועק אוועקצורויבען א כלה פון איהר חתן !

— זיי האבען אויך אוועקגערויבט אלע מתנות, וואס איך האב געקראגען אויף מיין חתונה.

— דאס מוז זיך אלעם געפינען אויף יענעם אייזעל, וואס שטעהט דארטען צוגעבונדען ! — האט מרמה אנגעצייגט מיט איהר פינגער אויף אן אייזעל, וואס איז געווען אנגעלאדען מיט צוויי זעק.

שמשון איז גלייך אהין צוגעגאנגען און אראפגענומען די צוויי זעק מיט מתנות און עס צוגעבראכט צו תרצה'ן. ער האט די זעק אויפגעעפענט, און זיך צו איהר אפגערופען :

— דערקענסטו, אז די אלע זאכען זיינען דיינע?
תרצה האט באטראכט יעדע זאך באזונדער און געזאגט:
— יע, דאס באלאנגט צו מיר!

— און יעצט וועסטו זיך געווים מוזען באנוצען מיט אן אייזעל! — האט מרמה ווידער געזאגט — עס וועט דאך זיין אונמעגליך פאר דיר צוטראגען די צוויי זעק און אויך איהר אויף דיינע הענט.

— ניין, — האט שמשון געשמייכעלט — עס וועט פאר מיר ניט שווער זיין, און איך וועל נאך האבען פלאץ אפילו פאר דיר מיט דיין שוועסטער אויף מיינע שולטערען.

מרמה האט זיך פאנאנדערגעלאכט און געזאגט:

— פונדעסטוועגען וואלט געווען אויך פאר איהר א סך מעהר באקוועהם, אויב דו וועסט איהר ארויפזעצען אויף דעם אייזעל.

— גוט, וועל איך בארגען דעם זעלבען אייזעל אויף וואס דו האסט פריהער געריטען — האט שמשון געזאגט צו תרצה'ן — און דו, מרמה, וועסט קענען בארוהיגען דעם פלשתי, איך וויים ניט ווי זיין נאמען איז...

— ברטור איז זיין נאמען, אבער יעצט דארף מען איהם רופען מיט אן אנ־דער נאמען... יע, ער איז א רויבער און א שוואכלינג.

— דו וועסט בארוהיגען ברטור'ן און איהם זאגען, אז איך וועל איהם דעם אייזעל צוריקקעהרען, מיר, ישראלים, פארלאנגען ניט פרעמדע זאכען! זאג מיר בלויז וואו ברטור געפינט זיך, און איך וועל אהין אפברייננגען זיין אייזעל.

— דו קענסט דעם אייזעל ברייננגען צו מיין פאטער אין הויז. ווען דו וועסט אנקומען אין תמנה און זיך אנפרעגען אויף דישון'ען, דעם הויפט פון שטאדט, וועט דיר יעדער איינער אנצייגען אונזער הויז. וועסטו קומען, שמשון?

— געווים! — האט שמשון געענטפערט — איך האב דאך דיר געזאגט, אז איך פארלאנג ניט קיין פרעמדע זאכען.

שמשון האט גענומען ברטור'ס אייזעל און ארויפגעזעצט תרצה'ן אויף איהם מיט די צוויי זעק מתנות, און זאגענדיג "שלום" צו די צוויי שוועסטער, האט ער זיך פארנומען צוריק צום דארף פון אילון.

דריטער קאפיטעל

## די שמחה

אביעזר, תרצה'ס פאטער, און איהר חתן יורם האבען באגלייט די צוויי שלוחים, וועלכע זיינען געשיקט געווארען צו פערהאנדלען מיט די פלשתים.

אויף'ן וועג האבען די שלוחים גענומען אויספרעגען זייערע באגלייטער מעהר איינצעלהייטען וועגען דער פאסירונג.

— דו זאגסט, אז איינעם פון זיי האסטו גאנץ גוט געקענט — האט א שליח געפרעגט אביעזר'ן — ווער איז ער דאס געווען און ווי אזוי קומט ער צו דיר?

— ער איז דער צינזען־מאַהנען פון אונזער דאָרף, און זיין נאָמען איז ברטור! — האָט אביעזר געענטפערט.

— ברטור! — האָט דער צווייטער שליח זיך אָפּגערופען מיט שרעק — איך האָב פון איהם געהערט. מען זאָגט, אז ער איז דער שטאַרקסטער מאַן צווישען די פלשתים, און עס איז אַ סברא, אַז די צוויי אידען, וועלכע מען האָט מיט איניגע יאָהר צוריק געפונען ערמאָרדעטע, זיינען אומגעקומען דורך זיין האַנט.

— אויב אזוי איז אונזער מיה אומזיסט! — האָט דער ערשטער שליח געזאָגט — אזא מאַן ווי ברטור וועלען מיר מיט מתנות ניט קענען אָפּקויפען.

— איך האָב מורא, אז דו ביזט גערעכט! — האָט דער צווייטער טרויעריג א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ — ער וועט ביי אונז צונעהמען די מתנות, און ער וועט נאָך מעגליך טהאָן צו אונז ווי ער האָט געטהאָן צו יענע צוויי אידען.

— איך בין זיכער, אז ער איז אויסגעווען צו קריגען פאַר מיין כלה אויסלייז געלד — האָט יורם געזאָגט — און ווען מיר וועלען קומען און אנבאָטען א היבשע סומע געלד וועט ער צופרידען זיין!

— אָבער דו האָסט דאָך אונז דערצעהלט, אז ער האָט פארלאַנגט דיין טאָכטער נאָך מיט א צייט צוריק?

— יע, געוויס האָט ער זי פארלאַנגט, אָבער ווי אזוי האָב איך געקענט צושטימען אָפּצוגעבען מיין טאָכטער צו אַן ערל!

— פונדעסטוועגען ביזטו גאַנץ צופרידען געוועזען, ווען ער האָט דיך באַפרייט פון די צינזען! דו האָסט געדאַרפט פאָראויסזעהן אז דער פלשתי איז דאָמיט עפּעס אויסען...

— ווער האָט זיך דאָס געקענט ריכטען אויף אזא אונגליק. אזוי שנעל ווי איך האָב אויסגעפונען, אז מיין טאָכטער איז איהם געפעלען, האָב איך באַשלאָסען וואָס שנעלער צו פייערען איהר חתונה מיט יורם'ן.

— דאָך שטעקט פאַר אונז א גרויס געפאַהר, ווען מיר זאָלען גלייך אנקומען צו די פלשתים. פיליכט זאָלען מיר צ.אוואַרטען עטליכע טעג?!

— ניין! — האָט אביעזר אויסגערופען — ווער ווייסט, אויב אין איניגע טעג ארום וועט שוין ניט זיין צו שפּעט.

— איך וואָלט געראַטהען, אז מיר זאָלען פריהער צוגעהן צו דעם דאָרף און אויסגעפינען מעהר איינצעלהייטען פון די אנדערע עדות, ווייל איהר ביידע זייט זעהר שטאַבק אויפגערעגט — האָט דער ערשטער שליח ווייטער געזאָגט.

— אָה, ניין, מיר טאָרען קיין צייט ניט פאַרלירען! — האָט יורם געזאָגט — זיי האָבען איהר געוויס אוועקגעפיהרט אין די פלשתים קרעטשמע וואָס געפינט זיך אויף'ן וועג צו תמנה. לאָמיר געהן אהין...

— זיי וועלען אונז דאַרפען קיין שלעכטעס ניט טהאָן — האָט אביעזר צוגעגעבען.

— אויב איהר ביידע וועלען מיטגעהן, וועלען מיר געהן צו דער קרעטשמע — האָט א שליח זיי געזאָגט.

— געוויס וועלען מיר מיטגעהן — האָט אביעזר אויסגערופען — איך וועל זיי אַנבאָטען אַלעס וואָס איך האָב, אבי זיי זאָלען מיר אָפּגעבען מיין טאָכטער!

זיי האבען זיך פארנומען אויף דעם וועג וואו די קרעטשמע איז געשטאנען. זיי האבען שנעל געטריבען די אייזלען ביז וואנען זיי זיינען צוגעקומען צו די טויערען פון קרעטשמע.

א קליינע ווײלע זיינען זיי געשטאנען פון דרויסען. זיי האבען געזעגערט אריינצוגעהן אינווייניג.

— נו, וואס שטעהען מיר ? — האט אביעזר אויסגערופען — דו געה אריין אהין פריהער און נאכהער וועלען מיר אונטערקומען ! — האט איינער פון די שליחים זיך געווענדעט צו אביעזר'ן — דו ביזט דאך דער פאטער, און דערצו ביזטו אין די עלטערע יאהרען און די פלשתים וועלען דיר קיין שלעכטעס ניט טהאן !

— ניין, לאמיר אלע אריין צוזאמען — האט יורם געזאגט — מיר קומען דאך ניט מיט וואפען...

— אונזערע מתנות זיינען אונזערע וואפען ! — האט אביעזר צוגעגעבען מיט טרעהרען אין די אויגען.

— זיי זיינען אלע אריין אין קרעטשמע און געפרעגט די אייגענטימעריז, אויב ברטור און זיינע פריינד געפינען זיך אינווייניג.

די קרעטשמערקע האט זיי אלעמען באטראכט פון קאפ ביז די פיס און נאכהער זיך אפגערופען מיט א שמייכעל :

— וואס דארפט איהר אזוי נויטיג זעהן ברטור'ן ? אויב איהר זיינט געקומען ער זאל אייך צוריקגעבען א חלק פון די צינזען, איז אייער טרחה אומזיסט. ברטור און זיינע פריינד האבען שוין לאנג אוועקגעפיהרט די צינזען קיין תמנה און יעצט וועט אייך שוין גארניט העלפען.

— ניין, מיין הארינטע ! — האט יורם צו איהר געזאגט — מיר פארלאנגען ניט צוריק אונזערע צינזען, מיר האבען נאך געבראכט מתנות צו ברטור'ן. זאג דאך אונז אויב ער געפינט זיך ניט דא.

— אויב איהר האט געבראכט מתנות פאר ברטור'ן קענט איהר דאס דא איבערלאזען ביי מיר, איך וועל איהם אלעס אפגעבען — האט זי געזאגט — אבער יעצט איז ברטור דא ניטא. עס איז שוין עטליכע טעג, אז ער און זיינע חברים זיינען דא ניט געווען.

— ניין, מיר ווילען זיך זעהן מיט איהם פערזענליך ! — האט אביעזר געזאגט — קענסטו אונז פילייכט זאגען וואו מיר קענען איהם יעצט זעהן ?

— ער געפינט זיך איצט אין תמנה. דארט קומען זיי אלע צוזאמען. א ווען איהר וועט זיך נאכפרעגען ביי דעם הויפט פון שטאדט, וועט מען אייך זיכער אנצייגען דעם פלאץ וואו ברטור געפינט זיך. אבער וואס שטעהט איהר אין דרויסען. קומט אריין, איהר וועט נעהמען צו גלעזער וויין און עפעס צובייסען.

ניין, מיר איילען זיך זעהר ! — האט יורם געזאגט — מיר קענען דא זיך ניט פארזאמען אויף א רגע.

זיי האבען זיך שנעל ארויסגערוקט פון הויף.

— נו, וואס וועלען מיר ווייטער טהאן ? — האט א שליח זיך אפגערופען

— מיר וועלען אין תמנה געוויס ניט געהן. די פלשתים פון שטאדט וועלען אונז דערזעהן און וועלען אונז זיכער טויטען.

— מיר וועלען זיי זאגען, אז מיר זיינען געקומען ברייננען א מתנה צו זייער הייפּט, וועלען זיי אונז קיין שלעכטעס ניט טהאן!

— די פלשתים זיינען גארניט אזוי גוט ווי דו שטעלסט זיך פאר! זיי ווע־לען אין זייער שטאדט דערזעהן פיער אידען און וועלען זיי דען ניט זוכען צו מאכען שפּאס מיט אונז?!

— ניין, מיר וועלען ניט געהן אין תמנה! — האט דער צווייטער געזאגט מיט באשלאסענהייט — לאמיר זיך אומקעהרען קיין צרעה.

— גוט, מיר קעהרען זיך אום!

— איהר האט זיך דאך אונטערגענומען צו געהן אונז העלפען! — האט אביעזר זיך צו זיי געווענדעט מיט בעטענדע אויגען — און יעצט ווילט איהר אונז פארלאזען!

— זיינען מיר דען ניט געגאנגען ביז דער קרעטשמע? אין דער פלשתים שטאדט וועלען מיר ניט געהן. מיר וועלען ניט איינשטעלען אונזערע לעבענס! אומזיסט וועט זיין אונזער מיה. דארטען וועט ער זיך צו אונז געוויס ניט וועלען צוהערען.

— אה, מיין אונגליקליכע טאכטער! — האט אביעזר אויסגערופען — גאט וויס וואס מיט דיר האט פּאסירט?!

— אזוי לאנג ווי די פלשתים געוועלטיגען איבער אונזער שבט, וועלען מיר מוזען ליידען פון זיי און שווייגען. מיר זיינען ניט אימשטאנד צו געהן מלחמה האלטען מיט זיי. און אויב ברטור האט אוועקגערויבט דיין טאכטער, ווייל ער האט איהר ליעב געהאט, וועט דאן קיין זאך ניט העלפען. ער וועט זיך צו אונז ניט וועלען צוהערען, אפילו ווען מיר זאלען איהם אנבאטען דאס גאנצע רייכ־טום פון צרעה!

מיט געבויגענע קעפּ און גרויס פארצווייפלונג האבען זיך אביעזר און יורם גענומען אומקעהרען קיין אילון. די שלוחים זיינען זיי נאכגעגאנגען. זיי האבען די גאנצע וועג געשוויגען...

— מיר דוכט, אז אימיצער קומט אונז אנטקעגען! — האט איין שליח זיך אפּגערופען, אנצייגענדיג מיט זיין האנד.

די איבעריגע האבען אויפגעהויבען זייערע אויגען און געקוקט אין יענער ריכטונג.

— מיר דוכט זיך, אז עס איז מנוח! — האט יורם געזאגט.

— איך בין אויך איבערצייגט, אז דאס איז ער! — האט א שליח געזאגט

— אפשר קומט ער אונז אנזאגען א גוטע בשורה?!

— הלואי! — האט אביעזר אויסגערופען — ער איז דאך א גאטספארכ־טיגער מאן און איין מאל האט זיך דאך א מלאך צו איהם באוויזען. פיעלייכט האט זיך דער זעלבער מלאך א צווייטען מאל צו איהם באוויזען און איהם גע־זאגט וואס צו טהאן.

זיי האבען אלע פארשנעלערט זייערע טריט ביז וואנען זיי האבען זיך באגעגענט.

— וואס? איהר קעהרט זיך אום מיט לידיגען? — האט זיי מנוח גע־פרעגט מיט שרעק — די פלשתים ווילען זיך צו אייך ניט צוהערען!

— און דו האסט דען גארניט געהערט? — האט אביעזר איהם געפרעגט.

— מיט מיר האט אויך אן אונגליק פאסירט! — האט מנוח אויסגערופען

— זיי האבען מיין זוהן אויך גענומען געפאנגען!

— ווען? — האט אביעזר געפרעגט.

— אין דער זעלבער צייט. ער איז געווען צוזאמען מיט נאך פיעלע אינג־לאך פון צרעה. יענע זיינען זיך צולאפען, און ער איז דארטען פארבליבען, און איך בין זיכער, אז זיי האבען איהם גענומען געפאנגען. אבער פארוואס קעהרט איהר זיך אום?

— מיר זיינען געקומען אין קרעטשמע און זיי דארטען ניט געטראפען — האט זיך איינער פון די שלוחים אפגערופען — און ווי עס ווייזט אויס, זיינען זיי אוועק אין תמנה. און מיר האבען באשלאסען, אז יעצט איז ניט די צייט מיר זאלען אריינקומען אין א פלשתים שטאדט.

— אבער מיר מוזען אהין געהן! — האט מנוח געזאגט מיט פארצווייפלונג

— איך האב מיטגעבראכט מיין פרוי׳ס ציערונג און פיעל גאלד און זילבער, פיליכט וועלען מיר ביי זיי פועל׳ן זיי זאלען אומקעהרען אונזערע קינדער.

— עס וועט זיין אומזיסט דיין טרחה! — האט א שליח געזאגט — זיי וועלען ביי דיר צונעהמען דיין פרוי׳ס ציערונג און דיין גאלד, אבער דיין צוועק וועסטו ניט דערגרייכען. מיין עצה איז, בעסער אז מיר זאלען זיך אומקעהרען אין אילון און דארטען מיט די איבעריגע מענשען זיך בעראטהען וואס צו טהאן, און דאן וועלען מיר באשליסען ווי צו האנדלען.

— איך מוז ראטעווען מיין זוהן! — האט מנוח אויסגערופען — אויב עס וועט זיין שווער אוועקצונעהמען דיין טאכטער פון די הענד פון איהרע פאנ־גער, וועט אבער מיר ניט שווער אנקומען אויסצוקויפען מיין זוהן, וועלכער איז נאך גאר א יונגער אונשולדיגער אינגעל.

— מיר וועלען מיט דיר מיטגעהן! — האט יורם געזאגט צו מנוח׳ן.

— מיר וועלען זיי איבערגעבען די מתנות, וואס די שלוחים פון צרעה הא־בען מיט זיך גענומען — האט אביעזר צוגעגעבען.

— איך ווייס ניט, אויב עס איז ראטהזאם פאר אייך מיטצוגעהן! איך וועל אליין אהין אוועק און אויסלייזען מיין זוהן, דאן וועל איך אויסגעפינען, אויב עס איז מעגליך עפעס צו טהאן פאר דייז טאכטער — האט זיך מנוח גע־ווענדעט צו אביעזר׳ן — אבער ווען דו וועסט מיטגעהן, וועסטו מעגליך אלעס קאליע מאכען. דאריבער איז מיין עצה, אז דו און יורם זאלען זיך אומקעהרען מיט די שלוחים אין אילון. און ווי איך וועל עפעס אויסגעפינען, וועל איך אייך באלד קומען אנזאגען.

— אבער ווי אזוי וועסטו געהן אליין! — האט איהם אביעזר געפרעגט.

— ווער זאגט אייך, איך וועל אליין געהן — האט מנוח זיי געענטפערט — די צוויי שלוחים פון צרעה וועלען מיט מיר מיטגעהן.

די שליחים זיינען געבליבען שטעהן אין גרויס פארלעגענהייט. זיי האבען זיך אנגעקוקט איינער דעם צווייטען און ניט געוואוסט וואס צו טהאן. ענטזאגען זיך צו געהן מיט מנוח׳ן וועלען זיי ניט קענען, ווייל ער איז דאך איינער פון די

חשוב׳סטע בעלי־בתים פון צרעה. מיטגעהן מיט איהם האבען זיי זיך געשראָ־קען.

— עס ווערט שוין שפעט! — האט זיך איינער פון די שלוחים געזוכט ארויסצודרעהען — לאָמיר פּילייכט ווארטען ביז מאָרגען, ווייל איידער מיר וועלען צוקומען צו דער שטאָדט תמנה וועט שוין טונקעל ווערען...

— דער טאָג איז נאָך גענוג גרויס און פון דאנען ביז תמנה איז ניט גאנץ ווייט! — האט מנוח געזאָגט — ווען מיר וועלען זיך צואיילען, וועלען מיר אנקומען אין שטאָדט איידער די זון פארגעהט. יע, מיר וועלען געהן!

מנוח און די שלוחים האבען זיך אָפּגעטיילט פון אביעזר׳ן און יורם׳ן און זיי האבען זיך אומגעקעהרט צוריק אויף דעם וועג קיין תמנה.

---

ווען שמשון און תרצה זיינען אוועק, זיינען די צוויי שוועסטער, מרמה און בריעה געבליבען שטעהן ווי פארגליווערט. ערשט יעצט האבען זיי באגריפען וואס פאר אן אויסערגעוויינליכע העלדישקייט דער יונגער ישראל האט באוויזען. די גאנצע צייט זיינען זיי געלעגען באהאלטען הינטער א בוים און צוגעזעהן דעם גאנצען קאמפף צווישען שמשון׳ען און די זעקס פּלשתים. זיי האבען גע־הערט די געשפּרעכען וואס עס זיינען פארגעקומען צווישען די פּלשתים און איהם.

מרמה האט יעצט פארשטאנען פארוואס ברטור האט ניט געוואָלט איהר מיטנעהמען. ער האט געפאנגען די אידישע טאָכטער. ער האט יהר אוועקגע־רויבט פון איהר חתן... זי האט איהם צוליעב דעם אליין אנגעפאנגען צו האסען. אָה, ווי איהר הארץ האט אין איהר געשראָקען. ווען זי האט געהערט שמשון׳ס באפעהלענדע שטימע, ער זאָל באפרייען די פרוי... זי האט געמיינט, אז אָט באלד וועלען זיי מאכען א סוף צו זיין יונגען לעבען...

— וואס זאָגסטו, מיין שוועסטער, וועגען זיין העלדישקייט! — האט מרמה זיך אָפּגערופען צו בריעה׳ן — וואלסטו זיך ווען עס איז געקענט פאר־שטעלען, אז איינער פון אונזערע זאָל אזוי שטאַרק זיין?

— אָה, איך שרעק זיך! — האט בריעה אויסגערופען מיט א ציטערענדע שטימע. — קום, לאָמיר שנעלער אהיים געהן! ברטור און די אנדערע זיינען געוויס טויט, זיי ליגען אויסגעצויגען אויף׳ן גראָז באוועגלאָז.

— ניין, זיי זיינען ניט טויט! זיי זיינען שטארק צושלאָגען און דערשראָקען. זיי האבען מורא זיך צו באוועגען, טאמער וועט שמשון מאכען אן ענדע צו זייערע לעבענס! קום, לאָמיר צוגעהן צו זיי!

ביידע שוועסטער זיינען צוגעקומען עטוואס נעהנטער צו די צושלאָגענע פּלשתים. זיי האבען געזעהן ווי זיי ליגען מיט די אויגען צוגעמאכט.

— זיי זיינען טויט! — האט בריעה ארויסגעלאָזען א געשריי.

— גיב א קוק! אָט עפענען זיי זייערע אויגען! — האט מרמה אויסגע־רופען דערנעהנטערענדיג זיך צו ברטור׳ן.

— ער איז אוועק! — האט מרמה זיך אָפּגערופען צו ברטור׳ן.

— ביזטו זיכער, אז ער וועט זיך באלד ניט צוריקקעהרען? — האט ברטור זיך אָפּגערופען מיט א צושראָקענע שטימע.

— דו האסט ניט וואס מורא צו האבען. ער איז שוין גאנץ ווייט אוועק!

— האָט מרמה געזאָגט, קיים איינהאלטענדיג איהר שמייכעל.

ברטור האָט זיך קוים אויפגעהויבען און געבליבען זיצען אויף'ן גראז. זיינע אויגען זיינען געווען געשוואָלען, רויט און פארלאָפען. ער האָט מיט זיין האנט זיך גענומען טאפּען זיינע צואָוועהטאָגטע גלידער.

באלד האָט עכבור זיך מיט גרויס מיה אויפגעזעצט... ער האָט א טאפּ געטהאָן זיין מויל, און ער האָט פון יסורים ניט אויפגעהערט צו קרעכצען.

— אה, ער האָט אויסגעזעצט מיינע צייהנער! — דאָס בלוט האָט נאָך פון זיין מויל גערונען.

— נעהם אביסעל וואסער! — האָט מרמה איהם צוגעטראָגען די כלי מיט וואסער.

עכבור האָט א זופּ געטהאָן, און זיך געפיהלט עטוואָס קרעפטיגער.

ביסלעכוויז האָבען זיך די איבריגע פּלשתים גענומען אויפזעצען. איינער האָט זיך געהאלטען פאר'ן בויך, א צווייטער ביי די זייטען. ביי איינעם פון די פּלשתים איז דער נאָז געווען אזוי אָנגעשוואָלען און רויט, אז ווען ביידע שוועסטער האָבען איהם דערזעהן,, האָבען זיי זיך ניט געקענט איינהאלטען פון לאכען.

— גיב מיר אביסעל וואסער! — האָט ברטור זיך אָפּגערופען צו מרמה.

— איך בין שטארק דורשטיג!

מרמה האָט איהם דערלאנגט דאָס וואסער און איהם בעטראכט פון קאָפּ ביז די פיס.

— ברטור! — האָט זי זיך אָפּגערופען, נאכדעם ווי ער האָט אויסגעטרונקען דאָס וואסער — איך האָב דיך אלע מאָל געהאלטען פאר דעם שטארקסטען פון אונזער שטאָדט, און צום סוף האָט דיך אזא יונגער ישראל צושלאָגען, אז דו קענסט זיך פון אָרט ניט ריהרען!

ברטור האָט געמאכט א פארזוך זיך צו שטעלען אויף זיינע פיס, אָבער ער האָט זיך געמוזט צוריקזעצען.

— אוי מיינע פיס! — האָט איינער געקרעכצט.

— ער האָט מיר צובראָכען מיין רוקען־ביין! — האָט זיך א צווייטער באקלאָגט.

מרמה האָט אלעמען באטראכט און גלייך אויסגעבראָכען אין א הילכיגען געלעכטער.

— גרויסע העלדען זייט איהר! — מיין פּאָטער גלויבט, אז איהר זייט שטארקע און ער שיקט אייך אויפמאָהנען די צינזען פון ישראל, און יעצט, ווען ער וועט זיך, דערוויסען וואָס איין יונגער אינגעל פון ישראל האָט צו אייך אלעמען געטהאָן...

— איך בעט דיך, מרמה, דערצעהל ניט דיין פּאָטער וואָס דו האָסט דאָ צוגעזעהן. ווער האָט זיך דאָס געקענט ריכטען, אז ער באזיצט אייזערנע פויסטען!

— און דו גלויבסט, אז דו וועסט קענען פארבאָרגען פון פאטער דיזע פּאַסירונג? — האָט מרמה זיך אָפּגערופען — ער וועט דאָך גלייך באמערקען, אז ביי איינעם פון אייך זיינען די אויגען אונטערגעשלאָגען, ביי דעם צווייטען זיינען די צייהנער אויסגעהאקט, און ביי דיר, ברטור, זיינען דיינע ליפּען צושפּאָלטען. מיט וואָס וועט איהר איהם דאָס אלעס קענען ערקלעהרען?

— מיר וועלען איהם זאגען — האט ברטור זיך אפגערופען — אז פיעלע פון די אידען, וועלכע האבען ניט געוואלט צאהלען קיין צינזען, האבען אויף אונז געמאכט אן איבערפאל, און אזוי ווי זיי זיינען געווען אין א גרעסערע צאהל און מיר האבען אונזערע וואפען ניט געהאט, האבען זיי אונז צושלאגען...

— דאן וועט דאך דער פאטער שיקען באוואפענטע סאלדאטען צו באשטראפען יענע אידען!

— דאס איז טאקע וואס מיר ווינשען, מיר מוזען נקמה נעהמען פון אלעמען פאר דעם, וואס ער האט צו אונז געטהאן!

— וואס זיינען די איבעריגע שולדיג, אז זייער א אינגעל האט אייך אלעמען צו'ממית'ט?! — האט מרמה געלאכט — מיר דוכט זיך, אז איהר דארפט גאר צופרידען זיין, וואס ער האט אייך אין גאנצען ניט געטויטעט.

— מיר וועלען זיך אן איהם נוקם זיין! — האט ברטור אויסגערופען.

— און איך האב איהם גאר איינגעלאדען צו מיין פאטער'ס הויז! — האט מרמה זיך א רייץ געטהאן מיט איהם.

— וואס?! דו ווילסט נאך, אז ער זאל קומען באזוכען דיין פאטער?

— דו ווייסט דאך ווי שטארק איך שעץ און אכט א בראווען יונג. מיין פאטער האט אויך ליעב א העלד, און ווען ער וועט אויסגעפינען וואס איין יונגער אינגעל האט געטהאן צו זעקס פלשתים, באנוצענדיג זיך בלויז מיט זיינע פויסטען, וועט ער איהם אויפנעהמען מיט גרויס כבוד.

— דו מוזט מיר פארשפרעכען, אז דו וועסט דיין פאטער גארניט דערצעהלען! — האט זיך ברטור אנגעשטרענגט זיך צו שטעלען אויף זיינע פיס — דערפאר וועל איך דיך מיטנעהמען וואוהין איך זאל ניט געהן.

— יעצט, ווען איך האב זיך ארומגעזעהן וואס פאר א "באשיצער" דו קענסט זיין, בין איך שוין ניט זעהר נייגיריג מיט דיר צו געהן! — האט מרמה מיט א שמייכעל איהם געענטפערט.

— ער האט אונז אזוי איבערראשט, אז מיר זיינען צוטומעלט געווארען — האט ברטור געזוכט זיך צו פארענטפערען — אבער ווען איך וועל איהם דערזעהן א צווייטען מאל, וועל איך איהם קיין לעבעדיגען פון מיינע הענד ניט ארויסלאזען!

מרמה און בריעה האבען זיך הילכיג פארנאנדערגעלאכט.

ז— ער קען בייקומען פופציג אזעלכע העלדען ווי דו, און איך וואלט דיר געראטען — האט מרמה צו איהם געזאגט — אז ווען דו וועסט איהם א צווייטען מאל באגעגענען, זאלסטו פון איהם אנטלויפען אזוי פעסט ווי דיינע פיס וועלען דיך טראגען. און נאך אן עצה וויל איך דיר געבען. אויב דיין לעבען איז דיר טייער, זאלסטו זיך מעהר ניט אנפאנגען מיט אידישע טעכטער! בפרט ווען זיי זיינען כלות און געהען צו דער חופה!

— איך האב זיך באנארישט! — האט ברטור זיך עטוואס פארשעהמט — איך ווייס, אז די פלשתים טעכטער זיינען א סך שעהנער פון די טעכטער פון ישראל.

— איך וועל פאר דיר מודה זיין, אז די כלה וועמען דו האסט מיט גוואלד

געוואלט אוועקרויבען פון איהר חתן, איז ווירקליך זעהר א שעהנע, און דו האסט געשמאק, אבער עס פעהלט דיר שכל און כח!

— יעצט זעה איך, אז דו ביזט א סך שעהנער פון איהר! און עס פאר־דריסט מיר שוין, וואס איך האב געוואלט דיך אויסבייטען אויף איהר... אבער אהן צווייפעל, דו וועסט מיר מוחל זיין און אין עטליכע טעג ארום וועל איך ריידען צו דיין פאטער!

— ווענען וואס ווערסטו רעדען מיט מיין פאטער? — האט מרמה איהם דורכגעדרונגען מיט איהרע בליקען.

— המ... איך וועל מיט איהם ריידען ווענען... יע, ווענען אונז ביידען — האט ברטור גענומען שטאמלען.

— כא, כא, כא! — האט זיך מרמה פארנאנדערגעלאכט — דו ביזט יעצט נאך מעהר געפאלען, דו ווייסט דאך ווי איך האס שוועכלינגע!

— איך שווער דיר ביי אונזער גאט דגון, אז איך וועל זיך מיט יענעם אינגעל אפרעכענען, איך וועל זיין קאפ צו דיר אלס א מתנה ברייגגען!

— דו גלויבסט נאך, אז דו וועסט קענען מיט איהם קעמפפען און איהם בייקומען? איך ווייס, וואס דו טראכסט, דו וועסט איהם באפאלען פלוצלונג פון הינטען און איהם טויטען. אזוי האנדלען פייגלינגע און צוליעב דעם אליין האט זיך מיין האס צו דיר פארדאפעלט!

— איך האב פאר איהם קיין מורא ניט! — האט ברטור זיך אפגערופען — איך וועל מיט איהם קעמפפען און בייקומען!

— גוט! אויב דו ווילסט, וועל איך שמשון'ען זאגען ווענען דעם, ווען ער וועט קומען באזוכען מיין פאטער'ס הויז, און דער קאמפף צווישען אייך ביידען וועט פארקומען אין אונזער הויף פאר די אויגען פון מיינע עלטערען.

— אבער דו וועסט דאך ניט איינלאדען אט יענעם ישראל צו דיין פאטער'ס הויז? — האט ברטור פראטעסטירט.

— פארוואס ניט? האט ער דען ניט פארדינט אזא כבוד! — האט די אינגערע שוועסטער זיך אריינגעמישט. — ער האט דאך געראטעוועט זעקס לע־בענס פון די פלשתים!

— דו ביזט גערעכט, בריעה — האט מרמה זיך אפגערופען — אונזערע זעקס פלשתים העלדען האבען טאקע צו פערדאנקען זייערע לעבענס צו דעם יונ־גען שמשון... בלויז נאך איין זעץ מיט זיין פויסט און יעדער פון אייך וואלט אויסגעהויכט זיין נשמה. האט ער דען ניט פארדינט פאר דעם אליין איך זאל איהם איינלאדען צו מיין פאטער'ס הויז?!

— דו קענסט עס ניט טהאן! — האט זיך ברטור צו איהר געווענדעט מיט א נידעריגע שטימע — ער טאר זיך ניט געפינען אין תמנה.

— ער וועט בלויז קומען אומצוקעהרען דיין אייזעל וואס ער האט געבארגט פון דיר אפצופיהרען די כלה צו איהר חתן!

ברטור האט זיך ארומגעקוקט.

— ער האט צוגענומען מיין אייזעל!

— דעם אמת זאגענדיג, האט שמשון דיין אייזעל ניט געוואלט נעהמען — האט מרמה געשמייכעלט — ער האט מיר געזאגט, אז ער איז אהער ניט געקומען

מיט'ן צוועק אימיצען צו בארויבען, אבער איך האב איהם געזאגט, אז דיזע אייזלען באלאנגען צו מיין פאטער, און ער קען איהם נעהמען און נאכהער צו־ריקברייגגען!

— דו האסט געטהאן א נארישקייט! — האט ברטור געזאגט מיט אן איינ־געהאלטענעם כעס — ווי אזוי וועל איך איצט קענען קומען צו דיין פאטער אהן דעם אייזעל?

— אבער איך פארזיכער דיר, אז שמשון וועט זיין ווארט האלטען, ער וועט איהם צוריקקעהרען צו מיין פאטער. ווען ער וואלט געוואלט אוועקנעהמען אלע אייזלען, ווער וואלט איהם דען געקענט אפהאלטען? ער האט שוין גע־וואלט די כלה אוועקטראגען אויף זיינע הענט, אבער איך האב דאס ניט דער־לאזען. מיר האט זיך געדוכט, אז עס וועט זיין פאר איהם גאנץ שווער צו טרא־גען איהר אויף זיינע הענט. איך האב געמיינט, אז ער איז גוט אויסגעמאטערט. אבער ער האט מיר געזאגט, אז ער קען אונז אלעמען דריי אוועקטראגען אויף זיינע שולטערען. אבער ווען די כלה האט איהם דערצעהלט, אז איהר האט אוועק־געריבט אלע מתנות, האט ער זיך שוין דאן געמוזט באנוצען מיט דעם אייזעל.

די איבעריגע פלשתים האבען זיך געגומען ארומקוקען, און ווען זיי האבען באמערקט, אז די צוויי זעק מיט די טייערע חפצים זיינען ניטא, איז זייער ענט־טוישונג נאך שטארקער געווארען.

— דאס איז אין גאנצען ברטור'ס שולד! — האט עכבור זיך גענומען אויס־גלייכען — איהם האט זיך פארוואלט דוקא א אידיש מיידעל!

— מיר שווערע ביי דגון, אונזער גאט, אז מיר האבען קיין חשק ניט געהאט צו געהן, אבער ברטור האט אונז איינגערעדט.

— וואס איז דער אונטערשיעד? — איהר זייט אלע באגאנגען א געמיינ־הייט, און איהר האט שוין א טייל פון אייער שטראף באקומען! — האט מרמה געזאגט — ווען מיין פאטער וועט זיך פון אלעם דערוויסען, וועט איהר קריגען נאך א גרעסערע שטראף.

— אויב דו וועסט דיין פאטער דערצעהלען פון אלעם וועלען מיר אונזערע שטעלעם פארלירען! — האט עכבור אויסגערופען — מיר בעטען דיך, אז דו זאלסט דיין פאטער גארניט דערצעהלען!

— פריהער אדער שפעטער וועט מיין פאטער אלץ איינם זיך דערוויסען! — האט מרמה געזאגט. — יע, שמשון וועט דאך זיכער קומען די טעג אויף א באזוך, איז דאך שוין בעסער, אז איך זאל איהם אלעס דערצעהלען!

— א, אימיצער קומט אן! — האט בריעה זיך אפגערופען, אנשטרענ־גענדיג איהרע אויגען.

מרמה האט אויפגעהויבען איהרע אויגען און זיך גענומען צוקוקען:

— מיר דוכט זיך, אז דו האסט רעכט! פו די שטויב, וואס האט זיך אויפ־געהויבען, קען איך דערקענען, אז מען קומט אן — מעגליך, אז שמשון קעהרט זיך אום!

— א, לאמיר שנעל אנטלויפען! — האט ברטור זיך אפגערופען — ער קומט געוויס מאכען א סוף צו אונז אלעמען.

— מיר האבען דאך בלויז פינף אייזלען, ווי אזוי וועלען מיר זיך אלע

קענען ארויפזעצן אויף זיי? — האט עכבור געזאגט — אויסער דעם קענען מיר זיך קוים ריהרען פון אונזערע פלעצער.

— אבער ער טאר אונז דא ניט געפינען! — האט ברטור מיט שרעק גע־זאגט — קענען מיר דען יעצט באהויפטען זיך צו פארטיידיגען געגען איהם?! מיר זיינען דאך אלע אזוי אויסגעמאטערט!

— און פריהער, ווען איהר זייט ניט געווען אויסגעמאטערט, האט איהר געקענט זיך פארטיידיגען? — האט מרמה געשמייכעלט — אבער איהר דארפט קיין מורא ניט האבען, איך וועל אייך באשיצען! ער וועט מיר פאלגען און וועט אייך קיין שלעכטעס ניט טהאן!

— דריי מענשען זעה איך, און שמשון איז ניטא צווישען זיי — האט די אינגערע שוועסטער זיך אפגערופען.

אלע האבען זיך גוט צוגעקוקט.

— יע, דאס זיינען דיי אומבאקאנטע מענשען! — האט ברטור פרייער אפגעאטעמט — לאמיר זיך נעהמען צו אונזערע שווערדען!

— מיר דוכט זיך, אז שמשון האט אויך אייערע שווערדען צוגענומען, וואהרשיינליך וועט ער זיי אפברייגען צו מיין פאטער צוזאמען מיט דעם אייזעל.

— א, נקמה וועלען מיר פון איהם נעהמען! — האט ברטור א ברום געטהאן.

— דו רעדסט פון נקמה, דערווייל קענען מיר זיך קוים ריהרען פון אונזערע פלעצער! — האט עכבור אויסגערופען, — וויפיעל האט טאקע געפעהלט, אז ער זאל אונז מיט זיינע אייזערנע פויסטען אוועקלייגען, אז מיר זאלען פאר־שפארען אויפצושטעהן.

— אט קומען זיי אן! מיר דוכט זיך, אז זיי זיינען פון ישראל.

— איך האב נאך פריהער באמערקט, אז זיי זיינען אידען.

— פיעלייכט קומען זיי זיך דאס יעצט מיט אונז אפצורעכענען! — האט א פלשתי מיט זארגט געזאגט.

— איך און מיין שוועסטער וועלען אייך פארטיידיגען — האט מרמה א שמייכעל געטהאן — איהר האט ניט וואס מורא צו האבען!

באלד האט זיך מנוח און די צוויי שלוחים דערנעהנטערט. דערזעהענדיג די פלשתים אויפ'ן גראז, האבען זיי זיך גוט ארומגעקוקט. זיי האבען זיך אפ־געשטעלט, און מנוח איז ארונטער פון דעם אייזעל און איז צו זיי צוגעגאנגען.

— ענטשולדיגט מיר, מיינע הארען! — האט זיך מנוח צו זיי געווענדעט — האט איהר פיליכט באמערקט פארבייגעהענדיג איניגע פלשתים מיט א יונ־גע פרוי און אינגעל.

די פלשתים האבען זיך איבערגעווארפען מיט בליקען און איהם ניט גע־ענטפערט.

— אויב דו וועסט אונז זאגען ווי די פרוי און דער אינגעל האבען אויסגע־זעהן, וועל איך דיר פיליכט קענען געבען אן ענטפער אויף דיין פראגע.

— די פרוי ווייס איך ניט — האט מנוח געענטפערט — ווייל איך האב

איהר קיינמאָל ניט געזעהן, אָבער דער איינגעל איז מיין זוהן און איך וועל דיר זאָגען, ווי אזוי ער האָט אויסגעקוקט.

מנוח האָט מיט אַלע איינצעלהייטען אויסגעמאָהלען ווי אזוי זיין זוהן זעהט אויס, און מרמה האָט זיך אָפּגערופען:

— איז דען ניט זיין נאָמען שמשון?

— יע, זיין נאָמען איז שמשון! — האָט מנוח אויסגערופען מיט שרעק

— האָסטו דען איהם געזעהן?

— יע, איך האָב איהם דאָ ניט לאַנג געזעהן! — האָט מרמה איהם גע־ענטפערט.

— און וואוהין האָבען זיי איהם אוועקגעפיהרט? „אַ שנעלער, זאָג מיר, איידער עס איז צו שפּעט! זיי וועלען איהם זיכער טויטען!

— שרעק זיך ניט, קיין בייז איז צו דיין זוהן ניט געשעהן! — האָט מרמה זיך צו איהם אָפּגערופען — אָבער דו מעגסט זיכער שטאָלצירען מיט איהם. זעהסטו אָט די זעקס פּלשתים, קוק זיך ווט צו צו זיי און דאַן וועסטו זעהן וואָס דיין זוהן האָט אויפגעטהאָן.

מנוח האָט באַטראַכט די פּלשתים, וועלכע זיינען געזעסען אויף'ן גראָז. ער האָט באַמערקט זייערע פאַרבלוטיגטע פּנים'ער, די אונטערגעהאַקטע אויגען און ארויסגעזעצטע צייהנער און אַ ציטער איז דורך זיין קערפּער.

— דאָס האָט דיין זוהן מיט זיינע פויסטען געטהאָן! — האָט מרמה איהם געזאָגט — אָבער דו דאַרפסט זיך ניט פיהלען שלעכט וועגען דעם, זיי האָבען דאָס פאַרדיענט!

— אָבער וואו איז מיין זוהן יעצט? — האָט זיך מנוח נאָך אַלץ ניט גע־קענט באַרוהיגען.

— דיין זוהן האָט מען ניט גענומען געפאַנגען. דיזע פּלשתים האָבען אוועק־געריבט א כלה פון איהר חתן, און דיין זוהן, שמשון, ווי עס ווייזט אויס, האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער איינער אליין זיך גענומען נאָכיאָגען נאָך זיי, און ווען ער האָט זיי דערגרייכט האָט ער זיי אַלימען גוט צושלאָגען און באַפרייט די כלה פון זייערע הענט. און ניט לאַנג צוריק האָט ער אוועקגעפיהרט די כלה צו איהרע עלטערען און צו איהר חתן.

— ביזטו זיכער, אַז דו מאַכסט ניט קיין שפּאַס מיט מיר! — האָט זיך מנוח צו איהר אָפּגערופען.

— קוקען זיי אויס ווי דאָס אַלעס וואָלט געווען אַ שפּאַס? — האָט מרמה געזאָגט, אָנווייזענדיג מיט איהר פינגער אויף די פּלשתים.

— אָה, איך דאַנק דיר זעהר! — האָט מנוח געזאָגט — דו האָסט מיין האַרץ דערפרעהט. יעצט זאָג מיר ווער דו ביזט?

— מיין נאָמען איז מרמה און דאָס איז מיין איינגערע שוועסטער בריעה. מיר זיינען די טעכטער פון דישון, דער הויפּט פון דער שטאָדט תמנה. איך האָב אַלעס צוגעזעהן. דורך א צופאַל האָב איך און מיין שוועסטער דאָ פאַרבייגע־גאַנגען און געהערט דעם טומעל. מיר האָבען זיך פאַרבאַרגען הינטער א בוים און מיר האָבען געהערט און געזעהן ווי אזוי דיין יונגער זוהן האָט דיזע שלעכטע פּלשתים צוקלאַפּט און פאַרוואונדעט, אַז זיי קענען זיך נאָך איצט קוים ריהרען;

פון זייערע פּלעצער. די פרוי האָט ער געראַטעוועט פון זייערע הענט. און ווען מיר האָבען געזעהן, אַז זי האָט פון גרוים שרעק און אויפרעגונג גע׳חלש׳ט, זיינען מיר אַרויסגעקומען פון אונזער באַהעלטנים און געבראַכט קאַלטעס וואַסער און געהאָלפען דיין זוהן אָפּצומינטערען די פרוי.

— זאָל דיר גאָט באַלוינען פאַר דיין גוטהערציגקייט, מיין טאַכטער, און איך וועל דיר יעצט געבען אַ מתנה אַלס אַנדענקונג.

מנוח האָט אַרויסגענומען אַ גאָלדענעם רינג, וואָס זיין פרוי האָט איהם מיטגעגעבען, און ער האָט איהם דערלאַנגט צו מרמה׳ן.

מרמה האָט איהם באַדאַנקט אַזוי איהם גלייך אַרויפגעטהאָן אויף איהר פינגער.

— איך האָב דיין זוהן איינגעלאַדען צו מיין פאַטער׳ס הויז — האָט זי געזאָגט — איך בין זיכער, אַז ווען איך וועל קומען אהיים און דערצעהלען דעם פאָטער וועגען אַלעס, וועט ער זיין זעהר נייגעריג צו באַגעגענען דעם יונגען העלד, און ער וועט איהם אויפנעהמען מיט גרויס פייערליכקייט.

— אָבער איך וועל מורא האָבען איהם צו לאָזען געהן אַליין! — האָט מנוח געזאָגט, וואָרפענדיג זיינע בליקען אויף די פּלשתים.

— דו מעגסט רוהיג זיין, אַז קיין שלעכטעס וועט איהם ניט טרעפען... ער וועט בייקומען צעהן מאָל אַזוי פיעל העלדען, און מיין פאָטער וועט שוין זעהן, אַז די צוואַוואָונדעטע פּלשתים זאָלען אויפגעבען זייער נקמה פּלאַן. יע, שמשון האָט מיר פאַרשפּראָכען צו באַזוכען מייי פאָטער׳ס הויז. ער וועט דאַרפען אומקעהרען אין אייזעל, וואָס ער האָט מיטגענומען אַוועקצופיהרען די כלה, און די אַלע אייזלען מיט וואָס דיזע מענשען האָבען זיך באַנוצט דורכצופיהרען זייער שענדליכען טהאָט, באַלאַנגען צו מיין פאָטער. זיי זיינען ביי איהם אַנגעשטעלט, און דו, מיין הארר, קענסט זיך פאַרשטעלען וואָס פאַר אַ שטראָף עס דערוואַרטעט זיי, ווען מיין פאָטער וועט זיך פון אַלעם דערוויסען.

— איך דאַנק דיר נאָך אַמאָל — האָט זיך מנוח אָפּגערופען אַ גליקליכער — דו האָסט מיך מיט דיינע רייד ערפרעהט.

— וועסטו קומען מיט דיין זוהן אונז צו באַזוכען?

— איך פאַרשפּרעך דיר! — האָט מנוח געזאָגט, און גלייך זיך אומגעקעהרט צו די צוויי שלוחים, וועלכע זיינען געשטאַנען פון דערווייטען.

ער האָט זיי דערצעהלט אַלעס וואָס ער האָט געהערט און זיי האָבען שנעל אוועקגעריטען נאָך אילון.

אין דער צייט וואָס מרמה האָט גערעדט צו מנוח׳ן, האָבען די פּלשתים זיך אַנגעשטרענגט צו הערען וואָס זי רעדט. ווען זיי האָבען דערהערט, אַז זי האָט באַשלאָסען צו דערצעהלען איהר פאָטער און ווי אַזוי זי מאַכט זיי צו שאַנד און צו שפּאָט, האָבען זיי זיך שטילערהייט דורכגעשמועסט:

— דו וועסט מוזען ווירקען אויף זיי, זיי זאָלען זייער פאָטער גאָרניט דערצעהלען — האָט עכבור זיך געווענדעט צו ברטור׳ן.

— מיינע רייד וועלען שוין מעהר קיין ווירקונג אויף זיי ניט האָבען. איך האָב מורא, אַז דער יונגער שטאַרקער שמשון האָט איהר אַזוי באַצויבערט, אַז

אפילו ווען זי זאָל אונז יעצט פאַרשפּרעכען ניט צו דערצעהלען איהר פאַטער. וועט זי זיך ניט קענען באהערשען און איהם אַלעס איבערגעבען.

— דאַן זיינען מיר פאַרלאָרען! — האָט א דריטער גאַנץ נידעריג זיך אָפּגערופען — אויסער די גרויסע שאַנדע, וועלען מיר זיבער פאַרלירען אונזערע שטעלעס און לויט איהרע רייד וועלען מיר שטאַרק באַשטראָפט ווערען.

— ניין, מיר טאָרען דאָס ניט דערלאָזען!

— אָבער וואָס קענען מיר טהאָן?

— מיר וועלען דאַרפען זעהן פּטור צו ווערן פון די צוויי שוועסטער!

— האָט עכבור אריינגעשושקעט ברטור'ן איז אויער.

—— יע, דאָס וועט זיין דער איינציגער וועג! — האָט ברטור צוגעגעבען

— מיר וועלען זיי דאַרפען טויטען דאַ אויף אָן אָרט און ערקלעהרען אונזער הויפּט, אַז מיר האָבען געזעהן ווי א גרויסער אידישער המון איז זיי באַפאַלען, און ווען מיר האָבען געמאַכט א פאַרזוך זיי צו ראַטעווען, האָבען זיי אונז פאַרוואונדעט, ווייל זיי זיינען געווען פיעל מעהר אין צאָהל.

— דערמיט וועלען מיר דערגרייכען אַלעס וואָס מיר ווינשען! — האָט עכבור געזאָגט — מיר וועלען זיך קענען נוקם זיין אַן שמשון'ען און אַן אַלע אידען.

— אָבער איך האָב מורא, אַז דישון וועט קענען אויסגעפינען!

— ווי אַזוי?

— דריי פון די אידען וויסען דאָך שוין אַלעס, זיי האָבען דאָך גערעדט מיט מרמה'ן און ווען דישון וועט שיקען יונזערע מענשען זיי צו באַשטראָפען, וועלען זיי צו איהם שיקען שלוחים און איהם אַלעס דערצעהלען.

— ווער'ען, גלויבסטו, וועט ער בעסער גלויבען, אונז אָדער די אומריינע אידען? ! — האָט ברטור איהם געענטפערט — מיר וועלען אַלע דערצעהלען, אַז מיר האָבען מיט אונזערע אויגען צוגעזעהן, אַז די אידען האָבען געטויטעט זיינע צוויי טעכטער.

— שאַ, אַט קומען זיי אַן! — האָט עכבור אויסגערופען — זיי דאַרפען קיין זאַך ניט פאַרדעכטיגען, דו וועסט צו זיי ריידען און בעטען זיי זאָלען ניט דערצעהלען. איך און נאָך איינער וועלען זיך אויפשטעלען און פון הינטען וועלען מיר זיי מיט א קלאַפּ אוועקלייגען...

מרמה און איהר שוועסטער האָבען זיך אומגעקעהרט און זי האָט באַמערקט ווי די פּלשתים שושקען זיך צווישען זיך.

— מיר דוכט זיך, אַז זיי ווילען אונז שלעכטעס טהאָן! — האָט בריעה, די איינגערע שוועסטער, זיך אָפּגערופען.

מרמה האָט א קוק געטהאָן אויף זיי און פון זייערע בליקען האָט זי דערקענט אַז איהר איינגערע שוועסטער האָט רעכט.

— איך וועל זיך מאַכען ווי איך קום צו צו זיי און דערווייל זאָלסטו אָפּבינדען צוויי אייזלען. און איידער זיי וועלען זיך אויפהויבען פון זייערע פּלעצער וועלען מיר שוין זיצען אויף די אייזלען.

מרמה האָט זיך גענומען דערנעהנטערען. זי האָט זיך אָנגעבויגען, און נאָכהער זיך אָפּגערופען אין דער הויך צו די פּלשתים:

— ווילט איהר פיעלייכט איך זאל אייך ברייננגען נאך וואסער?

— מיר ווילען דיר און דיין שוועסטער שטארק דאנקבאר זיין אויב דו וועסט אונז ברייננגען נאך א כלי וואסער, ווייל מיר זיינען דורשטיג.

— גוט, אט געה איך אייך ברייננגען! — האט זי געזאגט, און זיך גלייך אומגעקעהרט צו איהר שוועסטער, וועלכע האט צו איהר א וואונק געטהאן אז די אייזלען זיינען אפגעבונדען.

מרמה און בריעה האבען זיך באלד ארויפגעזעצט אויף די אייזלען און געגומען זיי שנעל טרייבען . . .

— זיי אנטלויפען! זיי אנטלויפען! — האט עכבור זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאץ.

— מעגליך אז זיי האבען געקענט הערען וואס מיר האבען זיך גע'סוד'עט!

— יעצט טארען זיי געוויס נישט בלייבען לעבען! לאמיר זיך נאך זיי נאכיאגען.

— מיר מוזען זיי טויטען, אז נישט זיינען מיר אלע פארלארען! — האט ברטור זיך אפגערופען, — מיר האבען דריי אייזלען, לאמיר זיך שנעל ארויפזעצען אויף זיי און נאכיאגען... מיר ווילען זיי געוויס דערגרייכען... זיי טארען נישט בלייבען לעבען.

ברטור, עכבור און נאך איינער פון די פלשתים האבען זיך אויסגעגלייכט און באלד זיך געזעצט אויף זייערע אייזלען.

— מיר האבען ביי זיך קיין וואפען נישט!

— מיר ווילען זיי קענען פארטיג מאכען מיט אונזערע הענט! זיי זיינען דאך בלויז צוויי יונגע מיידלעך.

— אט ליגט דער האלץ וואס דער איינגעל האט אוועקגעווארפען, — האט ברטור זיך אפגערופען, און איז ארונטער פון זיין אייזעל און דאס אויפגעהויבען.

— מיט צוויי קלעפ פון דיזען האלץ ווילען זיי ביידע בלייבען ליגען טויטע! — האט ברטור געזאגט און זיך שנעל צוריקגעזעצט אויף זיין אייזעל.

— און טויטע דערצעהלען ניט קיינע מעשיות! — האט עכבור צוגעגעבען.

— לאמיר זיך איילען.

די דריי פלשתים האבען שנעל גענומען טרייבען זייערע אייזלען אויף דעם זעלבען וועג וואו די צוויי שוועסטער האבען זיך פארנומען.

---

ווען אביעזר, תרצה'ס פאטער און איהר חתן, יורם, האבען זיך אומגעקעהרט מיט ליידיגען אהיים, איז דער טרויער נאך גרעסער געווארען.

— די איינוואהנער פון צרעה האבען זיך ענטזאגט צו קומען אונז העלפען!

— האט יורם טרויעריג געזאגט, — די איינציגע זאך וואס זיי האבען פאר אונז געטהאן, איז צו שיקען שלוחים מיט אביסעל געלד זיי זאלען מיט זיי פערהאנדלען.

— מיר טארען אבער ניט פארלירען אונזער האפנונג, — האט אביעזר זיך אפגערופען, — פיליייכט וועט גאט שיקען די ישועה דורך מנוח'ן, ער וועט וויסען ווי צו ריידען מיט זיי.

— איז דען מנוח אויך מיטגעגאנגען? — האט איהם זיין פרוי געפרעגט מיט א וויינענדיגע שטימע.

— יא, זיין זוהן איז פארפאלען געווארען! ווי עס ווייזט אויס האבען איהם דיזעלבע פלשתים אויך גענומען געפאנגען.

— מיין הארץ האט מיר אבער געזאגט אז שמשון וועט נאך אונזער אומגליק גרעסער מאכען. מיר זיינען אליין שולדיג, מיר האבען איהם נישט געדארפט לאזען געהן! — האט זיך איינער פון די געסט אפגערופען.

— איך פארשטעה נישט וואס דו מיינסט! — האט אביעזר איהם אנגעקוקט.

— וויסטו דען נישט וואס שמשון האט געטהאן נאכדעם ווי דו און יורם זיינען אוועק?

אביעזר האט א קוועטש געטהאן מיט די פלייצעס.

— שמשון האט אויסגעריסען א קלאץ פון דעם צוים, — האט איהם יענער אנגעצייגט דעם פלאץ, און אויסשרייענדיג א טויט צו די פלשתים האט ער זיך גענומען נאכיאגען נאך די פלשתים.

— א, ער האט געוויס יעצט נאך ערגער געמאכט, — האט יורם אויסגערופען מיט פארביטערונג, — ווען די פלשתים וועלען איהם דערזעהן מיט דעם קלאץ, וועלען זיי נאך שטארקער איז כעס ווערען און זיי וועלען שוין אפילו נישט וועלען פערהאנדלען מיט די שלוחים.

— פארוואס האט איהר אלע דערלאזען אז דאס אינגעל זאל נאך אונזער אומגליק פארגרעסערען! — האט אביעזר פארגעווארפען די מענשען וועלכע זיינען דארט געשטאנען.

— וואס האבען מיר געקענט טהאן, אז איידער מיר האבען זיך ארומגעזעהן איז ער שוין פארשוואונדען געווארען!

— ער האט איז גאנצען קאליע געמאכט! — האט יורם געזאגט מיט א שטימע פון יאוש. — די פלשתים וועלען יעצט אפילו נישט וועלען נעהמען אין אנבעטראכט דעם אנבאט פון די שלוחים.

— וואס איך האב מורא, — האט אביעזר געזאגט, — אז מנוח וועט זיי אנבאטען אלעס פאר זיין זוהן און ווען מיין טאכטער וועט מען איין גאנצען פארגעסען.

— און איך דיינק אז ווענען שמשון'ען וועט שוין מנוח נישט האבען וואס צו פערהאנדלען. עס וועט שוין זיין צו שפעט. ווען זיי האבען איהם באמערקט נאכלויפענדיג נאך זיי מיט א שטיק האלץ האבען זיי איהם גלייך אויף אן ארט געטויזעט

— אבער איך פארשטעה ניט פארוואס איהר זייט אויך נישט מיטגעגאנגען מיט די שלוחים! — האט תרצה'ס מוטער געבראכען איהרע הענט, — ווי אזוי פערלאזט איהר זיך אין גאנצען אויף פרעמדע ! !...

— פון וואנען האב איך געזאלט וויסען אז שמשון האט גענומען נאכלויפען די פלשתים, לויט מנוח'ס רייד, האבען די פלשתים איהם גענומען געפאנגען נעבען דעם וויינגארטען.

— אויב ער וועט קריגען גוט אנגעבראכען די ביינער פון די פלשתים וועט ער דאס זיכער האבען פארדיענט! — האט איינער פון די פערזאמעלטע א זאג געטהאן, — איך האב אלע מאל געוואוסט, אז שמשון וועט זיינע עלטערען און אויך די איינוואהנער פון צרעה קיין נחת נישט פארשאפען. ער איז ווילד און

צולאָזען און ער דיינקט אז ער איז שטארק גענוג זיך צוו שלאָגען אפילו מיט פלשתים.

— איך האָב קיינמאָל נישט געגלויבט די מעשה מיט דעם מלאך וואָס מנוח און זיין פרוי האָבען אזוי ליעב צו דערצעהלען, — האָט נאָך איינער געזאָגט. — שמשון איז א געזונטער שטארקער אינגעל. האָבען זיינע עלטערען געוואלט אויף איהם ארויפלייגען א בעזונדערע קדושה... איהם פאַר א נזיר געמאכט... און דערצו זוכען זיי אלעמען איינצורייזען אז זייער זוהן וועט נאָך אמאל העלפען די אידען פון די הענט פון די פלשתים!

— זיין יעצטיגע ווילדקייט וועט מאכען א סוף צו אלע זייערע חלומות... מנוח וועט שמשון'ען זיכער טרעפען אדער אין גאנצען א טויטען, אדער אזוי צוקיילט און צובייזט אז עס וועט איהם נעהמען חדשים ביז וואנען ער וועט ווידער קענען צו זיך קומען...

— דערוויל האָט ער פאראורזאכט אז מיר זאָלען פארלירען אלע האָפנונגען אויסצולייזען מיין טאָכטער פון ברטור'ס הענט! — האָט אביעזר געזאָגט. — ער וועט זיכער דענקען אז דאָס האָבען מיר איהם געשיקט צו קעמפען מיט זיי, און דאָס וועט איהם נאָך מעהר אויפרעגען. מיין עצה וואָלט דאריבער געווען אז מיר זאָלען גלייך מיטנעהמען נאָך גאָלד און ציערונג און אוועקגעהן צו ברטור'ן פייליכט וועט ער צושטימען צו נעהמען אויסלייז-געלד פאַר איהר.

— וואו וועלען מיר נעהמען נאָך גאָלד, ווען זיי האָבען אלעס אוועקגע־רויבט! — האָט די מוטער געקלאָגט. — מיין אומגליקליכע טאָכטער איז באשערט פאראומגליקט צו ווערען אין דעם טאָג פון איהר העכסטען גליק! ווער ווייס אויב זי איז שוין צווישען די לעבעדיגע.

— עס איז ביי מיר קיין צווייפעל נישט אז ברטור האָט איהר נישט גע־טויטעט! — האָט אביעזר געטרייסט זיין פרוי, — ער האָט דאָך איהר אוועק־גענומען ווייל זי איז איהם געפעלען געווארען. וועט ער דאָך איהר קיין שלעכ־טעס נישט טהאָן!

— ער וועט איהר קיין שלעכטעס נישט טהאָן! — האָט יורם ווידערהאָלט די ווערטער פון זיין שוועהר — און דאָס איז נישט פאררעכענט פאַר שלעכטעס?

אלע האָבען פארשטאנען יורם'ס אנדייטונג און תרצה'ס מוטער האָט ווידער אויסגעבראָכען אין א היסטעריש געוויין.

— תרצה קומט אָן! תרצה קומט אָן! — האָט איינער געשריען צולויפענ־דיג א פארסאָפּעטער צו די פערזאמעלטע.

— וואו איז זי? וואָס רעדסטו?! — האָט מען איהם ארומגערינגעלט.

— איך האָב איהר געזעהן אָט דאָרטען! אָט קומען זיי!

אלע האָבען שנעל גענומען לויפען אין יענער ריכטונג. זיי זיינען געבליבען ערשטוינט ווען זיי האָבען באמערקט ווי תרצה רייט אויף דעם אייזעל, געפיהרט ביי דעם יונגען שמשון.

— מיין טאָכטער!! — איז די מוטער איהר ארויפגעפאלען אויפ'ן האלז.

— איז שלום צו דיר?!...

— שלום איז צו מיר! — האָט זיך תרצה פאנאנדערגעוויינט.

אביעזר און יורם האָבען איהר גענומען בערוהיגען.

— וואָס האָט פאסירט? — האָבען אלע גענומען פרעגען.

תרצה האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, אָבער זי האָט נישט געקענט קיין וואָרט ארויסריידן.

— וואָס איז געשעהן מיט איהר ? — האָט זיך יורם געווענדעט צו שמשון׳ן.

— קיין שלעכטעס האָט מיט איהר נישט פּאסירט ! — האָט שמשון גע־ענטפערט מיט א שמייכעל, — אָבער דעם נעקסטען מאָל זאָלסטו איהר אביסעל בעסער בעשיצען !

יורם איז געבליבען שטעהן א צוטומעלטער. ער האָט געוואָרפען זיינע בליקען אויף זיין כלה, וועלכע האָט נאָך אַלץ געבליפּעט.

פּלוצלונג האָט יורם ארויסגעלאָזען א געשריי :

— אָה, די פּלשתים האָבען איהר פאראומריייניגט ! זי קען מעהר מיין פרוי נישט זיין !

— אָבער דו האָסט דאָך איהר מקדש געווען ! — האָט אביעזר אויסגערופען מיט שרעק.

— אָבער יעצט אז די פּלשתים האָבען איהר מטמא געווען, איז מיין הייראט צו איהר נישט געזעצליך ! . . .

— אָה, ניין, דו קענסט מעהר קיין חרטה נישט האָבען, — האָט זיך א קרוב פון דער כלה צו איהם אָפּגערופען, — תרצה איז דיין פרוי !

— איך וועל מיט איהר נישט וואָהנען צוזאַמען, — האָט יורם נישט אויפ־געהערט צו שטורמען, — זיי האָבען איהר מטמא געווען, און יעצט האָבען זיי איהר אומגעקעהרט צו מיר ! איך וויל נישט ! . . .

אלע זיינע געבליבען שטעהן אין א געדריקטע שטימונג... זייער שמחה איז פערוואנדעלט געוואָרען אין טרויער.

פּלוצלינג איז שמשון צוגעגאנגען צו יורם׳ן און איהם א נעהם געטהאָן פאר זיין האנט.

— איך האָב דיר דיין כלה געבראכט אזוי ריין און אומשולדיג ווי זי איז געווען אין דער צייט ווען מען האָט איהר פון דיר אוועקגענומען. געה צו צו א׳הר און בעט איהר זי זאָל דיר מוחל זיין !

יורם האָט דערפיהלט א וועהטאָג אין זיין האנד פון שמשון׳ס מעכטיגען דרוק. ער האָט געזוכט זיך צו באפרייען פון איהם, אָבער עס איז איהם נישט געלונגען.

— לאָז מיך אָפּ ! — האָט יורם אויסגעשריען, — קיינער קען מיך נישט צווינגען צו וואָהנען מיט א פרוי וועלכע . . .

תרצה איז געשטאַנען א בלאַסע און צוטומעלטע. זי האָט אויפגעהערט כליפּען און מיט גרויס ערשטוינונג געקוקט אויף איהר חתן און שמשון׳ען וועלכער האָט איהם אזוי פעסט געהאַלטען. זי האָט עפּעס געוואָלט אויסריידען, אָבער איהר צונג איז ווי צוגעקלעפּט געוואָרען צו איהר גומען... זי הערט ווי איהר חתן ענטזאָגט זיך איהר צו אנערקענען און זי הערט אויך שמשון׳ס רייד, זי זעהט ווי יורם דרעהט זיך אין דרייען פון שמשון׳ס דרוק.

אביעזר, זיין פרוי, און די איבריגע פון די געסט, האָבען ארומגערינגעלט יורם׳ן און שמשון׳ען.

— יורם איך בעט דיך, צושטער נישט אונזער גליק און שמחה... געלויבט איז גאָט אז מיין טאָכטער איז ארויסגעקומען א לעבעדיגע פון די פּלשתים׳ס

הענט... — האט אביעזר געזאגט — פארוואס זאלסטו איהר אנטהאן אזא שאנדע... איז זי דען נישט גענוג בעשטראפט געווארען ?!...

— די ערלים האבען אנגעזעטיגט זייער תאוה מיט איהר און יעצט האבען זיי איהר צו מיר אומגעקעהרט... ניין! איך וויל איהר מעהר נישט פאר מיין פרוי! איך וועל איהר באלד אפ׳גט׳ן...

— מיין ארימע אומגליקליכע טאכטער! — האט זיך איהר מוטער ווידער פאנאנדערגעיאמערט, — עס נעהמט נישט קיין סוף צו דיינע שמערצען... דיין אייגענער מאן וויל אפילו פון דיר יעצט נישט וויסען.

— די מתנות און דאס געלד האבען די פלשתים צוגענומען פאר זיך און מיר האבען זיי איהר צוריקגעשיקט א פאראומרייניגטע...

—מיר וועלען זעהן גוט־צו־מאכען דעם שאדען, — האט אביעזר זיך ווידער גענומען ביי איהם בעטען.

שמשון האט אפגעלאזען יורם׳ס האנד און ער איז גלייך צוגעגאנגען צו דעם אייזעל וועלכער איז געשטאנען צוגעבונדען צו א דערבייאיגען בוים, און האט פון איהם ארונטערגענומען צוויי זעק... ער האט זיי שנעל פאנאנדערגעעפענט און ארויסגענומען די אלע מתנות וואס די פלשתים האבען געהאט אוועקגערויבט, און זיך אפגערופען:

— אויב דו האסט מורא געהאט וועגען די מתנות, האב איך דיר זיי אלע צוריקגעבראכט... קוק זיי דורך און דו וועסט זיך איבערצייגען אז עס פעהלט גארנישט.

יורם האט ברייט פאנאנדערגעעפענט זיינע אויגען און ער האט גוט בעטראכט די מתנות און דאס געלד וואס ער האט דערהאלטען צו זיין חתונה.

די אלע געסט ארום האבען אויך מיט גרויס וואונדער דאס בעטראכט.

— איז דאס מעגליך אז די פלשתים זאלען אומקעהרען אזוי פיעל ווערטהפולע חפצים און געלד מיט זייער גוטען ווילען? — איז ביי אלעמען געלעגען די פראגע אויף די ליפען.

— נו, יעצט זעהסטו שוין אז דו וועסט אפילו די געלד און מתנות אויך נישט פארלירען! — האט זיך אימיצער אפגערופען צו יורם׳ן, — געה און בעט זיך איבער מיט איהר...

— מיך וואלט גאר נישט געקימערט ווען זיי וואלטען אלעס צוגענומען אבי זיי זאלען נישט האבען איהר פאראומרייניגט... דאס פארשטארקט נאך מיין פארדאכט... זיי, די פלשתים, ווילען מיר צייגען אז זיי זיינען נישט געווען אויסען צו רויבען מיין געלד, נאר בלויז צו רויבען די עהרע פון מיין פרוי... ניין! זאל דאס אלעס בלייבען מיט איהר, איך וועל מיט איהר נישט קענען וואוינען צוזאמען, און קיינער קען מיך דערצו נישט צווינגען. איך וועל די גאנצע צייט לעבען אין צווייפעל און אנגסט אויב דאס קינד וואס וועט געבארען ווערען איז נישט קיין פלשתי...

ביז אהער האט דער יונגער שמשון נישט געקענט בעגרייפען וואס יורם מיינט, ווען ער האט גע׳טענה׳ט אז די פלשתים האבען איהר ״פאראומרייניגט״. איהם האט זיך געדוכט אז דאס מיינט ער וואס די פלשתים האבען תרצה׳ן אנגעריהרט מיט זייערע הענט... און ער איז שוין געווען גרייט אויסצורופען: אויב דאס הייסט ביי דיר ״פאראומרייניגט״, בין איך דאך אויך אומריין, ווייל זייערע

הענט האבען מיך אויך אנגעריהרט... און איך האב מיט מיינע הענט זיי אנגע־ריהרט... און דערצו בין איך דאך א נזיר! אבער ווען ער האט דערהערט יורם'ס לעצטע רייד איז שוין פאר איהם אלעם קלאר געווארען... דאס האט איהם בעת מעשה עטוואס אמוזירט, אבער ווען ער האט א קוק געטהאן אויף דעם בלאסען פנים פון תרצה'ן, און אויף די פארוויינטע צושראקענע אויגען פון איהר מוטער, האט אין איהם זיך אנגעצונדען זיין כעס. ער איז ווידער צוגעגאנגען צו יורם'ן און זיך אפגערופען:

— מאך זיך נישט צו שפאט און תרצה'ן נישט צו שאנד. געה שנעלער און בעט איהר איבער! דו האסט איהר זיכער נישט פארדיענט, אבער זי איז דאך דיין פרוי!

— ווער ביזטו אז דו זאלסט מיר זאגען א דעה וואס צו טהאן? — האט יורם געמאכט א פארזוך איהם אפצושטויסען פון זיך, — געה צוריק צו דיינע עלטערען, זיי זוכען דאך דיר ארום . . .

— איך וועל פון דאנען נישט אוועקגעהן, —האט שמשון אויסגערופען מיט צארן, — ביז וואנען דו וועסט צורעכט מאכען דעם אומרעכט וואס דו ביזט בעגאנגען געגען דיין פרוי... נאך נישט גענוג וואס דו האסט איהר נישט בעשיצט אין דער צייט ווען זי האט זיך אזוי שטארק גענויטיגט אין שוץ, ווילסטו איהר נאך אין גאנצען איהר פארשטויסען פון זיך מיט שאנדע... געה! זאג איך דיר!

יורם האט זיך פון ארט נישט געריהרט. ער האט עפעס ארויסגעמורמעלט עטליכע אומפארשטענדליכע ווערטער.

תרצה איז נאך אלץ געשטאנען באוועגלאז אויף איהר פלאץ. איהרע בלאסע ליפען צוזאמענגעפרעסט. זי האט איהרע אויגען נישט ארונטערגענומען פון שמשון'ען.

איהרע עלטערען האבען געווארפען בעטענדע בליקען צו יורם'ן. זייערע פנים'ער האבען געפלאמט פון בושה... איז דאס דער זעלבער יורם וועלכער האט פריהער אזוי שטארק געליעבט זייער טאכטער, וועלכער האט זיך אזוי גליקליך געפיהלט ווען זיי האבען ענדליך איינגעשטימט איהם אפצוגעבען זייער טאכטער! . . .

— אה, יורם, יורם! זעה וואס דו טהוסט צו אונזער טאכטער, — האט זיך אביעזר אפגערופען מיט א ציטערנדע שטימע.

— פארוואס געהסטו צו איהר נישט צו! — האט שמשון זיך נאך אמאל א בייזער געטהאן.

ווען ער האט געזעהן אז יורם ריהרט זיך נאך אלץ נישט פון זיין פלאץ, האט ער איהם א נעהם געטהאן מיט זיינעביידע הענד און א הויב געטהאן ווי איינער הויבט אויף א גרינגע זאך און איהם צוגעטראגען נעבען תרצה'ן ארונ־טערלאזענדיג איהם צום באדען.

— שנעלער, פאל צו איהרע פיס, און בעט איהר זי זאל דיר מוחל זיין, — האט שמשון איהם באפוילען מיט א שטרייגע שטימע.

יורם איז געבליבען שטעהן נעבען זיין פרוי א צושראקענער. ער האט זיך יעצט ארומגעזעהן ווי שטארק און מעכטיג דער יונגער זוהן פון מנוח'ן איז.

ווען תרצה האט דערזעהן יורם'ן שטעהענדיג נעבען איהר, האט זי מיט

עקעל פון איהם זיך אפגעקעהרט. זי האט אפילו זיך אויף איהם נישט געוואלט אומקוקען.

די ארומיגע זיינען געבליבען שטעהן ווי פערגאפטע... אז שמשון זאל באזיצען אזא גבורה האט קיינער פון זיי נישט געוואוסט. זיי האבען זיך איבער־געווארפען מיט בליקען און געקוועטשט מיט די פלייצעס.

— טאכטער מיינע! — איז די מוטער צוגעלאפען צו תרצה'ן, — אט איז דאך דיין מאן. ער האט חרטה אויף זיינע רייד. זיי דאך איהם מוחל און לעבט גליקליך.

— אה, מוטער! — איז תרצה איהר ארויפגעפאלען אויפ'ן האלז און זיך ווידער פאנאנדערגעבליפעט.

אביעזר איז אויך צוגעגאנגען צו זיין טאכטער און איהר אנגענומען פאר'ן האנד.

— נו, ער האט קיין בייז נישט געמיינט, ער האט נישט געוואוסט וואס ער רעדט פון גרויס איבערראשונג און אויפרעגונג... נו, האט ער ארויסגערעדט אזעלכע רייד וואס ער האט נישט געדארפט ריידען... נו, גיב איהם דיין האנד און זיי איהם מוחל...

— איך בין נישט משוגע! איך וויים וואס איך רייד! קיינער קען מיר נישט צווינגען געגען מיין ווילען צו וואוינען מיט איהר! — האט יורם געביסען זיינע ליפען פון כעס... איך געה צוריק נאך צרעה...

ער האט זיך שוין געוואלט אומקעהרען, אבער באלד האט ער באמערקט שמשון'ס בייזע בליקען און איז געבליבען שטעהן אויף זיין פלאץ.

— איך בעט דיר יורם, נאכדעם ווי גאט האט געהאלפען און מיין טאכטער געראטעוועט פון א שענדליכען טויט, דארפסטו זעהן איהם דאנקבאר צו זיין. און נישט פארשעהמען תרצה'ן. נעהם אן איהר האנד, מאכט שלום צווישען זיך און מיר וועלען פארענדיגען אונזער שמחה.

— איך קען נישט! איך קען נישט! האט יורם געמורמעלט, ווארפענדיג צושראקענע בליקען אויף שמשון'ען.

— אט קומען אן די פלשתים און מנוח! — האט אימיצער אויסגערופען.

אלע האבען גלייך אנגעווענדעט זייערע בליקען אין יענער ריכטונג.

יורם האט איצט אויך געקראגען עטוואס מעהר מוטה און זיך אפגערופען צו שמשון'ען:

— געה צו דיין פאטער און מיש זיך ניט אין פרעמדע עסקים!

שמשון האט איהם שוין ניט געהערט. ער האט זיך אומגעקעהרט און דערזעהן זיין פאטער אנקומענדיג.

— מיין זוהן! — האט מנוח אויסגערופען און איהם ארומגענומען, — דו האסט וואונדער באוויזען. איך וויים אלעס וואס האט פאסירט. מיר האבען די צוויי פלשתים מיידלעך דערצעהלט ווי אזוי דו האסט צושלאגען די זעקס פלשתים וועלכע האבען תרצה'ן גענומען געפאנגען און איהר פון זייערע הענד געראטעוועט.

ערשט יעצט האבען זיך אלע ארומגעזעהן אז די גאנצע צייט זינט שמשון האט געבראכט תרצה'ן צוריק, האבען זיי אפילו נישט אויסגעפונען וואס האט פאסירט און ווי אזוי עס איז געשעהן אז די פלשתים זאלען בעפרייען תרצה'ן.

— דער צעהל אונז, מנוח, וואס האט פאסירט ? — האט זיך אביעזר צו איהם געווענדעט.

— האט דען אייך מיין זוהן נישט איבערגעגעבען וואס עס איז פארגעקו־מען ? ווי אזוי ער האט איינער אליין, אהן וואפען געקעמפפט געגען די זעקס פלשתים וועלכע האבען דא געמאכט דעם איבערפאל און געפאנגען חרצה׳ן ?

— ניין, ער האט אונז גארנישט דערצעהלט, — האבען זיך געהערט שטי־מען, — דערצעהל אונז, מנוח !

— געבענשט זיי צו גאט, מיין טהייערער זוהן ! — האט מנוח איהם ארומ־גענומען, — דו ביזט אזוי בעשיידען ווי דו ביזט שטארק ! אבער מיר וואונדערט זיך אויף דיין טאכטער, — האט ער זיך געווענדעט צו אביעזר׳ן, — פארוואס האט זי אייך נישט דערצעהלט די אלע איינצעלהייטען פון מיין זוהן׳ס קאמפף מיט די זעקס פלשתים.

— מיין טאכטער איז געווען אזוי צוטומעלט און אויפגערעגט, אז זי האט איהר מויל נישט געקענט עפענען, — האט אביעזר זיך פאר איהם פארענטפערט, — אבער מיר בעטען דיך דערצעהל אונז וואס שנעלער.

מנוח האט פאר אלעמען איבערגעגעבען דאס וואס די צוויי שוועסטער, די טעכטער פון דעם הויפט פון תמנה, האבען איהם דערצעהלט וועגען שמשון׳ען.

— זיי זיינען געווען בעהאלטען הינטער א בוים, און האבען אלעס צוגע־געזעהן... די פלשתים זיינען דאך די צינזען־מאהנער, וועלכע זיינען אנגעשטעלט ביי איהר פאטער, און ווען די צוויי שוועסטער האבען דערזעהן ווי זיי קומען אן רייטענדיג אויף זייערע אייזלען מיט א אידישער טאכטער, וועלכע האט זיך ביי זיי געבעטען אז זיי זאלען איהר באפרייען, און די פלשתים האבען זיך פון איהר אויסגעלאכט, האבען זיך די שוועסטער בעהאלטען צו זעהן וואס דא וועט פאסירען. באלד האבען זיי דערזעהן ווי מיין זוהן קומט אן לויפענדיג און באפעהלט זיי צו באפרייען תרצה׳ן. די פלשתים האבען זיך פון איהם אויסגע־לאכט און זיי זיינען ארונטער פון די אייזלען. מיין זוהן האט זיי גענומען געבען קלעפ...

מנוח האט מיט אלע איינצעלהייטען דערצעהלט פאר זיינע צוהערער ווי אזוי זיין זוהן, שמשון, האט צו׳ממית׳ט די פלשתים און באפרייט תרצה׳ן פון זייערע הענד.

— ווען די צוויי שוועסטער האבען מיר דאס אלעס דערצעהלט, — האט מנוח צוגעגעבען — האב איך דאס נישט געוואלט גלויבען, אבער ווען זיי האבען מיר אנגעצייגט ווי אזוי די פלשתים זיינען געלעגען צוקיילטע און צובייל־טע אויפ׳ן גראז, דאס בלוט האט פון זיי גערונען, האב איך געוואוסט, אז זיי האבען מיר געזאגט דעם אמת און אפילו נישט מגזם געווען. יא, געלויבט איז גאט, וואס ער האט דורך מיין זוהן געראטעוועט די עהרע פון א אידישע טאכטער פון די הענד פון די פלשתים, וועלכע וואלטען איהר זיכער מטמא געווען, ווען ער וואלט אין צייט נישט אנגעקומען... יעצט איז זי אזוי ריין און אומשולדיג ווי א מלאך...

אביעזר און זיין פרוי זיינען צוגעגאנגען צו שמשון׳ען, איהם געקושט און געהאלזט.

— זיי געבענשט צו גאט ! שמשון ! דו האסט א גרוים וואונדער באוויזען !

נעהם, איך בעט דיר, אט די אלע מתנות וואס דו האסט צוריקגעקראגען פון די פלשתים.

— דאס געהערט אלעס צו תרצה'ן, — האט שמשון זיך אפגערופען, — איך וועל גארנישט נעהמען.

— ווייסט איהר דען נישט, אז מיין זוהן האט עס נישט געטהאן פאר קיין באלוינונג?! — האט מנוח אויסגערופען, — ער האט גערעטעט דעם כבוד פון ישראל. די פלשתים וועלען שוין מעהר ניט זאגען אז אלע אידען זיינען שוואכלינגע... די צוקלאפטע און פארוואונדעטע פלשתים וועלען זיך שעהמען צו ווייזען פאר אונז... זיי וועלען שוין פארזאגען א צעהנטען זיך מעהר נישט אנצופאנגען מיט ישראל, און פון יעצט אן וועלען די טעכטער פון אונזער שבט זיין מעהר געזיכערט. אה, געלויבט איז גאט, איך זעה יעצט אז די ווערטער פון דעם מלאך וואס ער האט מיר געזאגט וועגען מיין זוהן, איידער ער איז געבארען געווארען, ווערען מקוים, שמשון וועט העלפען אונזער פאלק פון די הענד פון די פלשתים!

— תרצה! — האט זיך איהר מוטער אפגערופען, — שמשון האט דיין לעבען און דיין עהרע גערעטעט און דו האסט דאך איהם אפילו נאך נישט בעדאנקט.

— אה, מוטער! — האט תרצה זיך ווידער פאנאנדערגעוויינט.

— איך דארף איהם בעדאנקען! — האט זיך יורם פלוצלינג אפגערופען, — ער האט די עהרע פון מיין פרוי גערעטעוועט... ער האט זי צו מיר אומגעקעהרט ריין און אומשולדיג.

יורם איז צוגעגאנגען צו שמשון'ען און איהם גענומען בעדאנקען.

— אנשטאט מיר צו בעדאנקען, געה בעסער און בעט אז תרצה זאל דיר מוחל זיין, — האט זיך שמשון צו איהם אפגערופען, — דו האסט איהר ערנידעריגט און פארשעהמט.

— אבער דאס וואס מיין פרוי איז נישט פאראומריינעגט געווארען האב איך דיר צו פערדאנקען! — האט יורם אויסגערופען, — דו האסט איהר לעבען און איהר עהרע גערעטעט.

שמשון האט זיך פון איהם אפגעקעהרט און זיך געווענדעט צו זיין פאטער.

— די מוטער וועט געווים נאך מעהר בעזארגט זיין אז מיר וועלען זיך פארשפעטיגען, לאמיר שנעל אהיים געהן!

— אה, איך בעט אייך, — האט אביעזר זיך אפגערופען צו שמשון'ען און זיין פאטער, — אז גאט האט אזא גרויסען נס דורך שמשון'ען באוויזען, און ער האט זיך נוקם געווען אן אונזערע שונאים, פארבלייבט איהרביידע מיט אונז כדי אונזער שמחה זאל נאך גרעסער זיין.

— דו קענסט דאך געווים פארשטעהן ווי שטארק בעזארגט זיין מוטער איז... זי ווייס דאך גאר נישט וואס דא האט פאסירט, און ווען איך האב איהר פארלאזען, איז זי געווען זעהר צוקלעמט. זי האט געמיינט אז די פלשתים וואבען אויך שמשון'ען גענומען געפאנגען.

— די שלוחים וועלכע זיינען געשיקט געווארען פון שטאדט צו פערהאנדלען מיט די פלשתים וועלען זיך גלייך צוריקקעהרען אין צרעה און איבערגעבען דיין פרוי אלעס וואס האט פאסירט, — האט אביעזר זיך אפגערופען, —

אַבער דו ווייסט דאָך אַז די אַנוועזענהייט פון דיין זוהן וועט אונזער שמחה נאָך מעהר פארשטארקען.

מנוח האָט צוגעשטימט. ער האָט צוגערופען די צוויי שלוחים און זיי אָנגעזאָגט:

— קעהרט זיך באַלד אום קיין צרעה און גיט איבער שמשון'ס מוטער, אַז שלום איז צו אונז ביידען. דערצעהלט איהר אַלעס וואָס איהר ווייסט, און זאָגט, אַז מיר זיינען פערהאַלטען געוואָרען ביי דעם פאטער פון דער כלה אויף דער שמחה, און אין אָווענט וועלען מיר צוריקקעהרען.

מיט נישט קיין גרויסען חשק האָבען די שלוחים פארלאָזען דעם פּלאַץ. זיי האָט זיך געוואָלט זיין אויף דער שמחה. אַבער זיי וועלען דאָך נישט ווידער־שפּעניגען מנוח'ס רייד.

יורם האָט זיך דערנעהנטערט צו תרצה'ן, וועלכע איז געשטאַנען נעבען איהר מוטער.

— איך בעט דיר, תרצה, דו זאָלסט מיר מוחל זיין! — האָט ער זיך צו איהר אָפּגערופען.

תרצה האָט אומגעדרעהט איהר קאָפּ און איהם נישט געענטפערט.

— מיין טאָכטער, דיין מאַן איז געקומען דיך בעטען ענטשולדיגונג! — האָט די מוטער איהר אָנגענומען פאַר'ן האַנד, — מאַכט שלום צווישען זיך און לעבט גליקליך.

— גליקליך מיט איהם!! — האָט תרצה אויסגעשריען מיט צאָרן, — אָה, ניין, מוטער! איך האס איהם! איך וועל קיינמאָל נישט געהערען צו איהם!

תרצה'ס אויפרעגענדע, צאָרנדע שטימע, האָט באַלד צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע פערזאַמעלטע. מען האָט זיך דערנעהנטערט צו הערען וואָס דאָ קומט פאָר.

— אַבער, תרצה! — האָט יורם אויסגערופען, — מיר דאַרפען דאָך זיך יעצט ביידע שעצען גליקליך... די פּלשתים האָבען דיך נישט אָנגעריהרט, די מתנות האָבען מיר צוריקגעקראָגען... און איך האָב בלויז אַ טעות געמאַכט, און צוליעב דעם אַליין ווערסטו דאָך אויף מיר נישט זיין אין כעס... איך האָב געמיינט אַז... נו, קומט מיר דען בעשטראָפט צו ווערען דערפאַר?!...

תרצה האָט איהם נישט געענטפערט. איהר קאָפּ האָט זי געהאַלטען אַריבער־געבויגען איבער איהר מוטער'ס שולטער און האָט שטילערהייד געוויינט.

— וואָס איז מיט דיר, מיין טאָכטער? — איז שוין איהר פאטער צו איהר צוגעגאַנגען, — אָט שטעהט דאָך יורם נעבען דיר! נעהם איהם אָן פאַר'ן האַנד און לאָמיר אַלע אַריינמאַרשירען אין ווייַנגאָרטען צו פאַרענדיגען אונזער שמחה... שמשון און זיין פאטער האָבען אויך צוגעשטימט צו פארבלייבען דאָ מיט אונז... קום, מיין טאָכטער, זאָלען אונזערע געסט ניט לאַנג דאַרפען וואַרטען.

— אָה, ניין, ניין! — האָט תרצה זיך פאַנאַנדערגעכליפּעט, — איך וויל איהם מעהר נישט קענען!... איך האָב איהם פיינט... איך האס איהם נאָך מעהר ווי דעם טויט... אַ. פאַרוואָס האָבען מיך די פּלשתים ניט געטויטעט!... איך וואָלט בעסער געשטאָרבען איידער צו זיין די פרוי פון...

— תרצה, מיין טָאָכטער, בערוהיג זיך! — האָט אַביעזר איהר אָנגענומען

פאר'ן האנד, — דו האָסט דאָך יורם'ן פריהער אזוי שטארק געליעבט... דו ווייסט דאָך אז קיינער האָט דיך נישט געצוואונגען מיט איהם חתונה צו האָבען.

— ווי גרויס און שטארק מיין ליעבע איז צו איהם פריהער געווען, אזוי שטארק און גרויס איז יעצט מיין שנאה צו איהם... ער איז א פייגלינג און א שוואכלינג... און איך וועל זיין פרוי קיינמאָל נישט זיין!

יורם איז געבליבען שטעהן ווי געלעהמט... ער האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלען אז תרצה, זיין תרצה, זאָל צו איהם אזוי ריידען.

— דו ביזט מיין פרוי, איך האָב דיר היינט מקדש געווען, — האָט יורם זיך אָפּגערופען, — טהו אָפּ דיין צאָרן פון זיך, און קום מיט מיר... זאָל דיזער טאָג זיין א טאָג פון פרייד פאר אונז אלעמען... קום, תרצה, אין ווייגנאָרטען, דאָרטען וועלען מיר זיך משמח זיין ביז שפּעט אין דער נאכט.

— וואָס האָסטו פריהער געזאָגט איידער דו האָסט אויסגעפונען וואָס מיט מיר האָט פּאסירט? — האָט תרצה געזאָגט מיט ביטערקייט, — פריהער האָסטו געמיינט אז מען וועט דיר צווינגען צו וואָהנען מיט מיר... ניין, קיינער וועט דיר נישט צווינגען... דו ביזט פריי...

תרצה האָט שנעל ארונטערגענומען דעם רינג פון איהר פינגער און איהם א שליידער געטהאָן יורם'ן אין פּנים אריין.

יורם האָט זיך איינגעבויגען און דעם רינג אויפגעהויבען. ער האָט איהם א ווײַלע בעטראכט, און נאכהער האָט ער געווענדעט זיינע בליקען אויף אביעזר'ן, ווי ער וואָלט עפּעס פון איהם געוואָלט הערען.

אביעזר און זיין פרוי האָבען געקוקט אויף זייער טאָכטער מיט בעטענדע בליקען.

— איך בעט דיך, תרצה, פארשעהם מיך נישט פאר אלעמען אין די אויגען. זיי מיר מוחל, איך האָב נישט געוואוסט וואָס איך רייד...

— דיך ניט פארשעהמען! — האָט תרצה אויסגערופען, — און דו האָסט מיך נישט געמאכט צו שאנד און צו שפּאָט?... איז דען ביי דיר נישט רעכט געווען איבערצולאָזען מיך מיט מיין צער און בושה... אזוי שטארק איז דיין ליעבע צו מיר געווען?! . . . ניין! יעצט וויל איך דיך נישט קענען! איך האס דיך... ריהר מיך ניט אָן... דיינע הענט און דיינע געדאנקען זיינען אומריין.

— דו קענסט מיך אזוי נישט בעהאנדלען, תרצה! איך האָב דאָך דיך ליעב... דערמאָהן זיך אין די טעג ווען מיר האָבען ביידע אזוי שעהן און הערליך פארבראכט... מיר האָבען זיך ביידע פארשפּראָכען ליעב צו האָבען אויף אימער.

— דאריבער וועל איך דאנקען גאָט וואָס ער האָט גלייך מיינע אויגען געעפענט... און יעצט וויל איך דיך מעהר נישט קענען.

— נו, דו זעהסט, — האָט יורם א מאך געטהאָן מיט זיין האנד, זיך ווענדענדיג צו שמשון'ען, — דו האָסט מיר גערואטהען איהר איבערצובעטען, און זי וויל זיך אפילו אויף מיר נישט אומקוקען.

— עס איז ביי מיר גאָר קיין איבערראשונג! — האָט שמשון צו איהם געזאָגט, — דו האָסט איהר זיכער נישט פארדיענט... ווען דו וואָלסט איהר מיט אן אמת'ן געליעבט וואָלסטו אזוי פריהער נישט גערעדט.

— איך בעט דיך, שמשון, רייד דו מיט איהר, פיעלייכט וועט זי זיך ארומזעהן ווי נאריש זי איז און וועט חרטה האָבען אויף איהרע רייד.

— וואס האט דא פריהער פאסירט צווישען זיי ביידען? — האט מנוח געפרעגט אביעזר'ן — פארוואס וויל דיין טאכטער איהם יעצט נישט קענען, ווי איך פארשטעה איז זי דאך שוין פערהייראט.

אביעזר האט מנוח'ן עפעס ארייגעשושקעט אין אויער.

— אויב אזוי, איז דאך דיין טאכטער גערעכט! ווען ער קען אזוי בע־האנדלען זיין פרוי, אפילו ווען זיין השד וואלט באגרינדעט געווען, דאן האט ער איהר נישט פארדיענט.

— אבער די געסט און די חתונה מתנות?

— די געסט וועלען דיין טאכטער פארשטעהן, און די חתונה מתנות דארף געהערען דיין טאכטער... איך דיינק נאך אז די זקנים וועלען צו'פסק'ענען אז ער וועט איהר צוזאמען מיט'ן גט דארפען צוצאהלען פופציג שקלים פאר די בעליידיגונג און ערנידעריגונג וואס ער האט איהר פאראורזאכט אין אלעמענס אויגען.

— ווען איך נעהם זיך בעטראכטען, גלויב איך אויך, אז זי איז גערעכט! אבער ווען איך נעהם זיך איבערלעגען, קום איך צו דער איבערצייגונג, אז זיי דארפען זיך מוחל זיין און זיך איבערבעטען.

— פארוואס זאל ער איהר דארפען מוחל זיין? — האט זיך שוין די מוטער ארייגעמישט, — זי האט קיין פארברעכען נישט בעגאנגען און געגען איהם נישט געזינדיגט. ער האט געגען איהר געזינדיגט, אבער נישט זי.

— נו, וועט זי איהם מוחל זיין און זאל שוין זיין גענוג! — האט אביעזר געזאגט.

— נישט אזוי שנעל קען מען מוחל זיין אויף אזעלכע זאכען... ניין, אזעלכע רייד ווי יורם האט צו תרצה'ן פריהער גערעדט, פארגעסען זיך נישט! — האט די מוטער ארומגענומען איהר טאכטער, וועלכע האט נאך אלץ געוויינט.

— איך בעט דיך, שמשון, דו זאג מיין טאכטער זי זאל מוחל זיין יורם'ן, ער איז דאך איהר מאן, — האט אביעזר זיך אפגערופען צו שמשון'ען.

— ער פערדיענט אז זי זאל זיך אויף איהם יעצט נישט וועלען אומקוקען!

— האט שמשון זיך אפגערופען, — ער האט גאנץ קלאר ארויסגעוויזען זיין געמיינעם כאראקטער ווען ער האט געקענט אין דער צייט פון אז אומגליק אזוי האנדלען און צו געבען איהר נאך מעהר שמערצען ווען זי האט זיך אם מעהרסטען געגוויטיגט אין זיינע טרייסט־ווערטער און זיין צערטליכקייט, און יעצט אז ער האט זיך דערוואוסט אז קיין שלעכטעס האט מיט איהר ניט פאסירט, זוכט ער ווידער צו געפינען חן אין איהרע אויגען... ניין, ער איז איהר זיכער גישט ווערטה... און איך וועל זיך נישט ארייגמישען... ער דארף אלעס אליין טהאן צוריק צו געווינען איהר הארץ, און אויב ער איז נישט ערפאלגרייך וועט דאס זיין זיין אייגענע שולד.

— איך וועל פאדערען צוריק מיין מהר! — האט יורם זיך אפגערופען, — אויב זי וועט נישט וועלען וואהנען מיט מיר אלס מיין פרוי, וועל איך פער־לאנגען צוריק אלע מתנות וואס איך האב דיין טאכטער געגעבען.

— דאס קען ער שוין בעקומען צוריק! — האט תרצה אויסגערופען מיט שטאלץ, — איך וויל גארנישט פון איהם, און אויב דאס איז איהם ווינציג,

קען ער אויך צונעהמען אט די אלע מתנות וואס שמשון האט געראטעוועט פון די פלשתים'ס הענט!

— ניין, מיין טאכטער, דיזע מתנות באלאנגען צו דיר, פון זיין צד האט מען זעהר ווינציג געבראכט. כמעט אלע מתנות קומען פון אונזערע קרובים, און ער האט קיין רעכט נישט דערצו.

— הערט זיך איין, איהר זייט מיינע עדות, — האט יורם זיך געווענדעט צו עטליכע געסט, — זי וויל מיר נישט האבען פאר איהר מאן, און ווען די זקנים וועלען קומען זאלט איהר זאגען אז עס איז אין גאנצען איהר שולד, און ווען זיי וועלען ארויסגעבען דעם גט, וועל איך נישט דארפען בעצאהלען קיין פופציג שקלים אלס פארגיטיגונג.

— מיר ווייסען גארנישט. די זקנים וועלען דארפען בעשליסען ווער עס איז שולדיג — האט אימיצער ארויסגערופען.

— אפשר וועט זיך נאך דיין טאכטער פארט ארומזעהן! — האט זיך יורם אפגערופען צו אביעזר'ן — נו, וואס איז אויב איך האב אזוי גערעדט. זי האט דאך מיך אזוי שטארק געליעבט.

אביעזר האט איהם נישט געענטפערט. אן אומעט האט באדעקט זיין פנים. ער אליין האט שוין געפיהלט א האס צו זיין איידעם... יא, זיין טאכטער איז גערעכט... וואס פריהער זי וועט פון איהם באפרייט ווערען, אלץ בעסער וועט זיין פאר איהר.

— ווי איך זעה וועט שוין די שמחה נישט פארענדיגט ווערען ביי דיר אין ווייגארטען — האט זיך מנוח געווענדעט צו אביעזר'ן — איך גלויב קוים אויב עס וועט וועמען עס איז געלינגען איבערצוריידען דיין טאכטער זי זאל זיך לאזען איבערבעטען, און מיר האבען דא ניט וואס צו פארבלייבען. מיר וועלען קומען נאך צרעה און דארטען וועלען מיר פארענדיגען די שמחה וואס עס איז צושטערט געווארען דורך די טרויעריגע נייעס וועגען דיין טאכטער'ס געפאנגשאפט. איך וועל שיקען אנזאגען אלע עלטסטע פון שטאדט וועגען דער פאסירונג און מיר וועלען אלע צוזאמען דאנקען גאט פאר דעם גרויסען חסד וואס ער האט מיט אונז געטאן. קום, מיין זוהן, לאמיר זיך אומקערען אין שטאדט.

שמשון איז א ווײלע געבליבען שטעהן. ער האט א קוק געטאן אויף תרצה'ן און א שטארקער רחמנות געפיהל האט איהם אנגענומען: איהר בלאסער פנים, איהרע פייכטע טרויער־אויגען דריקען אויס אזוי פיעל צער און ליידען, און ערשט אין דערפריה, ווען ער האט איהר דורך די שפאלטען פון פארקאן באמערקט, איז זי געוועזען אזוי שעהן. איהר פנים איז געוועזען רויט, איהרע אויגען האבען געגלאנצט פון גליק... און איצט וואס פאר אן ענדערונג.

שמשון האט אויך א קוק געטאן אויף יורם'ן, וועלכער איז געשטאנען א פארשעמטער מיט תרצה'ס רינג אין זיין האנט, נאכהער איז ער צוגעגאנגען צו תרצה'ן און זיך אפגערופען:

— ווי איך זעה האט יורם שטארק חרטה אויף זיין פריהערדיגער האנדלונג, פילייכט וואלסטו איהם טאקע מוחל געווען און זאל די שמחה פארענדיגט ווערען דא, ביי דיין פאטער אין ווייגארטען.

— אה, שמשון, דו ווייסט דאך ווי דאנקבאר איך בין דיר פאר אלץ וואס

דו האָסט פאַר מיר געטאָן... ווען נישט דו וואו וואָלט איך איצט געווען? אבער איך בעט דיר, פאַרלאַנג נישט פון מיר דאָס. וואָס וואָלט מיר נאָך מעהר אומ־גליקליך געמאַכט ווי צו זיין געפאַנגען ביי די פּלשתים. צווישען מיר און ירום׳ן איז אַלץ אויס. איך קען שוין קיינמאָל נישט געהערען צו איהם. איך וואָלט בע־סער אויסגעקליבען דעם טוידט איידער צו זיין פאַרבונדען מיט איהם.

— דו האָסט רעכט, — האָט שמשון איהר געזאָגט — קיין זייטיגער דאַרף זיך נישט אריינמישען. קום, פאָטער, איך בין גרייט.

מנוח האָט גענומען זיין אייזעל און ער האָט געהייסען שמשון׳ען ארויפגיין.

—דו ביזט זיכער גאַנץ מיעד — האָט ער זיך אָנגערופען צו זיין זוהן — זעץ זיך ארויף אויף דעם אייזעל און איך וועל נאָכגעהן.

— פאָטער — האָט שמשון געזאָגט — זעהסטו דען נישט דיזען אייזעל, וואָס איך האָב אוועקגענומען ביי די פּלשתים, איך האָב פאַרשפּראָכען די צוויי פּלשתים־שוועסטער איהם צוריקקעהרען צו זייער פאָטער אין תמנה. איך וועל אויף איהם רייטען און אין א פּאָר טעג ארום וועל איך איהם צוריקקעהרען צו זייער פאָטער.

ער האָט גענומען דעם אייזעל און די זעקס שווערדען וואָס ער האָט אוועק־גענומען פון די פּלשתים און זיך אוועקגעזעצט רייטען.

מנוח און שמשון האָבען זיך געזעגענט מיט אביעזר׳ן און מיט די איבעריגע און האָבען אוועקגעריטען נאָך צרעה.

תרצה האָט באַגלייט שמשון׳ען מיט איהרע בליקען... איהר הארץ האָט איהר געוויינט, א שווערעניש האָט איהר געדריקט ביי דער נשמה.

אביעזר און זיין פרוי זיינען געבליבען שטעהן פאַרגליווערטע. זיי האָבען געשוויגען.

יורם האָט זיך גענומען אוועקשארען, ווארפענדיג יעדע ווייל א בליק אויף הינטען.

— קום, מיין טאָכטער, אריין אין הויז, דו וועסט זיך גוט אויסרוהען און מאָרגען וועלען מיר זעהן וואָס מיר האָבען צו טאָן — האָט זיך די מוטער צו איהר אָפּגערופען.

אביעזר און זיין פרוי האָבען אונטערגעהאַלטען תרצה׳ן און מיט איהר אריין אין הויז. די איבעריגע געסט זיינען נאָך א ווייל געבליבען שטעהן. זיי האָבען זיך איבערגעוואָרפען מיט בליקען, געקוועטשט מיט די פּלייצעס און זיך צוגאַנגען.

---

די שטאָדט צרעה האָט געקלונגען מיט די נייעס פון שמשון׳ס העלדישקייט. ווי נאָר די שלוחים זיינען אָנגעקומען אין שטאָדט און דערצעהלט צלפונית׳ן, שמשון׳ס מוטער, וואָס עס האָט פּאַסירט, האָט לאַנג נישט געדויערט און די גאַנצע שטאָדט האָט דערפון געוואוסט. מען האָט איהר ארומגערינגעלט און גע־נומען פרעגען אייַנצעלהייטען.

— באַלד וועלען מיר שוין אַלע וויסען! — האָט צלפונית אויסגערופען א פרעהליכע — א קליינינקייט! זעקס געזונטע פּלשתים האָט ער בייגעקומען. די שלוחים האָבען זיי דאָך אליין געזעהן ליגענדיג פאַרוואונדעט.

— וואו זיינען זיי, די שלוחים? — האָבען איינינגע עלטסטע געפרעגט.

— ..ט שטעהען זיי דאָרטען — האָט אימיצער אויף זיי אָנגעצייגט — זיי דערצעהלען די פּאַסירונג.

די נייע צוגעקומענע האָבען געגעבען איבערפרעגען די שלוחים.

— אונז איז שוין טרוקען געוואָרען אין האַלז דערצעהלענדיג — האָט איי־נער פון זיי זיך אָפּגערופען — זאָל מען ווארטען אויף מנוח'ן און שמשון'ען.

— דו זאָגסט דאָך אָבער, אז זיי וועלען זיך ווארשיינליך פּאַרזאַמען ביז שפּעט.

— וועט מען הערען מאָרגען פון זיי די גאַנצע געשיכטע.

צלפונית איז געווען אזוי אומגעדולדיג צו זעהן איהר זוהן, אז זי האָט שוין געוואָלט אליין אוועקגעהן נאָך אילון. איהרע שכנות אָבער, האָבען איהר אָפּגע־רעדט דערפון:

— עס איז נישט גאַנץ זיכער פאַר א פרוי צו געהן אליין אזא שטיק וועג, און מעגליך אז דיין מאַן און זוהן וועלען זיך פאַרנעמען אויף א צווייטען וועג.

גרויס איז געוואָרען איהר שמחה ווען מען האָט איהר אָנגעזאָגט, אז שמשון קומט אָן מיט זיין פאָטער.

זי איז שנעל זיי אנטקעגען געלאָפען. זי האָט ארומגענומען איהר זוהן און איהם געהאַלזט און געקושט.

דער עולם ארום זיי האָט זיך גענומען פאַרגרעסערען. אלע האָבען מיט דער גרעסטער נייגעריגקייט געוואַרט צו הערען די געשיכטע פון שמשון'ס מויל.

— לאָמיר געהן צו דעם פּלאַץ וואו מיר האָבען היינט אין דער פריה גע־פייערט אונזער שמחה! — האָט מנוח אויסגערופען — און איך וועל דאָרטען פאַר אַלעמען דערצעהלען!

דער עולם האָט זיך א לאָז געטאָן. יעדער האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ. מנוח און צלפונית האָבען זיך געזעצט אויף זייערע פלעצער; שמשון האָט זיך גע־זעצט אָן א זייט. ער איז צו אלץ געווען אזוי גלייכגילטיג, גלייך ווי ער וואָלט גאָרנישט געהאַט צו טאָן דערמיט.

מנוח האָט אָנגעהויבען דערצעהלען. א שטילקייט האָט געהערשט ארום. צלפונית האָט נישט ארונטערגענומען די אויגען פון איהר מאַן, זי האָט געשלונ־גען יעדעם וואָרט.

מנוח האָט מיט א באַזונדערען פאַרגעניגען גענומען דערצעהלען מיט אלע איינצעלהייטען ווי אזוי שמשון האָט צוקלאַפּט די פּלשתים. ער האָט עס איבער־געגעבען אזוי קלאָר און דייטליך, ווי ער וואָלט אליין דערביי געווען.

די צוהערער זיינען געווען אזוי פאַרטיפט און פאַרגאַפט אין מנוח'ס דער־צעהלונג, אז קיינער האָט נישט באַמערקט ווי שמשון האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ און פאַרשוואונדען געוואָרען.

ווען מנוח האָט געענדיגט דערצעהלען האָבען אלע מיט אמאָל זיך א קעהר געטאָן צו דעם פּלאַץ וואו שמשון איז געזעסען און ווי ערשטוינט איז מען גע־וואָרען ווען זיי האָבען באַמערקט אז שמשון איז נישטאָ.

— וואו איז שמשון? — האָט צלפונית אויסגערופען!

א שמייכעל האָט זיך באַוויזען אויף מנוח'ס פּנים און ער האָט זיך אָפּ־גערופען:

— מיין שמשון איז זעהר באַשיידען, ער האָט נישט ליעב זיך צו באַריהמען

און ער קען נישט פארטראגען, אז מען רעדט פון זיין גבורה. שטעלט זיך פאר, איידער איך און די שלוחים זיינען אנגעקומען אין אילון, איז שוין דארטען שמשון געווען א היבשע צייט מיט דער געראמעוועטער תרצה'ן און קיינער האט נישט געוואוסט ווי אזוי זי איז באפרייט געווארען פון די פלשתים'ס הענט ביז וואנען איך בין געקומען און זיי דערצעהלט פון אלץ.

גרויס פרייד האט געהערשט צווישען די פארזאמעלטע. מען האט ווידער גענומען זינגען און טאנצען און מען האט זיך משמח געווען ביז שפעט אין דער נאכט.

פערטער קאפיטעל

# שמשון אין תמנה

איינינגע טעג זיינען פאראיבער, און די אידען פון דעם גאנצען שבט דן האבען נישט אויפגעהערט צו ריידען וועגען שמשון'ס גבורה. אלע האבען זיך געפרעהט אויף דער מפלה פון די זעקס שטארקע פלשתים, וועלכע פלעגען ווארפען א שרעק אויף די איינוואהנער פון די ארומיגע שטעדטלאך, ווען זיי פלעגען קומען אויפמאנען די ציגזען. איצט האט שוין קיינער נישט געצווייפעלט, אז די געשיכטע וואס צלפונית דערצעהלט וועגען דעם מלאך וואס האט זיך צו איהר באוויזען.

— אויב ער האט באוויזען אזא זעלטענע גבורה איצט, ווען ער איז נאך אזוי יונג, וואס וועט ער שוין אויפטאן פאר אונז ווען ער וועט עלטער ווערען ?
— האבען די אידען צווישען זיך גערעדט.

— מעהר וועלען מיר שוין נישט הערען אזעלכע שענדליכע באליידיגונגען פון די פלשתים... זיי וועלען שוין נישט וואגען אונז צו רופען פייגלינגע.

— זאל ער נאר עלטער וועלען וועלען מיר פון אונז איינגאנצען ארונטער־ווארפען דעם פלשתים יאך. ער וועט זיין אונזער שופט און פיהרער און וועט מלחמה האלטען מיט דיזע רשעים.

עס איז נאך לאנג צו ווארטען ביז וואנען מיר וועלען זיין בכח זיך געגענצור־שטעלען די פלשתים. מיר טארען ביי זיך נישט זיין גענארט. די פלשתים פאר־מאגען א סך געוועהר און ווייסען זיך ווי צו באנוצען דאמיט, און מיר באזיצען גאר קיין געוועהר נישט. מיר זיינען ניט געאיבט ווי זיי אין קאמף.

שמשון'ס עלטערען האבען פון איהם די גאנצע צייט נישט אפגעטראטען. זיין מוטער האט זיך געשראקען טאמער וועלען די פלשתים זוכען נקמה צו נעמען פון איהם, דערפאר האט זי איהם אנגעבעטען, אז ער זאל נישט ארויסגעהן פון שטאדט.

— דו ווייסט נישט וואס זיי קענען צו דיר טאן — האט איהם צלפונית גע־ווארענט — זיי דורשטען נאך נקמה און מעגליך אז זיי וועלען אויף דיר לויערען אויף אלע וועגען.

— איך האב פאר זיי קיין מורא נישט — האט שמשון געענטפערט זיין מוטער — און איך וועל נאך דיר צייגען, אז איך וועל מארגען געהן נאך תמנה און אומקערען דעם אייזעל צו דישון'ען, דעם הויפט פון שטאדט.

— אה, נייז, מיין זוהן ! דו זאלסט נישט וואגען צו געהן אהין ! — האט

צלפונית מיט שרעק געזאגט — ווען די פלשתים פון שטאדט וועלען אויסגעפינען וואס דו האסט געטאן צו זייערע ברידער, וועלען זיי דיר דען שענקען?

— אבער מוטער, — האט שמשון זיך אפגערופען — איך האב פארשפראכען זיין טאכטער און איך וועל מיין ווארט האלטען.

— וועמעס טאכטער?

— דישון׳ס טאכטער, וועלכע האט מיר געבראכט וואסער בעת תרצה האט גע׳חלשט — האט שמשון געזאגט — זי האט מיר געזאגט, אז די אייזלען געהערען צו איהר פאטער און זי האט מיר געראטען צו נעמען אן אייזעל. איך האב איהר פארשפראכען אז איך וועל דיזען אייזעל צוריקברענגען צו איהר פאטער אין תמנה.

— וועל איך זעהן אז איינער פון די קנעכט זאל אומקעהרען דעם אייזעל, אבער דו, מיין זוהן, זאלסט אהין נישט געהן.

שמשון האט געשוויגען. ער האט זיין מוטער נישט געוואלט מצער זיין, אבער אויף מארגען גאנץ פריה, ווען זיינע עלטערען האבען נאך געשלאפען, איז שמשון אריין אין שטאהל, פון דארטען ארויסגענומען דעם אייזעל און אועקגעריטען נאך תמנה.

ווען ער איז אנגעקומען אין דער פלשתים שטאדט איז שוין געווען האלבער טאג. ער האט זיך נאכגעפרעגט וואו דאס הויז פון דישון געפינט זיך, און ווען מען האט איהם אנגעצייגט האט ער אהין צוגעפיהרט דעם אייזעל.

---

מרמה און איהר שוועסטער בריעה האבען שנעל געטריבען די אייזלען אויף וועלכע זיי האבען געריטען, נאכדעם ווי זיי האבען פארדעכטיגט, אז די פלשתים האבען צווישען זיך געפלאנעוועט זיי שלעכטעס צו טאן.

— מיר דוכט זיך, אז מען יאגט זיך נאך אונז — האט בריעה זיך אפגערופען צו איהר שוועסטער.

מרמה האט אויסגעדרעהט די קאפ און אויסגעשריהען:

— אה, מיר זיינען פארלוירען! ברטור רייט אויף דעם אייזעל און אין זיין האנט האלט ער די שטיק האלץ מיט וועלכע שמשון איז אנגעקומען. אויב ער וועט אונז אניאגען וועט ער אונז זיכער טויטען!

די אינגערע שוועסטער האט שנעל א קוק געטאן פון הינטען און צוגעגעבען:

ברטור איז נישט אליין. עכבור און נאך איינער רייטען מיט מיט איהם. זיי ווילען אונז אומברענגען, כדי דער פאטער זאל ניט אויסגעפינען וואס מיט זיי האט פאסירט.

די שוועסטער האבען נאך שנעלער געטריבען די אייזלען. צו זייערע אויערן האט זיך דערטראגען ברטור׳ס שטימע: שטעלט זיך אפ! אז נישט וועט איהר ערגער מאכען!

— מיר וועלען אייך קיין שלעכטעס נישט טהאן! — האט עכבור זיי נאכגעשריען.

— איך האב מורא, אז זיי וועלען אונז דערגרייכען! — האט בריעה אויסגערופען מיט שרעק, ווען זיי זיינען צוגעקומען צו א קליינעם וועלדעל.

— לאמיר ארונטער פון די אייזלען — האט מרמה זיך אפגערופען — מיר וועלען זיך אויסבאהאלטען אין דעם וועלדעל צווישען די געדיכטע בוימער.

מרמה און בריעה זיינען שנעל אַרונטערגעשפּרונגען פון זייערע אייזלען און אַליין זיינען זיי מיט גרויס אימפּעט אריינגעלאָפען אין וועלדעל און זיך באהאַלטען הינטער די געדיכטע בוימער.

פון שטאַרקען לויפען און פון גרויס שרעק, האָבען ביידע שוועסטער קוים איינגעהאַלטען זייער שווערען אָטעמען.

— מיר מוזען זעהר רוהיג זיין — האָט מרמה שטילערהייד געזאָגט צו איהר שוועסטער.— מיר מוזען אפילו איינהאַלטען אונזערע אָטעמס, אז נישט וועלען זיי אונז געפינען און דאַן זיינען מיר פאַרלאָרען.

באַלד האָבען זיי דערהערט שטימען. זייערע הערצער האָבען שטאַרק גע־קלאַפּט. זיי האָבען דייטליך געקענט הערען ברטור׳ס שטימע:

— אָט שטעהט דאָרטען איינער פון זייערע אייזלען.

— זיי האָבען זיך געמוזט פאַרנעמען רעכטס — האָבען זיי געהערט עכבור׳ס שטימע.

— מיר טאָרען זיך נישט אומקערען ביז וואנען מיר וועלען פון ביידען פּטור ווערען, ווייל, ווי עס ווייזט אויס, האָבען זיי פאַרשטאַנען אז מיר ווילען זיי טויטען — האָבען זיי געהערט די שטימע פון דריטען פּלשתי.

מרמה און בריעה זיינען געזעסען צוגעטוליעט איינע צו דער צווייטער, זיי האָבען זיך געטרייסעלט פון שרעק.

— וואו קען דאָס זיין דער צווייטער אייזעל? — האָבען זיי געהערט ווי עכבור האָט א פרעג געטאָן.

— מעגליך, אז ביידע האָבען אוועקגעריטען אויף איין אייזעל — האָט ברטור געזאָגט — מיר טאָרען נישט אויפגעבען אונזער נאָכיאָגען — אָ. ווען איך כאַפּ זיי וואָלט איך זיי ביידען מיט דעם האַלז גלייך אויף אָרט גע־טויטעט.

— איך בין זיך מודה, אז מיר איז שווער ווייטער צו רייטען — האָבען זיי געהערט ווי עכבור זאָגט — דער אידישער אינגעל האָט מיר אזוי שטאַרק צו־קלאַפּט אז איך פיהל נאָך איצט דעם וועהטאָג... איך פיהל, אז איך מוז זיך דאָ א ווייל אויסרוהען.

די שוועסטער׳ס שרעק האָט זיך נאָך מעהר פאַרגרעסערט. ווען זיי זאָלען זיך דאָ נישט ווייט אָפּשטעלען, וועלען זיי זיכער גלייך געפינען דעם פּלאַץ פון זייער באַהעלטעניס.

באַלד אָבער האָבען זיי דערהערט ווי ברטור שרייט אויף עכבור׳ן:

— דו ביזט א שוואַכלינג! ביי דיר איז רעכט, אז צוליעב דעם וואָס דו לייד־דעסט איצט אביסעל פון דיינע וואונדען, זאָלען מיר נאָכהער זיין צו שאַנד און צו שפּאָט. קענסטו זיך דען פאַרשטעלען וואָס עס וועט מיט אונז פּאַסירען, אויב דישון׳ס טעכטער וועט געלינגען צו קומען אהיים און דערצעהלען אַלץ וואָס זיי האָבען געזעהן, און דערצו נאָך צוגעבען אז מיר האָבען זיך נאָר זיי נאָכגעיאָגט זיי צו טויטען. מעהר וועט אונז נישט פעהלען. מיר וועלען דאַך זיין פאַרלאָר׳ענע. נישט נאָר וועלען מיר פאַרלירען אונזערע שטעלעס אלס צינזען־אויפמאַנער ביי די אידען, נאָר ער וועט נאָך אונז זיכער איינשפּאַרען אין תפיסה.

— און די שאַנדע — האָט דער דריטער פּלשתי געזאָגט. אַלע איינוואוינער פון שטאָט וועלען אויסגעפינען, אז א אידישער אינגעל האָט אומבאוואָפענטער־

הייט אונז מערדערליך צושלאָגען. ניין, מיר טאָרען זיך אז איבעריגע רגע נישט פארזאמען. מיר מוזען זיי נאָכיאָגען און טויטען, כדי צו פארדעקען אונזער שאנדע.

צו זייערע אויערן האָט נאָך דערגרייכט עכבור׳ס קרעכצען און ברטור׳ס שטימע:

— וואָס זאָלען מיר טאָן מיט דעם אייזעל?

— לאָמיר איהם מיטנעמען. דעם אייזעל אויף וועלכען ביידע שוועסטער האָבען אוועקגעריטען, וועלען מיר זיכער צוריקקריגען, וועט אונז בלויז פעהלען איין אייזעל וואָס דער אידישער אינגעל האָט פון אונז אוועקגענומען, אויף דעם וועלען מיר שוין געפינען א תירוץ.

פלוצלונג האָט אין דער שטילקייט פון וואלד אָפגעהילכט א שרעקליכער ברומען פון א לייב און א ווילד געשריי פון אן אייזעל.

— א לייב געפינט זיך אין דיזען געגענט! — האָט ברטור אויסגערופען — מיר דוכט זיך אז ער איז באפאלען די צוויי שוועסטער און דעם אייזעל אויף וועלכען זיי האָבען געריטען.

— און מיר האָבען ביי זיך קיין וואפען נישט! — האָט עכבור אויסגע־רופען מיט שרעק.

— איך גלויב, אז דאָס וואָס מיר האָבען געוואָלט טאָן צו דישון׳ס טעכ־טער, האָט עס דער לייב געטאָן. לויט זיין ברומען קומט אויס, אז ער האָט גרויס פארגעניגען פון זיין סעודה — האָט ברטור זיך אָפגערופען — דער אייזעל האָט זיך זיכער דערשראָקען פאר דעם לייב און ארונטערגעשליידערט די שוועסטער איבערלאָזענדיג זיי פאר שפייז פאר דעם לייב.

— ווען מיר וואָלטען געהאט וואפען מיט זיך וואָלטען מיר געדארפט אריינ־געהן טיפער אין וואלד, טויטען דעם לייב און מיטנעמען די קליידער פון די־שון׳ס טעכטער, כדי צו ווייזען איהם וואָס מיר האָבען געפונען און ווי אזוי מיר האָבען נעקעמפט געגען לייב, ביז וואנען מיר האָבען איהם ביינעקומען, אבער עס איז שוין געווען צו שפעט, דער לייב האָט זיינע טעכטער צוריסען.

— דאָס וואָלט געווען זעהר גוט פאר אונז, — האָט עכבור געזאגט, — מיר וואָלטען דאן ארונטערגענומען פון זיך דעם שאנד־פלעק און קיינער וואלט נישט געוואוסט וואָס מיט אונז האָט פאסירט. די וואונדען וואָס מיר האָבען וואָלטען מיר דישון׳ען געזאָגט אז דאָס האָבען מיר געקראָגען אין קאמף מיט דעם לייב.

— אָבער פארוואָס שטעהען מיר דאָ. דער לייב וועט באלד פארטיג ווערען מיט זיי און זיך נעמען צו אונז. מיר האָבען דאך אפילו נישט אונזערע שווערדען.

— לאָמיר זיך שנעל אָפטראָגען פון דאנען — האָט ברטור געזאגט. מיר וועלען זיך צוריקקערען צו אונזערע דריי פארוואונדעטע ברידער און צוזאמען מיט זיי וועלען מיר זיך דערשלעפען צו דער קרעטשמע. דארטען וועלען מיר שוין קריגען שווערדען. און נאכהער וועלען מיר זיך לאָזען זוכען די טויטע קער־פערס פון די שוועסטער, און דאן וועלען מיר ברענגען א סימן צו זייער פאָטער.

מרמה און בריעה האָבען מיט גרויס שרעק ארויסגעקוקט פון זייער באַ־העלטענים און געזעהן ווי די דריי פלשתים האָבען שנעל געטריבען זייערע אייז־לען צוריק צו דעם פלאץ פון וואנען זיי זיינען געקומען.

ערשט איצט האָבען זיי זיך ארומגעזעהן וואָס פאר א גרויס געפאהר עס

לויערט אויף זיי. דאָס ברומען פון לייב האָט זיך נאָך געהערט. זיי האָבען פאַרשטאַנען אז דער לייב האָט צוריסען איינעם פון זייערע אייזלען.

מיר מוזען וואָס שנעלער אנטלויפען פון וועלדעל. כל זמן דער לייב איז פאַרנומען מיט אונזער אייזעל קענען מיר זיך נאָך ראַטעווען — האָט מרמה געזאָגט, טרייסלענדיג זיך פון מורא.

די צוויי שוועסטער האָבען זיך אָנגענומען פאַר די הענט און גענומען לויפען מיט גרויס אימפּעט, ארומקוקענדיג זיך יעדע ווײַלע אויף הינטען, ביז וואַנען זיי זיינען צוגעקומען צום וועג וואָס פיהרט קיין תמנה.

— איך בין אַזוי מיעד — האָט זיך די איינגערע אָפּגערופען — לאָמיר זיך עטוואָס אָפּרוהען און נאָכהער וועלען מיר ווייטער לויפען.

— מיר זיינען שוין נישט ווייט פון תמנה און מיר מוזען וואָס גיכער אָנקומען אין שטאָדט — האָט מרמה געזאָגט — ברטור און זיינע פריינד וועלען זיך געוויס באַלד אומקערען מיט געווער און דאַן וועלען מיר זיין פאַרלאָרענע.

מיעדע, צושראָקענע, מיט בלאַסע פּנים'ער האָבען זיי זיך קוים דערשלעפּט ביז'ן שטאָדט. זיי זיינען אריינגעקומען אין דאָס ערשטע הויז וואָס זיי האָבען דערזעהן און גלייך פאַרלאַנגט וואַסער.

— מיר זיינען די טעכטער פון דישון — האָט זיך מרמה אָפּגערופען — קען פיליייכט ווער עס איז פון דאַנען לויפען אָנזאָגען אונזער פאָטער, אַז מיר געפינען זיך דאָ, ווייל מיר זיינען שטאַרק מיעד און אונזער פאָטער איז זעהר באַזאָרגט וועגען אונז.

— איהר זייט בישון'ס טעכטער? — האָט אַן עלטערען פלשתי זיך צו זיי אָפּגערופען, — וואָס האָט פּאַסירט מיט אייך און ווי קומט איהר יעצט דאָ?

— מיר בעטען דיך, שיק אָנזאָגען אונזער פאָטער. דו וועסט באַלד אַלעס וויסען וואָס מיט אונז האָט פּאַסירט, — האָט מרמה געזאָגט, — ווען דו וועסט זיך צואיילען וועט אונזער פאָטער דיך גוט באַלוינען.

— איך וועל טהאָן אייער פאַרלאַנג! — האָט דער פלשתי געזאָגט, — און האָט געשיקט רופען זיין זוהן וועלכער איז געוועזן בעשעפטיגט אין שייער.

— מיין זוהן, געה שנעלער אריבער צו דישון'ען, אונזער האַר, און זאָג איהם, אַז זיינע טעכטער געפינען זיך אין מיין הויז, און שלום איז צו זיי, אָבער זיי זיינען זעהר מיעד און זיי ערוואַרטען ער זאָל קומען מיט'ן וואָגען זיי נעהמען אהיים.

דער יונגער פלשתי האָט בעטראַכט די צוויי אויסגעמאַטערטע און צושראָקענע שוועסטער, און זיך געווענדעט צו זיין פאָטער:

— אונזער וואָגען איז אָנגעפילט מיט פרישע היי. איך וועל איינשפּאַנען דעם אייזעל צום וואָגען, און אויב זיי ווילען וועל איך זיי קענען צופיהרען צו זייער פאָטער.

— טהו ווי איך זאָג דיר, — האָט דער עלטערער פלשתי זיך אָנגעבייזערט אויף זיין זוהן, — דו געה אליין אריבער צו זייער פאָטער און גיב איהם איבער אַלעס וואָס איך האָב דיר אָנגעזאָגט.

— איך בעט דיך, מיין האַר—האָט בריעה זיך אָפּגערופען צום פלשתי—אויב עס איז מעגליך פאַר דיין זוהן אונז אָפּצופיהרען וואָס שנעלער אהיים, וואָלטען מיר דאָס נאָך פאַררעכענט פאַר א גרעסערער געפעליגקייט.

— איך בין נישט דאגעגען אויב איהר ווילט ער זאָל אייך אבפיהרען גלייך אהיים, קען ער דאָס טהאָן. אָבער איך האָב געמיינט, אז איהר זייט יעצט צו מיעד אפילו צו פאָהרען אויף דעם וואָגען.

— מיר װעלען דיר זעהר דאנקבאר זיין ! — האָט מרמה געזאָגט, — מיר זיינען זעהר נייגעריג צו זיין אין דער היים, און מיר װעלען זיך שטארק נישט דארפען אָנשטריינגען צו פאָהרען אויף דעם וואָגען היי.

— אָט וועל איך איינשפּאנען דעם אייזעל צום וואָגען ! — האָט דער יונגער פלשתי געזאָגט — און איז ארויס פון הויז.

אין א ווײלע ארום איז ער אריינגעקומען און געמאָלדען די שוועסטער אז דער וואָגען איז געגרייט.

זיי האָבען זיך ארויפגעזעצט אויף דעם וואָגען היי, און דער יונגער פלשתי האָט דעם אייזעל געטריבען צו דישון׳ס הויז.

* * *

דישון און זיין פרוי זיינען געװעזען שטארק בעזאָרגט װעגען זייערע טעכטער, װעלכע זיינען ארויסגעגאנגען גאנץ פריה און זיך נאָך נישט צוריקגעקעהרט.

דער אבענד האָט גענומען צופאַלען, און דישון האָט יעדע ווײלע ארויס־געקוקט אין דרויסען. דער מוטער׳ס אונרוהיגקייט האָט זיך נאָך פארגרעסערט.

— איך בין זיכער אז דאָס האָט זיי ברטור מיטגענומען אויף איינע פון זיינע רייזעס, — האָט דישון זי געטרייסט — איך האָב דאָ נישט לאנג זיך איינגעהערט ווי מרמה האָט זיך ביי ברטור׳ן געבעטען ער זאָל איהר מיטנעהמען. אָבער איך וועל ברטור׳ן דערפאר בעשטראָפען וואָס ער האָט זיי גענומען אָהן מיין וויסען און וואָס ער האַלט זיי אזוי לאנג.

— מיין הארץ שרעקט מיך עס זאָל מיט זיי קיין אומגליק נישט האָבען געטראָפען, — האָט די מוטער געזאָגט מיט זאָרג, — די זון פארגעהט שוין און זיי זיינען נאָך נישטאָ.

— איך זעה א וואָגען מיט היי דערנעהנטערענדיג זיך צו אונזער הויז, — האָט דישון אויסגערופען, און ארויסגעבויגען זיין קאָפּ דורכ׳ן פענסטער.

די מוטער איז צוגעלאָפען צום פענסטער און זיך צוגעקוקט.

— אונזערע טעכטער ! — האָט זי אויסגערופען מיט פרייד, און זיך שנעל געלאָזען צום טהיר.

דישון האָט זיך אוועקגעזעצט אויף זיין שטוהל. ער איז געווען עטוואָס בייז אויף זיינע טעכטער און ער האָט נישט געוואָלט אָפען ארויסצייגען זיין פרייד מיט זייער אָנקומען.

— וואָס האָט מיט אייך פּאסירט ?! — האָט די מוטער אויסגערופען מיט שרעק, ווען זי האָט באמערקט די בלאסע פּנים׳ער און די צושויבערטע האָר פון איהרע טעכטער.

מרמה און בריעה האָבען ארומגענומען זייער מוטער און זיך שטארק פאנאנדערגעוויינט.

דישון האָט דערהערט דעם געוויין פון זיינע טעכטער און איז אויך באַלד ארויסגעקומען, און זיי געפרעגט מיט פארוואונדערונג וואָס מיט זיי האָט פּאסירט.

א היבשע ווײלע האָבען ביידע שוועסטער געכליפּעט אין זייער מוטער׳ס

בוזים... נאכהער זיינען זיי מיט דער הילף פון זייערע עלטערען אריין אין הויז

די מוטער האט זיי געבראכט וואסער און עטוואס שפייז. זיי האבען גע־טרונקען, און ווען זיי האבען זיך עטוואס בערוהיגט, האט דישון נאך אמאל זיי געפרעגט וואס מיט זיי איז געשעהן.

מרמה האט דערצעהלט אלעס וואס מיט זיי האט פאסירט, ווי אזוי זי און בריעה האבען נאכגעפאלגט ברטור'ן מיט זיינע פריינד צו זעהן וואוהין זיי געהן, און ווי אזוי זיי האבען זיך בעהאלטען אויפ'ן וועג און זיי האבען באמערקט ווי ברטור קומט אן מיט א געפאנגענע אידישע מיידעל. זי האט דערצעהלט מיט אלע איינצעלהייטען ווי זיי האבען צוגעזעהן ווי דער יונגער שמשון האט מיט ליידיגע הענד געקעמפפט געגען די זעקס פלשתים, ווי ער האט זיי צושלאגען און באפרייט די אידישע טאכטער פון זייערע הענט. דערנאך האט זי דערצעהלט ווי אזוי ברטור און זיינע פריינד האבען געפלאנעוועט זיי צו טויטען כדי מען זאל זיך נישט דערוויסען.

ווען מרמה איז מיעד געווארען דערצעהלענדיג, האט בריעה געענדיגט זי האט דערצעהלט דאס וואס זיי האבען איבערגעלעבט ווען זיי זיינען בעהאל־טען געווען אין דעם נאהענטען וועלדעל, ווען פון איין זייט זיינען זיי געווען אין געפאהר געטויטעט צו ווערען פון ברטור'ן מיט זיינע פריינד און פון דער צווייטער זייט האט זיך צו זיי דערטראגען דאס שטארקע ברומען פון א לייב.

ווען דישון האט דערהערט וואס זיינע טעכטער האבען איהם דערצעהלט, איז ער אנגעצונדען געווארען מיט צארן.

— איך וועל זיי שוין בעשטראפען! — האט ער אויסגעשריען, — די אומווירדיגע הינט!

— געלויבט איז דגון, אונזער גאט! — האט די מוטער אויסגערופען — וואס ער האט אייך בעשיצט אז קיין בייזעס זאל נישט פאסירען צו אייך!

די צוויי שוועסטער, וועלכע זיינען געווען זעהר הונגעריג, האבען געגעסען און געטרונקען און נאכדעם ווי זיי זיינען זאט געווארען, האט זיך מרמה אפגערופען:

— זיי וועלען זיכער באלד אנקומען. און זיי וועלען געוויס פאר אייך דערצעהלען אן אנדער מעשה. דעריבער וועל איך מיט בריעה'ן זיך בעהאלטען אין דעם צווייטען צימער, און ווען זיי וועלען ענדיגען דערצעהלען, וועלען מיר ארויסקומען.

— דער יונגער מאן וועלכער האט אונז געבראכט שטעהט נאך אין דרויסען מיט זיין וואגען און אייזעל! — האט בריעה זיך אפגערופען. — מען דארף איהם עטוואס בעלוינען פאר זיין טרחה און איהם אנזאגען אז אויב ער וועט באגעגענען ברטור'ן מיט זיינע פריינד, זאל ער זיי גארנישט דערצעהלען וועגען אונז.

מען האט איהם אריינגענומען אין הויז און דישון האט איהם געפרעגט זיין נאמען.

— מיין נאמען איז לחמי, —האט ער געזאגט,—און איך בין צופרידען וואס איך האב עפעס געקענט טהאן פאר דיינע טעכטער.

— דו וועסט אהער קומען אין עטליכע טעג ארום, און איך וועל דיך באלוי־נען, דערווייל פאהר צוריק צו דיין הויז, און אויב דו וועסט אויף דיין וועג

באגנעגנען פלשתים, זאָלסטו זיי גאָרנישט זאָגן וועגן דעם, אז דו האָסט נאָר וואָס אָפּגעפיהרט מיינע צוויי טעכטער אהיים.

— איך וועל טהאָן ווי מיין האר זאָגט מיר, — האָט זיך לחמי פארנייגט. און איז גלייך ארויס פון הויז.

א קורצע צייט שפּעטער האָט מען אין דרויסען געהערט א גערויש.

— דאָס קומען זיי אָן! — האָט דישון אויסגערופען, — און געהייסען זיינע טעכטער און זיין פרוי אריינגעהן אין צווייטען צימער.

ער האָט ארויסגעשיקט איינעם פון די קנעכט אריינצורופען די פלשתים.

באלד זיינען די זעקס פלשתים אריין אין צימער וואו דישון איז געזעסען.

דישון האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאַץ און זיי אנטקעגען געקומען:

— האָט איהר פיעלייכט געזעהן מיינע טעכטער! — איז געווען זיין ערשטע פראגע. — ביידע, מרמה און בריעה זיינען ארויסגעגאנגען היינט גאנץ פריה פון הויז און זיך נאָך נישט אומגעקעהרט. מיר זיינען זעהר בעזאָרגט וועגען זיי.

די פלשתים זיינען געשטאנען מיט געבויגענע קעפּ און געשוויגען.

— וואָס איז מיט אייך?! — האָט דישון אויסגערופען מיט א געמאַכטער איבעררּאשונג, — איהר זייט דאָך אַלע אזוי צוקיילט און צובייַלט... ווער האָט אייך דאָר אזוי צושלאָגען?

— מיר האָבען דיר זעהר נישט קיין פרעהליכע נייעס איבערצוגעבען! — האָט ברטור געזאָגט מיט א נידעריגער שטימע.

— וואָס?! האָט עפּעס פּאַסירט מיט מיינע טעכטער? — האָט דישון אָנגעשטעלט א צושראָקען פּנים.

— א גרויסער אומגליק האָט מיט זיי פּאַסירט! — האָט ברטור קוים ארויסגערעדט, — עס איז מיר זעהר שווער דיר איבערצוגעבען די איינצעל־הייטען פון דיזער שרעקליכער פּאַסירונג.

— איך בין גרייט צו הערען דאָס ערגסטע! — האָט דישון קוים איינגע־האַלטען זיין שמייכעל, — דערצעהלט!

— מיר זיינען געווען אויף דעם וועג פון תמנה קיין צרעה, האָבען מיר פּלוצים געהערט א שטאַרקען טומעל און געשריי, — האָט ברטור אָנגעפאַנ־גען, — ווען מיר האָבען זיך ארומגעקוקט האָבען מיר באַמערקט ווי א גרופּע מענשען שלעפּען צוויי מיידלעך. מיר זיינען שנעל צוגעקומען צו דעם פּלאַץ און צו אונזער גרויסער איבעררּאשונג האָבען מיר געזעהן ווי צעהן אָדער צוועלף יונגע לייט, פון דעם שבט דן, האָבען ארומגערינגעלט מרמה און בריעה'ן און זיי געוואָלט נעהמען געפאנגען... זייערע געשרייען זיינען געווען זעהר גרויס. מיר זיינען בלויז געווען זעקס און זיי זיינען געווען צוויי מאָל אזוי פיל, דאָך האָבען מיר מיט זיי געקעמפט... מיר האָבען זיי שטאַרק צושלאָגען... דורך דער צייט וואָס מיר האָבען געקעמפט מיט די אומווירדיגע אידען, זיינען מיין האר'ס צוויי טעכטער אנטלאָפען געוואָרען. זיי זיינען געווען גליקליך וואָס מיר האָבען זיי געראַטעוועט, אָבער אנשטאָט צו וואַרטען אויף אונז ביז וואַנען מיר וועלען פאַרטיג ווערען מיט די אידען וועלכע האָבען זיי געוואָלט שלעכטעס טהאָן, האָבען זיי זיך ארויפגעכאַפּט אויף צוויי פון אונזערע אייזלען און גענומען לויפען. און ווען, נאָך א שווערען און ביטערען קאַמפּף האָבען מיר פאַרטריבען די אידישע יונגע לייט, האָבען מיר געזעהן אז דיינע טעכטער זיינען שוין גאַנץ

ווייט פון אונז. מיר האבען גלייך זיך געלאזט לויפען נאך זיי, אבער זיי זיינען פארשוואונדען געווארען... מיר האבען זיי א היבשע ווײַלע ארומגעזוכט, אבער ווי גרויס איז אונזער שרעק געווען ווען מיר האבען ווידער דערהערט געשרייען פון די שוועסטער, און א שטארקען ברומען פון א לייב וואס איז געקומען פון דעם דערבייאיגען וועלדעל. מיר האבען זיך באלד געלאזט צו יענעם פלאץ, אבער עס איז געווען צו שפעט... דער לייב האט צוריסעןביידע דיינע טעכטער... און פון זיי איז גארנישט איבערגעבליבען.

— אה, זאל גאט דגון, אונזער גאט, דיך טרייסטען, מיין האר! — האט עכבור צוגעגעבען, — מיר האבען דיינע טעכטער געראטעוועט פון די הענד פון די אידען, אבער זיי זיינען אריינגעפאלען איז די צייהנער פון דעם לייב.

— מיינע צוויי אומגליקליכע טעכטער, — האט דישון אויסגערופען מיט א געמאכטען צער, — נעקמה וועל איך נעהמען פון די אידען!

— מיר וועלען זיי אלעמען דארפען אויסראטען! — האט ברטור אויסגערופען, — מיין האר וועט בעריכטען צו דעם סרן פון אשקלון און מיר וועלען ארויס מלחמה האלטען מיט זיי.

— אבער וואו זיינען אייערע שווערדען?! — האט דישון געפרעגט.

— המ... ע... מיר... — האט ברטור גענומען שטאמלען, — מיר האבען פון וויטען דערזעהן דעם לייב מיט דעם קערפער פון איינע פון דיינע טעכטער, און מיר האבען זיך גענומען נאכיאגען נאך איהם. אבער ער איז געווען פלינקער פון אונז, און ווען מיר האבען דערזעהן אז מיר וועלען איהם נישט קענען דערגרייכען, האבען מיר גענומען ווארפען אונזערע שווערדען אויף איהם.

— און איהם געוויס פערוואונדעט, — האט דישון געזאגט.

— ניין, מיר האבען איהם נישט געטראפען, — האט עכבור פארענדיגט, — און ווען מיר האבען געזעהן אז מיר האבען מעהר נישט קיין וואפען אין אונזערע הענד, זיינען מיר געווען געצוואונגען זיך אומצוקעהרען צו אונזער האר מיט ליידיגען.

— ווי איך זעה, זייט איהר גרויסע העלדען און איהר פארדיענט א בעלוינונג פאר אייער בראווקייט, אבער וואס קומט ארויס פון אייער העלדישקייט ווען מיינע טעכטער זיינען אלץ איינס טויט. יא, ביידע זיינען געטויטעט געווארען אין איין טאג.

— מיין האר דארף זיך אם ווייניגסטען טרייסטען דאמיט וואס זיי זיינען נישט אין די אומריינע הענד פון די אידען. — האט ברטור אויסגערופען.

— יא, ווי עס ווייזט אויס, דארף איך זיין דאנקבאר צו דגון, אונזער גאט, פאר דעם וואס דער כבוד פון מיינע טעכטער איז נישט פארשוועכט געווארען דורך די אידען, — האט דישון געזאגט.

— ווען מיר וואלטען אנגעקומען מיט א ווײַלע שפעטער, וואלטען שוין די אידען געהאט אוועקגעפיהרט דיינע טעכטער! — האט עכבור געזאגט.

— מיין אומגליק און צער איז גרויס גענוג, און איך וועל מוזען זעהר פארזיכטיג זיין ווי אזוי צו ברייננגען דיזע טרויעריגע נייעס צו מיין פרוי... איך בין צופריעדען וואס זי איז דאביי נישטא... זי וואלט עס געוויס נישט אריבערגעטראגען... איהר ווארט דא א ווײַלע צו און איך וועל אריינגעהן צו

מיין פרוי און מיט גרויס פארזיכטיגקייט איהר ברייננגען די טרויעריגע נייעס פון אונזערע טעכטער.

דישוי איז אריין אין צווייטען צימער וואו זיין פרוי און טעכטער זיינען געוועזן, און ער האט זיי מיט א שמייכעל איבערגעגעבען אלעס וואס זיי האבען איהם דערצעהלט.

— איך וועל ארויסגעהן דורך דיזער טהיר און הייסען אלע מיינע וועכטער און קנעכט ארויפקומען באוואפענט און וואַרטען נעבען טיהר. איהר אבער שטעהט נאך דא און קומט נישט אריין אין צימער ביז וואנען איך וועל אייך רופען.

דישון האט צוזאמענגערופען אלע זיינע וועכטער און קנעכט און ער האט זיי געהייסען נעהמען שווערדען און שטעהן נעבען טיהר פון דרויסען געגרייט. און ווען זיי וועלען הערען זיין שטימע זאלען זיי גלייך אויפעפענען די טיהר און אריין אין צימער.

אלע וועכטער און קנעכט האבען מיט בלויזע שווערדען זיך געשטעלט נעבען טיהר.

---

ווען דישון איז אויף א ווייל ארויס פון צימער, האט זיך ביי די זעקס פלשתים באוויזען א שמייכעל אויף די פנים'ער.

— יעצט זעהט איהר ווי קלוג איך בין! — האט זיך ברטור אפגערופען אין דער שטיל צו זיינע פריינד, — ער גלויבט יעדען ווארט וואס איך האב איהם דערצעהלט. מיר זיינען פטור געווארען פון זיינע טעכטער און איז דער זעלבער צייט וועט זיך דישון קיינמאל נישט דערוויסען אז דער אידישער איינגעל האט אונז אלעמען צוקלאפט.

— און אויסער דעם, וועלען מיר נאך קענען נקמה נעהמען פון אלע אידען. דישון וועט זיכער גלייך בעריכטען דעם קעניג אלעס וואס מיר האבען איהם דערצעהלט. און ווען ער וועט שיקען אז ארמעע צו בעשטראפען די אידען, וועט ער געוויס אונז מיטשיקען צו דערקענען די שולדיגע און מיר וועלען שוין וויסען וועמען צו בעשולדיגען.

— איך האב זיך שטארק געשראקען! — האט עכבור געזאגט, — מיר זאלען נים דורכפאלען. אבער יעצט בין איך זיכער אז ער וועט זיך קיינמאל נישט דערוויסען ווי אזוי דער יונגער איינגעל האט אונז מערדערליך צושלאגען.

— און ווי אזוי געפעלט אייך דער ליגען וועגען אונזערע שווערדען? — האט ברטור א לאך געטהאן, — דאס איז געווען אן איינפאל! דגון האט אונז געפיהרט אויף דעם ריכטיגען וועג.

— שא! דוכט זיך אז ער קומט אן! — האט אימיצער א זאג געטהאן, — און די זעקס פלשתים זיינען געבליבען שטעהן מיט געבויגענע קעפ ווי זיי וואלטען געטרויערט.

דישון איז אריינגעקומען און ער האט זיך גלייך צו זיי אפגערופען:

— מיין פרוי טאר נישט וויסען אז מיינע טעכטער זיינען טויט! איך האב איהר געזאגט אז זיי זיינען אין געפאנגענשאפט ביי די אידען, און איהר מוזט איהר אייך אזוי זאגען!

— מיר וועלען טהאן אונזער האר'ס פארלאנג! — האט ברטור אויסגע־

רופען, — די פארפלוכטע אידען זיינען דאך טאקע שולדיג אין דעם טויט פון דיינע טעכטער. דאריבער וואלט איך געראטהען אז מיר זאלען אויסשלאכטען אלע אידען פון דעם דארף אילון און פון דער נאהענטסטער שטאדט, צרעה.

— אט וועל איך אריינרופען מייז פרוי און איהר וועט איהר דערצעהלען וועגען מרמה'ן און בריעה'ן! — איז דישון צוגעגאנגען צו דעם צווייטען צימער און אויפגעעפענט די טיהר.

באלד איז אריינגעקומען דישון'ס פרוי און הינטער איהר זיינען נאכגע־גאנגען איהרע צוויי טעכטער.

די פלשתים זיינען אויפגעציטערט געווארען ווען זיי האבען באמערקט דישון'ס צוויי טעכטער. די איבערראשונג איז פאר זיי געווען אזוי גרויס, אז זיי זיינען געבליבען ווי פארשטיינערט.

— נו, וואס וועט איהר יעצט זאגען. מיינע גרויסע העלדען?!... — האט דישון זיך צו זיי אפגערופען, — איהר האט געקעמפט מיט גרויס "העלדישקייט" געגען דעם יונגען אינגעל וועלכער האט געראטעוועט א טאכטער פון זיין פאלק פון אייערע הענד... אייערע שווערדען האט איהר אויף דעם לייב געווארפען... יא, איהר האט אלע פארדיענט א גרויסע באלוינונג.

ווי פארגליווערטע זיינען די פלשתים געשטאנען. קאלירען האבען זיך גע־ביטען אין זייערע פנים'ער. זיי האבען געווארפען זייערע בליקען אויף די צוויי שוועסטער וועלכע האבען אויף זיי געקוקט מיט צארן און פעראכטונג.

ברטור האט זיך איבערגעווארפען מיט בליקען מיט די איבריגע פלשתים און פלוצלינג האט ער אויסגערופען:

— א טויט צו זיי אלעמען!

ברטור האט זיך גלייך אווארף געטהאן אויף דישון'ען, און די איבריגע האבען זיך א לאז געטהאן צו זיין פרוי און טעכטער.

— לאמיר פון זיי קיין געדעכנים נישט איבערלאזען! — האט ברטור אויסגעשריען, — אז נישט זיינען מיר פארלארען. ער האט געמאכט א פארזוך אנצונעהמען דישון'ען ביים האלז.

דישון האט א געשריי געטהאן, און באלד האט זיך די טיהר געעפענט און דישון'ס וועכטער און קנעכט זיינען אריינגעקומען באוואפענט מיט בלויזע שווערדען.

ברטור האט אפגעטראטען אויף צוריק.

— בינדט זיי! — האט דישון באפוילען.

די וועכטער האבען געבונדען די זעקס פלשתים, וועלכע האבען נישט אויפגעהערט צו שילטען.

— ווארפט זיי אריין אין געפענגנים און שפעטער וועל איך בעשטימען זייער שטראף.

די וועכטער האבען ארויסגעפיהרט ברטור'ן און זיינע חברים און זיי פאר־שפארט אי געפענגנים.

באלד האט די גאנצע שטאדט תמנה געוואוסט פון דעם פארברעכען פון די זעקס פלשתים און מיט גרויס נייגעריגקייט האבען אלע געהערט די געשיכטע ווי אזוי דער יונגער שמשון האט מיט זיי געקעמפט.

דישון אליין האט אויך נישט אויפגעהערט צו ריידען פון דעם.

— איך וואָלט זעהר גערן איהם געוואָלט זעהן ! — האָט ער זיך אָפּגערופּען צו מרמה׳ן, — אָבער ווי עס ווייזט האָט ער מורא אהער צו קומען.

— איך בין זיכער אז ער שרעקט זיך נישט צו קומען אהער... ער האָט מיר פארשפּראָכען אָפּצובריינגען דעם אייזעל און איך צווייפעל נישט אז ער וועט זיין וואָרט האַלטען, — האָט מרמה געענטפערט.

— מעגליך אז זיינע עלטערען לאָזען איהם נישט געהן, — האָט די מוטער זיך אָפּגערופען.

— זעהט איהר האָט דעם רינג ? ! — האָט מרמה געוויזען צו איהר פאטער און מוטער.

דישון און זיין פרוי האָבען דעם רינג בעטראכט.

— ווער האָט דאָס דיר געגעבען ? — האָט איהר די מוטער געפרעגט.

— דיזען רינג האָט מיר געגעבען שמשון׳ס פאטער ! — האָט מרמה זיך אָפּגערופען.

— שמשון׳ס פאטער ! ווי קומסטו צו איהם ?

— איך האָב אייך פארגעסען צו דערצעהלען, אז נאכדעם ווי שמשון איז אוועק מיט דער כלה, איז אָנגעקומען זיין פאטער, וועלכער איז געווען שטארק בעזאָרגט וועגען זיין זוהן, ווייל ער האָט געמיינט אז אויך איהם האָבען די פּלשתים געפאנגען. איך האָב איהם דערצעהלט אַלע איינצעלהייטען ווי אזוי ער האָט צושלאָגען די פּלשתים און ווי אזוי איך האָב געבראכט וואסער אָפּצו־מינטערען די כלה, האָט ער מיר דערלאנגט אָט דעם רינג א מתנה אַלס אנדיינ־קונג, און מיר בעדאנקט. דאן האָב איך איהם געזאָגט, אז איך האָב זיין זוהן איינגעלאַדען צו אונז אין הויז, און אין דערזעלבער צייט האָב איך איהם געבע־טען אויך צו קומען צוזאמען מיט שמשון׳ן, און ער האָט מיר פארשפּראָכען.

— עס איז ווירקליך געווען זעהר פיין פון איהם דיר אזא מתנה צו געבען !

— האָט די מוטער זיך אָפּגערופען צו איהר, — ווען ער וועט אהער קומען מיט זיין זוהן, וועלען מיר איהם אויך עטוואס דאַרפען געבען אַלס אנדיינקונג.

— שמשון קומט אַן ! שמשון קומט אַן ! — איז בריעה, דישון׳ס אינגערע טאָכטער אריינגעלאָפען אין הויז, אויסריפענדיג מיט גרויס פרייד.

א רויטקייט האָט באדעקט מרמה׳ס פּנים. זי האָט שנעל צורעכט געמאכט איהרע האָר און זיך קוים באהערשט נישט ארויסצוגעהן איהם אנטקעגען. זי איז צוגעגאנגען צום פענסטער און איהם גלייך באמערקט.

שמשון איז צוגעקומען צו דעם הויף פון דישון מיט דעם אייזעל, און האָט זיך דאָרט אָפּגעשטעלט. ער האָט זיך ארומגעקוקט און באַלד האָט ער באמערקט איינעם פון דישון׳ס קנעכט.

— זאָג דיין האר, אז שמשון פון צרעה האָט איהם צוריקגעבראכט דעם אייזעל און זעקס שווערדען.

שמשון האָט איבערגעגעבען דעם צוים פון אייזעל און די זעקס שווערדען צו דעם דיענער.

דער דיענער האָט אָנגענומען דעם אייזעל ביים צוים און גענומען פיהרען אין שטאַל אריין.

שמשון איז ארוים פון הויף און גענומען געהן צוריק.

— ער געהט אוועק ! — האָט מרמה אויסגעשריען, און איידער איהרע

עלטערען האבען זיך אומגעקוקט איז זי שוין געוועז אין דרויסען. זי איז שנעל געלאפען און אויסגעשריען:

— שמשון! שמשון!

שמשון האט אומגעדרעהט זיין קאפ און דערזעהענדיג מרמה׳ן האט ער זיך אפגעשטעלט.

— אה, שמשון! — איז זי צו איהם שנעל צוגעלאפען, — פארוואס ביזטו נישט אריין צו מיין פאטער׳ס הויז ווי דו האסט מיר פארשפראכען.

— איך האב פארשפראכען צוריקצובריינגען דעם אייזעל, און דאס האב איך געטהאן.

— אה, איך בעט דיך, קום אריין צו אונז אין הויז. מיינע עלטערען ווארטען אויף דיר מיט גרויס אומגעדולד. און איך האב דיר זעהר פיעל צו דערצעהלען פון דיינע שונאים. זיי זיינען יעצט אלע פארשפארט אין געפענגנים!

— אין געפענגנים?! — האט זיך שמשון געוואונדערט.

— יא. דו ווייסט נישט אז זיי האבען מיך און מיין שוועסטער געוואלט טויטען, ווייל זיי האבען מורא געהאט מיר זאלען נישט דערצעהלען דעם פאטער וואס מיר האבען געזעהן. אבער קום דאך אריין צו אונז און מיר וועלען דיר אלעס דערצעהלען.

שמשון איז נאכגעגאנגען מרמה׳ן, און זיי זיינען ביידע אריין אין הויז. דישון און זיין פרוי זיינען איהם אנטקעגען געקומען.

— פריידען איז דיין קומען צו אונז! — האט איהם דישון באגריסט, — מיינע טעכטער האבען מיר גאר גרויסע וואונדער פון דיר דערצעהלט. זאלען דיינע הענט געשטארקט זיין וואס דו האסט מיט דיין גבורה געראטעוועט אז אומשולדיג מיידעל!

שמשון איז געבליבען שטעהן עטוואס צוטומעלט... ער האט זיך געפיהלט זעהר נישט באקוועם פון די לויב־געזאנגען וואס דישון און די איבריגע האבען אויף זיין חשבון געזאגט.

— און דו ביזט אליין געקומען? — האט איהם מרמה געפרעגט.

— איך בין געקומען מיט דעם אייזעל, — האט שמשון געענטפערט מיט א שמייכעל.

— יא, איך האב דעם אייזעל געזעהן, — האט זי געזאגט, — אבער דיין פאטער האט מיר פארשפראכען דאס ער וועט מיט דיר צוזאמען קומען צו אונז.

— מיין פאטער! — האט שמשון געקוועטשט מיט די פלייצעס.

— יא, ער האט מיר אלס אנדיינקונג דאס געגעבען, — האט זי איהם גלייך געצייגט דעם רינג. — איך האב איהם אלעס דערצעהלט וועגען דיר און ער איז געוועזען אזוי גליקליך דאס צו הערען, אז ער האט מיר באלוינט מיט דעם... איך ווייס אז איך האב אזא טהייערע מתנה נישט פארדיענט.

שמשון האט א קוק געטהאן אויף דעם רינג, און זיך אפגערופען:

— דיזער רינג האט בעלאנגט צו מיין מוטער און אויב מיין פאטער האט דיר איהם געגעבען, האסטו עס זיכער פארדיענט.

— דו מוזט מיט אונז מאלצייט עסען! — האט דישון זיך אפגערופען, און בעטראכט מיט ערשטוינונג שמשון׳ס הויכען און ברייטען וואוקס.

שמשון האט זיך לאנג נישט געלאזט בעטען. עפעס זיינען איהם אלע פון

דיזער משפחה געפעלען געווארען. און אין א ווײַלע ארום איז ער שוין מיט זיי געזעסען צוזאמען ביים טיש און גאנץ פיין פארבראכט.

זיי האבען איהם דערצעהלט אלעס וואס האט פאסירט מיט מרמה'ן און בריעה'ן און ווי אזוי ברטור און די איבריגע האבען אפילו געמאכט א פארזוך צו טויטען איהם, דישון און זיין משפחה, כדי צו פארדעקען די שאנדע... קיינער זאל נישט אויסגעפינען אז זיי זיינען געשלאגען געווארען דורך דיר.

שמשון האט זיי דערצעהלט וואס האט פאסירט אין דעם דארף, ווען ער האט די כלה צוריקגעבראכט... ווי יורם, דער חתן, האט פריהער נישט געוואלט די כלה, און נאכהער האט זי איהם נישט געוואלט...

אלע האבען געלאכט. און מרמה האט זיך אפגערופען:

— פון דעסטוועגען האסטו געדארפט זעהן אז זיי זאלען שלום מאכען צווישען זיך.

— איך האב אזא פארזוך געמאכט, אבער אהן ערפאלג. די כלה האט זיך געפיהלט זעהר שטארק בעליידיגט און בשום אופן נישט געוואלט צושטימען איהם מוחל צו זיין.

— אבער זי מוז דאך שוין נישט זיין איבריג יונג! — האט מרמה זיך אפגערופען מיט אן אייפערזיכטיגע שטימע.

— זי איז נאך גאר יונג, זי איז בלויז זעכצעהן יאהר אלט! — האט שמשון געענטפערט.

— און ווען איך האב איהר דערזעהן, האט זי אין מיינע אויגען אויסגעקוקט צוויי מאל אזוי אלט! — האט מרמה א זאג געטהאן.

— דאס האט זיך דיר אזוי אויסגעדוכט, ווייל זי איז געווען שטארק צו־שראקען און אויפגערעגט. איך האב איהר געזעהן איידער מען האט איהר גע־פאנגען, און דאן האט זי זעהר יונג אויסגעקוקט.

— און ווי זעהט אויס איהר חתן? — האט מרמה ווידער געפרעגט.

— ער שיינט אויך צו זיין א גאנץ פיינער מאן, אבער ער האט זיך שטארק באנארישט מיט זיין צונג!

— עס איז א רחמנות אויף זיי ביידען. זיי האבען זיך דאך געווים ליעב. א, ווען איך וואלט דאביי געווען, וואלט איך שוין נישט דערלאזען אז זיי זאלען זיך אזוי צוגעהן.

אויב איהרע עלטערען איז נישט געלונגען איהר איבערצורעדען זי זאל איהם מוחל זיין, וואלט די אריינמישונג פון א זייטיגען פערזאן געווים נישט געהאלפען! — האט שמשון געזאגט.

— ווי איך פארשטעה מוז זי זעהר דאנקבאר זיין צו דיר! — האט מרמה געזאגט — דו האסט דאך איהר לעבען געראטעוועט, און זי האט געדארפט אויס־פאלגען דיין עצה.

— דעם אמת זאגענדיג, — האט שמשון זיך אפגערופען, — בין איך אליין שטארק אין כעס געווען אויף איהר חתן. ווען איך האב פון איהם אזעלכע רייד געהערט און מיר האט זיך געדוכט אז קיינער איז נישט בארעכטיגט צו ראטהען איהר צו טהאן א זאך וואס איז געגען איהרע געפיהלען.

— מעגליך אז ווען א קורצע צייט וועט פאראיבער, וועלען ביידע צווישען זיך שלום מאכען, — האט מרמה געזאגט.

— ניין, קיין שלום וועט שוין צווישען זיי קיינמאָל נישט זיין! — האָט שמשון איהר געזאָגט.
— פון וואַנען ביזטו עס אַזוי זיכער?
— ווייל נעכטען זיינען אַלע געקומען צו די עלטסטע פון שטאָדט, וועלכע האָבען געהייסען יורם'ן געבען אַ גט צו תרצה'ן. און דערצו נאָך האָט ער געדאַרפט צוצאָהלען פופציג שקלים פאַר דער בעליידיגונג.
— אָה, זי איז שוין פריי? ! — האָט מרמה אויסגערופען עטוואָס בעזאָרגט.
— עס איז אַ שאַדען! ווער וועט יעצט וועלע נעהמען אַ גרושה?
— זי איז דאָך נאָך גאַנץ יונג און שעהן און געוויס וועט זיך געפינען איינער וועלכער וועט איהר ווערטה זיין.
ביז אין אַבענד האָבען זיי פאַרבראַכט אין דישון'ס הויז. בריעה האָט עטליכע מאָל איבערדערצעהלט מיט דער ערפאַהרונג פון לייב, און פון איהר פאַטער'ס בעדיענטע וועמען ער האָט אַנפערטרויט אויפצומאַהנען די צינזען פון די אידען.
ווען עס האָט שוין גענומען טונקעל ווערען, האָט זיך שמשון אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ און געזאָגט:
— איך אייל זיך צו געהן אהיים!
— ווי אַזוי וועסטו אַליין געהן אין דער פינסטער? — האָט דישון זיך צו איהם אָפּגערופען, — בלייב נעכטיגען די נאַכט און מאָרגען גאַנץ פריה וועסטו זיך צוריקקעהרען אהיים.
— מיין מוטער וועט זיין שטאַרק בעזאָרגט וועגען מיר אויב איך וועל זיך היינט נישט צוריקקעהרען, — האָט שמשון געזאָגט.
— דיין מוטער וועט פאַרשטעהן אַז עס איז שוין געווען צו שפּעט, און דו ביזט געבליבען דאָ נעכטיגען, — האָט מרמה זיך אָפּגערופען.
— מיין מוטער האָט זעהר מורא געהאַט איך זאָל אַליין געהן נאָך תמנה, זי האָט געוואָלט אָפּשיקען דעם אייזעל און די שווערדען מיט איינעם פון אונזערע קנעכט, אָבער איך האָב געוואָלט מיין פאַרשפּרעכען האַלטען און אַליין ברייננגען דעם אייזעל, דאַריבער בין איך אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה ווען מיינע עלטערען האָבען נאָך געשלאָפען, און בין אַוועק... און כאָטש מיין מוטער וועט פאַרשטעהן אַז איך בין געגאַנגען אַהער ווען זי וועט זעהן אַז דער אייזעל איז נישטאָ אין שטאַהל, פון דעסטוועגען וועט זי זיין בעזאָרגט.
— וועסטו אונז קומען בעזוכען אַ צווייטען מאָל? — האָט דישון גע־פרעגט שמשון'ען.
— יאָ, איך וועל קומען! — האָט שמשון געענטפערט.
— אויב דו ווילסט וועל איך מיטשיקען עטליכע פון מיינע קנעכט זיי זאָלען דיך באַגלייטען העלפט וועג, — האָט דישון זיך אָפּגערופען.
— איך דאַנק דיר, מיין האַר! איך בין געוואוינט צו געהן אַליין ביינאַכט און איך האָב קיין מורא נישט.
— וועסטו מיטנעהמען איינעם פון די שווערדען וואָס דו האָסט צוריקגע־בראַכט? — האָט מרמה איהם דערלאַנגט אַ שווערד.
— איך האָב געקעמפּט אָהן אַ שווערד און נישט פאַרלאָרען! — האָט שמשון געשמייכעלט.

— דאַך וועסטו זיך פיהלען זיכערער ווען דו וועסט האָבען וואפען אין דיין האנד, איבערהויפּט ווען דיר וועט אויסקומען צו געהן אזוי שפּעט ביינאכט.

שמשון האָט זיך דיזען מאָל געלאָזט איבעררעדען און האָט גענומען די שווערד פון מרמה׳ס האנד.

דישון און זיין גאנצע משפּחה זיינען ארויס איהם באגלייטען ביז הינ־טער׳ן שטאָדט.

שמשון האָט זיי בעדאנקט פאר זייער פריינדליכקייט און פארשפּרעכענדיג מרמה׳ן צו קומען איהר בעזוכען א צווייטעי מאָל, האָט ער פארלאָזען תמנה.

---

כאָטש עס האָט צללפּונית׳ן און מנוח׳ן שטארק פארדראָסען וואָס שמשון איז אליין אוועקגעגאנגען נאָך תמנה, פון דעסטוועגען האָבען זיי ביי זיך בעשלאָ־סען איהם אפילו נישט אויסצוריידען פאר דעם.

— זעהסטו דען נישט, אז דער אלמעכטיגער בעשיצט איהם און פיהרט איהם אין דעם ריכטיגען וועג! — האָט מנוח א זאָג געטהאָן צו זיין פרוי, — אין דער צייט ווען אונז האָט זיך געדוכט אז ער האָט געדארפט זיין מיט אונז, האָט ער גאָר וואונדער באוויזען. ער האָט דאמיט געהייליגט דעם נאמען פון גאָט און אראָפּגענומען דעם שאנד־פלעק פון אונזער שבט. יעצט וועלען די פּלשתים וויסען אז צווישען די אידען זיינען אויך פאראן גבורים.

— עס זאָל נאָר מיט איהם קיין אומגליק נישט פּאסירען! — האָט צללפּונית אויסגערופען, — ווען איך נעהם נור א טראכט טהאָן, אז ער איז נאָך בלויז א יונגער אינגעל, און אז ער נויטיגט זיך נאָך אין אונזער עצה, שרעקט מיר דאָס הארץ.

— מיר דארפען דאנקען גאָט פאר דעם גרויסען חסד וואָס ער האָט מיט אונז געטהאָן און אונז געגעבען אזא זוהן... מיט איהם קלינגט דאָך שוין דער גאנצער שבט דן און עס וועט לאנג נישט נעהמען און ער וועט בעריהמט ווערען צווישען אלע איבריגע שבטים.

ווען עס איז שוין געוואָרען גאנץ שפּעט אין אווענט, איז צללפּונית אומ־רוהיג געוואָרען.

— איך האָף אז ער וועט נישט בלייבען נעכטיגען אין פּלשתים לאנד! — האָט זי זיך אָפּגערופען מיט עטוואָס שרעק — דו ווייסט דאָך, ווי שטארק דער מענש זאָל נישט זיין, איז ער הילפלאָז אין דער צייט ווען ער שלאָפט.

— איך וויים אז שמשון וועט נישט בלייבען נעכטיגען אין דער פרעמד, אויב ער האָט אונז פריהער וועגען דעם נישט געזאָגט, — האָט מנוח געזאָגט, — און דו דארפסט וועגען דעם נישט זאָרגען.

ביז שפּעט אין דער נאכט זיינען ביידע, מנוח און צללפּונית, געווען אין דרויסען און געווארט אויף שמשון׳ען.

— עס איז שוין באלד האלבע נאכט און ער איז נאָך נישטאָ! — האָט צללפּונית געזאָגט.

— ער מוז דאָרטען פארברייננגען! די טאָכטער פון דישון האָט מיר שטארק געבעטען איך זאָל אויך אהין קומען מיט שמשון׳ען. זי שיינט צו זיין זעהר א גוטע און זי האָט שמשון׳ען איינפּאַד פארגעטערט... דו דארפסט נישט פאר־געסען אז זי האָט אלעס צוגעזעהן מיט איהרע אויגען. זי האָט גוט באמערקט

ווי אזוי אונזער שמשון האָט העלדיש געקעמפּט געגען זעקס געזונדע פּלשתים. קענסטו זיך שוין פאָרשטעלען וואָס פאַר אן איינדרוק דאָס האָט אויף איהר געמאַכט און ווי מען האָט איהם דאָרטען אויפגענומען. און כאָטש די פּלשתים זיינען אונזערע שונאים, פון דעסטוועגען פאַרעהרען זיי א העלד אפילו ווען ער האָט ארויסגעוויזען זיין העלדישקייט געגען זייערע אייגענע מענשען.

באַלד האָט זיך אין דער שטילקייט פון דרויסען דערהערט שווערע טריט, און ביידע האָבען געוואוסט אז שמשון קומט.

מנוח און זיין פרוי זיינען איהם אנטקעגען געקומען און אין דער פּינסטער האָט אָפּגעקלונגען איהר שטימע:

— דאָס ביזטו, שמשון, מיין זוהן!

— יא, מוטער, דאָס בין איך! — האָט זיך דערהערט שמשון'ס ענטפער.

— פאַרוואָס זייט איהר נישט געגאַנגען שלאָפען? — האָט שמשון זיי געפרעגט, — איהר האָט אויף מיר נישט געדאַרפט וואַרטען.

— עס האָט זיך אונז נישט געוואָלט שלאָפען, — האָט די מוטער זיך פאַרענטפערט, — און די לופט אין דרויסען איז אזוי אנגענעהם...

שמשון איז אריין מיט זיינע עלטערען אין הויז. די מוטער האָט איהם גלייך דערלאַנגט עסען, צו וואָס שמשון האָט זיך מיט א גרויסען אַפּעטיט צו־געכאַפּט, און ער האָט זיי דערצעהלט ווי מען האָט איהם דאָרטען אויפגענומען.

— עס זיינען פאַראַן אויך צווישען די פּלשתים גאַנץ וואוילע מענשען, — האָט ער פאַרענדיגט. — איך האָב זיי פאַרשפּראָכען צו קומען א צווייטען מאָל.

— און וואָס האָט ער געטהאָן צו די זעקס פלשתים? — האָט מנוח איהם געפרעגט.

— זיי זיינען פאַרשפּאַרט אין תפיסה, ווייל כדי צו פאַרבאַרגען זייער מפּלה, האָבען זיי פריהער געמאַכט א פאַרזוך צו טויטען די צוויי שוועסטער, און דערנאָך ווען זיי זיינען פאַרגעבראַכט געוואָרען אין דישון'ס הויז און האָבען געזעהן אז אלע ווייסען וואָס עס איז פאָרגעקומען, האָבען זיי געוואָלט אלעמען אומברייגגען. און דישון האָט זיי פאַרשפּאַרט אין תפיסה.

— מיין זוהן, אלע זעהן אז גאָט איז מיט דיר. דער גאַנצער שבט דן ווייסט וואָס דו האָסט אויפגעטהאָן, און פיעלע מענשען זיינען געקומען אהער קיין צרעה בלויז צו זעהן דיין פּנים.

— און האָסטו געהערט אז אביעזר און זיין משפּחה ווילען זיך באַזעצען אין צרעה. ער איז היינט געווען ביי אונז מיט זיין פרוי און תרצה'ן, — האָט צללפּונית געזאָגט, — ווייל זינט דער שרעקליכער פּאַסירונג, ווילען זיי נישט וואוינען אין דאָרף. זיי האָבען פאַרהאַנדעלט מיט רבקה'ן, די אלמנה, וועגען איהר נחלה, און מיר דוכט זיך אז זיי האָבען זיך אויסגעגליכען. אַה, מיין זוהן, ווען דו וואָלסט געוואוסט ווי זיי האַלטען פון דיר!... די ברכות וואָס זיי גיבען דיר יעדעס מאָל ווען זיי דערמאָהנען דיין נאָמען...

— פאַרוואָס זאָלען זיי איהם נישט בענשען? — האָט זיך מנוח אָפּגע־רופען, — ווען נישט שמשון, וואו וואָלט יעצט זייער טאָכטער געווען. א קליי־ניגקייט וואָס ער האָט פאַר דיזער משפּחה אויפגעטהאָן.

— און תרצה! — האָט צללפּונית ווייטער געזאָגט, — אין איהרע אויגען ביזטו א מלאך... זי איז דאָך אזוי גליקליך וואָס זי איז באַפרייט געוואָרען פון

יורם'ן... ער איז איהר זיבער נישט ווערטה... זי איז דאך אזא שעהנע מיט א צארטע, איידעלע נשמה... און יורם? ווער איז ער?... אַ, ווי ער האָט נישט געוואָלט איהר גט'ן... ערשט יעצט האָט ער זיך ארומגעזעהן וואָס פאר א טייערען אוצר ער פארלירט... אָבער קיין זאך האָט נישט געהאָלפען... נישט נאָר האָט ער איהר געמוזט געבען א גט, אָבער אויך צוצאָהלען פופציג שקלים קנס, פאר דער בעליידיגונג און עגמת נפש וואָס ער האָט איהר פאראורזאכט... אָבער ווי איך האָב נאכהער אויסגעפונען, האָט תרצה פארלאנגט פון איהרע עלטערען זיי זאָלען יורם'ן אומקעהרען די פופציג שקלים, זי וויל פון איהם גאָרנישט האָבען.
— האָט זי זיי ערקלעהרט, — און אלע ציערונג וואָס ער האָט איהר געגעבען האָט זי איהם אויך אומגעקעהרט.

— זי איז גערעכט, — האָט מנוח צוגעגעבען, — זאָל יורם נאכהער נישט האָבען וואָס צו ריידען אז ער האָט זי רייך געמאכט. אביעזר איז געגוג רייך און ער נויטיגט זיך נישט אין יורם'ס געלד.

— אָ. ווי שטארק תרצה איז ענטטוישט געוואָרען ווען זי איז דאָ געווען מיט איהרע עלטערען און האָט אויסגעפונען אז דו ביזט אוועק אומקעהרען דעם אייזעל צו דעם הויפּט פּלשתי פון תמנה, ווי דו האָסט אזוי פארשפּראָכען דאָן, צו די שוועסטער. זי האָט מיר דערצעהלט אז ווען דו האָסט זי צוריקגעבראכט צו איהרע עלטערען איז זי געווען אזוי צוטומעלט און אויפגערעגט, אז זי האָט גאָר אזוי שטארק נישט באגריפען וואָס מיט איהר האָט דאָ פּאסירט און וואָס דו האָסט פאר איהר אויפגעטהאָן. זי האָט דיר אפילו נישט בעדאַנקט ווי עס בעדאַרף צו זיין! — האָט זי מיר געזאָגט, — און יעצט האָט זי געהאָפט, אז זי וועט דיך זעהן און בעדאנקען פאר אלעס וואָס דו האָסט פאר איהר געטהאָן.

שמשון האָט געשמייכעלט, אָבער ער האָט גאָרנישט געענטפערט. ער איז געווען שטארק הונגעריג און האָט זיך פערטיעפט אין דער אכילה. זיינע געדאַנקען זיינען פול געווען מיט די פּאסירונגען פון טאָג... ער האָט געטראכט פון מרמה'ן... דעם ערשטען מאָל וואָס ער האָט דערזעהן אזא שעהנע פּלשתים־מיידעל... איהר זיסע שטימע קלינגט איהם נאָך יעצט אין די אויערען... ער האָט אזא אנגענעהמען טאָג שוין לאנג נישט פארבראכט.

ווען ער איז שוין געלעגען אין בעט, האָט ער פארמאכט זיינע אויגען, און מרמה'ס געשטאַלט האָט פארבייגעשוועבט זיינע אויגען. א היבשע ווייַלע האָט ער פון איהר געטראכט ביז וואנען ער איז איינגעשלאָפען.

## פינפטער קאַפּיטעל

# שמשון צורייסט א לייב

איינינע יאָהר זיינען פאַראיבער. שמשון האָט זיך ענטוויקעלט נאָך מעהר. ער איז אויסגעוואקסען נאָך העכער. זיין קערפּער איז געווען ברייט און ריעזיג. זיינע האָר זיינען געווען געקרייזעלט און איינגעטיילט אין זיבען לאנגע לאָקען. זיין נאָמען האָט געקלונגען איבער דעם גאַנצען שבט דן.

די פּלשתים פון ארום צרעה און אשתאל האָבען אָנגעהויבען צו ציטערען פאר איהם, און דערוויַיל צורוהע געלאָזען די אידען. זיי האָבען נאָך אלץ גע־מאָהנט צינזען ביי די אידען, אָבער זיי האָבען זיי ניט בעליידיגט און ערנידריגט, נעהמענדיג די צינזען.

דישון, וועלכער איז געוועזן דער הויפט וואס פלעגט ארויסשיקען די ציינזען אויפמאהנער פון דער געגענד צרעה, האט זיי אנגעזאגט צו בעהאנדלען די אידען ווי געהעריג איז. יעדער איינער האט געוואוסט וואס עס האט פאסירט צו ברטור'ן און זיינע חברים און זיי האבען שוין אנגעפאנגען צו קוקען אויף די אידען מיט אנדערע אויגען.

דורך די ערשטע פאר יאהר האט שמשון בעזוכט דישון'ס הויז עטליכע מאל. אידם האט עפעס געצויגען אהין... ער האט עס אבער געטהאן אהן דעם וויסען פון זיינע עלטערען.

מרמה, דישון'ס עלטערע טאכטער, האט זיך דורך דער צייט זעהר שעהן ענטוויקעלט, און שמשון האט פון איהר אנגעהויבען צו טראכטען. ווען ער פלעגט קומען אין תמנה צו דישון'ען אין הויז, האט מען איהם שטענדיג זעהר פיין אויפגענומען. מרמה האט אויף איהם געקוקט מיט איהרע פאר'חלום'טע שעהנע אויגען, איהרע בליקען האבען איהם אזוי געלאסטשעט און געווארעמט... זי האט איהם פארגעטערט און איז געווען זעהר גליקליך ווען שמשון איז גע־קומען איהר באזוכען.

מרמה'ס עלטערען זיינען אויך געווען שטארק צופרידען פון שמשון'ס באזוכען. זיי זיינען מיט איהם גאנץ שטאלץ געווען. זיי האבען געוואוסט, אז מרמה, זייער עלטערע טאכטער, איז אין שמשון'ען פארליעבט, און האבען גע־ווארט מיט אומגעדולד צו הערען אז שמשון האט איהר אויך ליעב.

— איך זעה פאראויס אז שמשון וועט באווייזען וואונדער אין קאמפף מיט זיינע געגנער — האט דישון זיך איינמאל אפגערופען צו זיין פרוי, — און דאריבער וואלט געווען זעהר גוט, ווען ער ווערט אונזער איידעם, מיר וואלטען שוין געזעהן צו לעבען אין שלום מיט ישראל.

— איך צווייפעל אויב זיינע עלטערע' וועלען דאס דערלאזען! — האט זי איהם געענטפערט, — דו ווייסט דאך, אז די ישראלים זיינען זיך מיט אונזערע ניט משדך... און אהן זייער צושטימונג וועט שמשון אזא זאך נישט טהאן.

— אויב ער ליעבטווירקליך אונזער טאכטער, וועט איהם נישט שווער אנקומען צו קריגען די צושטימונג פון זיינע עלטערען, — האט דישון געזאגט, — זיינע עלטערען שטערען איהם נישט אין זיינע בעזוכען צו אונז.

— פון דעסטוועגען האט נאך זיין פאטער אונז קיינמאל נישט בעזוכט. ווען ער האט מרמה'ן מיט איניגע יאהר צוריק געגעבען דעם רינג אלס א באלוינונג, האט ער איהר פארשפראכען צו קומען בעזוכען אונזער הויז צוזאמען מיט שמשון'ען, זיין זוהן.

— פון דעם איז נאך קיין באווייז ניט, אז ער איז נישט צופרידען מיט דעם וואס שמשון קומט אונז בעזוכען, — האט דישון געזאגט.

— אבער ווייסטו, מיין מאן, אז היעלע פלשתים פון תמנה זיינען שטארק אונצופרידען מיט שמשון'ס בעזוכען. איך האב געהערט ווי איניגע האבען געזאגט, אז מיר נעהמען איהם אויף פונקט ווי ער וואלט געווען א פלשתים העלד, און נישט א העלד פון ישראל, אונזערע שונאים.

— דאס רעדט אין זיי די קנאה! — האט דישון געלאכט, — דער סרן פון אשקלון האט מיר דערהויבען צו אזא אכט, און ווען זיי זעהן אז אזא העלד ווי שמשון איז פאראינטערעסירט אין אונזער טאכטער, זיינען זיי אונז מקנא.

— איבערהויפּט זיינען אויף שמשון'ען איין כעס די יונגע ליט פון תמנה, וועלכע האָבען געהאַט אַן אויג אויף מרמה'ן. — האָט זי געזאָגט מיט א שמייכעל.

— וועמען קימערט דאָס וואָס זיי זיינען אין כעס! ווען איך וואָלט זיך צו זיי צוגעהערט, וואָלט איך שוין לאַנג געדאַרפט באַפרייען ברטור'ן און זיינע פריינד פון געפענגניס. לויט זייערע רייד קומט אויס, אַז דאָס וואָס מיינע פריהערדיגע צינזען־אויפמאַהנער קומען אָפּ זייער שטראָף אין געפענגניס איז דאָס צוליעב דעם וואָס זיי האָבען געוואָלט פאַנגען א אידישע מיידעל... דאָס וואָס ברטור און די איבריגע האָבען צוויי מאָל געמאַכט א פאַרזוך צו טויטען מיינע טעכטער און אונז זעלבסט, וועגען דעם טראַכטען זיי גאַרנישט.

— דו ווייסט אַז לחמי, דער יונגערמאַן וועלכער האָט דאַן אַפּגעפיהרט אונזערע טעכטער, איז שוין דאָ עטליכע מאָל געווען?... ער האָט זיך נאָכגע־פרעגט אויף מרמה'ן...

— ער איז נישט דער איינציגער! — האָט דישון געשמייכעלט, — אָבער האָט איהם מרמה דאַן אויפגענומען?

— בלויז איינמאָל. דעם צווייטען מאָל ווען ער איז געקומען, האָט זי מיר געהייסען איהם איבערגעבען אַז זי פיהלט נישט גוט... און די איבריגע מאָל, האָט זי ארויסגעשיקט בריעה'ן איהם זאָגען, אַז זי קען איהם נישט זעהן.

— דו ווייסט, ווען שמשון וועט דעם נעקסטען מאָל קומען, וועלען מיר זיי ביידע איבערלאָזען אליין. איך בין זיכער, אַז מרמה וועט וויסען ווי אַזוי איהם צו מאַכען ריידען! — האָט דישון געשמייכעלט.

— פון דעסטוועגען האָסטו בעדאַרפט אוועקפאָהרען נאָך אשקלון און דער־צעהלען דעם סרן וועגען שמשון'ען און זעהן צו קריגען זיין ערלויבנים.

— דאָס איז נישט נויטיג! דער סרן וועט זיכער נישט זיין דאַגעגען, ווען ער וועט הערען ווער שמשון איז...

---

מרמה האָט ערוואַרטעט שמשון'ס קומען מיט גרויס אומגעדולד. זי האָט געוואוסט אַז ער האָט איהר ליעב, כאָטש ער האָט עס איהר קיינמאָל נישט גע־זאָגט. דאָך האָט זי איהם נישט געקענט פאַרשטעהן, פאַרוואָס זיינע באַזוכען זיינען אַזוי זעלטען... אין איהר האַרצען האָט זיך פאַר'גנב'עט א שטיקעל אייפערזוכט אויף תרצה'ן וועמען ער האָט דאַן געראַטעוועט פון ברטור'ן. לויט שמשון'ס רייד קומט זי גאַניץ אָפט צו זיינע עלטערען, און געוויס איז זי אין איהם פאַרליעבט.

איינמאָל ווען שמשון איז געקומען צו מרמה'ן האָט זי זיך צו איהם אָפּגערופען:

— איך וויים, שמשון, אַז דיין האַרץ איז נישט מיט מיר! דו האָסט מיך נישט ליעב!

שמשון האָט איהר אָנגענומען פאַר'ן האַנד און געזאָגט מיט א שמייכעל:

— ווען איך וואָלט פון דיר נישט געטראַכט, וואָלט איך דען געקומען דיך בעזוכען?!...

— מעגליך אַז דו טראַכסט פון מיר, אָבער ליעב האָסטו א צווייטע.

— אָה, ניין, דו נאַרישע טויב! — האָט שמשון געזאָגט, — דו ווייסט אַז דיר האָב איך ליעבער פון אַלע אַנדערע מיידלעך.

— אָבער חתונה האָבען וועסטו זיכער מיט תרצה'ן ! — האָט מרמה געזאָגט מיט אַן אייפערזיכטיגע שטימע.

— ווער האָט עס דיר געזאָגט ?

— איך פאַרשטעה אַליין ! זי איז דאָך שעהן, יונג, און דערצו נאָך א טאָכטער פון דיין אייגען פאָלק... און דו האָסט מיר געזאָגט, אַז זי קומט גאַנץ אָפט באַזוכען דיינע עלטערען.

— יאָ, זי קומט צו מיין מוטער, אָבער נישט צו מיר !

— מעגליך אַז דו ווייסט נאָך נישט, אָבער איך בין זיכער, אַז זי איז אין דיר פאַרליעבט. האָסטו דען נישט ארויסגעוויזען אַזאַ העלדישקייט פאַר איהר ?

— דאָס וואָלט איך געטהאָן פאַר יעדען איינעם. איך קען נישט פאַרליידען קיין עוולות. איך האָב ליעב צו טהאָן גערעכטיגקייט צו אַלעמען. אָבער דו ביזט די איינציגע וועמען איך האָב ליעב.

— און פאַרוואָס קומט נישט דיין פאָטער, ווי ער האָט מיר אַמאָל פאַרשפּראָכען. איז דען דאָס נישט קיין סימן אַז ער וועט דיר שטערען.

— זאָרג נישט, מרמה. מיין פאָטער וועט מיר נישט שטערען. איך האָב נאָך מיט איהם נישט גערעדט וועגען חתונה האָבען מיט דיר, אָבער איך בין זיכער, אַז ווען איך וועל איהם זאָגען אַז איך האָב דיך ליעב וועט ער ניט זיין דאַגעגען.

— אָבער צו מיר קומסטו אַזוי זעלטען. און תרצה געפינט זיך אין דיין הויז יעדען טאָג ! — האָט מרמה זיך געטוליעט צו איהם.

— דו דאַרפסט נישט פאַרגעסען, מרמה, אַז איך בין שטאַרק פאַרנומען אין מיין לאַנד... די זקנים פון מיין שבט זיינען שוין אייניגע מאָל געקומען צו מיר... זיי ווילען מיך מאַכען פאַר א שופט און פיהרער פון מיין שבט.

— אָבער איך האָב מורא, אַז ווען דו וועסט ווערען א ריכטער און א פיהרער וועסטו זיך אָן מיר אין גאַנצען פאַרגעסען.

— ניין, מרמה, — האָט איהר שמשון ארומגענומען און געקושט, — איך האָב דיך ליעב און קיין זאַך וועט מיר נישט שטעהן אין וועג.

— און דו טראַכסט גאָרניט וועגען תרצה'ן ? — האָט איהם מרמה געפרעגט.

— ניין, מיינע געדאַנקען זיינען נאָר פאַרנומען מיט דיר, דעם גאַנצען טאָג.

— און איך וועל געהערען צו דיר ? !

— יאָ, דו וועסט זיין מיינע, איך וועל ארונטערקומען מיט מיינע עלטערען און זיי וועלען זיך דורכריידען מיט דיינע עלטערען, און דאַן וועלען מיר בעשטימען אונזער חתונה.

— און דו וועסט נישט נעהמען קיין אַנדערע פרוי צו מיר ! — האָט מרמה זיך צו איהם געטוליעט און געקושט.

— געוויס נישט ! דו וועסט זיין מיין איינציגע פרוי ! — האָט שמשון איהר צוגעדריקט צו זיך.

א ווייל'ע איז מרמה געוועזען איינגענורעט אין שמשון'ס אָרעמס. פּלוצלינג האָט זי דערהערט א באַוועגונג אין צימער. זי האָט זיך שנעל באַפרייט פון שמשון'ען און אויפגעהויבען איהר קאָפּ און דערזעהן איהר אינגערע שוועסטער.

— וואָס טהוסטו דאָ אין צימער ? — האָט מרמה איהר געפרעגט מיט א שטימע פון צאָרן.

— איך טהו גאָרנישט. אָבער וואָס טהוסטו דאָ ? — האָט בריעה געלאַכט.—

דאָך דאַרפסטו זיך נישט שטערען, איך האָב בלויז געוואָלט דאָ עפּעס קריגען... איך וועל אייך ביידען גלייך איבערלאָזען צו זיך אליין.

מרמה האָט איהר מעהר נישט געזאָגט, אַבער ווען שמשון איז אוועקגעגאַנגען איז זי אויף איהר ארויפגעפאַלען מיט א רציחה:

— איך וויים דאָך דיינע כוונות! — האָט מרמה א געשריי געטהאָן, — דו האָסט מיר געזוכט צו שטערען, אַבער ווען דו וועסט דאָס טהאָן א צווייטען מאָל וועל איך דיר נישט שענקען.

— דו מיינסט אז דו ביזט די איינציגע טאָכטער פון דעם הויפּט פון תמנה?! — האָט בריעה אויסגערופען, — איך בין אויך זיין טאָכטער און איך בין איינגער פון דיר.

— אַבער צו וועמען קומט שמשון?! — האָט מרמה געזאָגט מיט א בייזען שמייכעל.

— ער קומט צו מיר אזוי גוט ווי צו דיר! — האָט בריעה א זאָג געטהאָן, — מיר האָבען איהם ביידע גלייך געזעהן צום ערשטען מאָל, און איך האָב דיר געהאָלפען בריינגען דאָס וואסער אָפּצומינטערען תרצה'ן!

— און יעצט מעגסטו וויסען, — האָט מרמה איהר א טרייסעל געטהאָן, — שמשון איז מיין חתן... ער האָט פארשפּראָכען מיט מיר חתונה צו האָבען!

— אזוי?! איך האָב דאָס גאָרנישט געוואוסט, — האָט בריעה זיך א קרים געטהאָן! שמשון האָט מיך אזוי ליעב ווי דיך!

— וואָס?! — איז שוין מרמה אויפגעשפּרונגען, — ווי אזוי וואגסטו אזוי צו ריידען וועגען שמשון'ען!

— איך האָב מעהר רעכט צו ריידען וועגען איהם ווי דו! — האָט בריעה אויסגערופען, — איך בין אזוי אלט ווי שמשון, און דו ביזט עלטער פון איהם!

מרמה'ס געדולד האָט שוין געפּלאצט, און זי האָט אָנגעכאפּט איהר שוועסטער ביי איהרע האָר און גענומען רייסען...

עס איז געוואָרען א געשריי און א טומעל. בריעה האָט אויך נישט געשוויגען און האָט איהר שוועסטער צוגראבעלט.

באלד זיינען אריין אין צימער דישון און זיין פרוי, און זיי קוים פאנאנדערגעטיילט.

א היבשע ווייל האָבען ביידע שוועסטער גע'טענה'ט און געשריען. און זייערע עלטערען האָבען נישט געקענט אויסגעפינען וואָס מיט זיי האָט פּאסירט.

באלד אַבער ווען זיי האָבען זיך עטוואס בערוהיגט, האָט דישון גענומען פרעגען זיין עלטערע טאָכטער וואָס דאָ האָט פּאסירט.

— זי האָט די חוצפּה מיר צו זאָגען אז שמשון האָט איהר אזוי ליעב ווי מיך! — האָט מרמה אויסגערופען, — און ערשט היינט האָט מיר שמשון פארשפּראָכען אז ער וועט מיט מיר חתונה האָבען.

— אה, דו דאַרפסט זיך נישט נעהמען צום הארצען, מיין טאָכטער! — האָט זיך איהר מוטער אָפּגערופען, — דו ווייסט דאָך אז בריעה האָט זיך ליעב צו רייצען מיט דיר! שענק מעהר נישט קיין אויפמערקזאמקייט צו איהרע רייד.

— איך האָב זיך מיט איהר נישט גערייצט! — האָט בריעה אויסגערופען, — איך בין געווען גאַנץ ערנסט. איך האָב געזעהן ווי שמשון האָט אויף מיר

עטליכע מאָל געקוקט. און איך בין זיכער אז ער האָט צו מיר דיזעלבע געפיהלען ווי צו איהר.

— שוויין, בריעה! — האָט שוין איהר פאָטער אויף איהר אנגעשריען, — דו ביזט נאָך צו יונג צו טראַכטען וועגען אַזעלכע זאַכען.

— איך בין כמעט אין דעם זעלבען עלטער ווי שמשון! — האָט בריעה אויסגערופען, און זיך פאַנאַנדערגעוויינט — — און אויב ער האָט מיר אויך ליעב בין איך צו איהם נאָך מעהר באַרעכטיגט ווי מרמה. איך האָב איהם אויך ליעב. איך האָב איהם ליעב בעקומען פון דער ערשטער רגע וואָס איך האָב איהם געזעהן. ווייל איך בין נאָך דאָן יונג געווען, האָב איך געזוכט צו פאַרבאַרגען מיינע געפיהלען.

— בערוהיג זיך, מיין טאָכטער. — האָט איהר די מוטער געגלעט איבער'ן קאָפּ, — דו דאַרפסט דאָך אַליין פאַרשטעהן אז דאָס איז אונמעגליך... שמשון איז די גאַנצע צייט געקומען צו דיין שוועסטער. זי איז דאָך די עלטערע, און אויסער דעם האָסטו דאָך נאָר וואָס אַליין פון איהר מויל געהערט אז שמשון האָט איהר ליעב און האָט פאַרשפּראָכען מיט איהר חתונה צו האָבען!

— איך גלויב איהר נישט, זי איז אַ ליגנערין! און אפילו ווען דאָס וואָלט געווען אַן אמת, איז עס ווייל זי האָט די לאַגע געשאַפען ער זאָל זיך ערקלעהרען אין ליעבע צו איהר. ווען איך וואָלט מיט איהם אַליין פאַרבלייבען, וואָלט ער מיר פאַרשפּראָכען מיט איהם צו הייראַטען.

— דו העסליכע באַשעפעניש!! — האָט זיך מרמה אויף איהר וויטער אַ וואָרף געטהאָן און איינגעשטשעמעט מיט איהרע הענד אין בריעה'ס האָר, — עס עקעלט דאָך שמשון'ען אויף דיר צו קוקען. איך וועל דיר ווייזען אז איך בין אַ ליגנערין!

— מיינע טעכטער בערוהיגט זיך! — האָט דישון זיי ווידער פאַנאַנדער־גענומען, — פאַרוואָס זאָלט איהר זיך אַמפּערען. ווען שמשון וועט דעם צווייטען מאָל קומען, וועלען מיר פון איהם האָבען קלאָרע דבורים, וועמען ער ליעבט בעסער און וועמען ער איז וויליג צו הייראַטען.

— ווען שמשון וואָלט געוואוסט אז מרמה האָט זיך דאַן געליעבט אין ברטור'ן, וואָלט ער אויף איהר נישט געוואָלט קוקען... ווען זי האָט מיר דאַן גערופען איך זאָל מיט איהר מיטגעהן איז עס דאָך געווען מיט דער אַבזיכט נאָכצופאָלגען ברטור'ן, — האָט בריעה אויסגערופען, — זי האָט זיך אין איהם געליעבט, דאָס וויים איך... און ברטור האָט נאָר געזוכט ווי זיך פון איהר אַרויסצודרעהען. יאַ... אַלעס וועט שמשון וויסען!

— דאָס איז אַ ליגען! — האָט מרמה זיך נאָך העכער צושריען, — איך האָב ברטור'ן קיינמאָל נישט ליעב געהאַט, איך בין געווען פּיעלייכט נייגעריג צו וויסען וואוהין ער געהט... און דאַריבער האָב איך בריעה'ן געבעטען זי זאָל מיט מיר מיטגעהן... ווען איך וואָלט איהם ליעב געהאַט וואָלט איך דען נישט געזוכט איהם צו העלפען... יאַ... ער אַליין האָט פאַרשטאַנען אז איך האָב איהם פיינט, און דאַריבער האָט ער דאָך מיך געוואָלט טויטען.

— איך געדענק אז זי האָט צו מיר נישט איינמאָל געזאָגט, ווי שטאַרק און בראַוו ברטור איז און ווי שעהן ער זעהט אויס! — האָט בריעה אויסגערוּ־פֿען, — און שמשון וועט וועגען דעם וויסען.

— דו האסט קיין רעכט גיט צו באריידען דיין שוועסטער פאר שמשון'ען.

— האט איהר דישון געזאגט, — דו דארפסט וויסען אז שמשון האט מיר אליין אויף געגעבען אנצוהערען אז ער האט ליעב מרמה'ן און אז ער וועט איז גיכען קומען מיט זיינע עלטערען צו אונז.

בריעה האט מעהר נישט געענטפערט. זי האט אויסגעבראכען אין א געוויין און עס האט געדויערט א היבשע ווײַלע איידער זי האט זיך בערוהיגט.

מרמה איז געווען אנגעבלאזען און ברוגז און זי איז אריין צו זיך אין צימער.

ביידע שוועסטער האבען יענעם אבענד נישט געגעסען. דישון און זיין פרוי האבען געזוכט שלום צו מאכען צווישען ביידע שוועסטער. אבער אהן ערפאלג.

אויף מארגען איז בריעה גאנץ פריה אויפגעשטאנען און איז אוועק צו לחמי, דער יונגער פלשתי וועלכער האט זי אפגעפיהרט אהיים, אין דער צייט ווען ברטור האט זיך נאך זיי נאכגעיאגט. זי האט איהם געטראפען אין פעלד.

— איך וויים, — האט זיך בריעה צו איהם אפגערופען, — אז דו ליעבסט מיין שוועסטער מרמה!

לחמי'ס פנים איז רויט געווארען. ער איז געבליבען שטעהן אין א פארלעגנהייט.

— דו דארפסט זיך פאר מיר גארנישט שעהמען! — האט זי געזאגט מיט א שמייכעל, — פאר מיר איז קיין פארבארגענעס נישטא... איך האב גלייך געזעהן אז דו האסט איהר ליעב... און ווען איך האב זיך מיט איהר דורכגערעדט, האב איך פארשטאנען אז זי איז אויף צו דיר נישט גלייכגילטיג.

— איך דאנק דיר, מיין הארינטע! — האט ער אויסגערופען עטוואס צוטומעלט, — איך וויים נישט מיט וואס איך האב געפונען חן אין דיינע אויגען.

— און איך בין צו דיר געקומען דו זאלסט מיר טהאן א געפעליגקייט!

— האט בריעה זיך אפגערופען צו לחמי'ן, — און דערפאר וועל איך דיר העלפען צו קריגען די וועלכע דיין הארץ גלוסט.

— ביזטו דען ערנסט? — האבען לחמי'ס אויגען אויפגעלויכטען.

— געוויס! איך קען מאכען דאס דו זאלסט קיינע שוועריגקייטען נישט האבען צו קריגען מרמה'ן פאר דיין פרוי! איך וויים אז זי האט דיך ליעב און ווען דו וועסט מיר טהאן די טובה וואס איך פערלאנג פון דיר, וועל איך דיר העלפען.

— איך בין גרייט צו טהאן אלעס וואס דו וועסט מיר הייסען! — האט לחמי געזאגט, — דו האסט מיט מיר שוין פיעל גוטעס געטהאן... דו האסט מיין הארץ ערפרעהט... דו האסט מיר אריינגעגעבען האפנונג און מוטה... ביז יעצט האב איך אפילו נישט געוואגט צו טרוימען פון מרמה'ן און יעצט... אבער זאג מיר, בריעה, וואס איז דיין פארלאנג?

— מיין פארלאנג איז, — האט בריעה געזאגט אין דער שטיל, — אז דו זאלסט איינשפאנען דיין וואגען און מיר צופיהרען צו דער שטאדט צרעה!

— צו דער שטאדט צרעה? — האט לחמי איהר אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— יא! איך וויל זיין אין צרעה, איך וועל דארטען נישט לאנג פארברייגען. דו וועסט אויף מיר ווארטען און דערנאך וועסטו מיך אפפיהרען אהיים.

— איך וועל עס טהאָן מיט פארגעניגען, — האָט לחמי געזאָגט.

— אָבער דו דארפסט מיר צושווערען ביי דגון, אונזער גאָט, אז דו וועסט קיינעם נישט דערצעהלען דאָס דו האָסט מיך געפיהרט קיין צרעה!

—און דו האָסט פאר מיר מעגליך געמאכט צו געווינען דיין שוועסטער'ס הארץ? — האָט לחמי געפרעגט.

— יא, איך וועל דיר ארויסהעלפען מיט אלעס וואס איך וועל קענען!

— האָט בריעה געענטפערט, — און איך בין זיכער אז זי וועט געהערען צו דיר.

— זאָג מיר, איך בעט דיך! — האָט לחמי זיך אָפּגערופען, — וועט דיין פאטער נישט זיין דאגעגען? איך בין דאָך נישט פון די רייכע פלשתים.

— מיין פאטער וועט טהאָן דעם ווילען פון מיין שוועסטער, אָבער דו וועסט דארפען געווינען איהר הארץ אזוי אז זי זאָל נישט טראכטען פון קיינעם אויסער דיר! איך וועל דיר שוין זאָגען ווי אזוי דו זאָלסט עס טהאָן.

לחמי האָט איינגעשפּאנט זיין אייזעל צום וואָגען און בריעה האָט זיך דארט ארייינגעזעצט, און זיי זיינען ביידע אָפּגעפאָהרען צו די טויערען פון דער שטאָדט צרעה.

— דו ווארט דאָ אויף מיר, — האָט זי איהם געזאָגט, — און איך וועל א ווייילע פארברייינגען אין שטאָדט און זיך צוריקקעהרען... אָבער געדענק... דו זאָלסט אָהן מיר נישט אָפּרייזען פון דאנען. איך מוז נאָך היינט זיין צוריק אהיים.

— איך וועל אויף דיר ווארטען ביז וואנען דו וועסט קומען, אָהן דיר וועל איך נישט פארלאָזען דעם פּלאַץ.

בריעה איז ארונטער פון וואָגען און איז ארייין אין שטאָדט. זי האָט קיין שוועריגקייטען נישט געהאט צו געפינען מנוח'ס הויז. ווען זי איז דארטען צוגעקומען איז זי געבליבען שטעהן נעבען ארייינגאנג. איהר הארץ האָט גענומען שטארק קלאפּען. זי האָט געזעגערט א קליינע ווייילע, באלד אָבער האָט זי זיך גענומען מוטה און זי איז ארייין אינעווייניג.

צללפּונית איז געווען פארנומען מיט'ן צוגרייטען עסען און ווען זי האָט דערזעהן די פרעמדע אין איהר הויז, איז זי צו איהר צוגעגאנגען און געפרעגט וואס זי פארלאנגט.

— איך בין דישון'ס טאָכטער, פון דער שטאָדט תמנה!... — האָט זי אויסגערופען.

— אָה, דישון'ס טאָכטער, איך ווייס! — האָט צללפּונית איהר גענומען בעטראַכטען, — מיין שמשון הערט נישט אויף צו ריידען פון דיר... ער איז יעצט נישטאָ אין דער היים, אָבער איך ערווארט ער זאָל באלד קומען עסען. זעץ זיך.

צללפּונית האָט איהר אָנגעוויזען אויף א פּלאַץ און בריעה האָט זיך געזעצט

— דו ביזט דאָס געווען איינע פון די שוועסטער וועלכע האָט דאָן געבראכט וואסער אָפּצומינטערען תרצה'ן וועמען מיין זוהן האָט געראטעוועט פון די פלשתים'ס הענט! — האָט צללפּונית ווייטער געזאָגט, און פון איהר די אויגען נישט ארונטערגענומען, — דו ביזט דאָך געווים הונגעריג און דורשטיג. אָט וועל איך דיר ברייינגען עפּעס צוצובייסען.

— איך דאַנק דיר, מיין האַרינטע, איך בין נישט הונגעריג... איך וועל בלויז טרינקען עטוואָס וואַסער.

— איך וועל גיין אָנשעפּען פריש וואַסער פון ברונעם, — האָט צללפונית געזאָגט, און גענומען א כלי אין איהר האַנט.

— פאַרוואָס זאָלסטו זיך אליין מטריח זיין! — האָט בריעה זיך אויפגע־שטעלט פון איהר פּלאַץ, — דו צייג מיר אָן דעם פּלאַץ פון דעם ברונעם און איך וועל שוין אליין אָנשעפּען דאָס וואַסער.

— אָה, ניין, דו ביזט מיין גאַסט און איך וועל דאָס אליין טהאָן פאַר דיר!

— האָט צללפונית זיך אָפּגערופען, — איך וועל אפילו נישט בעטען מיין דינסט דאָס צו טהאָן... מיין שמשון האָט מיר דערצעהלט וואָס פאַר אַן אויפנאַהמע דיינע עלטערען גיבען איהם ווען ער קומט בעזוכען דיין הויז... יאָ, ער איז שוין פיעלע מאָל ביי דיינע עלטערען אין הויז געוועזען, און יעדעס מאָל ווען ער קעהרט זיך אום פון דאָרט איז ער מעהר בעגייסטערט.

— און מיינע עלטערען זיינען אויך זעהר בעגייסטערט פון דיין זוהן! — האָט בריעה געזאָגט, — זיי ווייסען אַז אַזאַ בראַוועזער העלד ווי שמשון, איז נישט צו געפינען, נישט ביי די פּלשתים און נישט אין גאַנץ ישראל.

— יאָ, גאָט האָט מיין זוהן געבענשט מיט אויסערגעוועהנליכער גבורה!

— האָט צללפונית מיט שטאָלץ געזאָגט, — ער קען אויפהייבען א שטיין וואָס צוואַנציג מענשען קענען קוים ריהרען פון אָרט... ער קען אויסרייסען מיט זיינע הענד דעם שטאַרקסטען בוים מיט די וואָרצלען... ער קען צוררייסען מיט די הענד אייזערנע קייטען און אַמאָל, אַט דאָ נישט לאַנג האָט פּאַסירט דאָס אַז אַ אָקס פון א שכן איז געוואָרען ווילד און האָט אָנגעטהאָן גרויס היזק. ער האָט פאַרוואונדעט איי־ניגע מענשען און געטויטעט א קליין קינד... עס איז געווען זעהר שווער איהם צו כאַפּען... ווען מיין שמשון האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער זיך נאָכ־געיאָגט נאָך דעם אָקס, איהם אָנגעכאַפּט פאַר די הערנער, איהם א הויב געטהאָן גאַנץ הויך און איהם אַזאַ שטאַרקען שליידער געטהאָן אַז דער אָקס איז גע־בליבען ליגען א טויטער.

בריעה האָט געשלונגען צללפונית'עס ווערטער.

— מיין האַרינטע, ווען איך האָב געזעהן די זעלטענע גבורה וואָס שמשון האָט מיט עטליכע יאָהר צוריק אַרויסגעוויזען ווען ער האָט מיט ליידיגע הענד געקעמפּפט מיט זעקס פון די שטאַרקסטע פּלשתים, יאָ, ברטור, דער וועלכער האָט גענומען תרצה'ן געפאַנגען, איז פאַררעכענט געווען פאַר דעם שטאַרקסטען מאַן אין תמנה, און די איבריגע זיינען אויך געווען זעהר שטאַרק, ווייל מיין פאָטער וועט דאָך נישט אויסקלייבען קיין שוואַכע און זיי מאַכען פאַר די אויפמאַהנער פון די צינזען. און דאָך האָט שמשון זיי אַזוי צוקלאַפּט אַז זיי האָבען זיך נישט געקענט ריהרען פון אָרט... אַזאַ העלדישקייט איז נאָך נישט געזעהן געוואָרען.

— יאָ, מיט איהם האָט דאָן געקלונגען אומעטום! — האָט צללפונית צו־געגעבען, — מען וויל דאָך איהם מאַכען פאַר א שופט איבער עטליכע שבטים. אָבער ער איז נאָך צו יונג... דאָך ווייזט אויס וועט לאַנג נישט נעהמען און מיין זוהן וועט ווערען דער פיהרער און שופט אין ישראל.

— ער איז ווירקליך דער שטאָלץ פון דיין פאָלק! — האָט בריעה צוגע־

געבען, — ער איז דער איינציגער מאן וואס פארדיענט צו ווערען דער פיהרער פון ישראל... ער וועט א סך אויפטהאן פאר זיינע ברידער.

— איך האב זיך פאררעדט און דערוויל דיר געלאזען דורשטען, — האט צללפונית געזאגט, און איז ארויס פון הויז מיט דער כלי.

ווען זי האט גענומען געהן צום ברונעם, האט זי פון וויטען באמערקט מנוח'ן. זי האט איהם צוגערופען און ער איז צוגעגאנגען צו איהר, האט זי זיך אפגערופען:

— דו ווייסט וואס פאר א גאסט מיר האבען אין אונזער הויז?

מנוח האט איהר אנגעקוקט.

— די פלשתים מיידעל וועמען שמשון קומט אזוי אפט באזוכען אין תמנה!

— אה, דישון'ס טאכטער! — האט מנוח אויסגערופען.

— יא, זי איז נאר וואס געקומען. איך מוז דיר זאגען, מיין מאן, אז איך זעה נישט וואס שמשון זעהט אין איהר! זי איז ווייט פון א שעהנהייט! מיר דוכט זיך אז זי איז העסליך!

— מען קען נישט זאגען אז זי איז העסליך! — האט מנוח געזאגט. — ווען איך האב איהר מיט עטליכע יאהר צוריק געזעהן, איז זי געווען זעהר שעהן.

— איך האף אז שמשון איז נישט ערנסט מיט איהר! — האט צללפונית געזאגט, — ווי קומט זי צו תרצה'ן, זי פאסט זיך צו זיין תרצה'ס דינסט! איך זאג דיר מנוח, אז מיר האבען געדארפט זעהן ווירקען אויף איהם ער זאל זיך מעהר אומקוקען אויף תרצה'ן. זי האט דאך איהם אזוי ליעב... זי געהט אויס נאך איהם... אבער ער מיידט איהר אויס... פריהער האב איך געמיינט, אז די פלשתים מיידעל איז א זעלטענע שעהנהייט, און דאריבער ציהט איהם דאס הארץ צו איהר, יעצט אבער אז איך האב איהר דערזעהן, קען קען איך שוין גארנישט פארשטעהן וואס ער האט אין איהר דערזעהן. איך וואלט זעהר געוואלט אז ער זאל זייביידען זעהן אין דער זעלבער צייט, דאן וועט ער זעהן דעם גרויסען אונטערשייד צווישען דער פלשתים טאכטער און תרצה'ן.

— עס איז א גוטער פלאן! — האט מנוח אויסגערופען, — דו שיק די דינסט רופען תרצה'ן. דו וועסט שוין געפינען א תירוץ.

— יא, איך וועל איהר זאגען אז איך האב א גאסט, און איך וואלט געוואלט זי זאל מיר צייגען ווי אזוי צו מאכען די געשמאקע זעמעל וואס זי פלעגט באקען פאר שמשון'ען.

מנוח האט אנגעשעפט דאס וואסער און איז מיט צללפונית'ן אריין אין הויז.

ווען ער האט דערזעהן דישון'ס טאכטער, האט ער זיך צו איהר אפגערופען:

— ביזטו דען די עלטערע שוועסטער?

— ניין, איך בין די אינגערע! — האט בריעה אויסגערופען, און איהר פנים איז באדעקט געווארען מיט רויטקייט.

— איך האב גלייך דערקענט, אז דו ביזט די אינגערע שוועסטער! — האט מנוח זיך אפגערופען. — אבער ווען מיין פרוי האט מיר דערצעהלט פון דיין באזוך, האט זיך מיר אויסגעדאכט, אז דישון'ס עלטערע טאכטער איז דא צו אונז געקומען.

צללפונית האט איהר דערלאנגט א קאלטען טרונק און בריעה האט איהר באדאנקט.

— וואו איז דיין שוועסטער? פארוואס איז זי מיט דיר נישט מיטגעגאנגען? — האט מנוח איהר ווייטער געפרעגט.

— המ... זי האט עפעס נישט געפיהלט גוט... — האט בריעה געזאגט שטאמלענדיג.

— און דאס האט זי דיך אודאי געשיקט מיט א שליחות צו שמשונ׳ען? — האט מנוח זי באטראכט.

— אה, ניין, מיין האר! איך בין געקומען אויף מיין אייגענעם חשבון. איך האב זיך געוואלט דורכרעדען מיט שמשונ׳ען וועגען א וויכטיגער זאך און מיך פארדריסט, וואס איך האב איהם נישט געטראפען אין דער היים.

— ער וועט באלד אנקומען! — האט צללפונית געזאגט. — ער ווייסט, אז מיר ווארטען אויף איהם מיט׳ן עסען. דו וועסט זיך אויסרוהען א ווייל, נאכהער וועסטו צוזאמען מיט אונז עסען.

בריעה האט נישט געקענט ביי זיך באשליסען. זי ווייסט, אז נעבען די טויערען פון שטאדט ווארט וואלט אויף איהר להמי און זי קען דאך איהם נישט לאזען ווארטען אזא לאנגע צייט. אבער געהן צוריק, נישט זעהענדיג שמשונ׳ען, וועט מיינען, אז איהר גאנצע מיה איז ארויסגעווארפען... דערצו קען זיך איהר שוועסטער דערוויסען פון שמשונ׳ען, אז זי איז איהם געגאנגען באזוכען. ווען זי בעט איהם אליין זעהן און אלץ דערצעהלען, וועט זי שוין זעהן ער זאל איהר פארשפרעכען נישט צו דערצעהלען איהר שוועסטער און איהרע עלטערען... אבער ווען זי וועט גלייך אוועקגעהן און נאכהער וועלען שמשונ׳ס עלטערען איהם דערצעהלען וועגען איהר באזוך, וועט דאן פאר איהר נאך ערגער זיין.

— איך דאנק דיר זעהר, מיין הארינטע! — האט זיך בריעה א נייג געטהאן פאר צללפונית׳ן. — איך וואלט זעהר גערן אנגענומען דיין איינלאדונג, אבער נעבען די טויערען פון שטאדט ווארט אויף מיר דער מאן, וועלכער האט מיך אהער געבראכט אויף זיין וואגען... ער וועט געווים אוועקפאהרען אהן מיר, אויב איך וועל איהם לאזען לייננגער ווארטען.

— וועל איך שיקען איינעם פון די דינער איהם רופען. וועט ער צוזאמען מיט אונז מיטעסען! — האט צללפונית געזאגט.

— אה, ניין! דאס איז אונמעגליך! — האט בריעה אויסגערופען. — זאל דיין דינער איהם ברייננגען ברויט און וואסער און איהם אנזאגען אין מיין נאמען צו ווארטען ביז וואנען איך וועל זיך אומקעהרען.

— איך וועל טהאן ווי דו פארלאנגסט, — האט צללפונית געזאגט. — איך וועל שוין באזארגען דעם מאן, וועלכער האט דיך אהער געבראכט, מיט וואסער און ברויט.

צללפונית האט גענומען א קריגעל וואסער און א שטיק ברויט און זי האט עס איבערגעגעבען צו איינעם פון די דינער, וועלכע האבען געארבייט אין הויף.

— טראג דאס אוועק ביז די טויערען פון שטאדט, — האט זי געזאגט — און גיב דאס איבער דעם מאן, וועלכער ווארט אין א וואגען און קום גלייך צוריק.

נאכהער איז צללפונית אריין אין קיך און זיך געווענדעט צו איינער פון די דינסטען:

— געה שנעל אריבער צו אביעזר'ן אין הויז און זאג תרצה'ן, אז אויב עס איז פאר איהר מעגליך, זאל זי באלד צוקומען צו מיר, ווייל איך האב א גאסט און איך וואלט וועלען זי זאל מיר ציינען ווי אזוי צו מאכען די געשמאקע זעמעל. אין א ווײלע ארום איז געקומען תרצה א גליקליכע און מיט א שטראהלענדען פנים. עס איז דאס ערשטע מאל, וואס צללפונית שיקט זי רופען. ביז אהער פלעגט זי אליין קומען כמעט יעדען טאג און כאטש צללפונית און מנוח האבען איהר יעדעס מאל זעהר ווארים אויפגענומען, האט זי דאך געפיהלט גאנץ אפט, אז פיעליייכט פאלט זי זיי צו לאסט... זיי ווייסען, אז זי ליעבט שמשון'ען און ביז אוהער האט נאך שמשון איהר ליעבע נישט ערווידערט... ער איז פריינטליך צו איהר און פארברייננט גאנץ אפט מיט איהר, אבער זיינע באציהונגען צו איהר זיינען נישט געענדערט געווארען.

תרצה האט באגריסט צללפונית'ן מיט א ליעבליכען שמייכעל.

— דו ווייסט פארוואס איך האב נאך דיר געשיקט? — האט צללפונית אנגענומען תרצה'ן פאר דער האנט.

תרצה האט א שאקעל געטהאן מיט איהר קאפ אויף ניין און באלד זיך פארכאפט:

— אה, דיין דינסט האט מיר דאך געזאגט...

— ניין, נישט צוליעב דעם האב איך נאך דיר געשיקט! — האט צללפונית געענטפערט. — עס איז נאר וואס געקומען צו אונז איינע פון די פלשתים־שוועסטער, וועלכע זיינען געווען אין דער צייט, ווען שמשון האט דיך געראטע־טעט פון די הענט פון די פלשתים.

— אה! — האט תרצה אויסגערופען און א בלאסקייט האט באדעקט איהר פנים.

— ווען דו וועסט זי זעהן, וועסטו אליין צוגעבען, אז אלע קלאנגען וועגען שמשון'ען און דער פלשתים־טאכטער זיינען גרונדלאז. זי איז דאך אזוי העסליך... און איך האב אבזיכטליך געשיקט דיך רופען. איך וויל, אז שמשון זאל אלייןביידען זעהן אין דער זעלבער צייט.

— אבער איך האב אפילו נישט אומגעביטען מיינע קליידער, — איז תרצה רויט געווארען.

— אפילו אין דיעזע קליידער קוקסטו אויס ווי א קעניגין און זי אלס דיין דינסט! — האט צללפונית געזאגט. — פאר אלעמען וועט עס הייסען, אז דו ביזט געקומען מיר ארויסהעלפען באקען...

באלד איז שמשון אנגעקומען און מנוח איז איהם אנטקעגען געגאנגען מיט די נייעס, אז דישונ'ס טאכטער איז געקומען אויף א באזוך.

— זי איז געקומען?! — האט שמשון אויסגערופען מיט פרייד. — און זי ווארט אויף מיר!? אה, פאטער! האסטו און די מוטער זי פיין אויפגענומען?

— מיר האבען איהר געגעבען זעהר א ווארימע אויפנאהמע, מיין זוהן. די מוטער גרייט צו א גרויסארטיגען מאלצייט און דיין מוטער האט אפילו גע־שיקט רופען תרצה'ן זי זאל איהר העלפען באקען גוטע זעמעל, ווי דו האסט ליעב.

— זי האט נישט געדארפט שיקען נאך תרצה'ן יעצט, אז איך האב אזא גאסט! — האט שמשון זיך א קרים געטהאן. — ניין, זיי טארען זיך נישט בא־געגענען!

— פארוואס נישט, מיין זוהן? האבען דיר דען די צוויי פלשתים־שוועסטער נישט געהאלפען אפמיינטערען תרצה'ן? יעצט וועט זי האבען א גוטע געלעגענהייט איהר צו באדאנקען...

— איך בעט דיך, פאטער! — האט שמשון אויסגערופען. — אויב עס איז מעגליך, אז תרצה זאל געהן אהיים איידער מרמה וועט זי דערזעהן...

— איז מרמה דער נאמען פון דער אינגערער שוועסטער? — האט איהם מנוח געפרעגט.

— ניין. דאס איז איהר נאמען. די אינגערע הייסט בריעה.

— אבער מיר האט זי געזאגט, אז זי איז די אינגערע שוועסטער! — האט מנוח געזאגט און באטראכט זיין זוהן, צו זעהן וואס פאר אן איינדרוק זיינע לעצטע ווערטער האבען אויף איהם געמאכט.

— אה, ניין, פאטער! דו מאכסט א טעות! דו האסט זי געוויס מיספארשטאנען. די אינגערע שוועסטער האט דא גארנישט וואס צו טהאן! עס איז זיכער די עלטערע!

— און מיר דאכט זיך, אז איך מאך שוין גאר קיין טעות נישט! — האט מנוח א קוועטש געטהאן מיט די פלייצעס. דו פארגעסט מסתמא, אז איך האב זיי ביידען געזעהן און איך האב גלייך אן איהר דערקענט, אז זי איז די אינגערע.

— אה, ווי אזוי קענסטו געדענקען? דאס איז דאך געווען מיט עטליכע יאהר צוריק! — האט שמשון געשמייכעלט. — ביידע שוועסטער האבען זיך זינט דאן געענדערט.

— און וואס פאר אן ענדערונג! — האט מנוח צוגעגעבען. — איך האב זיך טאקע געוואונדערט!

— געוואונדערט אויף וואס? — האט איהם שמשון געפרעגט.

— איך האב זיך געוואונדערט ווי אזוי א פערזאן קען זיך אזוי ענדערען צום שלעכטען! זי איז דאך העסליך!

— אה, פאטער! איך בעט דיך! רעד נישט אזוי וועגען איהר. איך האב זי... איך מיין, אז איך בין איהר זעהר דאנקבאר...

— קום אריין אין הויז! — האט מנוח זיך צו איהם אפגערופען. — מען ווארט דאך אויף דיר מיט'ן עסען.

שמשון האט דורכגעפיהרט זיין האנט איבער זיין קאפ־האר און אויסגעגלייכט זיינע לאקען. ער האט פון זיך אפגעטרייסעלט דעם שטויב און איז אריין מיט זיין פאטער אין הויז.

ווען שמשון האט דערזעהן בריעה'ן איז זיין ענטטוישונג געווארען זעהר גרויס.

— ווי קומסטו אהער? — האט ער זיך צו איהר טרוקען אפגערופען. — און וואו איז מרמה?

— המ... איך ע... איך בין פארבייגעפאהרען די שטאדט צרעה, — האט בריעה גענומען שטאמלען, — האב איך זיך אפגעשטעלט און איך בין געקומען צו דיר אין הויז... איך המ...

— האט עפעס פאסירט? — האט שמשון זי געפרעגט. — איז פרידען צו מרמה'ן?

— פרידען איז צו אלעמען! — האט זיך בריעה אויפגעשטעלט פון איהר

פלאַץ, — און אויב איך שטער דיר, מיין האַר, וועל איך גלייך פאַרלאַזען דיין הויז.

— איך ווייס, אַז דו ביזט אהער געקומען מיט א צוועק! — האָט שמשון געזאָגט עטוואָס אויפגערעגט. — פאַרוואָס דערצעהלסטו מיר נישט?

בריעה האָט אומגעדרעהט איהר קאָפּ און מנוח איז איהר געקומען צו הילף.

— פאַרוואָס, מיין זוהן, האָסטו קיין געדולד נישט? — האָט ער זיך צו איהם געווענדעט. — דישון׳ס טאָכטער איז דאָך אונזער גאַסט, זי איז געוויס הונגעריג, מיר וועלען זיך אלע זעצען עסען און נאָכהער וועט זי דיר קענען אלץ דערצעהלען.

צללפונית איז אריינגעקומען פון קיך מיט תרצה׳ן און זי פאַרגעשטעלט פאַר בריעה׳ן.

— זי איז געווען זעהר גנעדיג צו קומען מיר ארויסהעלפען לכבוד אונזער גאַסט פון תמנה, — האָט צללפונית ווי פאַרענטפערט זיך פאַר איהר זוהן.

שמשון האָט געשוויגען. ער איז געזעסען מיט א פאַרכמורעט פּנים.

— אה, דו ביזט עס איינע פון די שוועסטער, וועלכע האָבען דאָן געבראַכט וואַסער און געהאָלפען מיך אַפּמינטערען? — האָט תרצה זיך צו איהר געווענדט.

— איך בין דאַן געווען אזוי צעטומעלט און צעשראָקען, אז איך האָב אייך ביידען אפילו נישט באַדאַנקט און יעצט בין איך צופרידען צו האָבען א געלעגענהייט דיך צו באַדאַנקען פאַר דעם חסד, וואָס דו און דיין שוועסטער האָבען צו מיר געטהאָן.

— איך בין גליקליך צו וויסען, אַז איך האָב עפּעס פאַר דיר געקענט טהאָן!

— האָט בריעה זיך פאַר איהר א נייג געטהאָן. — אָבער די אלע דאַנקען האָט דאָך פאַרדינט שמשון. ער האָט דיך פון א זיכערען טויט געראַטעוועט און מעהר פון אלעמען דאַרף איהם דאַנקבאַר זיין דיין מאַן! פאַר וועמען ער האָט דיך געבראַכט אומבאַריהרט...

תרצה האָט אָפּגעטראָטען א טראָט צוריק. בריעה׳ס לעצטע באַמערקונג האָט איהר פאַרשאַפט פיעל שמערצען. איז דאָס מעגליך, אַז זי ווייסט גאָרנישט וואָס עס האָט דאַן פּאַסירט, אָדער זי האָט איהר מיט א כיון געוואָלט א שטאָך טהאָן?

שמשון האָט גלייך דערפיהלט די אומאַנגענעהמע לאַגע, וואָס בריעה׳ס לעצטע ווערטער האָבען געשאַפען, און ער האָט זיך אָפּגערופען צו בריעה׳ן:

— איך האָב דיר און דיין שוועסטער שוין איין מאָל דערצעהלט, אַז תרצה האָט זיך באַלד נאָך דער פּאַסירונג געגט מיט איהר מאַן!

— אויב אזוי, מוזטו מיר ענטשולדיגען! — האָט זיך בריעה אָפּגערופען.

— איך האָב גאָר פאַרגעסען וועגען דעם.

— זעץ זיך, תרצה, און מיר וועלען עסען צוזאַמען! — האָט צללפונית זיך אָפּגערופען צו איהר.

— אָה, איך דאַנק דיר! אָבער איך מוז יעצט געהן!

— ווען וועסטו דען נישט עסען מיט אונז צוזאַמען? — האָט מנוח זיך גע־ווענדעט צו איהר.

— און דו ביזט געקומען מיר העלפען באַקען! איך בעט דיך, תרצה, זעץ זיך און לאָמיר צוזאַמען עסען.

— נישט יעצט! אן אנדערש מאָל! — האָט תרצה געזאָגט און קוים זיך באהערשט זי זאָל נישט אויסברעכן אין א געוויין. — איך מוז יעצט געהן אהיים.

תרצה איז ארויסגעגאנגען און אין מנוח׳ס הויז האָט זיך א שווערקייט צע־לייגט איבער אלעם. מען איז געזעסען ביים טיש און געגעסען. אלע האָבען געשוויגען.

צללפונית׳ן האָט שטארק פארדראָסען, וואָס תרצה איז אוועקגעגאנגען. זי האָט געוואוסט, אז די פלשתים־מיידעל האָט עס פאראורזאכט, דאך האָט זי צוליעב שמשון׳ען ארויסגעוויזען א פריינטליכע מינע צו איהר.

נאָכ׳ן עסען האָט זיך די שטימונג ביי שמשון׳ען געביטען. ער איז געוואָרען פרעהליכער. בריעה׳ס אנוועזענהייט האָט איהם דערמאָנט אן מרמה׳ן, וועמען ער האָט שוין עטליכע טעג נישט געזעהן. ער האָט פארשטאַנען פון די בליקען פון זיינע עלטערען, אז זיי זיינען נישט איבעריג צופרידען מיט בריעה׳ן. ווען זיי וואָלטען דערזעהן איהר שוועסטער — האָט שמשון ביי זיך א טראַכט גע־טהאָן — וואָלטען זיי שוין זייער מיינונג געביטען. וואָס פאר א גלייכעניש! ווי טאָג צו נאכט... מרמה איז זעהר שעהן און צארט. אָבער זי?... צוליעב וואָס איז זי אהער געקומען? ווער האָט נאָך איהר געשיקט? אָבער מעגליך, אז מרמה האָט זי געשיקט מיט א שליחות צו איהם...

שמשון האָט שוין געוואָלט ווערען אומגעדולדיג. ער האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאַץ און זיך אָפגערופען צו בריעה׳ן:

— מיר וועלען אריין אין גאָרטען און דו וועסט מיר דערצעהלען וועגען וואָס דו ביזט פלוצלונג אהער געקומען.

בריעה האָט זיך אויפגעשטעלט און פארנייגענדיג זיך פאר מנוח׳ן און צללפונית׳ן, איז זי נאָכגעגאנגען שמשון׳ען.

זיי האָבען לאנגזאם אוועקגעשפּאצירט צום גאָרטען. זיי האָבען זיךביידע אוועקגעזעצט.

— איך ווייס, אז דו ביזט אויף מיר ברוגז וואָס איך בין אהער געקומען, — האָט בריעה זיך אָפּגערופען נאָך א קליינער פויזע. — אָבער גלויב מיר, שמשון, אז עס איז נישט מיין שולד. איך האָב זיך נישט געקענט באהערשען... איך האָב געמוזט דיך קומען זעהן.

שמשון האָט זי אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— איך האָב געמיינט, אז דיין שוועסטער מרמה האָט דיך אהער געשיקט! ביזטו דען אליין געגאנגען אהער?

— יע! איך בין אליין אהער געקומען, אהן דעם וויסען פון מיינע עלטערען און פון מיין שוועסטער. איך ווייס, אז אויב מרמה וועט זיך דערוויסען פון מיין באזוך צו דיר, וועט זי מיר קיינמאָל נישט מוחל זיין. און מיין פאָטער און מוטער וועלען אויף מיר אויך זיין שטארק אין כעס.

— אָבער פארוואָס ביזטו טאַקע געקומען? — האָט שמשון זי געפרעגט.

— ווייל איך האָב דיר עטוואָס וויכטיגעס צו דערצעהלען!

— איך בין גרייט צו הערען! — האָט שמשון זיך עטוואָס צוגערוקט צו איהר.

— איך ווייס נישט, אויב איך האָב א רעכט דאָס דיר צו דערצעהלען... —

האט בריעה נערוועז געריסען דאס גראז פון דער ערד. — אבער איך האב גע־פיהלט, אז איך מוז דיר זאגען... וויל... איך האב... וויל איך קען נישט צוזעהן, אז דו זאלסט אפגענארט ווערען.

— וואס רעדסטו? — האט שמשון געשמייכעלט. — קיינער זוכט מיך נישט צו נארען! און אפילו, ווען אזא פארזוך זאל געמאכט ווערען, וועט עס זיין א דורכפאל, וויל שמשון'ען נארט מען נישט!

— דאס דאכט זיך דיר אזוי, שמשון! — האט בריעה א שמייכעל געטהאן. — אבער איך מעג דיר זאגען, אז דו ווערסט גענארט!

— און ווער נארט עס מיך? — איז שמשון נייגעריג געווארען.

— מיין אייגענע שוועסטער! — האט בריעה אויסגערופען און איהם דורכגעדרונגען מיט איהרע בליקען, צו זעהן דעם איינדרוק, וואס איהרע רייד האבען אויף איהם געמאכט.

— וואס מיינסטו?! — האט זיך שמשון א שטעל געטהאן און אין זיינע אויגען האט זיך א פייער אנגעצונדען.

בריעה האט זיך אויך אויפגעשטעלט פון איהר פלאץ:

— יע, איך בין דיר געקומען אנזאגען, אז מיין שוועסטער האט דיך די גאנצע צייט גענארט און יעצט אויך נארט זי דיך. זי האט דיך נישט ליעב! איידער זי האט דיך דערזעהן, האט זי ליעב געהאט ברטור'ן און דאס איז דאן געווען די אורזאכע, וואס זי האט מיך גערופען מיר זאלען איהם נאכפאלגען. מרמה האט איהם שרעקליך געליעבט, ביז וואנען ברטור האט געכאפט א מפלה פון דיר... זינט דאן האט זי איהר ליעבע איבערגעטראגען פון ברטור'ן צו דיר... איך בין זיכער, אז זי האט דיר קיינמאל נישט דערצעהלט ווי שטארק זי האט ליעב ברטור'ן...

— וואס ארט מיך, וועמען זי האט פריהער ליעב געהאט, איידער זי האט מיך דערזעהן?! — האט שמשון געלאכט. — אבי זי האט מיך יעצט ליעב! און איך האב זי ליעב... וואס עס איז געשעהן מיט יאהרען צוריק, ווען זי איז נאך יונג געווען, אינטערעסירט מיך נישט. אזוי לאנג ווי יעצט האט זי מיך ליעב מיט איהר גאנצען הארצען!

—אבער פון וואנען ביזטו זיכער, אז זי איז יעצט נאך אויך געטריי צו דיר?
— האט בריעה זיך אפגערופען.
— וואס? — האט שמשון אויסגערופען. — ווי וואגסטו צו רעדען אזוי וועגען דיין שוועסטער?

— ענטשולדיג מיר, שמשון! איך וועל מעהר שוין נישט רעדען! — האט בריעה זיך אפגערופען מיט טרעהרען. — איך ווייס, אז עס איז נישט ריכטיג פון מיר צו בארעדען מיין אייגענע שוועסטער, אבער וואס האב איך געקענט טהאן? איך האב דיך זעהר ליעב און איך האב זעהר נישט געוואלט דו זאלסט ליידען... אז מען זאל דיך נארען!

— דערצעהל מיר אלץ, וואס די ווייסט! — האט שמשון זיך צו איהר אפגערופען.

— אה, ניין! איך קען דיר יעצט די איינצעלהייטען נישט דערצעהלען! איך בין בלויז געקומען דיך ווארענען...

— דו מוזט מיר אלץ דערצעהלען! — האט שמשון אויסגערופען מיט א באפעהלענדער שטימע.

— איך קען נישט! איך קען נישט! — האט בריעה אויסגערופען. — ניין, נישט יעצט... פיליכט א צווייטען מאל, דאן וועל איך האבען נאך מעהר באווייזע.

— דו וועסט מיר דערצעהלען יעצט! — האט שמשון זי אנגענומען ביי דער האנט. — איך מוז גלייך וויסען אלץ!

— דו וועסט דאך מיך נישט צווינגען צו טהאן א זאך געגען מיין ווילען?!

— האט בריעה איהם דורכגעדרונגען מיט איהרע בליקען. — איך וועל דיר יעצט נישט דערצעהלען, ווייל איך וויל נישט פאראורזאכען קיין צרות צו מיין שוועסטער און מיינע עלטערען.

— איך וועל קיינעם קיין שלעכטס נישט טהאן! — האט שמשון אויסגערופען מיט צארן. — אבער אז דו האסט שוין אנגעפאנגען צו דערצעהלען, מוזטו מיר אלע איינצעלהייטען זאגען. דאן וועל איך וויסען אויב איך זאל דיר גלויבען אדער נישט!

— און וואס וועסטו טהאן, אויב איך וועל דיר מעהר גארנישט דערצעהלען?

— האט בריעה איהם געפרעגט. — מיך ארט נישט, אויב דו וועסט גלויבען וואס איך האב דיר נאר וואס דערצעהלט אדער נישט... איך האב מיין פליכט געטהאן.

— אויב דו וועסט מיר נישט זאגען דאס איבעריגע, געה איך באלד אוועק צו דיין שוועסטער און איך וועל איהר איבערגעבען אלעס, וואס דו האסט אויף איהר גערעדט און איך וועל זי צווינגען זיך מודה צו זיין.

— אה, ניין! דו טארסט אזא זאך נישט טהאן! קיינער טאר נישט וויסען, אז איך בין צו דיר געגאנגען! — האט בריעה איהם אנגענומען פאר די לאצען פון זיין בגד. — דו וועסט דאך מיר נישט אפטהאן א רעה פאר דער טובה?

— בלויז דאן וועל איך דיין שוועסטער נישט דערצעהלען, אויב דו וועסט מיר אויסזאגען אלעס! — האט שמשון געזאגט. — און אויב דו וועסט זיין איינגעשפארט, מעגסטו זיכער זיין, אז איך וועל נאך היינט מיט איהר רעדען.

— גוט, איך וועל דיר דערצעהלען, אבער פריהער שווער מיר צו ביי דגון, אונזער גאט, אז דו וועסט מיין שוועסטער קיינמאל נישט דערצעהלען וועגען דעם

— ביי דגון?! — האט זיך שמשון פאנאנדערגעלאכט. — דגון איז דאך נישט מיין גאט...

— טא שווער מיר צו ביי דיין גאט!

— איך שווער נישט ביי מיין גאט! — האט ער געענטפערט. — שמשון'ס א וואָרט איז אזוי הייליג ווי א שבועה. איך פארשפרעך דיר, אז איך וועל דיין שוועסטער און דיינע עלטערען גארנישט דערצעהלען וועגען דעם, סיידען איך וועל אויסגעפינען, אז דו האסט מיך גענארט.

— איך וועל דיר נאך איבערצייגען, אז איך נאר דיך נישט! — האט בריעה זיך אפגערופען מיט א שמייכעל. — קום מיט מיר צו די טויערען פון שטאדט.

— איך וועל מיט דיר געהן, אבער דו מוזט מיר גלייך זאגען ווער ער איז...

— זיין נאמען איז לחמי! — האט בריעה זיך ארויסגערעדט. — און ערווארט אויף מיר נעבען די טויערען פון צרעה.

— און וואס טהוט אט דער לחמי יעצט ביי די טויערען פון מיין שטאדט?

— האט שמשון אויסגערופען מיט אן אויפגערעגטער שטימע.

— איך בעט דיך, שמשון! טהו איהם קיין שלעכטס נישט. ער איז דאך געווים נישט שולדיג... ער האט אפילו קיין אהנונג נישט וועגען דיר. מרמה האט איהם קיינמאל נישט דערצעהלט, אז דו ליעבסט זי און געווים נישט — אז זי האט דיך ליעב.

— איך וועל איהם קיין שלעכטס נישט טהאן! — האט שמשון טרוקען געזאגט. — אבער דו האסט מיך נאר וואס גערופען צו די טויערען פון שטאדט. ווי אזוי וועסטו מיר דארטען קענען איבערצייגען, אז דו האסט מיר דערצעהלט דעם אמת?

— דו וועסט שטעהן פארבארגען הינטער א בוים און איך וועל אנפאנגען צו רעדען מיט לחמי'ן. וועסטו הערען וואס ער רעדט און דאן זיך איבערצייגען, אז איך האב דיר דעם אמת געזאגט.

שמשון איז מיט איהר אוועקגעגאנגען צו די טויערען פון שטאדט און ווען זיי האבען זיך דערנעהענטערט, האט בריעה אויסגערופען:

— דארטען זיצט לחמי אויף זיין וואגען! איך וועל געהן אפריהער און דו וועסט געהן ביי דער זייט, ער זאל דיך נישט באמערקען. נאכהער וועסטו זיך אוועקשטעלען הינטער דעם בוים, וואס איז נישט ווייט פון וואגען, און דאן וועסטו קענען אלעס הערען.

שמשון האט איהר געפאלגט. ער איז צוגעגאנגען צום בוים און אומבא־מערקטערהייט האט ער זיך געשטעלט פון הינטען. בריעה איז צוגעקומען צו לחמי'ן און מיט א שמייכעל זיך צו איהם אפגערופען:

— איך האב זיך אביסעל פארזאמט, אבער דו וועסט דאך מיר ענטשולדיגען. איך האב זיך נישט געקענט העלפען!

— עס איז געווען זעהר אויסגערעכענט פון דיר מיר צוצושיקען ברויט און וואסער, איך בין שוין געווען גאנץ הונגעריג.

— דו ווייסט דאך, אז איך וועל נישט לאזען דעם געליעבטען פון מיין שוועסטער הונגערען...

— אה, ווי גליקליך איך בין, — האט לחמי אויסגערופען, — ווען איך דערמאן זיך, אז מרמה האט מיך אזוי ליעב, און אז זי וועט אינגיכען געהערען צו מיר, ווילט זיך מיר טאנצען און שפרינגען פון שמחה.

— דערווייל לאז איבער דאס טאנצען און שפרינגען פאר דיין אייזעל. מיר מוזען שנעל אפפאהרען פון דאנען. איך וויל אנקומען אין תמנה נאך איידער די זון געהט אונטער.

לחמי האט איהר געהאלפען ארייגעהן אין וואגען און ער האט זיך געזעצט נעבען איהר און גענומען טרייבען דעם אייזעל.

ווען זיי זיינען עטוואס אפגעפאהרען איז שמשון ארוים פון זיין באהעלטע־ניש און באגלייט מיט זיינע אויגען דעם וואגען ביז וואנען ער האט שוין מעהר זיי נישט געקענט זעהן. ער איז געבליבען שטעהן א ווייל אויף זיין פלאץ און נישט ריהרענדיג זיך פון ארט... עפעס האט איהם געדריקט ביים הארצען... אז אומעט האט איהם ארומגענומען. אין זיינע אויערען האבען נאך געקלונגען לחמי'ס ווערטער: "ווען איך דערמאן זיך, אז מרמה האט מיך אזוי ליעב"... יע, בריעה האט איהם נישט גענארט. עס איז אמת, מרמה האט איהם פארראטען. און ערשט מיט צוויי טעג צוריק איז זי געווען אין זיינע ארעמס, זי האט זיך צו

איהם געטוליעט, זי האָט איהם געקושט און געזאָגט ווי שטארק איהר ליעבע איז צו איהם... יע, ער וועט גלייך געהן אהין און נקמה נעהמען פון איהר! ער וועט איהר ווייזען ווי אזוי מען פארראט שמשון'ען!

ער האָט גענומען שטעלען פעסטע טריט. זיין בלוט האָט אין איהם געזאָטען. ער וועט היינט מאכען א סוף צו איהר גאנצער משפחה... זיי וועלען אלע ווימען ווי אזוי ער לאָזט זיך נישט נארען!...

ווען ער איז אָפּגעגאנגען א שטיקעל וועג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט.

"וואוהין געהט ער?" האָט ער זיך אליין געפרעגט. פארוואָס נעהמט ער דאָס אזוי שטארק צום הארצען? ער וועט זי פארגעסען... ער דארף איהר אפילו נישט ארויסצייגען, אז איהם פארדריסט עס זעהר... ניין, ער וועט אהין נישט געהן... ער דערמאָנט זיך, אז ער האָט איהר פארשפּראָכען צו קומען אין עטליכע טעג ארום מיט זיינע עלטערען... עס איז נאָך גוט, וואָס ער האָט זיין פאָטער נישט געזאָגט וועגען דעם...

שמשון האָט זיך אומגעקעהרט צוריק קיין צרעה. ער האָט זיך געזוכט צו שטארקען און באהערשען, אָבער עס איז איהם זעהר שווער אנגעקומען. ווען ער האָט א טראכט געטהאָן פון דער מעגליכקייט, אז מרמה וועט שוין צו איהם מעהר נישט געהערען, איז איהם זעהר טרויעריג געוואָרען. נישט אזוי שנעל וועט ער קענען אָפּמעקען איהר געדעכענים... יענע גליקליכע מאָמענטען, ווען ער איז מיט איהר צוזאמען געווען, וועלען אזוי שנעל נישט פארגעסען ווערען...

ווען שמשון האָט זיך אומגעקעהרט אהיים, האָט ער געטראָפען זיין פאָטער און מוטער אין הויז. זיי זיינען געווען פארטיעפט אין א שמועס. ער האָט פאר־שטאנען, אז זיי רעדען דאָס וועגען איהם.

שמשון האָט נישט געוואָלט, אז זיינע עלטערען זאָלען דערקענען אן איהם, אז ער איז אומעטיג און דעריבער האָט ער זיך באמיהט צו מאכען א פרעהליכען פנים.

— איז זי שוין אוועק אהיים? האָט צללפונית זיך געווענדעט צו שמשון'ען.

— יע, שוין לאנג! — האָט שמשון קורץ געענטפערט, זוכענדיג אויסצו־מיידען א געשפּרעך וועגען דעם.

— איך האָף, אז מיר האָבען זי אויפגענומען ווי געהעריג, — האָט צללפונית ווייטער געזאָגט. — זי איז דאָך געקומען אזוי פּלוצלונג, אז איך בין נישט געווען גרייט... אָבער א דאנק תרצה'ס באמיהונג, האָב איך געהאַט די מעגליכקייט צו־צוגרייטען אלעס אין צייט... אָה, געבענשט זאָל זי זיין! זי איז דאָך אזא גוט־הארציגע! זי באזיצט א נאָבעלע נשמה... און דערצו איז זי דאָך אזוי שעהן! וואָס פאר א גלייכעניש! די פּלשתים־מיידעל געגען איהר איז ווי אן אפּע אין פארגלייך צו א מענש... זאָג מיר, שמשון! איז איהר עלטערע שוועסטער אויך אזוי העסליך ווי זי?

— אָה, איך בעט דיך מוטער! — האָט שמשון זיך אָפּגערופען. — רעד מעהר נישט וועגען דעם.

— מיין זוהן! ווי אזוי קען איך שווייגען, ווען איך זעה, אז דו ביזט אי־בערגעגעבען מיט ליב און לעבען צו דער פּלשתים־מיידעל?

— מוטער! איך פארזיכער דיך, אז עס וועט גארנישט זיין צווישען מיר און...

— אָה! דיינע רייד האָבען מיך ערפרעהט, מיין זוהן! — האָט מנוח זיך

אריינגעמישט. — איך בין זיך מודה, אז איך בין געווען שטארק באזארגט וועגן דעם... דו ביזט אהין געגאנגען אזוי אפט, אז איך האב געמיינט, אז...

— און איך זאג דיר, מיין זוהן, — איז שוין צללפונית דרייסטער געווארען,

— אז מיך פארדריסט נאך יעצט פאר די שמערצען, וואס די פלשתים־מיידעל האט פארשאפט תרצה'ן. איך בין זיכער, אז זי האט מיט א כיוון דערמאנט איהר אן יענע' אומאנגענעהמער פאסירונג...

— אבער ווער איז זי, די פלשתים־מיידעל, אז תרצה זאל זיך געפינען באַ־ליידיגט? — האט שמשון אויסגערופען. — דו זאגסט דאך אליין, אז בריעה קוקט אויס געגען איהר ווי אן אפע?!

— תרצה וואלט געוויס איהרע רייד נישט גענומען צום הארצען, ווען דו. מיין זוהן, וואלסט זיך באנומען עטוואס פריינטליכער צו איהר... דו האסט זי אזוי גוט ווי אליין באליידיגט... זי איז געקומען מיר ארויסהעלפען צוליעב דיין גאסט, און דו האסט זיך אפילו אויף איהר נישט אומגעקוקט. דו ווייסט דאך, שמשון, ווי דאנקבאר תרצה איז דיר... קיין זאך וואלט פאר איהר נישט שווער געווען צו מאכען דיך גליקליך... ווען דו ווייזט איהר בלויז ארויס א פריינטליכע מינע איז זי די גליקליכסטע. זי איז אהער געקומען, ווייל איך האב נאך איהר געשיקט. זי האט מיר געהאלפען באקען און איך האב זי איינגעלאדען צו עסען מיטאג צוזאמען... איז פריהער געקומען בריעה און זי באליידיגט און דו ביזט געזעסען מיט דיין רוקען צו איהר... זי האט גאנץ ריכטיג געהאנדעלט, וואס זי איז גלייך אוועקגעגאנגען.

— עס פארדריסט מיך זעהר, מוטער, וואס איך האב איהר פארשאפט אזוי פיעל שמערצען! — האט זיך שמשון אפגערופען. — אט וועל איך אריבערגעהן צו איהר אין הויז און איך וועל זי בעטען, זי זאל מיר ענטשולדיגען.

— דאס וועט זיין זעהר פיין פון דיר. מיין זוהן! — האט צללפונית אויס־גערופען מיט א שטראהלענדען פנים. — דיין באזוך צו איהר וועט אלעס רעכט מאכען.

— אויב אזוי, געה איך גלייך אהין! — האט שמשון געזאגט און איז ארויס פון הויז.

ער איז צוגעקומען צו אביעזר'ס הויז און איז געבליבען שטעהן א ווייל‍ע אומבאשלאסען. אין הארצען האט ער אויף איהר שטארק רחמנות געהאט. ער ווייסט, אז איהר דאנקבארקייט צו איהם איז פארוואנדעלט געווארען איז א שטארקער, פייערדיגער ליעבע. אבער זיין הארץ ציהט נישט צו איהר...

ער האט גענומען זי פארגלייכען אין זיינע געדאנקען צו מרמה'ן. תרצה איז דאך פארט שעהנער, אבער מרמה האט איהם באצויבערט... ער קען אליין נישט פארשטעהן פארוואס איהם ציהט אהין. קיין תמנה... ניין! מעהר וועט ער אהין נישט געהן! אויב זי האט איהם אזוי פאררעטען... אבער פיליכט האט זי, בריעה, געמאכט א בלבול אויף איהר שוועסטער? איז דורכגעלאפען שמשון'ען א געדאנק. זי האט דאך אליין זיך מודה געווען, אז זי איז אין איהם פארליעבט מעגליך, אז די אייפערזוכט האט איהר געטריבען צו באריידען איהר שוועסטער? אבער ער האט דאך אליין געהערט ווי לחמי האט באשטעטיגט איהרע רייד. "אך ווי פאלש די פלשתים טעכטער מוזען זיין!" האט שמשון זיך אויסגעגלייכט און איז אריין אין אביעזר'ס הויז.

תרצה איז געווען אין צווייטען ציכער. זי איז געווען זעהר טרויעריג. זי האט זיך געפיהלט שטארק דערשלאגען און באליידיגט. די פלשתים־מיידעל האט אויפגערייצט איהר וואונד. און שמשון איז אזוי גלייכגילטיג צו איהר... ער האט זי אפילו נישט באמערקט... נאך מעהר איז איהר וועהטאג געווען. ווען זי האט דערזעהן די פלשתים־מיידעל... ווי אזוי קען גאר שמשון טראכטען וועגען איהר? זי איז דאך אזוי העסליך... זעהט ער דען נישט דעם אונטערשיעד צווישען איהר און בריעה'ן? זי איז זיכער, אז איהר עלטערע שוועסטער, מרמה, איז אויך אזא פארזעהעניש ווי בריעה. פונדעסטוועגען קומט שמשון גאנץ אפט זי באזוכען... און כאטש זי, תרצה, קומט באזוכען מנוח'ס הויז כמעט יעדען טאג, האט נאך נישט פאסירט, אז שמשון זאל אריינקומען צו איהר... זי ווייסט, אז ער האט זי נישט ליעב. אבער זי קען איהם נישט פארגעסען. ער געהט פון איהרע געדאנקען נישט ארויס סיי בייטאג און סיי ביינאכט...

— תרצה! שמשון איז געקומען! — איז איהר מוטער אריינגעלאפען צו איהר אין צימער און אויסגערופען מיט א פרעהליכער שטימע.

—שמשון? ! — האבען תרצה'ס אויגען אויפגעשטראהלט.

— יע, שמשון איז געקומען דיך זעהן! — האט איהר מוטער געזאגט מיט א גליקליכען שמייכעל.

— שמשון איז געקומען מיך זעהן! — האט תרצה ניט געגלויבט איהרע אויערען.

— יע, מיין טאכטער, ער איז אריינגעקומען אין הויז און גלייך נאכגעפרעגט אויף דיר. איך האב איהם געזאגט, אז דו געפינסט זיך יעצט אין דיין צימער און איך וועל דיר גלייך ארויסרופען.... שנעלער מיין טאכטער, וואס שטעהסטו?

תרצה האט אפגעווישט איהרע טרעהרען, זי האט צורעכט געמאכט איהרע האר, זיך אויסגעגלייכט, און מיט איהר מוטער אריין אין צווייטען צימער, וואו שמשון איז געזעסען און געווארט.

שמשון, דערזעהענדיג תרצה'ן, האט זיך אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ און האט איהר מיט א פריינדליכע שטימע באגריסט. איהר מוטער האט זיך אומבאמערקטערהייד גלייך ארויסגעשארט פון צימער, איבערלאזענדיג שמשון מיט תרצה'ן אליין.

תרצה האט איהרע בליקען געווארפען אויף שמשון'ען און באלד ארונטערגעלאזען איהרע אויגען.

א ווײלע זיינען זיי ביידע געבליבען שטיל. שמשון האט איהר באטראכט און א שטארקען רחמנות געפיהל האט איהם אנגענומען. ער ווייס, אז זי איז זעהר אומגליקליך. זי איז נאך אזוי יונג און דאך האט זי שוין פיעלעס דורכגעמאכט ... אין אלעמענס אויגען איז זי א גרושה ... פיעלע באשולדיגען איהר, אז זי האט ניט ריכטיג געהאנדעלט מיט אדם'ן, איהר חתן, זי האט איהם באדארפט מוחל זיין און געהן וואוינען מיט איהם, אבער ער אליין דענקט, אז זי איז געווען בארעכטיגט צו מאכען אזא שריט ... אדם האט איהר ניט פארדינט . . .

— תרצה! — האט שמשון אונטערגעבראכען די שטילקייט — איך בין

געקומען זיך ענטשולדיגען פאר דיר... איך ווייס, אז איך האב געזינדיגט געגען דיר... איך בין דיר אומדאנקבאר...

תרצה האט אויפגעהויבען איהרע אויגען און געקוקט אויף שמשון׳ען מיט אזעלכע ווייכע, צארטע, בליקען...

— אה, שמשון! — האט זי אויסגערופען מיט א נידעריגע שטימע — איך ווייס ניט אויב איך וועל ווען עס איז זיין בכח דיר אפצודאנקען פאר אלעם וואס דו האסט צו מיר געטהאן.

— דו האסט נאך וועגען דעם ניט פארגעסען?! — האט שמשון א שמייכעל געטהאן — שוין עטליכע יאהר פאראיבער זינט דאן, און דו האסט עס נאך אלץ אין זינען.

— ביז די לעצטע טעג פון מיין לעבען וועל איך דאס ניט פארגעסען! — האט תרצה געזאגט — וואו וואלט איך יעצט געווען ווען ניט דיין העלדישקייט! טאג און נאכט טראכט איך פון דעם... און ווי שטארק איך בין מקנא יענע פלשתים מיידלאך פון תמנה...

— מיר האט שטארק פארדראסען, וואס בריעה האט צו דיר אזוי גערעדט! אבער ווען דו וואלסט געהערט וואס מיין מוטער האט געזאגט — האט שמשון זיך פאנאנדערגעלאכט, — וואלסטו זיכער עס ניט גענומען צום הארצען.

תרצה האט אויף שמשון׳ען געווארפען איהרע נייגיעריגע בליקען, און גע־ווארט, ער זאל איהר ווייטער דערצעהלען.

שמשון האט פארטגעזעצט:

— ווען בר׳עה איז אוועקגעגאנגען, האט מיין מוטער געזאגט, אז זי קוקט אויס געגען דיר ווי אן אפע אין פארגלייך צו א מענש.

תרצה האט זיך הארציג פונאנדערגעלאכט. זי האט זיך געפיהלט עטוואס דרייסטער און זי האט צוגעגעבען:

— אבער מיט אן אפע אמוזירט מען זיך אפטמאל מעהר ווי מיט א מענשען...

שמשון האט פארשטאנען וואס זי ציעלט מיט איהרע רייד און ער האט איהר אויף דעם ניט געענטפערט. זי איז ג׳רעכט, האט ער זיך געטראכט אין הארצען. וואס האט ער אזוינס געזעהן אין דער פלשתים מיידעל... ניט נאר איז תרצה שעהנער פון איהר, נאר זי איז אויך קליגער... ער וועט דארפען איהר ארויסשלאגען פון זיינע געדאנקען... אויב מרמה קען איהם אזוי פאררעטען, האט זי ניט פארדינט אז ער זאל פון איהר טראכטען — האט שמשון באשלאסען.

— איך וועל שוין מעהר קיין תמנה ניט געהן! — האט שמשון זיך אויסגערעדט.

תרצה׳ס אויגען האבען אויפגעלויכטען.

— דו וועסט שוין מעהר ניט געהן קיין תמנה? — האט זי פארוואונדערט געפרעגט — פארוואס?

— ווייל די מיידלאך פון די פלשתים זיינען פאלש! — האט שמשון גע־ענטפערט, מיט עטוואס צארן אין זיין שטימע.

שמשון׳ס לעצטע ווערטער האבען תרצה׳ן גליקליך געמאכט. יעצט איז

זי זיכער, אז שמשון טראכט אויך פון איהר... ער האט יענע פלשתים מיידעל ניט ליעב... און ער איז געקומען צו איהר.

— פיליכט וועסטו עפעס צוביסען אדער טרינקען? — האט תרצה זיך צו איהם געווענדעט — ווי מיין הארץ וואלט מיר געזאגט, אז איך וועל האבען אזא וויכטיגען גאסט אין מיין פאטער׳ס הויז, האב איך געבאקען גוטע זעמעל...

— ניין, איך דאנק דיר, תרצה, איך בין ניט הונגעריג און ניט דורשטיג! — האט שמשון געענטפערט — איך אייל זיך יעצט צו געהן...

— אזוי שנעל? — האט תרצה געפערעגט מיט א שטימע פון ענטטוישונג.

— יע, איך מוז געהן! די זקנים האבען מיך געבעטען, איך זאל קומען צו דעם פארזאמלונגס פלאץ.

— מיין פאטער דארף אויך דארטען זיין! — האט תרצה געזאגט — אבער עס איז נאך פריה און ער וועט ערשט דארט צוקומען שפעטער. זעץ זיך שמשון, און דערצעהל מיר עפעס!

שמשון האט איהר געפאלגט און זיך אוועקגעזעצט. ער האט געקוקט אויף תרצה׳ן מיט בליקען פון רחמנות... ער האט באמערקט דעם צער אין איהרע אויגען... באלד אבער איז איהם אויף זיינע געדאנקען ארויפגעקומען מרמה... און עפעס א גרויסע בענקעניש האט איהם ארומגענומען... זיין הארץ ציהט איהם אהין... ער קען אליין זיך ניט ערקלערען פארוואס דאס איז... דוכט זיך, אז ער האט זיך באשלאסען מעהר ניט צו טראכטען פון איהר... זי האט דאך איהם פארראטען. פונדעסטוועגען שטעהט איהר געשטאלט פאר זיינע אויגען... ניט אזוי שנעל וועט ער קענען פארגעסען איהרע קושען, איהר לאסטשען זיך צו איהם... שמשון האט געפיהלט, אז ער קען מעהר ניט פארבלייבען דא מיט תרצה׳ן. ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאץ און ארויסגעמורמעלט: איך מוז געהן!

תרצה, דערזעהענדיג ווי אומגעדולדיג ער איז פלוצלונג געווארען, האט שוין מעהר ניט געמאכט קיין פארזוך איהם אפצוהאלטען.

שמשון איז שווייגענדיג ארויס פון תרצה׳ס הויז. ער האט ניט געוואוסט וואוהין ער זאל יעצט געהן... ער איז געגאנגען ציעללאז... ביז וואנען די צייט איז געקומען צו געהן צו דער פארזאמלונג.

---

ווען שמשון איז דארט אנגעקומען, האט ער שוין געטראפען אלע זקנים פון שטאדט, צווישען וועלכע ער האט אויך באמערקט זיין פאטער און אביעזר׳ן, תרצה׳ס פאטער.

ווען שמשון איז אריין אינוויינינג זיינען אלע שטיל געבליבען.

די עלטסטע האבען זיך אויפגעשטעלט פון זייערע פלעצער און אנגעצייגט שמשון׳ען אויף א שטוהל אויבען אן.

שמשון האט זיך דארטען אוועקגעזעצט.

— מיר האבען זיך יעצט דא פארזאמעלט — האט איינער פון די זקנים זיך אפגערופען צו שמשון׳ען — ווייל די פלשתים האבען ווידער אנגעפאנגען אונז אונטערצודריקען. אמת, די פלשתים וועלכע גרענעצען זיך מיט אונזער

שטאדט און ארום, זיינען ניט אזוי פיינדליך געשטימט, אבער די פלשתים וועלכע געפינען זיך ביי דעם גרעניץ פון אנדערע שטעדט, האבען ווידער אנגעהויבען צו מאכען איבערפאלען. זיי האבען ארויפגעלייגט אויף די איינוואוינער גאנץ גרויסע צינזען. און יעצט האבען מיר זיך דא פארזאמעלט, זיך צו בּאראטען וואס צו טהאן.

— מיר ווילען, דו זאלסט ווערען אונזער שופט און אונזער פיהרער! — האט זיך נאך איינער אפּגערופען — מיר ווייסען, אז ווען די פלשתים וועלען דערהערען, אז דו ביזט געווארען אונזער הויפט, וועלען זיי פילייכט ניט וואגען אונז אזוי שטארק צו דריקען.

— ווער בין איך, אז איך זאל ווערען אייער שופט! — האט שמשון געזאגט מיט באשיידענהייט — זיינען דען ניט פאראן דא קיין קליגערע און מעהר פארשטענדיגע אין דעם שבט דן?

— מיין זוהן! — האט זיך מנוח אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ — דו דארפסט וויסען, אז איידער דו ביזט געבארען געווארען ביזטו געהייליגט געווארען: און דער מלאך וועלכער האט זיך באוויזען צו דיין מוטער און דערנאך צו מיר האט אונז אנגעזאגט, אז דו וועסט זיין א נזיר, און אז דו וועסט העלפען ישראל פון די הענט פון די פלשתים!

—— און מיט עטליכע יאהר צוריק האסטו אלעמען איבערצייגט, אז די רייד פון דעם מלאך ווערען מקויים! — האט אביעזר צוגעגעבען — מיר האבען דאן אלע געזעהן אז איבערמענשליכע גבורה, און דו האסט דאן זיין נאמען געהייליגט, דאריבער טארסטו זיך ניט ענטזאגען פון צו ווערען אונזער הויפט און שופט.

— זאל לעבען שמשון אונזער שופט! —האבען זיך געהערט שטימען פון די פארזאמעלטע.

זינט דאן איז שמשון געווארען דער הויפט פון דעם שבט דן און זייער שופט. ווען א סכסוך פלעגט אויסברעכען צווישען צוויי מענשען, פלעגען זיי קומען צו שמשון׳ען גע׳משפט צו ווערען.

כאטש שמשון איז יעצט פאררעכענט געווארען פאר דעם הויפט און שופט, האט ער וויניג פון זיינע פריהערדיגע געוואוינהייטען געענדערט. ער פלעגט אויך יעצט יזין מיטען העלען טאג אוועקגעהן פון שטאדט און פארפאלען ווערען ביז דעם צווייטען טאג... קיינער האט איהם ניט געפרעגט וואוהין ער געהט. און אפילו זיינע עלטערען האבען איהם ניט געפרעגט. אבער ווען שמשון האט געזעהן די נייגיעריגקייט פון זיין מוטער, פלעגט ער אליין זאגען.

ווען שמשון האט זיך דערוואוסט, אז די פלשתים צינזען אויפמאהנער קומען אן אין א שטאדט איז ער אהין אוועק און מיט זיי פערהאנדעלט. און זיי האבען שוין ניט געוואגט צו העכערען די צינזען.

---

אייניגע וואכען זיינען אוועק און מרמה האט ניט געקענט פארשטעהן, פארוואס שמשון האט אויפגעהערט איהר צו באזוכען. ער האט געזאלט קומען מיט זיינע עלטערען אין א פאר טעג, נאכדעם ווי ער איז דעם לעצטען מאל אוועק פון תמנה, און יעצט האט זי פון איהם מעהר ניט געהערט.

דישון און זיין פרוי האבען זיך זעהר שטארק געוואונדערט. זיי האבען געזעהן ווי שטארק זייער טאכטער נעהמט זיך צום הארצען. אבער פונדעסט־וועגען, ווען זי האט געזאגט, אז זי וועט אריבערפאהרען נאך צרעה אויסצוגע־פינען די אורזאכע, האבען איהרע עלטערען ניט דערלאזען.

די איינציגע וועלכע איז געוועזען צופרידען פון דעם, איז געוועזען בריעה. זי האט געזעהן, אז איהר פלאן האט זי גאנץ לייכט דורכגעפיהרט: שמשון האט איהר געגלויבט, ווען זי האט איהם דערצעהלט אז מרמה איז גאר פארליעבט אין לחמי'ן, דעם פלשתי... יעצט האט זי געהאפט, אז איהר וועט ניט שווער אנקומען צו געווינען שמשון'ס הארץ... ניט איין מאל האט זי זיך מיט איהר א רייץ געטהאן:

— דו האסט געמיינט, אז שמשון האט דיך טאקע ליעב! יעצט זעהסטו וויפיעל ער טראכט פון דיר. ער וויל דיר אפילו מעהר ניט אנקוקען! און דו האסט שוין געמיינט, אז ער וועט דיר נעהמען פאר זיין פרוי.

מרמה האט איהר ניט געענטפערט. זי איז געוועזען אליין שטארק באזארגט וועגען דעם. זי האט אבער ניט געוואלט ארויסצייגען פאר איהר שוועסטער, אז זי פיהלט זעהר שלעכט. די ערשטע עטליכע טעג האט מרמה געמיינט, אז שמשון איז פיליכט ניט געזונד געווארען. אבער בריעה איז איינמאל אריין אין הויז און פאר אלעמען דערצעהלט, אז זי האט געהערט אין תמנה, דאס שמשון האט פארהאנדעלט מיט איינינע פלשתים צו פארגרינגערען די צינזען.

זינט דאן איז מרמה נאך טרויעריגער געווארען... זי איז געלעגען אין איהר בעט און געוויינט.

— מיין טאכטער! — האט דישון זיך צו איהר אפגערופען, ווען ער האט איהר געטראפען פארוויינט — דו מוזט זיך זעהן ארויסשלאגען איהם פון קאפ. ווי עס ווייזט אויס, איז אונזער גאט דגון ניט צופרידען מיט דעם, אז איינער פון די ישראלים זאל זיין דיין מאן.

— אה, פאטער, שמשון'ען האב איך ליעב שוין עטליכע יאהר און איך וועל מיט קיין אנדערען ניט הייראטען.

— מיר האט בריעה געזאגט, אז לחמי קומט כמעט יעדען טאג און ווארט נעבען אונזער הויז.

— מעגליך, אז ער קומט עס צו איהר.

— ניין, ער קומט צו דיר! — האט מיר בריע געזאגט, ער ליעבט דיך!

— איך אבער ליעב איהם ניט! — האט מרמה געווישט די טרעהרען פון איהרע אויגען — איך האב ליעב שמשון'ען.

— דו זעהסט דאך אבער, אז ער איז צו דיר קאלט געווארען! — האט דישון איהר געזאגט, — ער האט אונז פארשפראכען צו קומען מיט זיינע עלטערען אין א פאר טעג ארום, און יעצט זיינען שוין פאראיבער וואכען און ער איז ניטא.

— איך וועל אוועקגעהן נאך צרעה און אויסגעפינען די אורזאכע, און אויב ער האט מיך מעהר ניט ליעב, וועל איך זיך באמיהען איהם אינגאנצען צו פאר־געסען! — האט מרמה געזאגט.

— ווּעסטוּ דען אליין געהן אזא ווייטען וועג! — האט דישון זיך אפּגע־רופען — דו וועסט געהן צוזאמען מיט דיין שוועסטער.

— אה, ניין, ניט מיט בריעה'ן! — האט מרמה אויסגערופען, איך וועל מיטנעהמען איינע פון אונזערע דיענסטען. מיר וועלען געהן דורך דעם אויס־געטראטענעם וועג. אבער איך בעט דיך, פאטער, זאל בריעה ניט וויסען אז איך בין אוועק צו איהם קיין צרעה.

דישון האט צוגעשטימט און אויף מארגען גאנץ פריה איז מרמה אוועק־געריטען אויף אן אייזעל, צוזאמען מיט איהר דיענסט.

מרמה האט מיט זיך גענומען א שלייער און ווען זי איז אנגעקומען אין צרעה, האט זי זיך נאכגעפרעגט אויף שמשון'ען.

— שמשון זיצט יעצט אין בית המשפט (געריכטס־הויז) — האט מען איהר געזאגט.

מרמה איז אהין אוועק. זי האט מיט דעם שלייער פארדעקט איהר פּנים און ווען זי איז צוגעקומען צום מית המשפט איז זי געבליבען שטעהן ביים אריינגאנג. פון ווייטען האט זי באמערקט שמשון'ען זיצענדיג אויף א שטוהל. ארום איהם זיינען געשטאנען די זקנים און שמשון האט גע'משפט דעם פאלק.

איהרע אויגען זיינען אנגעפילט געווארען מיט טרעהרען. יעצט פאר־שטעהט זי, פארוואס ער האט זיין פארשפרעכען ניט געהאלטען, ער איז געווארען א שופט אין ישראל, און אלס אזעלכער פאסט איהם ניט צו נעהמען א טאכטער פון די פלשתים פאר זיין פרוי... זי געדענקט אבער אז ער האט צו איהר יע גערעדט וועגען דעם, און אז ער האט איהר פארשפּראכען, אז דאס וועט קיין אונטערשייד ניט מאכען...

א היבשע ווייל איז מרמה געשטאנען נעבען דעם אריינגאנג. זי האט פון שמשון'ען די אויגען ניט ארונטערגענומען. זי האט באמערקט, אז אויך זיין זיין פּנים איז באדעקט מיט א טרויער.

מרמה האט געזעהן ווי אזוי ער איז געעהרט און געאכטעט ביי די זקנים און די איבעריגע אידען, וועלכע רינגלען איהם ארום און זי האט יעצט פאר־שטאנען, אז זי איז איהם ניט ווערטה.

— פארוואס געהסטו ניט אריין אינווייניג — האט מרמה געהערט א שטי־מע, און ווען זי האט אומגעקעהרט איהר קאפּ, האט זי גלייך דערקענט שמשון'ס פאטער, מנוח.

— המ... איך... ער... — האט זי גענומען שטאמלען — איך האב בלויז געוואלט זעהן פון ווייטען...

מנוח האט פון איהר ענטפער פארשטאנען, אז זי איז א פלשתית און ער האט זיך צו איהר אפּגערופען:

— ווי איך זעה ביזטו ניט קיין ישראלית, ווער ביזטו און וואס טהוסטו דא?

— איך בין פארבייגעפאהרען די שטאדט צרעה, האב איך באשלאסען צו זעהן שמשון'ען, דעם שטארקסטען מאן פון דיזען לאנד...

— ער איז מיין זוהן! — האט מנוח אויסגערופען מיט שטאלץ — דו קענסט אריינגעהן אינווייניג וועסטו איהם בעסער קענען זעהן.

— אה, ניין, איך דאנק דיר, מיין האר, אבער איך אייל זיך צו געהן אהיים!
—האט מרמה זיך אפגערופען צו מנוח'ן. — איך בין געווען זעהר נייגיעריג איהם צו זעהן, און יעצט אז איך האב מיין נייגיעריגקייט צופרידענגעשטעלט, וועל איך זיך אומקעהרען א היים.

מרמה האט אויפגעהויבען איהר האנט ארונטערצולאזען איהר שלייער עטוואס מעהר איבער איהר פנים, און מנוח האט באמערקט דעם רינג וואס איז געווען אויף איהר האנט, און ער האט גלייך דערקענט דעם רינג אלס יענעם וואס ער האט געגעבען צו דישון'ס טאכטער, פאר דער גוטער בשורה וואס זי האט איהם אנגעזאגט.

— ביזטו דען ניט דישון'ס עלטערע טאכטער? — האט מנוח אויסגערופען מיט איבערראשונג — אה, פארוואס ווילסטו ניט אריינגעהן אינוויינינג, מיין זוהן וועט זיך זעהר פרעהען דיך צו זעהן.

מרמה איז געבליבען שטעהן אין א פארלעגענהייט. זי האט געווארפען איהרע בליקען נאך אמאל אויף שמשון'ען, וועלכער איז געזעסען און גע'משפט די אידען. און נאכהער האט זי זיך אפגערופען צו מנוח'ן:

— איך בין געקומען דיר צוריקברייננגען דעם רינג וואס דו האסט מיר אמאל געגעבען — האט זי ארונטערגענומען דעם רינג פון איהר פינגער.

— אבער איך האב דאס דיר דאן געגעבען אלס מתנה פאר דיין גוטע בשורה וואס דו האסט מיר אנגעזאגט. ניין, דיזער רינג באלאנגט צו דיר. און דוווארט דא צו א ווייליע, איך וועל מיין זוהן אנזאגען וואס פאר א וויכטיגען גאסט ער האט. איך בין זיכער, אז ער וועט זיין זעהר צופרידען מיט דיין באזוך. און מיר וועלען דיר נאך געבען א בעסערע אויפנאהמע, ווי מיר האבען געגעבען דיין שוועסטער!

— מיין שוועסטער! — האט מרמה אויסגערופען פארוואונדערט — איז דען מיין שוועסטער געווען אין דיין הויז?

— און מיר וואונדערט זיך וואס דו ווייסט ניט. יע, מיט עטליכע וואכען צוריק האט דיין שוועסטער אונז אפגעשטאט א באזוך און איך האף, אז מיר האבען איהר אויפגענומען ווי געהעריג, ווייל איך ווייס ווי אזוי מיין זוהן ווערט אויפגענומען אין דיין פאטער'ס הויז...

— מיין שוועסטער! — האט מרמה נאך אמאל אויסגערופען — זי איז געווען אין....

— יא, שמשון האט מיט איהר נאכ'ן מאלצייט גאנץ פיין פארבראכט, און נאכהער איהר באגלייט צו די טויערען פון שטאדט, וואו א יונגערמאן האט אויף איהר געווארט מיט א פוהר.

— האסטו דעם יונגען מאן געזעהן? — האט מרמה געפרעגט מנוח'ן.

— ניין, איך האב איהם ניט געזעהן, אבער ווען דיין שוועסטער האט געגעסען מיטאג מיט אונז, האט זי מורא געהאט אז טאמער וועט דער יונגער מאן אוועקפאהרען אהן איהר; האט זי געבעטען מען זאל איהם צושיקען עטוואס שפייז און וואסער. מיר האבען איהם געשיקט שפייז דורך איינעם פון מיינע קנעכט.

— ווער האט עס געקענט זיין ?— האט מרמה ווי צו זיך גערעדט.

— און מיר וואונדערט זיך, אז דו און דיינע עלטערן ווייסן גארניט זעגען דיין שוועסטער׳ס באזוך צו אונז! — האט מנוח געזאגט.

— ניין, דאס הער איך פון דיר דאס ערשטע מאל, אז מיין שוועסטער האט באזוכט שמשון׳ען — האט מרמה געזאגט. — אבער איך מוז שוין ווירקליך געהן.

— ווארט דא צו א ווילע, שמשון וועט פאריבעל האבען, ווען ער וועט זיך דערוויסען אז דו ביזט געווען אין צרעה, און איהם ניט געזעהן.

— איך גלויב, אז ער וועט זיך שטארק ניט נעהמען צום הארצען! — האט מרמה געזאגט מיט א שטילען זיפץ — און איך אייל זיך זעהר!

— ער וועט באלד פארטיג ווערען און עס וועט לאנג ניט דויערען און ער וועט ארויסקומען און דיך זעהן.

— ווערסטו ביי מיר דעם רינג ניט נעהמען צוריק? — האט מרמה איהם געפרעגט, דערלאנגענדיג איהם דעם רינג.

— אה, ניין, דאס געהערט צו דיר! און שמשון וועט געוויס ניט וועלען ליידען, ווען ער וועט זיך דערוויסען, אז דו האסט אומגעקעהרט דעם רינג צו מיר. אט געה איך צו צו איהם און ער וועט גלייך ארויסקומען.

מנוח איז אריין אינווייניג, אין בית המשפט און ער איז גלייך צוגעגאנגען צו שמשון׳ען און איהם אריינגערוימט אין אויער.

— וואס? ! זי איז דא! — האט שמשון זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאץ.

— וואס האט זי דיר געזאגט?

— איך האב איהר געטראפען שטעהן נעבען ארייגאנג און מיט א שלייער איבער איהר פנים—האט מנוח געזאגט.

— און ווי אזוי האסטו איהר דערקענט?—האט שמשון געפרעגט זיין פאטער.

— איך האב באמערקט אויף איהר פינגער דעם רינג וואס איך האב איהר געגעבען, און דאן האט זי זיך פאר מיר מודה געווען, אז דאס איז זי, די עלטסטע טאכטער פון דישון. איך האב איהר געהייסען צוואווארטען ביז וואנען איך וועל דיר ווענען דעם זאגען.

שמשון האט שנעל אוועקגעשיקט די עטליכע אידען, וועלכע זיינען צו איהם געקומען צום משפט און איז מיט זיין פאטער גלייך ארוים פון בית המשפט.

— וואו איז זי? — האט שמשון אויסגערופען.

מנוח האט זיך גענומען ארומקוקען.

— זי האט געמוזט אוועקגעהן. זי האט מיר געזאגט אז זי איילט זיך זעהר! — האט מנוח אויסגערופען.

— האסטו דען איהר ניט געהייסעןווארטען, פאטער?

— איך האב איהר עטליכע מאל געבעטען, זי זאל אויסווארטען דא א קליינע ווילע.

שמשון איז שנעל געגאנגען איהר זוכען. ער האט געפרעגט פארבייגע־

הענדע, אויב זיי האבען ניט באמערקט א פרעמדע פרוי דורכגעהענדיג. אבער קיינער האט ניט געוואוסט.

שמשון איז צוגעגאנגען צו די טויערען פון שטאדט און אויך דארטען האט ער קיינעם ניט באמערקט. מעגליך, אז זי געפינט זיך יעצט אין זיין הויז אוןווארט אויף איהם, ווי בריעה האט עס געטהן — האט שמשון א טראכט געטהאן און ער איז גלייך אוועק אהיים.

— איז דא ניט געוועז מרמה, דישון'ס עלטערע טאכטער? — האט שמשון געפרעגט זיין מוטער.

— ניין, דא איז קיינער היינט ניט געוועזן אויסער תרצה'ן — האט צללפונית איהם געענטפערט.

— תרצה! — האט שמשון ווי צו זיך א ברום געטהאן — וואס וויל תרצה?

— ווער האט דיר געזאגט, אז דישון'ס עלטערע טאכטער דארף דא זיין?

— האט צללפונית איהם געפרעגט.

— דער פאטער האט מיר געזאגט! — האט שמשון אויסגערופען — זי איז געקומען נעבען בית המשפט און ער האט איהר דארט באגעגענט. ער האט איהר געהייסען אויפווארטען ביז וואנען ער וועט מיר זאגען, און ווען מיר זיינען ארויסגעגאנגען איז זי שוין מעהר ניט געוועזן.

— וועט זי מסתמא, א צווייטען מאל קומען! — האט צללפונית זיך אפגערופען — נעהם זיך ניט שטארק צום הארצען, מיין זוהן. דער פאטער וועט באלד אנקומען און מיר וועלען זיך זעצען עסען.

— עס פארדריסט מיך זעהר, וואס איך האב איהר ניט געזעהן! — האט שמשון געזאגט.

— מעגליך, אז עס איז בעסער אזוי! — האט צללפונית געזאגט — דאן ווען די אינגערע שוועסטער איז אהער געקומען ביזטו עטליכע טעג נאכדעם געוועזן זעהר אויפגערעגט און בייז... און דו געדענקסט דאך אויך, ווי זי האט באליידיגט תרצה'ן.

— אה, מוטער, איך בעט דיך, רייד ניט מעהר פון תרצה'ן — האט שמשון אויסגערופען — איך האב דאך איהר איבערגעבעטען, און עס איז שוין צייט אז זי זאל אין גאנצען פארגעסען אז יענער פאסירונג.

צללפינות האט פארשטאנען, אז יעצט איז ניט די צייט צו ריידען מיט איהר זוהן וועגען תרצה'ן און זי איז דאריבער געוועזן גאנץ צופרידען, וואס מנוח איז נאר וואס אנגעקומען.

— דו האסט ניט געטראפען האט ער זיך געווענדעט צו שמשון'ען.

שמשון האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ אויף ניין.

מנוח האט נאכאמאל דערצעהלט פאר שמשון'ען און זיין פרוי, ווי אזוי ער האט זיך באגעגענט מיט מרמה'ן, ווי אזוי ער האט איהר אנגעזאגט צוווארטען און זי איז פלוצלונג פארשוואונדען געווארען.

— איך קען נאך אלץ ניט פארשטעהן — האט ער צוגעגעבען — ווי אזוי זי האט געקענט אזוי שנעל פארשוואונדען ווערען.

— איך וויל, אז מיר זאלען מארגען ביידע אהין געהן! — האט זיך שמשון

אפגערופען צו זיין פאטער, — איך וויל עפּעס אויסגעפינען, און אויב עס וועט זיך ארויסווייזען, אז איך מאך א טעות, וועל איך געווים קיין הרטה ניט האבען.

— וואס פאר א טעות מאכסטו, מיין זוהן — האט איהם מנוח געפרעגט.

— ווען בריעה איז דא געווען מיר צו באזוכען, האט זי מיר דערצעהלט עפּעס וועגען איהר שוועסטער, וואס האט מיר זעהר באאומרוהיגט! — האט שמשון געזאגט.

— וואס, א שטייגער, האט זי דיר געקענט דערצעהלען אויף איהר אייגענע שוועסטער — האט צללפונית איהם געפרעגט מיט א שמייכעל.

— זי האט מיר דערצעהלט, אז מרמה האט מיר גענארט, אז זי ליעבט גאר איינעם א פלשתי!

— נו, ווען דען זאל זי ליעבען אויב ניט איינעם פון איהר אייגען פאלק? — האט צללפונית קאלט געזאגט.

— מוטער, דו פארשטעהסט מיך ניט. איך האב זעהר ליעב מרמה'ן און ווען איך האב דאס געהערט האט עס מיר זעהר פארדראסען. און כאטש זי האט מיך נאכהער איבערציייגט אז זי איז גערעכט, בין איך דאך יעצט אין צווייפעל... ווייל ווען דאס וואלט געווען ריכטיג, וואלט זי יעצט ניט געקומען מיך זעהן, פארשטעלטערהייט, און גלייך פארשווינדען.

— מיין זוהן, פארוואס זאלסטו געהן זוכען פאר זיך א פרוי צווישען די טעכטער פון די פלשתים? זיינען דען ניטא גענוג שעהנע מיידלאך צווישען דיינע ברידער אין דיין אייגען פאלק? — האט צללפונית זיך אפגערופען.

— איך האב איהר ליעב, און איך וועל אויסגעפינען, אז בריעה האט מיך גענארט, וועל איך נעהמען מרמה'ן פאר מיין פרוי.

— ניין, מיין זוהן, דו דארפסט יעצט אזא זאך ניט טהאן! — האט מנוח איהם פארגעווארפען — דו ווייסט דאך אז דו ביזט ניט לאנג צוריק אויסדערוועהלט געווארען אלס שופט און פיהרער פון אונזער שבט...

— איך האב זי ליעב און איהר וועל איך נעהמען פאר מיין פרוי! — האט שמשון אויסגערופען.

— אבער, מיין זוהן! — האט צללפונית אויסגערופען — מעגליך, אז בריעה איז גערעכט, און וואס וועסטו דאן טהאן... דו דארפסט וויסען, אז עס איז זעהר שווער צו געפינען אן עהרליכע געטרייע מיידעל צווישען די טעכטער פון די פלשתים.

— מרמה איז אבער אין גאנצען אנדערש! — האט שמשון אויסגערופען— איך האב באשלאסען, אז איך מוז אהין מארגען געהן! און דער פאטער וועט מיט מיר מיטגעהן.

— אויב אזוי וועל איך אויך מיטגעהן — האט צללפונית אויסגערופען — איך וויל זעהן מיט מיינע אויגען, ווער זי איז... איז זי טאקי אזוי באצויבערענד שעהן, אז עס איז שוין ניטא אזא ווי זי צווישען די אידישע טעכטער.

— אין מיינע אויגען איז זי שעהן און באצויבערענד! — האט שמשון אויסגערופען — און איך האף, אז זי וועט דיר אויך געפעלען ווערען, מוטער.

— מיר וועט נאר געפעלען ווערען, ווען דו ווערסט דיר נעהמען א אידישע

טאכטער פאר דיין פרוי — האט צללפונית אויסגערופען. און א חוץ דעם האב איך שוין געזעהן איהר אינגערע שוועסטער און איך קען זיך שוין פארשטעלען ווי די עלטערע זעהט אויס.

— ווען דו וועסט דערזעהן מרמה׳ן וועסטו זיך וואונדערן ווי אזוי זי קען זיין א שוועסטער צו בריעהן—האט שמשון געזאגט צו זיין מוטער—נישט אמת, פאטער, דו האסט דאך בידען געזעהן.

— איך האב איהר פנים פריהער נישט געקענט גוט בעמערקען — האט מנוח איהם געענטפערט—זי האט געטראגען א שלייער איבער איהר געזיכט, און ווי זי האט אויסגעזעהן מיט יאהרען צוריק געדענק איך נישט.

— אה, ווען איך זאל נאר אויסגעפינען אז איהר שוועסטער האט מיך גענארט!—האט שמשון געזאגט—דאן וועט אלעס אנדערש זיין! איך האב זעהר פיעל געליטען די לעצטע צייט... יא, ווען מרמה וואלט יעצט נישט געקומען וואלט מיר קיין מאל נישט איינגעפאלען אז בריעה האט מיך גענארט.

— מיין זוהן!—האט צללפונית זיך צו איהם געווענדעט—דו האסט פריהער געזאגט, אז בריעה האט דיך איבערצייגט דאס איהר שוועסטער האט דיך פערראטהען, זאג מיר, ווי אזוי האט זי דיך איבערצייגט?

— ווען איך האב בריעהן בעגלייט ביז דעם פלאץ וואו דער יונגערמאן האט געווארט אויף איהר, האט זי מיר געהייסען זיך בעהאלטען הינטער א בוים, און זי איז מיט אים אריין אין א געשפרעך וועגען מרמה׳ן, און איך האב געהערט ווי ער זאגט: "ווי גליקליך איך בין, ווען איך דערמאן זיך, אז מרמה האט מיך אזוי ליעב, און אז זי וועט אין גיכען געהערען צו מיר".

— נו, אויב אזוי זעה איך ניט איין פארוואס דו זאלסט זיך מאכען צום נארען און אהיין געהן. דארפסטו דען א בעסערען בעווייז, אז מרמה ליעבט א צווייטען?—האט צללפונית זיך אפגערופען און איהם דורכגעדרונגען מיט איהרע בליקען צו זעהן וואס פאר אן איינדרוק איהרע רייד מאכען אויף שמשון׳ען.

— יעצט האב איך א רעכט צו צווייפלען אין לחמי׳ס רייד... ווען דאס וואלט געווען ריכטיג וואלט זי דען געקומען מיך זעהן און אזוי געהיימניספול פערשוואינדען געווארען, ווער ווייס וויפיעל מאל זי איז שוין געווען נעבען בית המשפט און אויף מיר פון ווייטען געוקקט... יע, ווען דער פאטער וואלט איהר ריזען מאל נישט בעמערקט וואלט איך אפילו היינט אויך נישט געוואוסט, אז זי איז דא געווען.

צללפונית האט געווארפען א בייזען בליק אויף מנוח׳ן און ווען זי איז נאכהער פארבליבען מיט איהם אליין האט זי זיך אפגערופען:

— ווער האט דיך געבעטען דו זאלסט שמשונ׳ען דערצעהלען, אז מרמהווארט אויף איהם?! דו האסט דאך געזעהן, אז זי זוכט צו פארבארגען איהר אנוועזענהייט פון איהם, טא פארוואס ביזטו איהם געקומען דערמאהנען!

— האב איך געזאלט וויסען, אז איהר קומען וועט אויף איהם מאכען אזא שטארקע ווירקונג?—האט זיך מנוח פערענטפערט.

— און וואס וועט יעצט זיין? איך וואלט זעהר נישט געוואלט אז ער זאל חתונה האבען מיט א טאכטער פון א פלשתי—האט צללפונית מיט זארג געזאגט.

— מיר ווילען מארגען זעהן, פיעלייכט איז טאקע אמת, וואס די אינגערע

שוועסטער האט איהם דערצעהלט! —האט מנוח איהר געטרייסט—און עס איז אויך מעגליך, אז ווען ער וועט איהר יעצט דערזעהן, וועט זי איהם מעהר ניט געפעלען ווערען.

— מיין הארץ טהוט מיר וועה פאר תרצה'ן! —האט צללפונית איהר בעד דויערט—זי האט איהם אזוי ליעב, זי איז דאך א טייערע נשמה, אה, ווען שמשון וואלט נאר געקענט זעהן דעם אונטערשיעד צווישען איהר און יענער פלשתית?!

— און מיר האט זיך געדוכט, אז ער האט זיך ארומגעזעהן, ווען ער איז אוועק צו תרצה'ן זיך ענטשולדיגען! —האט מנוח געזאגט—איך בין געווען זי־כער, אז תרצה האט איהם אנגעהויבען צו געפעהלען צו ווערען...

— איך קען נישט פארשטעהן פארוואס תרצה איז איהם ניט צום הארצען? —האט צללפונית געקוועטשט מיט איהרע פלייצעס—זאל עס זיין צוליעב דעם וואס זי איז א גרושה?

— דאס וואלט קיין אונטערשיעד נישט געמאכט! —האט מנוח געענט־פערט—נאך אלעמען וויים ער דאך, אז תרצה איז מיט יורם'ן קיין רגע צוזאמען נישט געווען. נאר ווי איך פערשטעה איז דאס טאקע צוליעב דעם וואס ער האט איהר געראטעוועט, עס זאל נישט אויסקומען, אז ער האט איהר צוליעב דעם געראטעוועט פון די פלישתים'ס הענט, כדי זי זאל נאכהער געהערען צו איהם.

---

אויף מארגען גאנץ פריה, איז שמשון אוועק מיט זיינע עלטערען נאך תמנה; צללפונית האט זעהר נישט געוואלט, אז אימיצער פון שטאדט זאל וויסען וואוהין זיי געהען, און זי האט דעריבער געבעטען שמשון'ען, אז אויב ער וועט אימיצען בעגעגענען, זאל ער נישט זאגען דעם צוועק פון זייער געהן.

— איך וויים פון גאר א קורצען וועג! —האט זיך שמשון אפגערופען צו זיינע עלטערען—ווען איהר וועט דורכגעהן די וויינגערטנער פון תמנה וועט איהר באלד זיין נעבען די טויערען פון שטאדט.

— אבער דיר, שמשון, איז דאך נישט ערלויבט אריינצוגעהן אין וויינ־גארטען! —האט איהם מנוח געזאגט.

— נו, וועל איך געהן דורך דעם וועלדעל, און איך וועל אייך אניאגען.— האט שמשון געענטפערט—איך קען דאך געהן שנעלער... יע, איך וועל זיך מיט אייך טרעפען נעבען די טויערען פון תמנה.

— און די פלשתים? —האט צללפונית געזאגט—וועלען זיי אונז נישט בעלעסטיגען.

— ניין! און אויב אימיצער וועט זיך אנפאנגען מיט אייך וועט עס שוין זיין זיין לעצטעס מאל.

מנוח און צללפונית האבען זיך פערנומען צו די וויינגערטנער פון תמנה, און שמשון איז אליין אוועק דורך דעם וועלדעל. אלעס ארום איז געווען שטיל, אויסער א געזאנג פון א פויגעל, וואס האט פון צייט צו צייט אפגעהילכט אין דער לופט. פלוצלינג האט זיך צו שמשון'ס אויערען דערטראגען א ברומען... ער האט גלייך עס דערקענט אלס דאס ברומען פון א לייב. ער האט זיך גענומען ארומקוקען, און ער האט בעמערקט ווי א לייב קומט איהם אן אנטקעגען.

שמשון האט זיך אפגעשטעלט. ער האט מיט אן אויסערגעוועהנליכע רוהיג־

קייט געקוקט אויף דעם לייב, וועלכער איז איהם ענטקעגען געקומען גאנץ לאנג־זאם... אָבער זיין ברומען האט זיך געקענט הערען איבער'ן גאנצען וועלדעל... דער לייב איז געגאנגען גלייך צו איהם. באלד האט זיך דער לייב אָפּגעשטעלט און האט מיט זיינע פייערדיגע אויגען געקוקט אויף שמשון'ען, וועלכער איז בלויז געווען עטליכע טריט ווייט פון איהם.

— נו, וואס פערלאנגסטו ?—האט שמשון אויסגערופען לאכענדיג.

דער לייב האט נאך שטארקער גענומען ברומען. און מיט גרויס אימפּעט זיך א ווארף געטהאן אויף שמשון'ען.

שמשון האט איהם א בריק געטהאן מיט זיין פוס און דער לייב איז אָבגע־שפּרונגען אויף צוריק מיט אזא שטארקען ברומען, אז די בוימער פון ארום האבען זיך וענומען שאָקלען.

שמשון האט שנעל פון זיך ארונטערגעווארפען זיין אויבער בגד, און איז געבליבען בלויז מיט זיין גארטעל ארום זיינע לענדען

דער לייב האט זיך נאָך אמאָל א לאָז געטהאן אויף שמשון'ען. ער איז גע־ווען אזוי אויפגערייצט און צאָרנדיג פון דעם קלאפּ וואס ער האט געקראָגען פון שמשונ'ס פוס.

שמשון האט זיך א בויג געטהאן און מיט זיינע הענט האט ער א כאפּ גע־טהאן דעם לייב... אָבער דער לייב האט זיך פלינק בעפרייט און איז ווידער אמאָל צוריקגעשפּרונגען אויף עטליכע טריט...

— נו, וואס ענטלויפסטו ?—האט שמשון ווייטער געלאכט צו דעם אויפגערייצטען לייב וועלכער האָט נישט אויפגעהערט צו ברומען.

דער לייב האט ווידער א שפּרונג געטהאן און שמשון האט איהם אָבער די־זען מאָל אָנגעכאפּט מיט זיינע שטארקע הענט.

דער לייב האט געברומט און געזוכט זיך צו בעפרייען; ער האט אויפגע־עפענט זיין מויל און געוואלט מיט זיינע שארפע ציינער זיך ארייבבייסען אין שמשון'ס לייב.

שמשון האט אָנגעכאפּט דעם לייב ביי זיינע פאָדערשטע פיס. די צורייצטע ווילדע חיה האט געזוכט ארייבצוקריגען שמשונ'ס האנט אין זיין מויל. שמשון האט מיט זיין גאנצען כח איהם א קעהר געטהאן און דער לייב איז געווען מיט'ן רוקען אויף דער ערד. שמשון איז אויך געווען אויפ'ן באדען און די ראנגלעניש צווישען איהם און דעם לייב האט זיך נאך פערשטארקט. דער לייב האט זיך אויפגעשטעלט אויף זיינע הינטערשטע פיס, און געזוכט צו בעפרייען די פאָדער־שטע פיס פון שמשון'ס הענט. פּלוצלינג האָט זיך שמשון א דרעה געטהאָן און ער האָט זיך ארויפגעזעצט אויפ'ן לייב רייטענדיג. דער לייב האָט זיך געצאַפּעלט, געריסען, געברומט, אָבער שמשון האָט דעם לייב אזוי פעסט געהאלטען צווישען זיינע פיס, אז ער האָט זיך נישט געקענט בעפרייען... דער לייב האט געדרעהט מיט'ן קאָפּ צו רעכטס און צו לינקס, זיין מויל איז געווען אָפען און מיט זיינע שארפע ציינער האָט ער געזוכט זיין שונא'ס קערפּער. שמשון האט אָפּגעלאזט דעם לייב'ס צוויי פאָדערשטע פיס. דער לייב האט זיך שוין גע־פיהלט עטוואס פרייער, און ער האָט ארונטערגעלאָזט זיין קאָפּ און שוין נאָך א האָר דערגרייכט שמשון'ס לינקען פוס. דאָ האָט אָבער שמשון בליץ שנעל מיט

זיין לינקער האנד א נעהם געטהאן די אויבערשטע טייל פון דעם לייב'ס מויל, און מיט זיין רעכטער האנד די אונטערשטע טייל פון זיין מויל, און ער האט גענומען רייסען...



שמשון צורייסט דעם לייב

דער לייב האט זיך געצאפעלט, ער האט געוואלט פערמאכען זיין מויל, אבער שמשון האט מיט זיין גאנצען כח א ריס געטהאן אויף צוויי העלפט, אזוי ווי אימיצער וואלט צוריסען א יונגע ציגעלע.

דער ליִיב איז געלעגען א טויטער אין א טייך בלוט. שמשון איז א ווײַלע געשטאנען און געקוקט אויף דעם טויטען ליִיב. ער האָט באמערקט, אז זיינע הענט און אנדערע טיילען פון זיין קערפער זיינען באפלעקט מיט דעם ליִיב'ס בלוט. און ער איז געווען צופריעדען וואס ער האט פון זיך ארונטערגעווארפען זיין בגד, ווי אזוי וואָלט ער זיך געקענט בעווייזען אין תמנה מיט א פארבלוטיג־טען אויבער בגד ?... שמשון האט אויפגעהויבען זיין מאנטעל. ע ר האט גע־וואוסט, אז דאָ נישט ווייט געפינט זיך א טייכעל. ער האט געמאכט א צייכען אויף דעם פלאץ, וואו דער טויטער ליִיב איז געלעגען, און איז אוועק צום טייכעל, אי ארומגעוואשען די בלוט פלעקען. ער האט אויף זיין נאקעטען לייב באמערקט עטליכע קראצען וואס דער ליִיב האט איהם געמאכט בעת ער האט זיך מיט איהם געראנגעלט. ווי ער האט זיך גוט ארומגעוואשען, האט ער אויף זיך ארויפגע־טהאָן זיין בגד און מיט שנעלע טריט אוועק צו די טויערען פון תמנה.

פון ווייטען, האט ער בעמערקט זיינע עלטערען, און ווען ער איז צו זיי צוגעקומען, האט מנוח זיך אָפּגעשפּען :

— ווי עס ווייזט אויס איז דער וועג דורך וואנען דו האסט זיך פערנומען, זעהר א לאנגער, מיר ווארטען שוין דא א היבשע ווײַלע אויף דיר.

שמשון האט ביי זיך בעשלאָסען נישט צו דערצעהלען זיינע עלטערען וועגען דעם ליִיב, צוליעב וואס זאלען זיי זאָרגען און מורא האבען ווען ער וועט אליין אוועקגעהן, דעריבער האט ער געזאגט :

— ניין, עס איז ניט קיין סך לענגער ווי דער וועג דורך די וויינגערטנער, אָבער איך בין געווען שטארק פערשטויבט, און ווען איך האָב פון ווייטען בעמערקט א קלאָהרען פליסענדען טייכעל, האָב איך זיך דאָרטען אָפּגעבאָדען.

ווען זיי זיינען אָנגעקומען אין תמנה איז שוין געווען נאָך האלבען טאָג. דורכגעהענדע פלשתים האבען זיי בעטראכט און זיך שטילערהייט גערעדט. אייניגע האָבען שויז שמשון'ען געקענט, און זיי האָבען איבערגעגעבען די אנדערע וועגען דעם וויכטיגען בעזוכער.

— דאס געהט ער יעצט צו אונזער הויפּט, דישון, מען זאגט אז ער וועט חתונה האבען מיט מרמה'ן, זיין עלטערע טאָכטער.

— און איך האָב געהערט—האט א צווייטער פלשתי זיך אָפּגערופען—אז מרמה וועט חתונה האבען מיט איינעם פון אונזער שטאָדט.

— ווייסטו נישט וואס דו רעדסט !

— איך ווייס אפילו ווער דאס איז ?

— ווער איז ער ?

— עס איז להמי, וועלכער וואהנט נישט ווייט פון די טויערען פון שטאָדט.

— ווער האט עס דיר געזאגט ?

— להמי אליין ! ער האט מיר געזאגט, אז מרמה האט איהם ליעב און אין גיכען וועט פאָרקומען זייער חתונה.

— ער איז א פּוסטער בעריהמער, און אויב ער וועט נישט וויסען ווי אָפּצוּהיטען זיין צונג, וועט ער כאפּען די זעלבע מפּלה ווי ברטור האט געכאפּט.

— ווי איך האָב געהערט—האט א דריטער פלשתי זיך אריינגעמישט,—

וועט דישון נאר אין גיכען בעגנאדיגען ברטור'ן, ווייל דער סרן פון עקרון האט אזוי פערלאנגט.

— אָבער קיין צינזען אויפמאַהנער וועט ער שוין מעהר נישט זיין, ער, אליין, וועט שוין דאס נישט וועלען... ער וועט מורא האבען זיך צו בעגעגענען מיט שמשון'ען....

— און איך זאג אייך, אז נישט שמשון און נישט לחמי וועט חתונה האַבען מיט מרמה'ן... ברטור וועט מיט איהר הייראטען.

דו ביזט געריהרט פון זינען! נאכדעם ווי ברטור האט געמאכט א פערזוך איהר צו טויטען, און אויך א פארזוך צו טויטען דישון'ען און זיין פרוי, וועט ער איהם אָנפערטרויען זיין טאָכטער!

— אלע האבען שוין באלד פערגעסען אָן דער פאסירונג, און איהר דארפט אויך נישט פארגעסען, אז מרמה האָט ברטור'ן געליעבט ווען זי איז נאך גאר יונג געווען. און עס וועט לאנג נישט נעהמען און זי וועט איהם מוחל זיין.

— און מיר דוכט זיך אז זי האסט איהם פאר אלעס וואָס ער האָט געטהאָן. ווען ער האט אוועקגערויבט די אידישע כלה און נאכדעם ווי שמשון האט איהם און זיינע פריינד צושלאָגען, האט זי איהם נאך מעהר פערהאסט.

— וואס איז דאָ וואס צו קלעהרען, זעהט איהר דען נישט, אז שמשון איז געקומען מיט זיינע עלטערען. און געוויים מיינט עס, אז ער איז געקומען צו הייראטען דישון'ס עלטערע טאָכטער.

— און איך גלויב, אז דער סרן פון עקרון וועט נישט דערלאָזען אז רישון זאָל פארהייראטען זיין טאָכטער צו א ישראל.

— אָבער צו אזא מאן ווי שמשון איז, וועט ער נישט זיין דאגעגען. אלע ווילען מיט איהם לעבען בשלום. און עס איז צו האפען, אז דורך זיין הייראט מיט רישון'ס טאָכטער, וועט ער זיך בעציהען מיט מעהר פריינדליכקייט צו די פלשתים, און ער וועט נישט שטערען אויב מיר וועלען ארויפלייגען אויף זיי א גרעסערען צינז, און געוויים וועט ער נישט געהן קעמפפען פאר זיי געגען אונז.

אזוי האבען זיך די פלשתים דורכגעשמועסט און בעגלייט שמשונ'ען און זיינע עלטערען מיט זייערע בליקען ביז וואנען זיי האבען זיך שוין מעהר גיט געזעהן.

---

ווען מרמה האט אויסגעפונען פון מנוח'ן, אז איהר אינגערע שוועסטער, איז געווען ביי שמשונ'ען, האט זי שוין אָנגעפאנגען צו פארשטעהן, פארוואס שמשון האָט זיין ווארט נישט געהאלטען... יא, בריעה, האָט זיכער אויף איהר א בלבול געמאכט, כדי איהר צו פארמיאוס'ן אין זיינע אויגען.... זי וועט באלד אויסגעפינען פון איהם וואס בריעה האט איהם געזאגט. זי בעמערקט ווי מנוח זאגט שמשון'ען עטוואס אויפ'ן אויער, זי זעהט די איבערראשונג אויף שמשון'ס פנים... פלוצלונג אָבער איז איהר אריין א געדאנק גלייך אוועקצוגעהן פון דאַנען, איידער שמשון וועט איהר דערזעהן... אויב שמשון האט געקענט גלויבען, דאס וואס איהר שוועסטער האט אויף איהר אָנגערעדט, וועט זי איהם אנלערנען. יע, זי וועט אוועקגעהן זאָל ער נישט מיינען, אז זי איז געקומען זיך מיט איהם זעהן... זי האט גלייך אָפּגעטראָטען פון דעם געריכטס הויז אן א זייט

און זיך אויפגעשטעלט הינטער א בוים. זי האט בעמערקט ווי שמשון און זיין פאטער קומען ארויס. זי האט געזעהן ווי שמשון זוכט איהר ארום מיט זיינע אויגען. ווי ער שטעלט אפ יעדען פארבייגעהער און פרעגט איהם. יענע קוועטשען כימט די פלייצעס און שמשון פערשווינד פון איהרע אויגען... זי האט זיך פאר־נומען מיט א צווייטען וועג און איז צוגעקומען צו דעם פלאץ ווא איהר דינסט איז געשטאנען מיט די אייזלען.

— קום, לאמיר שנעל אוועק פון דאנען! — האט מרמה קוים איינגעהאלטען איהרע טרעהרען.

זי האט זיך געזעצט אויף איהר אייזעל און איהר דינסט האט אויך געטהאן דאסזעלבע און זיי האבען ביידע אוועקגעריטען.

— נו, מיין טאכטער? — האסטו איהם געזעהן? — איז איהר די מוטער ענטקעגען געגאנגען.

— יע, איך האב איהם געזעהן! — האט מרמה פרובירט שמייכלען. אבער לאמיר פריהער ארייגעהן אין הויז. רישון האט איר אויך גלייך געשטעלט די זעלבע פראגע. און מרמה האט זיך שוין מעהר ניט געקענט בעהערשען און אויס־געבראכען אין א געוויין.

— מיין טאכטער! — האט איהר דער פאטער גענומען טרייסטען — נעהם זיך נישט אזוי צום הארצען. פארגעס איהם, ווייל ער איז דיר נישט ווערטה. ער האט דיר פערראטהען, ער האט דיר געוויס אויסגעביטען אויף איינער פון זיין פאלק!

— אה, נייז פאטער! — האט מרמה געכליפעט — בריעה איז אין דעם אינ־גאנצען שולדיג!

— וואס מיינסטו? — האבען איהרע עלטערען איהר אנגעקוקט מיט ער־שטוינונג.

— בריעה איז געווען ביי שמשונ'ען!

— בריעה?!

— יע, זי איז געווען און האט אויף מיר אנגערעדט.

— ווען?

— מיט איניגע וואכען צוריק!

— ווער האט עס דיר דערצעהלט, שמשונ'ס פאטער, איך האב איהם בע־געגענט נעבען דעם געריכטהויז... שמשון איז דאך געווארען דער הויפט פון זיין שבט. ער איז א שופט.... איך בין דארט צוגעקומען און געזעהן פון וויטען ווי ער משפט די אידען. איך האב מיין פנים פערדעקט מיט א שלייער. דאן איז אנ־געקומען זיין פאטער און ער האט מיך דערקענט ביי דעם רינג וואס ער האט מיר אמאל געגעבען.

— און וואס האט ער דיר געזאגט? — האט די מוטער איהר געפרעגט.

— ער האט מיר איינגעלאדען צו זיין הויז און ווען איך האב איהם גע־זאגט, אז איך אייל זיך צו געהן אהיים, האט ער מיר געזאגט, אז ער וועט מיר געבען נאך א בעסערע אויפנאהמע ווי מיין שוועסטער.

— האט ער דיר אויך דערצעהלט וואס בריעה האט גערעדט?

— ער האט מיר געזאגט, אז זיי האבען לכבוד איהר געמאכט א מאהל־

ציט און שמשון האט איהר נאכהער בעגלייט ביז די טויערען פון שטאָדט, וואו א יונגערמאן האט אויף איהר געווארט מיט א פוהר.

— און ווער איז דער יונגערמאן געוועז ?—האט רישון געפרעגט.

— איך וויים נישט !

— האט דיר שמשון גאר נישט געזאגט ?—האט די מוטער געפרעגט.

— איך האב מיט שמשונ'ען נישט גערעדט.

— דו האסט מיט איהם נישט גערעדט ?!

— מנות איז אריין איהם אָנזאָגען און שמשון איז שנעל ארויסגעקומען אָבער איך האב זיך בעהאלטען, איך האב בעמערקט ווי שמשון זוכט מיך ארומאַרומעטום, אָבער איך האב זיך מיט איהם נישט געוואלט בעגעגענען. איך בין שנעל ארויס פון שטאָדט און אוועקגעריטען אהיים.

— דו האסט זיך בענארישט, מיין טאָכטער, אז דו ביזט שוין יע געוועזען דאָרטען, און דו האסט בעמערקט ווי נייגיעריג שמשון איז געוועזען דיך צו זעהן, בעהמסטו און ענטלויפסט.... דו האסט געדארפט מעהר שכל האבען און פערשטעהן, אז א מיספערשטענדינס איז דאָ פאָרגעקומען, בפרט נאָך ווען דו האסט אייסגעפונען, אז בריעה איז ביי איהם געוועזען, אלעס וואלט קלאָהר געווארען ווען דו וואלסט זיך מיט איהם דורכגערעדט,—האט רישון איהר פאָרגעווארפען.

— איך וועל איהר נישט שענקען, די מיאוס'ע בעשעפענים—האט מרמה געקריצט מיט איהרע ציינער. זי האט עס אלעס פעראורזאכט !

— אויב דו וועסט מיך צוזאָגען אז דו וועסט זיך בעהערשען, וועל איך איהר אריינרופען און פון איהר אלעס אויסגעפינען.

— זי וועט לייקענען ! די אומווירדיגע ! — האָט מרמה ניט אויפגעהערט צו שטורמען.

— מיר וועלען איהר זאגען, אז שמשון האט געשיקט דורך א שליח און אָנגעזאגט, אז זי איז דאָרטען געוועזען ביי איהם.

— מיט בייזען און אויפרעגונג וועסטו גאָר נישט אויפטהאן, מיין טאָכטער !— האט איהר די מוטער געזאגט—בערוהיג זיך און איך וועל אריינרופען בריעה'ן. יע, מיט געלאסענהייט וועט זיין א סך גרינגער ארויסצוקריגען פון איהר, וואס זי האט דאָרטען געטהאן און ווער דער יונגער מאן איז געוועזען, וועלכער האט איהר בעגלייט. פערשפרעכסטו מיר, מיין טאָכטער.

מרמה האָט א שאָקעל געטהאָן מיט איהר קאָפּ, און די מוטער איז אריינגעגאנגען אין א צווייטען צימער און זיך באלד צוריקגעקעהרט מיט בריעה'ן.

— זאג מיר, בריעה, האָסטו זיך לעצטענס געזעהן מיט שמשונ'ען ?—האט רישון איהר געפרעגט.

— ניין ?—האט זי געענטפערט, רויט ווערענדיג.

— מיין טאָכטער, פערלייקען גארנישט, אויב דו וועסט מיר דערצעהלען דעם אמת, וועסטו דערפון גארנישט לידען,—האט דער פאָטער געזאגט.

— דו האסט זיך נישט וואס צו שרעקען מיין טאָכטער—האט איהר די מוטער אָנגענומען פאר'ן האנט,—דערצעהל אונז אלעס !

— אָה, איך האב שמשונ'ען ליעב !—האט זיך בריעה פארנאנדערגעכליפעט—איך האב דעם זעלבען רעכט צו איהם ווי זי !

— וואס האסטו איהם געזאגט ?—האט דישון א פרעג געטהאן מיט א שטרענגע שטימע.

— איך האב איהם געזאגט.... יע, זי וויים וואס איך האב איהם געזאגט...

— ווי קומס זי צו וויסען וואס דו האסט מיט שמשונ'ען דארטען גערעדט?

— האט די מוטער זיך אפגערופען.

— איך האב שמשונ'ען געזאגט, אז מרמה האט זיך געליעבט אין ברטורן... יע, עס איז אמת. זי קען דאס נישט אפלייקענען !

— עס איז א ליגען ! עס איז א ליגען !—האט מרמה אויסגעשריען. איך האט ברטור'ן קיינמאל ניט ליעב געהאט... איך בין בלויז געווען נייגעריג צו וויסען וואס ער טהוט און וואוהין ער געהט מיט זיינע חברים.

— און דאס אלעס וואס דו האסט איהם דערצעהלט ?—האט איהר דישון געפרעגט.

— יע, דאס איז אלעס !

— און ווער איז דאס געוועזן דער יונגער מאן וועלכער האט דיר בעגלייט ביז צרעה ?

— איך וויים נישט... קיינער האט מיר נישט בעגלייט.

— איך האב דאך דיר געזאגט, אז אויב דו וועסט זיך מודה זיין אין אלעס, וועט דיר גארניט געשעהן, פארוואס זאלסטו פארלייקענען, זאג מיר ווער איז ער דאס ?

— לחמי !—האט בריעה געענטפערט מיט א נידעריגע שטימע און ארונטערגעלאזען איהרע אויגען.

— עס איז אונמעגליך ! – האט דישון אויסגערופען — ער וועט דאך ניט דעם ארויסגעהאלפען, ער וועט זיין שטראף בעקומען !

— איך שווער ביי דגון, אז לחמי איז אומשולדיג—האט בריעה געזאגט— איך האב איהם געבעטען צו טהאן מיר א טובה און מיר צופיהרען אויף זיין פוהר ביז צרעה, אבער ער וויים גאר נישט וועגען דעם צוועק פון מיין געהן אהין.

— עס איז אונמעגליך !—האט דישאן אויסגערופען—ער וועט דאך נישט אוועקווארפען זיין ארבייט אין מיטען טאג און דיר אוועקפיהרען נאך צרעה. איך שיק איהם שוין רופען, און ער וועט מיר אלעס ערקלעהרען.

— לחמי האט ליעב מרמה'ן און איך האב איהם פארשפראכען ארויסצוהעלפען... יא, איך האב איהם געזאגט אז מרמה האט איהם אויך ליעב, און ווען איך האב איהם צוגעזאגט צו ריידען מיט מרמה'ן וועגען זיין גרויסע ליעבע צו איהר, האט ער מיין פארלאנג ערפילט און מיך אפגעפיהרט ביז צרעה. אבער איך האב איהם גארנישט געזאגט דעם ציוועק פון מיין געהן אהין.

— א, די פאלשע, די ליגנערין ! איך וועל איהר פאר דעם נישט שענקען, — האט מרמה אויסגערופען.

— פון דעסטוועגען וואונדערט מיך אויף שמשון'ן ער זאל זיך נעהמען צום הארצען וועגען א זאך וואס האט שוין לאנג פאסירט... זאל שוין זיין אז דאס איז געווען אמת, אז אלס קינד האסטו ליעב געהאט ברטור'ן, האט ער אליין קיין רעכט ניט צו זיין אויף דיר אזוי בייז.

— איך בין זיכער אז זי האט אויף מיר פיעל מעהר אנגערעדט. — האט מרמה געיאמערט.

— איך האָב שמשון'ען אויך ליעב און אויב איך וועל איהם נישט קענען קריגען, וועט איהם מרמה אויך נישט קריגען... — האָט בריעה מיט צאָרן אויס־געריפען.

— זאָרג נישט, מרמה, אלעס וועט רעכט ווערען, — האָט דישון געזאָגט. — איך וועל שוין זעהן אז שמשון זאָל וויסען דאָס בריעה האָט איהם גענאַרט, ווייל זי איז אייפערזיכטיג.

די צוויי שוועסטער האָבען זיך אָנגעקוקט מיט שנאה און צאָרן. זיי האָבען צווישען זיך מעהר נישט גערעדט, און די מוטער האָט שוין געזעהן אז זיי זאָלען נישט שלאָפען צוזאמען אין צימער, ביז וואַנען זיי וועלען זיך בערוהיגען.

---

שמשון איז מיט זיינע עלטערען צוגעקומען גאַנץ נאָהענט צו דישון'ס וואָהנונג. ער האָט פון ווייטען באמערקט איינעם פון דישון'ס דיענער. ער האָט א וואונק געטהאָן צו איהם, און ווען יענער איז צוגעקומען האָט ער איהם גע־הייסען געהן מעלדען דישון'ען אז שמשון און זיינע עלטערען זיינען אָנגעקומען.

דער דיענער איז אוועק און באלד איז דישון ארויסגעקומען און מיט גרויס שמחה זיי אויפגענומען.

— ווילקאָמען אין אונזער הויז! — האָט דישון'ס פרוי זיך אָפגערופען.

מנוח און צללפונית זיינען געבליבען שטעהן צוטומעלט. זיי האָבען זיך ארומגעקוקט, און געוואָרפען זייערע בליקען אויף שמשון'ען וועלכער איז גע־שטאַנען ווי א פארשעהמטער.

— דאָס איז מיין פאָטער און מוטער, — האָט זיך שמשון אָפגערופען צו דישון'ען און זיין פרוי, — און וואו איז מרמה?

— זי געפינט זיך אין איהר צימער. זי וועט זיך שטאַרק פרעהען ווען זי וועט דערהערען אז דו ביזט געקומען מיט דיינע עלטערען, ווי דו האָסט פאַר־שפּראָכען. — האָט דישון'ס פרוי געזאָגט.

— דו האָסט אפילו פארשפּעטיגט מיט דיין קומען, — האָט דישון א שמייכעל געטהאָן, — אָבער איך בין צופרידען אז דו ביזט דאָך געקומען. געה, זאָג מרמה'ן אז שמשון איז געקומען מיט זיינע עלטערען.

די מוטער איז אריין אין צווייטען צימער און אנגעזאָגט מרמה'ן וועגען דעם וויכטיגען גאַסט וואָס איז געקומען.

— דו זעהסט, מיין טאָכטער, אז דו האָסט אומזיסט געזאָרגט. שנעלער טהו אָן דיין שעהנע קלייד און קום ארויס...

— איך וויל נישט געהן! — האָט זיך מרמה גענומען קאַפּריזעווען, — אויב ער האָט מיך אזוי געקענט בעהאַנדלען... ניין... איך וויל נישט ארויסגעהן.

— טאָכטער מיינע! — האָט די מוטער אויסגערופען, — ביזטו דען נישט צופרידען וואָס ער איז געקומען? !... און איך האָב געמיינט אז...

— ניין, איך וויל נישט ארויסקומען... ער האָט אויף מיר געגלויבט וואָס בריעה האָט אויף מיר אָנגערעדט.

— דו זעהסט דאָך אז ער גלויבט איהר נישט.

— ווען ער וואָלט איהר נישט געגלויבט, וואָלט ער גלייך געקומען, נישט אין עטליכע וואָכען ארום. — האָט מרמה געזאָגט. — דאָס איז א סימן אז ער האָט מיך נישט ליעב...

—אבער יעצט אז זיי זיינען אלע געקומען, קענסטו דאך זיי נישט פאר־שעהמען.

— איך וועל נישט ארויסגעהן! — האט מרמה איינגעגראבען איהר פנים אין איהרע הענט.

ד' מוטער איז א ווײלע געשטאנען און פּרובירט נאך אמאל ריידען צו איהר און ווען זי האט זיך איינגע'עקשן'ט, איז די מוטער ארוים פון דארט, און צוריק אריין אין דעם צימער וואו יד געסט זיינען געווען.

— וואו איז מרמה? — האט איהר דישון געפרעגט.

זי האט געשוויגען.

— פארוואס קומט זי נישט ארוים? — האט דישוי נאך אמאל געפרעגט.

— איך ווייס נישט, — האט זיין פרוי א קוועטש געטהאן מיט די פלייצעס.

שמשון האט א קוק געטהאן אויף דישון'ען און אויף זיין פרוי, און ער האט זיך צו זיי געווענדעט:

— וואו איז מרמה?

— זי איז אין איהר צימער! — האט די מוטער געענטפערט.

— און פארוואס קומט זי נישט ארוים?

— איך ווייס נישט!

— וויל זי דען מיך נישט זעהן? — האט שמשון געפרעגט.

ער האט נישט בעקומען קיין ענטפער.

— אה, יעצט זעה איך אז דאס איז אמת! — האט שמשון אויסגערופען,

— זי וויל צו מיר נישט ארויסקומען, ווייל זי ליעבט א צווייטען. קומט! — האט ער זיך געווענדעט צו זיין פאטער און מוטער, — לאמיר געהן צוריק.

— אה, ווארט, שמשון, איך בעט דיך! — האט זיך דישון צו איהם אפּגע־רופען, — אט וועל איך צו איהר אריינגעהן. זי וועט באלד ארויסקומען.

— עס איז נישט נויטיג, — האט שמשון געזאגט מיט צארן, — זאל זי געהן צו לחמי'ן קומט...

מנוח און צללפונית זיינען נאכגעגאנגען זייער זוהן שווייגענדיג. אין זייער הארצען זיינען זיי ביידע געווען צופרידען וואס עס האט זיך אזוי אויסגעלאזען.

שמשון איז געווען ענטטוישט און אויפגערעגט, ער האט אבער מעהר קיין ווארט נישט גערעדט. זיי זיינען אלע ארייסגעגאנגען פון דישון'ס הויף.

— שמשון! שמשון! ווארט! — האט זיך צו זיי דערטראגען א שטימע, — און ווען שמשון האט אומגעדרעהט זיין קאפּ, האט ער געזעהן ווי מרמה לויפט צו איהם מיט גרויס אימפּעט.

שמשון האט זיך אפּגעשטעלט און מיט ערשטוינונג באטראכט מרמה'ן, וועלכע איז צו איהם צוגעלאפען און איהם געפאלען אויפ'ן האלז...

— שמשון! אה, שמשון, געה נישט אוועק! — האט זי זיך פאנאנדער־געוויינט — א, שמשון, פארלאז מיך ניט! איך האב דיך אזוי ליעב!

שמשון איז געבליבען שטעהן א צוטומעלטער. מרמה האט זיך איינגע־קלאמערט אין איהם, איינגענורעט איהר קאפּ אין זיין בוזים און געכליפּעט.

שמשוי'ס הענט האבען איהר ווי אומבאוואוסטזיניג ארומגענומען און באלד האט ער איהר א קוש געטאן אין קאפּ...

גלייך נאכדעם האט ער זיך באפרייט פון איהר אומארמונג, זי איז גע־

בליבען שטעהן נעבען איהם א פארשעהמטע מיט אן ארונטערגעבויגענעם קאפ.

שמשון האט זיך עטוואס אפגערוקט פון איהר און מרמה'ן באטראכט מיט דורכדרינגענדע בליקען. ער האט באמערקט איהרע פייכטע אויגען און אין זיין הארצען האט זיך א רחמנות־געפיהל ערוועקט פאר איהר.

מנוח און צללפונית זיינען געבליבען שטעהן ווי געלעהמטע. זיי זיינען אויך געריהרט געווארען פון דער סצענע. צללפונית האט גענומען באטראכטען מרמה'ן... זי איז נישט קיין מיאוס'ע — האט זי ביי זיך באשלאסען — אבער ווי קומט זי צו תרצה'ן... אויב זי וועט נאר ראבען די מעגליכקייט, וועט זי נישט דערלאזען אז שמשון זאל זי נעהמען פאר זיין כלה...

א ווילע זיינען אלע געשטאנען און געשוויגען. דערנאך איז שמשון צו איהר נעהנטער צוגעגאנגען און זיך אפגערופען מיט גלייכגילטיגקייט:

— וואס איז דיין פארלאנג, מרמה?

— האסטו דען מיך מעהר נישט ליעב? — האט זי קוים ארויסגערעדט.

— און דו פרעגסט מיך אזא פראגע?! — האט שמשון געזאגט מיט א ביטערען שמייכעל — דו ליעבסט א צווייטען און מיך פרעגסטו אויב איך האב דיך ליעב!

— מיין שוועסטער האט דיך גענארט! — האט מרמה אויסגערופען — און אויב דו וואלסט מיך אויף אן אמת געליעבט וואלסטו איהר נישט גע־גלויבט!

— דו זעהסט דאך, אז ווי נאר דו האסט ארויסגעוויזען די קלענסטע אנדייטונג אז דו טראכסט פון מיר, בין איך צו דיר געקומען... אבער האב איך דען בעדארפט א בעסערען באווייז, אז דיין הארץ האסטו אפגעגעבען א צווייטען, ווען דו האסט זיך ענטזאגט ארויסצוגעהן מיך זעהר!

— איך ווייסט נישט, שמשון, אויב דו וועסט מיך פארשטעהן — האט מרמה טרויעריג געזאגט — איך בין געוועזען אזוי גליקליך צו הערען פון מיין מוטער אז דו ביזט געקומען, אז איך האב געוואלט גלייך ארויסלויפען, דיך פאלען אויפ'ן האלז און דיר קושען... אבער פלוצלונג האב איך זיך דערמאנט אז דו האסט געגלויבט אלעם וואס מיין שוועסטער האט אויף מיר אנגערעדט... און איך ווייס נישט ווי אזוי דאס האט פאסירט, און איך האב געזאגט מיין מוטער, אז איך וועל נישט ארויסקומען... אבער, גלויב מיר, שמשון, אז איך האב עס נישט געמיינט! און ווי נאר איך האב באמערקט אז דו געהסט אוועק, בין איך ארויסגעלאפען... איך האף, אז דו וועסט מיך ענטשולדיגען...

— האסטו איהם דען נישט ליעב?

— איך האב איהם קיינמאל נישט ליעב געהאט, און בפרט נאכדעם ווען איך האב געזעהן ווי געמיין ער איז און וואס פאר א פייגלינג ער איז נעוועז אין קאמף מיט דיר... און אויסער דעם, ווי אזוי וואלט איך געקענט ליעב האבען א מאן, וועלכער האט צוויי פארזוכען געמאכט מיך צו טוידטען... מיר וואונדערט זיך אויך דיר, שמשון, ווי אזוי דו האסט גאר געקענט איהר גלויבען... בריעה האט אויף מיר א בלבול געמאכט, ווייל זי איז אייפערזיכטיג אויף מיר... און דו האסט געדארפט אליין פארשטעהן, אז איך האב ברטור'ן פיינט.

— ווער רעדט דען וועגען ברטור'ן! — האט שמשון אויסגערופען —

ווען זי האָט מיר דערצעהלט וועגען ברטור'ן האָב איך אפילו וועגען דעם נישט נעטראַכט... איך רייד אָבער וועגען לחמי'ן!

— לחמי?! — האָט מרמה איהם אָנגעקוקט — וואָס האָט זי דיר דערצעהלט וועגען מיר און לחמי'ן?

— בריעה האָט מיר דערצעהלט, אז דו האָסט ליעב לחמי'ן.

— איך האָב ליעב לחמי'ן?! — האָט מרמה אויסגערופען מיט צאָרן — ווי אזוי האָסטו איהר געקענט גלויבען אזא זאַך? עס איז שוין באַלד צוויי יאָהר אז איך האָב מיט איהם אפילו קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. אמת, ער איז אייניגע מאָל געקומען צו אונז אין הויז, אָבער בין איך דען ארויסגעקומען צו איהם?... געוועהנליך זיינען מיר איהם דאַנקבאַר געווען פאַר דער טובה וואָס ער האָט מיט אונז געטאָן. אָבער איך פאַרזיכער דיר, שמשון, אז איך האָב אפילו פון איהם קיינמאָל נישט א טראַכט געטהאָן... מיין שוועסטער האָט אויף מיר דאָס אויסגעטראַכט, כדי מיך צו פאַר'מיאוס'ן אין דיינע אויגען.

— ווען איך וואָלט מייי מיינע אויערען נישט געהערט, וואָלט איך צו איהרע רייד קיין אויפמערקזאַמקייט נישט געשאָנקען! — האָט שמשון געזאָגט.

— האָסטו דען געהערט פון לחמי'ן?

— יא, איך האָב בריעה'ן באַגלייט ביז די טויערען פון שטאָדט. דאָרטען האָט אויף איהר געוואַרט לחמי. בריעה האָט געהייסען מיך זיך באַהאַלטען הינטער א בוים, כדי איך זאָל זיך קענען צוהערען צו איהר געשפּרעך מיט לחמי'ן.

— און וואָס האָסטו געהערט?

— איך האָב געהערט ווי בריעה ענטשולדיגט זיך פאַר איהם וואָס זי האָט זיך פאַרזאַמט, און ווי לחמי באַדאַנקט איהר פאַר דעם וואָס זי האָט נעזעהן מען זאָל איהם צושיקען ברויט מיט וואַסער, און דאַן הער איך ווי בריעה זאָגט איהם: "דו ווייסט דאָך, אז איך וועל נישט לאָזען דעם געליעבטען פון מיין שוועסטער הונגערען".

— און וואָס האָט לחמי איהר געענטפערט? — האָט מרמה מיט נייגע־ריגקייט געפרעגט.

— ער האָט געזאָגט: "ווי גליקליך איך בין, ווען איך דערמאָן זיך, אז מרמה האָט מיך אזוי ליעב, און אז זי וועט איינגיכען געהערען צו מיר, ווילט זיך מיר טאַנצען און שפּרינגען פון שמחה".

— אָ, די פאַלשע, די באַטריגערין! — האָט מרמה געקריצט מיט איהרע צייהן פאַר כעס — דאָס האָט זי מיט איהם געוויס אָפּגערעדט פון פריהער ער זאָל אזוי ריידען. איך וועל גלייך שיקען רופען לחמי'ן און ער וועט מיך מוזען אַלעם דערצעהלען. אויב נישט, וועל איך שוין זעהן אז מיין פאָטער זאָל איהם באַשטראָפען!

— דאָס מיינט אז דו האָסט איהם נישט ליעב! — האָט שמשון אויס־גערופען מיט א פרעהליכע שטימע און איהר אָנגענומען פאַר'ן האַנט.

— איך האָב קיינעם נישט ליעב אויסער דיך! — האָט מרמה זיך א טוליע געטאָן צו איהם — און איך בין זעהר גליקליך וואָס דו ביזט, צוזאַמען מיט דיינע עלטערן, געקומען. און איך האָף, אז דו וועסט מיך יעצט נישט פאַרלאָזען!

— קומט צוריק! — האָט שמשון זיך געווענדעט צו זיינע עלטערען — איך האָב געמאַכט א טעות... דאָ איז פאָרגעקומען א מיספאַרשטענדניס...

שמשון און מרמה זיינען געגאַנגען פאָראויס און מנוח און צללפונית זיינען נאָכגעגאַנגען פון הינטען.

— נו, וואָס זאָגסטו אויף דעם? — האָט צללפונית שטילערהייט געזאָגט צו מנוח'ן — און איך האָב שוין געמיינט, אז עס וועט גאָרנישט ווערען פון דעם... האָסטו נישט באַמערקט ווי ער האָט איהר געקושט?...

— איך האָב גלייך איינגעזעהן, אז ער וועט זיך אומקעהרען — האָט מנוח געזאָגט — שמשון האָט זעהר א ווייכע האַרץ, ער קען נישט פאַרטראָגען קיין טרעהרען און בפרט ווען די טרעהרען קומען פון א פרוי.

— און איך מוז דיר זאָגען, מנוח, אז דאָס איז אינגאַנצען דיין שולד. ווען דו וואָלסט איהם דאַן יישט געזאָגט, אז מרמה וואַרט אויף איהם נעבען דעם אריינגאַנג פון געריכט־הויז, וואָלט ער אָן איהר שוין לאַנג פאַרגעסען און ער וואָלט מעהר אויפמערקזאַמקייט געשאָנקען צו תרצה'ן.

— וואָס מיינסטו, אז מרמה וואָלט מעהר צו איהם נישט געקומען? — האָט מנוח זיך פאַרענטפערט — זי וואָלט איהם שוין נישט אָפּגעלאָזען!...

—און וואָס וועלען מיר איצט טאָן? — האָט צללפונית זיך אָפּגערופען,— וועסטו דען דערלאָזען, אז אונזער שמשון זאָל הייראַטען מיט א טאָכטער פון די פלשתים?

— האָבען מיר דען מיט איהם נישט גערעדט וועגען דעם? — האָט מנוח געענטפערט — אָבער מיר וועלען מיט אונזערע רייד גאָרנישט אויפטאָן... פאַרוואָס זאָלען מיר פאַראורזאַכען אז ער זאָל באַגעהן נאָך א זינד?

— איך פאַרשטעה נישט וואָס דו מיינסט, מנוח! — האָט צללפונית איהם אָנגעקוקט.

— אויב שמשון האָט ליעב מרמה'ן וועלען אונזערע רייד גאָר נישט העלפען... ער וועט מיט איהר חתונה האָבען אפילו ווען מיר וועלען איהם זאָגען אז ער זאָל עס נישט טהאָן, און דאַן וועט ער דאָך זינדיגען...

— און איך האָב געמיינט אז מרמה איז טאַקע זעהר שעהן! — האָט צללפונית א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ — אמת, זי איז שעהנער פון איהר אינגערער שוועסטער, אָבער ווי קומט זי צו תרצה'ן!... אויב שמשון וועט חתונה האָבען מיט מרמה'ן וועל איך האָבען דערפון פיעל עגמת־נפש.

— מסתמא איז עס אזוי באַשערט פון גאָט! — האָט מנוח געזאָגט — וואָס קענען מיר וויסען וואָס עס איז בעסער!... געדענקסטו דען נישט ווען מיר האָבען זיך דערוואוסט פון זיינע חברים, אז שמשון געפינט זיך אין אילון, וואו די פלשתים האָבען אן איבערפאַל געמאַכט... גרויס איז אונזער שרעק געוועזען... און וואָס האָט זיך אויסגעלאָזען? ער האָט אונז דורך דעם אזוי פיעל פאַרגעניגען פאַרשאַפט! מיר זיינען נאָך שטאָלצער געוואָרען מיט איהם. און דורכדעם איז ער געוואָרען דער פיהרער און שופט פון אונזער גאַנצען בשט...

— איך ווייס נישט, אָבער מיין האַרץ שרעקט מיך זעהר! — האָט צללפונית מיט זאָרג געזאָגט — איך האָב מורא אז קיין גוטעס וועט דערפון נישט ארויסקומען — נישט פאַר איהם און נישט פאַר אונז!

— פארוואס זאלסטו פאראויסזעהן שלעכטעס ! — האט מנוח געזאגט — ביז אהער האט איהם גאט באגליקט און איהם געפיהרט אין דעם ריכטיגען וועג. לאמיר האפען, אז גאט וועט איהם אויך שפעטער נישט פארלאזען.

— פארגעס נישט, אז אונזער שמשון איז א נזיר. ער איז געהייליגט געווארען איידער ער איז נאך געבארען געווארען און קיין וויין און שארפע געטראנקען זיינען איהם נישט ערלויבט צו טרינקען... איז איהם דען ערלויבט צו הייראטען מיט א פלשתית ? !....

— וואס שטעהט איהר ? קומט אריין אינעווייניג ! — האט שמשון זיך אפגערופען צו זיינע עלטערען.

— מיר געהען ! מיר געהען ! — האט מנוח געענטפערט און איז אריין אין הויז.

— איך בין זעהר צופרידען, אז איהר האט זיך אויסגעגליכען, קינדער !— האט דישון זיי באגעגענט מיט א שמייכעל.

— עס איז פארגעקומען א מיספארשטענדניס צווישען אונז... אבער יעצט איז שוין אלעס גוט ! — האט שמשון געזאגט מיט א פרעהליכער שטימע.

— אויב אזוי, וועלען מיר אלע אריינגעהן אין עס־צימער, וואו מיר וועלען צוזאמען עסען מאלצייט און דערנאך זיך דורכריידען וועגין אונזערע קינדער!— האט זיך דישון געווענדעט צו מנוח'ן און זיין פרוי.

זיי זיינען אלע אריין אין דעם עס־צימער, וואו דער טיש איז שוין געווען געגרייט.

— נו, מוטער, ווי געפעהלט דיר די כלה וואס איך האב פאר זיך אויס־געקליבען ? — האט שמשון אנגענומען מרמה'ן פאר'ן האנט. — איז זי דען נישט די שעהנסטע מיידעל פון לאנד ?

— המ... יא !... — האט צללפונית געשטאמעלט — אז זי געפעהלט דיר, איז זי געוויס די שעהנסטע...

— איך וויים נישט, אויב איך בין די שעהנסטע — האט מרמה געזוכט צו זיין באשיידען — אבער אז דער, וועמען איך האב אויסדערוועהלט צו זיין מיין מאן איז דער שטארקסטער אין דער גאנצער וועלט — דאס וועט שוין קיינער נישט אפלייקענען...

מען האט זיך געזעצט עסען, און נאכדעם האט מען גערעדט וועגען דעם טאג פון דער חתונה.

דישון און זיין פרוי און מנוח מיט צללפונית'ן זיינען אריין אין א צווייטען צימער, איבערלאזענדיג שמשון'ען מיט מרמה'ן. בריעה האט זיך די גאנצע צייט נישט באוויזען. זי האט אפילו נישט מיטגעגעסען. זי האט זיך געשעהמט פאר שמשונ'ען... זי האט געזעהן אז זי איז דורכגעפאלען, און אז שמשון האט טאקע ליעב איהר שוועסטער... פונדעסטוועגען האט זי געהאפט, אז שמשון וועט דאך נישט חתונה האבען מיט מרמה'ן... זי האט גענומען טראכ־טען פון לחמי'ן... ער איז געוועזן אזוי גנעדיג צו איהר... וואס וועט ער איהר זאגען, ווען ער וועט אויסגעפינען אז זי האט איהם גענארט... זי וועט זיך פארענטפערען, אז זי האט געמאכט א טעות... פארוואס זאל עס אזוי זיין, אז אלע ליעבען מרמה'ן... פארוואס ליעבט איהר אפילו לחמי נישט... יא, זי וועט אלעמען וויזען, אז אויך זי קען געליעבט ווערען...

בריעה האָט זיך אומבאמערקטערהייט ארויסגעשארט פון הויז און איז אוועק צו לחמי׳ן. זי האָט אויף איהם געוואַרט ביז וואַנען ער וועט זיך

לחמי איז געוועזן זעהר צופרידען, ווען ער האָט זי פון ווייטען דערזעהן.
צוריקקעהען פון פעלד.

— איך וויים, אז דו ברענגסט מיר פרעהליכע נייעס — האָט ער זיך צו איהר אָפּגערופען, ווען ער איז צו איהר צוגעקומען.

— איך וויים נישט אויב דו וועסט עס אָנרופען פרעהליכע גייעס — האָט בריעה געזאָגט מיט א שמייכעל — זאָג מיר דעם אמת, לחמי, האָסטו ווירקליך ליעב מיין שוועסטער?

— המ... איך פארשטעה נישט... פארוואָס פרעגסטו מיך אזא פראגע — האָט לחמי געשטאַמעלט — געוויס האָב איך זי ליעב! און זי? האָט זי דען מיך נישט ליעב?...

— איך צווייפעל אביסעל אין דעם — האָט זי א קוועטש געטהאָן מיט איהרע פּלייצעס.

— איך פארשטעה דיך נישט. — האָט לחמי זיך אָפּגערופען מיט זארג— האָט מיר דין מרמה ניט ליעב?

— ניין! — האָט זי קאַלט געענטפערט.

— און האָסטו דען מיר אליין נישט לאַנג צוריק געזאָגט, אז מרמה האָט מיך ליעב?!

— יא, איך האָב דיר געזאָגט — אָבער, ווי עס ווייזט אויס, האָט מרמה מיך גענארט... זי האָט בלויז אזוי געזאָגט, אָבער איהר הארץ האָט זי איבער־געגעבען א צווייטען.

— איז דען שמשון פון צרעה דער יעניגער? — האָט לחמי געפרעגט.

— יא, ער איז עס דער יעניגער! אָבער דו מעגסט זיכער זיין, אז ביי מיין שוועסטער וועט ער ניט זיין דער לעצטער! איך וויים נישט וואָס די יונגע לייט געפינען אין איהר?... זי קען קיינמאָל נישט זיין געטריי צו איין מאַן!

— און דו זאָלסט אזוי ריידען וועגען דיין שוועסטער?! — האָט לחמי איהר געפרעגט מיט ערשטוינונג.

— מיין צאָרן ברענט אויף איהר צוליעב דיר, לחמי! איך קען נישט צוזעהן, אז אן אומרעכט ווערט בעגאַנגען. פריהער האָט זי מיך געזאָגט, אז זי האָט דיך ליעב און איך האָב דאָס דיר דערצעהלט, און קורץ נאָכדעם פאר־ליעבט זי זיך אין שמשון׳ען... איך וויים, אז דו וועסט דערפון ליידען, דע־ריבער בין איך געקומען דיך טרייסטען... יא, איך וועל קיינמאָל נישט פאר־געסען דעם חסד וואָס דו האָסט מיט מיר געטאָן! און דו מעגסט מיר גלויבען, ווייל איך בין דיר נישט פאַלש ווי מיין שוועסטער, וועלכע זאָגט איין זאַך און אין איהר הארצען טראַכט זי אנדערש!

— און מיר האָט זיך געדוכט, אז זי האָט שוין שמשון׳ען מעהר נישט ליעב! — האָט לחמי געזאָגט מיט א טרויעריגע שטימע.

— יא, זי האָט זיך מיט איהם צוקריעגט, און דאַן האָט זי גערעכענט אז זי וועט געהן צו דיר. אָבער זייער קריעג האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטען,

און יעצט פארברענגט שוין שמשון מיט איהר און זיי טראכטען שוין וועגן צו באשטימען דעם טאג פון זייער חתונה.

— דאן איז עס אמת? — האט לחמי געזאגט מיט א טרויעריגער שטימע.

— וואס איז אמת? — האט איהם בריעה געפרעגט.

— די קלאנגען, אז שמשון קומט נעהמען מרמה׳ן... איך מוז זיך מודה זיין, אז איך האב פריהער געמיינט אז שמשון איז מיט דיר... ווייל דו ביזט דאך דאן צו איהם געגאנגען.

— א, ניין! דו האסט געמאכט א טעות! — האט בריעה געענטפערט רויט־ווערענדיג — איך האב געוואלט וויסען אויב עס איז אמת, אז שמשון האט ליעב מיין שוועסטער... איך האב נישט געוואלט, אז זי זאל דיך נארען.

— איך בין דיר זעהר דאנקבאר! — האט לחמי געזאגט — איך ווייס נישט, פארוואס איך האב געפונען חן אין דיינע אויגען?

— ווייל איך האב דיך ליעב! — האט זי איהם געענטפערט.

— דו האסט מיך ליעב? — האט לחמי איהר אנגעקוקט.

— יא, איך האב דיך די גאנצע צייט ליעב געהאט און איך האב געזוכט שוין לאנג א געלעגענהייט מיט דיר צו ריידען וועגען דעם!... זאג מיר, האסטו מיך אויך ליעב?

— המ.. דאס איז אזא איבערראשונג פאר מיר... איך האב וועגען דעם אפילו נישט געטראכט... געוויס האב איך דיך ליעב... איך וועל זיך זעהר גליקליך שעצען.

בריעה האט זיך דערנעהנטערט צו איהם און איהם אריינגעקוקט אין די אויגען.

— וואלסטו דען פאר מיר דיין לעבען נישט איינגעשטעלט? וואלסטו דען נישט געקעמפט מיט שטארקערע פון דיר, אויב יענע וואלטען מיך געוואלט שלעכטעס טהאן?

— יא, האט לחמי א שאקעל געטהאן מיט׳ן קאפ — איך וואלט אלעס געטהאן פאר דיר... אבער דיין פאטער? וועט ער צושטימען?...

— פארוואס זאל ער נישט צושטימען? — האט בריעה א שמייכעל געטהאן. — אויב ער שטימט צו אז זיין עלטערע טאכטער זאל חתונה האבען מיט איינעם פון ישראל, וועט ער געוויס צושטימען, אז איך זאל חתונה האבען מיט איינעם פון אונזערע פאלק!

— אבער דו ווייסט דאך, אז איך בין ארים און קען נישט באהויפטען צו געבען דיין פאטער א גרויסען מוהר (נדן).

— וועגען דעם דארפסטו זיך שוין נישט זארגען. איך וועל שוין זעהן, אז מיין פאטער זאל פון דיר קיין סך נישט פאולאנגען.

— איך וועל געהן דערצעהלען מיינע עלטערען! — האט לחמי אויסגע־רופען — זיי וועלען זיין זעהר צופרידען צו וויסען, אז דישון׳ס טאכטער וועט מיט מיר חתונה האבען.

— קום מיט מיר אריין צו דיר אין הויז און מיר וועלען זיי ביידע דערצעהלען...

— ניין, עס וועט זיין בעסער, אז איך זאל מיט זיי אליין ריידען וועגען

דעם... — האט לחמי געזאגט רויט ווערענדיג — איך האב דאך געמיינט אז מרמה האט מיך ווירקליך ליעב, און איך האב זיי וועגען דעם געזאגט. אבער ווען זיי האבען אויסגעפונען אז שמשון קומט צו מרמה'ן, האבען זיי מיר שוין נישט געוואלט גלויבען... יעצט וועל איך זיי זאגען, אז עס איז געווען א טעות, אז דישון'ס אינגערע טאכטער האט מיך ליעב און ווען זיי וועלען מיר נישט וועלען גלויבען, וועל איך דיר דאן איינלאדען צו אונז אין הויז.

— גוט, זאל זיין ווי דו זאגסט — האט בריעה אויסגערופען און איז מיט צופרידענהייט אוועקגעגאנגען אהיים.

## זעקסטער קאפיטעל

## די חתונה.

נאכדעם ווי מנוח און דישון זיינען דורכגעקומען מיט דעם מוהר וואס שמשון דארף געבען פאר דישון'ס טאכטער, האט מען באשטימט אז די חתונה זאל פארקומען אין זעכציג טעג.

מנוח האט פרובירט אפלעגען די התונה אויף א לאנגער צייט, אבער דישון האט דערצו נישט צוגעשטימט.

— פארוואס זאל די חתונה אפגעלעגט ווערען, ווען אונזערע קינדער האבען זיך ליעב? — האט דישון געזאגט — מיר וועלען זיין געגרייט אין זעכציג טעג. איך וועל צוזאמענרופען אלע אונזערע פריינד, און מיר וועלען פייערען די חתונה.

— גוט, מיר וועלען פרעגען שמשון'ען — האט מנוח זיך אפגערופען — איך צווייפעל אויב ער וועט זיין געגרייט ביז יענער צייט. דו ווייסט דאך אז ער איז יעצט שטארק פארנומען. ער איז דאך געווארען דער הויפט שופט פון גאנצען שבט דן. ער משפט דאך דעם גאנצען שבט...

— לאמיר איהם אריינרופען! — האט דישון אויסגערופען מיט א שמייכעל — און מיר וועלען זעהן, אויב ער וועט זיין דאגעגען.

דישון האט שמשון'ען און מרמה'ן אריינגערופען אין צימער וואו מנוח איז געווען מיט זיין פרוי.

— מיר האבען נאר וואס גערעדט וועגען דער פייערונג פון אייער חתונה!

— האט דישון זיך אפגערופען — דיין פאטער וויל די חתונה אפלעגען אויף אויף א לענגערער צייט!

— אויף וויפיעל צייט? — האט שמשון געפרעגט.

— איך גלויב, אז זעכציג טעג איז גענוג צייט זיך צוצוגרייטען צו דער חתונה! — האט דישון געזאגט — אבער אויב דו דענקסט אז עס איז צו־ ווייניג...

— איך האב געזאגט דישון, ווי שטארק פארנומען דו ביזט איצט! — האט מנוח זיך אפגערופען — איך מיין, וואס איז דא זיך וואס צו איילען? יעדען טאג קומען פאר זעהר פיעל משפטים און אלע ווילען אז דו זאלסט זיין זייער שופט. אין א פאר מאנאטען ארום וועט פארקומען די צייט פון שניט, ווען דאס פאלק וועט זיין פארנומען און זיי וועלען קיין צייט נישט האבען זיך צו קומען משפט'ן.

— איך וועל דאך מרמה'ן ברענגען צו זיך אין צרעה! — האט שמשון

אויסגערופען — וואס פאר אונטערשייד וועט דען זיין, אויב די חתונה וועט פארקומען פריהער?

— דער פאטער מיינט — האט זיך צללפונית אריינגעמישט — אז די זיבען טעג וואס וועט גדויערען צו פייערען די חתונה וועט זיין צופיעל...

— איך גלויב, אז זעכציג טעג איז א לאנגע צייט! — האט שמשון צוגע־געבען — און זאל זיין ווי דישון זאגט — זאל די חתונה באשטימט ווערען אין זעכציג טעג ארום. איך וועל דערווייל זעהן אלעם צוצוגרייטען... ביזטו צופרידען מרמה? — האט ער זיך געווענדעט צו איהר.

מרמה האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ אויף יא.

— אזוי בלייבט עס! — האט שמשון אויסגערופען — אין זעכציג טעג ארום וועלען מיר פייערען אונזער חתונה.

שמשון און זיינע עלטערען האבען פארבראכט צוויי טעג אין דישון'ס הויז און אויף דעם דריטען טאג האבען זיי זיך צוריקגעקעהרט נאך צרעה.

---

די לעצטע עטליכע וואכין איז תרצה, די טאכטער פון אביעזר'ן, געווארען עטוואס מונטערער. א שטראהל פון האפנונג האט איבערפילט איהר הארץ. זינט שמשון איז געקומען צו איהר אין הויז און מיט איהר א קליינע וויילע פארבראכט, איז איהר טרויער פון איהר אינגאנצען פארשוואונדען.

זי האט גענומען באזוכען צללפונית'ן יעדען טאג און מיט איהר פאר־ברענגען. תרצה האט געוואוסט, אז צללפונית, שמשון'ס מוטער, האט איהר זעהר ליעב, ווי זי וואלט געווען איהר אייגען קינד... זי ווייס שוין לאנג, אז זי ליעבט איהר זוהן, און צללפונית האט איהר פארשפראכען ארויסצוהעלפען... און ווען שמשון איז געקומען צו איהר זיך ענטשולדיגען, האט זי פארשטאנען, אז זיין מוטער האט איהם דעם א האנד...

— איך ווייס נישט ווי אזוי איך וועל דיר קענען דאנקבאר זיין — האט תרצה געזאגט צו צללפונית'ן אויף מארגען, נאכדעם ווי שמשון איז ביי איהר געווען.

— איך האב דיר אנצוזאגען נאך א בשורה! — האט צללפונית געזאגט מיט א צופרידענעם שמייכעל — מיין זוהן וועט שוין מעהר נישט געהן קיין תמנה צו די טעכטער פון די פלשתים. ער האט זיך דערוואוסט דורך דער אינגערער שוועסטער ווי שטארק פארדארבען די עלטערע איז, אז אין דער צייט וואס ער מיינט אז זי ליעבט איהם, פיהרט זי גאר א ליעבע מיט א צווייטען. און שמשון האט מיר פארשפראכען איהר מעהר נישט צו באזוכען.

ווען תרצה האט דאס דערהערט, האט זיך א פרייד אין איהר צוגאסען... איצט וועט שוין שמשון איהר שענקען מעהר אויפמערקזאמקייט... ער וועט שוין זעהן ווי גרויס איהר ליבע איז צו איהם. זי וועט זיין הארץ געווינען. מיט יעדען טאג האט זי אלץ געקראגען מעהר האפנונג. און ווען שמשון פלעגט אוועקגעהן אין בית המשפט משפט'ן דעם פאלק, פלעגט זי גאנץ אפט זיך אהין אריינ'גנב'ענען און שטעהן פון ווייטען און באטראכטען דעם העלדישען שמשון און חלומ'ען אזעלכע זיסע חלומות וועגען איהם... זי פלעגט צומאכען איהרע אויגען און טראכטען וועגען שמשונ'ען פון דער צייט ווען ער האט אזא גרויסע

העלדישקייט באוויזען צוליב איהר... ער איז מיט א פאר יאהר אינגער פון איהר, אבער איצט מאכט דאך עס נישט קיין אונטערשיעד . . . איז דען מרמה, די פלשתית, נישט עלטער פון איהם... אבער פארוואס זאל זי גאר טראכטען פון איהר... ווער איז זי ?... פארוואס האט שמשון איהר געשאנקען אזוי פיל אויפמערקזאמקייט... געלויבט איז גאט! שמשון האט זיך ארומגעזעהן, אז ער האט זיך באנארישט און ועט שוין מעהר אהין נישט געהן.

א פרעהליכע, א מונטערע איז תרצה יענעם טאג געגאנגען באזוכען מנוח׳ס הויז. זי האט אויסגעפונען, אז שמשון געפינט זיך נישט אין בית המשפט, האט זי זיך אויסגעפוצט אין איהרע שעהנסטע קליידער און איז געגאנגען צו איהם אין הויז. זי איז געווען זיכער, אז זי וועט איהם דארטען טרעפען... גרויס איז אבער איהר ענטטוישונג געווען, ווען זי האט אויסגעפונען פון דער דינסט, אז שמשון איז נאך אין דער פריה אוועק מיט זיינע עלטערען קיין תמנה... איהר הארץ האט איהר שטארק געשראקען, אויב צללפונית און מנוח זיינען מיט איהם מיטגעגאנגען איז א סימן... זי האט א ציטער געטאן... זי האט אפילו וועגען דעם נישט געוואלט טראכטען... ניין, עס איז אוממעגליך! נישט צו מרמה׳ן איז ער געגאנגען! פיליכט האט ער איהר געגעבען מתנות און דאס איז ער מיט זיינע עלטערען געגאנגען אפנעהמען צוריק די מתנות, — האט זיך תרצה גענומען טרייסטען.

אין אווענד איז ווידער תרצה געקומען און זי האט דארט געווארט ביז שפעט אין דער נאכט, און ווען זי האט געזעהן, אז זיי האבען זיך נאך נישט צוריקגעקעהרט, איז זי טרויעריגער געווארען... איצט זעהט זי, אז עפעס ערנסטעס האט פאסירט... אבער ווי אזוי קען דאס זיין ?... האט צללפונית איהר נישט פארזיכערט, אז שמשון האט אין גאנצען אפגעבראכען מיט דישונ׳ס טעכטער ?

תרצה איז אומרוהיג געווארען און אויף דעם צווייטען טאג איז זי עטליכע מאל געקומען. זי האט מיט גרויס נייגעריגקייט געווארט אויף זיי, אבער זיי האבען זיך נאך נישט אומגעקעהרט...

ווען תרצה האט דערהערט, אז שמשון און זיינע עלטערען האבען זיך אומגעקעהרט פון תמנה, איז זי גלייך אוועקגעגאנגען צו זיי. שמשונ׳ען האט זי שוין נישט געטראפען, ער איז אוועק אין בית המשפט. צללפונית האט איהר גאנץ פיין אויפגענומען, אבער זי האט גלייך דערקענט אין די אויסדריקען פון איהר פנים, אז עפעס וויכטיגעס האט פאסירט...

— איך האב זיך געוואונדערט, — האט תרצה זיך אפגערופען מיט א ליכטען שמייכעל נאך א קליינער פויזע. — וואו איהר זייט עם פלוצלונג פארשוואונדען געווארען. און ווען די דינסט האט מיר געזאגט, אז איהר זייט אוועק נאך תמנה, האט זיך מיר נישט געוואלט גלויבען.

— יע, ווען אימיצער וואלט צו מיר געקומען מיט עטליכע טעג צוריק און געזאגט, אז איך וועל מיט מיין שמשונ׳ען געהן נאך תמנה, וואלט איך איהם אויך נישט געגלויבט, — צללפונית מיט אן אומעטיגער שטימע געזאגט, — אבער ווער וויים... עס איז פאר אונז, מענשען, שווער צו פארשטעהן ווי אזוי גאט פיהרט אונז... איך וועל שוין זאגען ווי מנוח זאגט, אז אין אונזערע אויגען

איז דאן אויסגעקומען צו זיין זעהר קרום, ווען שמשון האט זיך אוועקגעלאזען אליין נאכיאגען די פלשתים, אבער ער האט דאך פארט אויפגעטאן זעהר פיל.

— איך פארשטעה נישט! — האט תרצה אויסגערופען, — וואס מיינסטו?

— איך מיין דאס וואס שמשון האט מיר נישט לאנג צוריק געזאגט, אז ער וועט שוין מעהר נישט געהן קיין תמנה און אז די טעכטער פון די פלשתים זיינען פאלש... איך האב זיך געפרייט, איך בין געווען זיכער, אז שמשון וועט זיך די פלשתים מיידעל ארויסשלאגען פון קאפ, צום סוף מאכט זיך א פאר־דרעהעניש... מרמה קומט אהער און קוקט אריין אין בית המשפט, און ווען שמשון דערזעהט זיך פון איהר באזוך פארשווינדט זי און שמשון פארלאנגט פון מיר און פון זיין פאטער מיר זאלען איהר געהן באזוכען. און ווען מיר קו־מען אהין... האט ער זיך אין גאנצען געענדערט... מיר האבען פרובירט איהם אפריידען פון איהר, אבער עס האט גארנישט געהאלפען. זי האט אויף איהם א כשוף ארויפגעטאן...

— און וואס האט דאן פאסירט? — האט תרצה קוים זיך באהערשט.

— זיי האבען באשטימט די חתונה אויף זעכציג טעג ארום... איך קען דיר נישט זאגען, תרצה, דעם עגמת נפש, וואס איך און מנוח האבען דערפון געהאט. מיר האבען געמאכט א פארזוך צו פארלענגערען די צייט, אבער עס האט נישט געהאלפען... אזוי איז עס געבליבען. אין זעכציג טעג ארום קומט פאר די חתונה צווישען שמשון'ען און מרמה'ן די טאכטער פון דישון...

— איך ווינש איהם גליק! — האט תרצה געזאגט און טרערען האבען איהר געשטיקט. — גאט זאל מיט איהם זיין!

— איך וועל דיר זאגען דעם אמת, תרצה! — האט צללפונית זיך אפגע־רופען, — אויפ'ן וועג צוריק האב איך זיך דורכגערעדט מיט מיין מאן, און מיר האבען געטראכט פיליכט וועט פון דעם ארויסקומען א טובה פאר די אידען פון צרעה. דישון איז דאך דער הויפט פון תמנה, ער באשטימט דאך אויך די צינזען אויפמאנער, וועט ער איצט זיכער פארקלענערען די צינזען. און אויסער דעם וועלען מיר לעבען בשלום מיט די פלשתים.

— מעגליך, אז איהר זייט גערעכט! — האט תרצה אויסגערופען און זיך ארויסגערוקט פון הויז.

צללפונית האט איהר נאכגעקוקט ביז וואנען זי האט איהר שוין מעהר נישט געזעהן, און ווען מנוח איז צו איהר צוגעקומען, האט זי זיך אפגערופען מיט א זיפץ:

— איך קען נאך אלץ נישט פארשטעהן, וואס אזוינס האט שמשון געזעהן אין מרמה'ן?!... תרצה איז א סך שעהנער און באזיצט אן איידעלערע הארץ פון דער פלשתית.

— עס איז נישט פאר אונז צו פארשטעהן אזא זאך! — האט מנוח א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ.

אין צרעה איז גלייך בעקאנט געווארען די נייעס, אז שמשון וועט חתונה האבען מיט א פלשתית, וועלכע איז די טאכטער פון דעם הויפט איבער די צינזען. דיזע נייעס האט ארויסגערופען פערשידענע בעמערקונגען און מייד־נונגען פון די איינוואהנער פון שטאדט. די זקנים זיינען געווען זעהר אומ־

צופרידען וואס שמשון, דער פיהרער און שופט פון שבט דן, זאל חתונה האבען מיט א טאכטער פון א פאלק וואס איז אזא שונא צו ישראל. מען האט גלייך געשיקט רופען מנוח׳ן און ז׳ך מיט איהם דורכגערעדט.

— מיר האבען געהערט, אז דיין זוהן, שמשון, איז פער׳קנס׳ט צו א פלשתית! — האט איינער פון די עלטסטע זיך אפגערופען צו מנוח׳ן — איז עס אמת?

— יע, עס איז אמת! — האט מנוח געזאגט — די חתונה וועט זיין גיכען פארקומען...

— המ... האט א צווייטער זיך אפגערופען — מיר האבען איהם פאר אונזער פיהרער געמאכט, ער משפט אונז, און יעצט וועט ער חתונה האבען מיט א פלשתית! פארוואס האסטו דערלאזען אזא זאך?

— איך וויים, אז מיין זוהן בעגעהט אן אומרעכט! — האט מנוח זיך אפגערופען — אבער וואס קען איך העלפען?

— דו ביזט דאך זיין פאטער, און צו דיינע רייד וועט ער זיך זיכער צוהערען! — האט זיך אביעזר, תרצה׳ס פאטער, צו איהם אפגערופען — איך וויים, אז שמשון האט ליעב זיינע עלטערען און איז געהארכזאם צו זיי...

— אויב די טעכטער פון אונזער שבט זיינען נישט גענוג שעהן און אנציהענד פאר שמשונ׳ען, זיינען דאך פאראן פיעלע שעהנע מיידלעך אין דעם שבט יהודה. און מיר וואלטען אלע זעהר צופריעדען געווען ווען ער איז זיך מתחתן מיט איינעם פון אונזער שכנ׳ישען שבט.

— איך האב מיט שמשון׳ען וועגען דעם גערעדט! — האט מנוח זיך גענומען פערענטפערען — אבער ער האט מיר געבעטען איך זאל מיין הסכמה געבען, וויל ער האט איהר ליעב!

— דאן האסטו זיך בענארישט וואס דו האסט דערצו צוגעשטימט! — האט נאך איינער זיך אפגערופען — איך וויים, אז שמשון איז זעהר געהיט אין כבוד אב, און ווען דו וואלסט איהם פערבאטען, וואלט ער זיך צו דיר צוגעהערט.

— ניין, מיין פריינד, דו מאכסט א טעות! ווען איך וואלט געווען זיין דאגעגען, וואלט איך א סך ערגער געמאכט, וויל ווען עס האנדעלט זיך אין ליעבע, וועט יעדע אריינמישונג זיין שעדליך! — האט מנוח געזאגט.

— אבער ער בעגעהט א זינד געגען גאט און אונזער פאלק! — האט אביעזר ווייטער געזאגט — בפרט יעצט, ווען די אויגען פון אונזער גאנצען שבט זיינען געווענדעט צו איהם!

— איידער עיר איז געבארען געווארען, האט דער מלאך פאראויסגעזאגט, אז ער וועט זיין א נזיר און וועט ברייננען הילף צו ישראל און יעצט לאז איך עס איבער צו גאט, ער וועט זיין פערשפרעכען נישט ענדערען, און געוויס וועט ער איהם בעשיצען אין אלעם וואס ער וועט טהאן... און ווען גאט האט געמאכט, אז שמשון זאל זיך פערליעבען אין א פלשתית, איז עס געוויס אזוי זיין ווילען, ס׳וז מסתמא דארף אזוי זיין!

— און איך גלויב אויך, אז עס וועט זיין א סך בעסער פאר אונזער שטאדט, אז שמשון וועט זיך מתחתן זיין מיט דעם הויפט פון תמנה, דישון וועט האבען איינזעהעניש מיט אונז, און וועט זעהן צו פערקלענערען די

צינזעז, און מיר וועלען אויך נישט דארפען מורא האבען פאר אן איבערפאל פון די פלשתים.

— פאר די לעצטע עטליכע יאהר האבען מיר אלץ איינס ניט אזוי שטארק געפיהלט דעם דרוק פון אונזער שונא.

— דארפען מיר דען נישט זיין דאנקבאר צו שמשון'ען פאר דעם? — ער האט אנגעיאגט א מורא אויף די פלשתים, וועלכע גרעניצען זיך מיט אונזער שטאדט און זיי בעלעסטיגען אונז מעהר נישט.

— פונדעסטוועגען האט שמשון נישט געדארפט מאכען אזא שריט. יעצט, ווען ער איז געווארען אונזער פיהרער און שופט — האט דער ערשטער פון די זקנים זיך אפגערופען.

— ווי איך פערשטעה, איז מיין זוהן געגרייט אויפצוגעבען זיין פיהרערשאפט, אויב דאס פאלק וועט עס פון איהם פערלאנגען — האט מנוח זיך אפגערופען — איך האב פארגעווארפען, אז פאר א שופט פון ישראל פאסט נישט צו הייראטען מיט א פלשתית, האט ער מיר געזאגט, אז אויב דאס פאלק וועט פון איהם פערלאנגען וועט ער מעהר נישט קומען אין בית המשפט!

— ניין! ניין! מיר פערלאנגען, אז שמשון זאל אונזער שופט בלייבען!... מיר נויטיגען זיך אין זיין פיהרערשאפט! — האבען זיך געהערט שטימען.

— וואס איז דער אונטערשיעד ווער עס איז שמשונ'ס ווייב! — האט נאך איינער אויסגערופען — שמשון איז אונזער פיהרער, און ער וועט בלייבען אונזער שופט!

---

שמשון האט זיך גענומען גרייטען צו זיין חתונה, ער פלעגט יעצט מאכען גאנץ אפטע בעזוכען אין תמנה, וואו ער פלעגט פארברייינגען אין דישונ'ס הויז, מיט מרמה'ן. אין דישונ'ס הויז פלעגען זיך צוזאמענקומען פיעלע העלדישע יונגע לייט פון תמנה און ארום, און פארברייינגען צוזאמען מיט שמשונ'ען. זיי פלעגען זיך פרעגען רעטענישען איינער דעם צווייטען... יעדער איינער האט געזוכט ארויסצוצייגען פאר שמשונ'ען ווי שטארק ער איז, און דעריבער פלעגען דאס גאנצע הויזגעזינד פון דישון ארויסגעהן אין הויף, און צוזעהן ווי די יונגע פלשתים ראנגלען זיך איינער מיט'ן צווייטען. נאכדעם פלעגען זיי זיך ווענדען צו שמשונ'ען ער זאל בעשטימען ווער עס איז דער שטארקערער.

— ווער פון אייך וועט קענען א בייג טהאן מיין האנט אין וועלכער עס איז ריכטונג, יענער וועט זיין דער שטארקסטער — האט שמשון געענטפערט מיט א שמייכעל אויסשטרעקענדיג זיין רעכטע האנט.

יעדער איינער פון די יונגע לייט האט געמאכט א פארזוך א דרעה צו טהאן שמשונ'ס האנט. אייניגע האבען זיך אנגעהאנגען, אנדערע האבען זיך א פלוצלונגען ווארף געטהאן, אבער קיינער האט זיין האנט נישט געקענט ריהרען פון ארט.

— זאלען עטליכע מיט אמאל פרובירען א ריהר טהאן מיין האנט, האט שמשון געלאכט.

א פינף יונגע לייט האבען זיך א לאז געטהאן און מיט זייערע גאנצע כוחות געזוכט א ריהר צו טהאן זיין האנט... אבער אומזיסט...

— זאָלען די פרויען אייך העלפען! — האָט שמשון געשמייכעלט.

עטליכע פון די יונגע מיידלעך האָבען געהאָלפען די יונגע לייט... זיי זיינען אָבער אַלע מיער געוואָרען און שמשון'ס האנד האָבען זיי נישט געקענט ריהרען פון אָרט.

מרמה איז פול געוואָרען מיט שטאָלץ. איהר שמשון איז אַזוי שטאַרק... ווער איז נאָך צו איהם גלייך?

— איך וועל זיין די איינציגע, וועלכע וועל קענען בויגען דיין האנט צו וועלכער ריכטונג איך וועל וועלען! איז מרמה צו איהם צוגעגאנגען און אנגענומען זיין האנט.

שמשון האָט איהר ארומגענומען און א קוש געטהאָן.

— יא, דו האָסט שויז מיין הארץ געבויגען! — האָט ער געזאָגט, אויפ־הויבענדיג איהר מיט איין האנט.

אַלע האָבען הארציג געלאַכט.

— וואָס איז מיט אייך געוואָרען, איהר יונגע לייט פון פלשתים לאנד — האָט דישון זיך צו אַלעמען געווענדעט — וואו זיינען אהינגעקומען אייערע גבורים... יע, ביז וואנען שמשון האָט זיך בעוויזען, האָבען אַלע געמיינט, אַז איהר זייט גרויסע העלדען... יעצט קוקט איהר אויס צו זיין ווי פליגען גענען א לייב!

— א לייב! איך האָב... המ... — האָט שמשון אויסגערופען און זיך באַלד פערכאַפּט. ער איז געווען צופרידען וואָס ער האָט קיינעם נישט דער־צעהלט די מעשה ווי אַזוי ער האָט מיט א קורצער צייט צוריק צוריסען א לייב אין וואלד.

— יא, גענען שמשון'ען זיינען מיר שוואך און הילפלאָז! — האָט א יונגער פלשתי זיך אָפּגערופען — אָבער גענען די אנדערע פון זיין שבט, זיינען מיר נאָך גענוג שטאַרק!

— פאַרוואָס ברייננסטו נישט מיט זיך דיינע פריינד, די יונגע לייט פון צרעה? — האָט בריעה זיך אָפּגערופען צו שמשון'ען. עס וואָלט געווען א גרויסער שפּאַס צו זעהן ווי זיי פערמעסטען זיך אין כוחות.

— אויב מרמה וועט זיין צופרידען וועל איך מיטברייננגען עטליכע פון מיינע פריינד! — האָט שמשון געענטפערט.

— אָה, געוויס בין איך צופרידען! — האָט מרמה געזאָגט — ברייננ זיי צו אונז, און מיר וועלען האָבען א סך מעהר שפּאַס.

— מרמה — האָט בריעה זיך אָפּגערופען צו איהר אָן א זייט — איך האָב היינט אין דער פריה געזעהן ברטור'ס שוועסטער און זי האָט מיר גע־בעטען איך זאָל דיר איבערגעבען, אַז ברטור וואָלט זעהר געוואָלט מאַכען שלום מיט שמשון'ען.

— רייד נישט קיין נארישקייטען! — האָט מרמה איהר געענטפערט.

פון מרמה'ס פּנים, האָט שמשון פערשטאַנען, אַז זי האָט ענטזאָגט בריעה'ס א פערלאַנג... ער איז געווען צופריעדען וואָס די צוויי שוועסטער האָבען אָנגעפאַנגען צו לעבען אין פרידען צווישען זיך.

— וואָס איז, מרמה? — האָט שמשון זיך צו איהר אָפּגערופען — וואָס האָט דיר בריעה נאָר וואָס געזאָגט?

— גאָרנישט, שמשון! עס איז נישט פון קיין גרויס וויכטיגקייט.
— דאָך זאָג עס מיר!
— זי האָט מיר געזאָגט, אז זי האָט זיך געזעהן מיט ברטור'ס שוועסטער און זי האָט איהר געזאָגט, אז ברטור וויל דו זאָלסט מיט איהם שלום מאכען.
— פארוואָס נישט? — האָט שמשון אויסגערופען — זאָל ער אהער־קומען — איך האָב דאָך זיך מיט איהם קיינמאָל נישט געקריגט.
— אָבער דו ווייסט דאָך, אז מיין פאָטער איז נאָך אלץ אויף איהם אין כעס. און כאָטש ער האָט איהם שוין לאַנג בעפרייט פון געפענגניס, האָט ער איהם זינט דאן נאָך נישט געזעהן.
— אויב דו, שמשון, וועסט זאָגען דעם פאָטער, אז דו האָסט מיט איהם שלום געמאכט, וועט ער איהם שוין אויך מוחל זיין! — האָט זיך בריעה אריינ־געמישט — נאָך אלעמען, גלויב איך, אז ברטור איז א בראַווער מאַן, און ער האָט געוויס חרטה אויף זיינע מעשים, וואָס ער איז בעגאַנגען מיט עטליכע יאָהר צוריק.
— און וואָס זאָגסטו, מרמה, זאָל איך עס פערלאַנגען פון דיין פאָטער?
— פאַר ברטור'ן אליין וואָלט איך דאָס נישט געטהאָן, נאָר צוליעב זיין שוועסטער, וועסטו און מיין פאטער איהם דארפען מוחל זיין... יאָ, דו ביזט דער איינציגער, שמשון, צו וועמען מיין כאָטער וועט זיך צוהערען. איך און זיין שוועסטער זיינען געווען זעהר שטאַרק בעפריינדעט און די עראינערונג פון איהר פריינדשאַפט איז נאָך אפילו יעצט צו מיר טייער.. אָבער... פונדעסט־וועגען וואָלט איך דיר געראטהען דו זאָלסט זיך בעזינען פריהער, איידער דו געהסט בעטען דעם פאָטער פאַר איהם?
— האָסטו דען מורא, אז ער זאָל ווידער נישט מאכען קיין פערזוך דיר שלעכטעס צו טהאָן? — האָט שמשון איהר געפרעגט.
— ניין! — איך האָב שוין פאַר איהם גאָר קיין מורא נישט! — האָט מרמה געזאָגט — אָבער דו ווייסט דאָך, אז פאַר א שונא היט מען זיך... און א פאַלשער גוטער פריינד קען אמאָל נאָך מעהר שלעכטעס טהאָן ווי אַן אמת'ער שונא!
— איך האָב פאַר איהם קיין מורא נישט! — האָט שמשון איהר געענט־פערט — איך וויים זיך ווי צו היטען פון מיינע פריינד אזוי גוט ווי פון מיינע שונאים.
— אויב אזוי קענסטו ריידען מיט מיין פאָטער! — האָט מרמה צו איהם געזאָגט — איך, אליין, טראָג שוין אויף איהם נישט מעהר קיין כעס, און עס וועט זיכער פרעהליכער זיין ווען ברטור און זיין שוועסטער וועלען זיך אויך בעטהייליגען אין אונזערע שמחות.
— געה זאָג ברטור'ס שוועסטער, אז איהר ברודער מעג גלייך קומען, איך וועל שוין זעהן, אז אויך דיין פאָטער זאָל מיט איהם שלום מאכען.
בריעה איז ארויס פון הויף און איז שנעל אוועקגעלאָפען צו ברטור'ס הויז.
— איך האָב שוין גערעדט מיט שמשונ'ען! — האָט בריעה אויסגע־רופען, ווען זי האָט דערזעהן ברטור'ס שוועסטער, — מיר וועלען פון היינט אַז ווידער קענען זיין גוטע פריינד.
— אָבער דיין פאָטער?

— שמשון וועט שוין זעהן, אז מיין פאטער זאל איהם אויך מוחל זיין!
— האט בריעה מיט פרייד געענטפערט — אה, ווען דו וואלסט געזעהן ווי שטארק שמשון איז. אלע צוזאמען האבען פרובירט ריהרען זיין האנט, און עס איז געווען אוממעגליך.

— ברטור וועט דיר זעהר דאנקבאר זיין! — האט זי געזאגט צו בריעה'ן
— ער האט שוין לאנג געזוכט צו שליסען פרידען מיט שמשון'ען און מיט דיין פאטער.

— רוף איהם ארויס, און מיר וועלען געהן צוזאמען צו אונזער הויז! — האט בריעה אויסגערופען.

אין א ווייל ארום איז שוין ברטור געווען אין דישון'ס הויף. שמשון האט איהם דערלאנגט זיין האנט און איז מיט איהם צוגעגאנגען צו דישון'ען.

— וועסטו קענען מוחל זיין, דיין קנעכט פאר א נארישקייט וואס ער איז בעגאנגען מיט עטליכע יאהר צוריק? — האט ברטור זיך געווענדעט צו דישון'ען.

— אויב שמשון האט מיט דער פריעדען געמאכט, בין איך דיר אויך מוחל! — האט דישון אויסגעשטרעקט זיין האנט צו ברטור'ן.

ברטור האט זיין האנט אנגענומען און זיך פערנייגט.

— איך האף אז פון יעצט אן וועלען מיר אלע זיין גוטע פריינד! — האט בריעה זיך אפגערופען. — און דו ווערסט איינגעלאדען צו זיין אויף מיין חתונה! — האט מרמה זיך אפגערופען צו ברטור'ן.

— יע, ער וועט זיין איינער פון די דרייסיג הויפט געסט, וועלכע וועלען זיצען ארום מיין טיש, דורך די זיבען טעג פון מיין חתונה! — האט שמשון געזאגט.

— איך דאנק דיר זעהר, שמשון, האט ברטור זיך אפגערופען. דאס וועל איך פאררעכענען פאר א גרויסען כבוד!

—און דו וועסט אויך נישט פערגעסען אז אונזער פריינד לחמי'ן — האט בריעה איהם דערמאנט.

— די איבעריגע געסט לאז איך איבער פאר דיר און פאר דיין שוועסטער!
— האט שמשון געזאגט — לויט ווי אייער מנהג איז, דארפען די דרייסיג הויפט געסט אויסגעקליבען ווערען פון דער כלה'ס עלטערען, און דעריבער קענסטו איינלאדען וועמען דיין הארץ גלוסט!

— עס פערדריסט מיר זעהר, שמשון, וואס איך האב אונטערבראכען די פערגעניעגן פון שפאס וואס מיר האבען געהאט צוזאמען — האט בריעה זיך אפגערופען צו שמשון'ען — אבער יעצט אז ברטור איז מיט אונז, קענסטו אונז ווידער צייגען דיינע קונצען. איך בין זיכער, אז ברטור וועט אויך וויסען ווי אפצושאצען דיין גבורה.

— געפינט זיך דא א דיקע שטיק אייזען? — האט שמשון געפרעגט.

— יע, ביי אונז אין שייער געפינט זיך אן אייזערנער שטאנג! — האט בריעה געזאגט.

— גוט, ברייננג אהער דעם שטאנג! — האט שמשון זיך צו איהם אפגערופען.

— איך וועל איהם אליין נישט קענען ברייננגען! — האט בריעה געזאגט
— ער איז זעהר שווער. קום, ברטור, דו וועסט מיר איהם העלפען ברייננגען, און מיר וועלען זעהן וואס שמשון וועט דערמיט טהאן.

ברטור האט מיט גרויס שוועריגקייט אריינגעטראגען דעם אייזערנעם שטאנג אין הויף.

— וויפיעל פון אייך נעמען זיך אונטער צוצוברעכען דעם שטאנג אויף דער העלפט? — האט שמשון געפרעגט די יונגע לייט.

די יונגע לייט זיינען צוגעקומען גאנץ נאהענט און בעטראכט דעם שטאנג און געקוועטשט מיט די פלייצעס.

— ווען איהר וועט פרובירען צוזאמען, מיט פעראייניגטע כוחות, וועט איהר איהם געווים צוברעכען! — האט שמשון געזאגט.

די יונגע לייט זיינען צוגעגאנגען און אויפגעהויבען דעם שטאנג. ברטור איז זיי געקומען צו הילף. זיי האבען גענומען ברעכען דעם אייזען, דער שוויים האט זיך זיי געגאסען... אבער אומזיסט...

די יונגע מיידלעך האבען געלאכט, געשטיפט . . . זיי האבען זיך גערייצט מיט די יונגע לייט, וועלכע האבען אנגעשטרענגט אלע זייערע קרעפטען ביז'ן ואנען זיי האבען געמוזט צוגעבען, אז עס איז פאר זיי אוממעגליך דאס צו טהאן.

— נו, און דו שמשון! — האט מרמה זיך צו איהם געווענדעט, גלויבסטו אז דו וועסט האבען כח צוצוברעכען אזא שווערען שטאנג?!

שמשון האט א קוועטש געטהאן מיט די פלייצעס:

— איך ווייס ניט, איך וועל פרובירען.

— איך בעט דיר, שמשון, פרוביר דאס נישט! — האט בריעה זיך אפגערופען — אויב עס איז אוממעגליך געווען פאר אט די אלע צוזאמען מיט ברטור'ן, וועסטו עס אויך נישט קענען בעווייזען!

— פאר מיין שמשון איז קיין אוממעגליכעס נישטא! — האט מרמה אויסגערופען און אנגענומען שמשונ'ען פאר'ן האנט. — נעהם שמשון און צייגט זיי אלעמען דיין גבורה.

שמשון האט אויפגעהויבען דעם געוויכטיגען אייזערנעם שטאנג און איהם באטראכט.

אלעמענס אויגען זיינען געווען געווענדעט אויף איהם. יעדער פון די יונגע לייט איז געווען זיכער, אז שמשון וועט אזא העלדישקייט בשום אופן נישט בעווייזען.

די יונגע מיידלעך האבען זיך קוים בעהערשט זיי זאלען נישט אויסברעכען אין א הילכיגען געלעכטער.

שמשון האט שנעל א בייג געטהאן דעם אייזען מיט ביידע הענט און אין א רגע איז דער אייזען געווען צובראכען אויף צווייען...

די אנוועזענדע האבען איהם אפלאדירט.

באלד אבער איז זייער איבערראשונג נאך גרעסער געווארען:

שמשון האט גענומען ביידע האלבע אייזענס, זיי צוגעלייגט איינעם צום צווייטען און מיט דער זעלבער שנעלקייט ווי פריהער, האט ער די צוויי האלבע אייזענס צובראכען אויף פיער שטיקער.

דער טומעל איז נאך גרעסער געווארען. אלע האבען געקלאפט מיט די הענט און געשאלט פון גרויס ענטוישונג.

מרמה איז צוגעלאפען צו שמשונ'ען און איהם גענומען בעדעקען מיט איהרע קושען...

די יונגע מיידלאך זיינען געשטאנען פארגאפטע און באטראכט שמשונ'ען מיט גרויס באוואונדערונג.

— ער איז ניט קיין מענש, ער איז א גאט! — האט איינע זיך אפגערופען צו א צווייטער — ער קען זיך זיכער פארמעסטען אין כחות מיט דגון אונזער גאט.

בריעה איז געבליבען שטעהן צוטומעלט... איהר אייפערזוכט אויף איהר שוועסטער האט זיך ביי איהר אין הארצען ווידער צופלאקערט... אזא העלד ווי שמשון איז... און ער פאלט אריין צו איהר שוועסטער... אלע ווייסען דאך, אז זי איז קליגער פון מרמה'ן, און שמשון וואלט זיך מעהר געפאסט פאר איהר... ווער איז דאס לחמי?... איז ער דען ניט ווי א ווארעם געגען שמשון'ן? אפילו ברטור איז א פליג אין פארגלייך מיט שמשון'ען.

— מיין שוועסטער! — איז בריעה צוגעגאנגען צו מרמה'ן — שמשון האט באוויזען אן איבערמענשליכע גבורה, ווען איך וואלט זיך ניט געשעהמט, וואלט איך אויך איהם דערפאר צוקושט. יע, מרמה, דו דארפסט זיך שעצען די גליק־ליכסטע וואס שמשון ווערט דיין מאן.

— געוויס בין איך גליקליך! — האט מרמה זיך אפגערופען — און איך האף, אז יעצט ועסטו זיך אויך גליקליך פיהלען...

— איך פארגין דיר מיט מיין גאנצען הארצען, מרמה. איך וויים ווי נאריש איך בין דאן געוועז... אבער דו דארפסט זאך מיך ניט באשולדיגען, ווען איך האב דאן געזוכט צו געפינען חן אין שמשון'ס אויגען.

— איך וויל הערען וואס ברטור רעדט מיט שמשון'ען — האט מרמה זיך אפגערופען צו איהר שוועסטער, און איז צוגעגאנגען צו דעם פלאץ, וואו זיי זיינען געשטאנען.

— איך האב באגריסט דיין חתן מיט זיין גרויסע גבורה — האט ברטור זיך פארנייגט פאר מרמה'ן — און יעצט וויל איך דיך באגריסען מיט דעם, וואס דער שטארקסטער און בראווסטער מאן פון דער וועלט ווערט דיין מאן.

— איך דאנק דיר, ברטור! — האט מרמה א שמייכעל געטהאן

— אין דער זעלבער צייט ועסטו מיר ערלויבען צו באגריסען שמשון'ען מיט דעם, וואס ער קריג טדי שעהנסטע מיידעל פון גאנץ פלשתים! — האט ברטור זיך העפליך פארנייגט.

— און דערפאר ועסטו זיין אן אנגעלייגטער גאסט אויף אונזער חתונה! — האט מרמה געזאגט.

— יא, דו וועסט זיין איינער פון מיינע הויפט געסט! — האט שמשון צו־געגעבען — און דורכדעם וועל איך דיר באווייזען, אז אלעס וואס עס איז פאר־געקומען צווישען אונז ביידען אין דער פארגאנגענהייט וועט פארגעסען ווערען.

דעם גאנצען טאג האט שמשון פארבראכט אין דער געזעלשאפט פון

מרמה'ס פריינד. דישון און זיין פרוי האבען אויך שטארק אנגעקוואלעז וואס שמשון האט אזוי אויסגענומען אין אלעמענס אויגען.

— דו ווייסט? — האט דישון זיך אפגערופען צו זיין פרוי — ווען איך וועל זיין ביי דעם סרן (קעניג) פון עקרון, וועל איך איהם איינלאדען צו אונזער טאכטער'ס חתונה, איך בין זיכער, אז ווען איך וועל איהם דערצעהלען וועגען שמשון'ס גבורות, וועט ער אליין גאנץ נייגעריג זיין איהם צו זעהן, און כאטש שמשון איז פון ישראל, גלויב איך, אז ער וועט צושטימען צו קומען צו מיין טאכטער'ס חתונה.

— איך וואלט דיר געראטען — האט זיך זיין פרוי אפגערופען — אז דו זאלסט וועגען דעם ניט ריידען מיט איהם. דו ווייסט דאך ווי גרויס זיין שנאה איז צו די קינדער פון ישראל און ווי שטארק באגייסטערט ער וועט זיין פון שמשון'ס העלדישקייט, וועט ער זיכער ניט זיין איבעריג צופרידען און ער וועט נאך גע־ווים שטערען... געדענקסטו דען ניט, אז איהם האט זעהר ווינציג געארט, ווען מען האט איהם דערצעהלט, אז ברטור האט געפאנגען א אידישע טאכטער.

— דו ביזט גערעכט, מיין פרוי — האט דישון געזאגט — און איך וועל דאריבער אפלייגען מיין נסיעה צו דעם סרן עקרון ביז נאך מרמה'ס חתונה... ווען אלעס וועט שוין זיין אפגעטהאן, וועט ער שוין ניט קענען שטערען.

---

שמשון האט איבערגענעכטיגט די נאכט אין תמנה און אויף מארגען גאנץ פריה האט ער זיך געלאזען צוריק אהיים.

ווען ער האט געדארפט דורכגעהן דעם וואלד, האט ער זיך דערמאהנט אן דעם לייב, וואס ער האט צוריסען מיט א קורצער צייט צוריק. ער האט באשלאסען צוצוגעהן צו יענעם פלאץ צו זעהן דעם טויטען קערפער פון לייב. ער איז געגאנ־גען אין יענער ריכטונג און איז צוגעקומען צו דעם סימן, וואס ער האט גע־מאכט. ער האט זיך געגומען ארומקוקען און ער האט דערזעהן פון וויטען דעם סקעלעט פון דעם לייב.

— די חיות פון וואלד האבען אויפגעגעסען זיין פלייש — האט שמשון געטראכט, און ער איז צוגעקומען גאנץ נאהענט. צו זיין גרויס באוואונדערונג האט ער באמערקט ווי ביהנען זשומען ארום דעם סקעלעט... ער האט זיך א הויב געטהאן און האט דערזעהן, אז די ביהנען האבען געמאכט א ביהנשטאק אויף די אויסגעטריקענטע ביינער פון לייב. אט זעהט ער די שיידעלע פון וואקס און אין די צעלען איז פאראן האניג... ער וועט מוזען פארזוכען פון דעם האניג, האט ער באשלאסען. ער האט ארויסגענומען די צוויי שטיינדלאך פון זיין טאשע און האט זיי געריבען איינער מיט'ן צווייטען אזוי לאנג ביז וואנען ער האט ארויסגעבראכט פייער. ער האט ארונטערגעבראכען א צווייג פון א בוים און איהם אנגעצונדען. מיט דעם ברענענדיגען צווייג איז ער צוגעקומען צו דעם ביהנשטאק און געלאזען דעם רויך איבער די ביהנען... באלד האבען די ביהנען פארלאזען דעם ביהנשטאק. שמשון האט ארויסגענומען די גאנצע וואקסענע וואנט מיט דעם האניג. ער האט פארזוכט דערפון און האט גרויס הנאה געהאט פון דעם פרישען זיסען האניג.

— א מאדנע זאך — האט שמשון זיך געטראכט — ווער וואלט עס גע־

גלויבט, אז פון דעם שטארקען שלעכטען לייב זאל ארויסקומען זיסקייט... אט האט ער א גוטע רעטעניש צו פרעגען: "פון אזעלכען וואס עסט יענעם, און אליין ווערט ער ניט געגעסען, איז ארויסגעקומען אן עסענווארג, און פון דעם שטארקען און ביטערען איז ארויסגעקומען א זיסע זאך."

שמשון האט א שמייכעל געטהאן, ווען ער האט געטראכט פון דיזען רע־טעניש, וואס איז איהם פלוצלונג ארויפגעקומען אויף דעם זינען. קיינער וועט אזא רעטעניש ניט טרעפען... אפילו די קלוגסטע פון די פלשתים, וועלכע האבען געטראפען פיעלע פון זיינע רעטענישען, וועלען קיינמאל אזא רעטעניש ניט טרעפען... ער האט זיך דערמאהנט פון א רעטעניש וואס מען האט איהם ניט לאנג צוריק געפרעגט, און ער האט ניט געוואוסט... ער האט דאן יעדען איינעם געדארפט געבען א שקל, ווייל אזוי איז געווען דער וועט... דאמיט וועט ער זיך מיט זיי אפרעכענען.

ווען שמשון איז געקומען אהיים, האט ער געגעבען דעם האניג צו זיין פאטער און מוטער.

— עס איז זעהר גוטער האניג! — האט שמשון זיך אפגערופען.

מנוח און צללפונית האבען דעם האניג פארזוכט און זיך באסמאקעוועט.

— וואו האסטו איהם געקראגען? — האט איהם צללפונית געפרעגט.

— אויף'ן וועג, ווען איך בין פון תמנא ארויס.

— האסטו דען ניט מורא געהאט, אז די ביהנען זאלען דיך ניט צובייסען?

— האט איהם מנוח געפרעגט — די ביהנען זיינען זעהר בייז און צורייצט, ווען מען ריהרט אן זייער ביהנשטאק.

— ווען זיי דערשמעקען א רויך, צוליפען זיי זיך! — האט שמשון גע־ענטפערט.

ער האט באשלאסען זיי ניט צו דערצעהלען, אז דעם ביהנשטאק האט ער באקומען פון דעם סקעלעט פון לייב... זאל עס דערווייל בלייבען א סוד פאר אלעמען.

— דו ווייסט — האט צללפונית געזאגט, איינטונקענדיג איהר פינגער אין דעם האניג און צוטראגענדיג צו איהר מויל — פון דעם האניג וואלט געווען גוט צו מאכען האניג קיכלאך.

— יע, איך וועל איינלאדען איניגע פון מיינע פריינד, און מיר וועלען מאכען א מאהלצייט.

— גוט, איך וועל שוין רופען תרצה'ן! — האט צלפונית געזאגט — זי וועט מיר העלפען באקען די קיכלאך.

— מוטער, קענסטו עס אליין ניט באקען? — האט שמשון איהר געפרעגט.

— יא, איך קען, אבער ווען תרצה באקט קיכלאך האבען זיי א געשמאקען טעם... זי ווייסט, אז דו געהסט הייראטען... און זי האט דיר געוואונשען גליק... איהר איינציגער פארלאנג איז, אז דו זאלסט גליקליך זיין.

— איך האב זעהר שטארק מיטלייד מיט איהר — האט שמשון אויסגערו־פען — זי באזיצט דאך אזא נאבעלע און איידעלע נשמה... איך ווייס, אז זי פיהלט זיך אונגליקליך... מוטער, פארוואס זאלסטו ניט זעהן, אז צווישען איהר און יורם'ן זאל געמאכט ווערען שלום... דו האסט דאך אזוי פיעל איינפלוס אי־

בער איהר... און ווי איך האב זיך דערוואוסט, האט יורם איהר נאך אלץ ליעב... דורך די עטליכע יאהר האט זי שוין גענדארפט פארגעסען אז דעם און איהם מוחל זיין.

— תרצה האט איהם שוין לאנג מוחל געווען! — האט צלפונית געזאגט — זי איז צו גוטהערציג צו זיין אין כעס, אדער טראגען א שנאה אויף ווענען עס איז צו לאנג...

—נו, איז דאך געווים גוט! — האט שמשון אויסגערופען — איך וועל נאך היינט אריבערגעהן צו יורם'ן און זעה אויסצוגלייכען צווישען זיי...

— ניין, מיין זוהן, עס איז אומזיסט דיין טרחה! — האט צללפונית געזאגט — תרצה האט איהם מוחל געווען, אבער זי האט איהם ניט ליעב... דו ווייסט דאך, שמשון, אז ליעבע איז א זאך, וואס מען קען ניט ארויפצווינגען אויף יענעם.

— אבער עס איז דאך געווען א צייט, ווען תרצה האט איהם ליעב געהאט... זי איז דאך שוין געווען זיין פרוי... פארוואס זאל זי פארבלייבען עלענד? איך וואלט איהר זעהר געוואלט ארויסהעלפען...

— איך האב מורא, אז דו ועסט נאן ערגער מאכען — האט צללפונית געזאגט — ווי עס ווייזט אויס, וועט שוין תרצה קיינמאל ניט הייראטען.

— אבער זי איז דאך נאך אזוי יונג און שעהן. וויפיעל יונגע לייט פון צרעה וואלטען זיך געשעצט גליקליך צו נעהמען איהר פאר א פרוי... איך האב איינינע פון מיינע פריינד, וועלכע ריידען פון תרצה'ן מיט פיעל צערטליכקייט און ליעבשאפט.

— צו וואס זאלען מיר זיך נארען, מיין זוהן! — האט איהם די מוטער געזאגט — תרצה האט בלויז דיך ליעב, און אויב דו האסט דיין הארץ אפגעגעבען א צווייטער, וועט זי שטענדיג בעטען גאט, אז דו זאלסט גליקליך זיין. יע, דיין גליק איז ביי איהר העכער ווי איהר אייגען גליק... און זי האט מיר געזאגט אז זי וועט קיינמאל ניט הייראטען...

— זאל זי אהער קומען, מוטער, איך וועל מיט איהר ריידען. איך בין זיכער, אז זי וועט זיך צו מיר צוהערען. איך וועל ברייגגען מיין פריינד קרני, און דו וועסט זעהן, ווי שנעל זי וועט איהם ליעב באקומען!

— ווען דיר וועט דאס געלינגען, מיין זוהן, וועסטו פארדינען די גרעסטע מצוה... דו וועסט אויך ערפרעהען איהר פאטער און מוטער... יע, זיי זיינען אלע זעהר גוטע און ליעבליכע מענשען.

מיין פריינד קרני איז א בראווער יונג און ער האט נישט איינמאל גערעדט פון תרצה'ן... איך בין זיכער, אז ווען ער וועט זיך מיט איהר בעסער בעקענען, וועט ער איהר ליעב בעקומען.

— ווייסטו גאר וואס, שמשון, — האט צללפונית זיך אפגערופען, — מיר וועלען מאכען א קליינעם מאלצייט, איך וועל איינלאדען תרצה'ן און דו זאלסט בלויז איינלאדען דיין פריינד קרני'ן און דאן וועלען מיר שוין געפינען אן אויסרייד און זיי איבערלאזען אויף א קליינע ווייל אליין. מעגליך אז זיי וועלען זיך דורכריידען און געפעלען איינער דעם צווייטען.

— גוט, איך וועל אזוי טהאן, מוטער, — האט שמשון אויסגערופען, —

איך וועל אריבערגעהן צו קרני'ן און וועל זיך מיט איהם אומקעהרען, און דערווייל וועסטו שיקען נאך תרצה'ן מיט דעם אויסריידן זי זאל דיר העלפען באקען די האניג־קיכלעך, און ווען זיי וועלען זיך ביידע דא טרעפען, איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט, אז דאס איבריגע וועט שוין פאר אונז ניט שווער זיין.

שמשון איז גלייך אוועק צו זיין פריינד קרני, וועלכער האט געוואוינט נישט ווייט פון זיין הויז. און האט זיך צו איהם אפגערופען:

— קום מיט מיר צו מיין הויז, איך מאך א מאלצייט, און תרצה וועט באקען קיכלעך פון דעם האניג וואס איך האב געבראכט.

— וואו האסטו גענומען האניג ? — האט איהם קרני געפרעגט.

— דערווייל איז עס א סוד, אבער איך וועל ווען עס איז מיט דיר אוועק־שפאצירען און דיר וויזען דעם פלאץ... איך האב דערפון א רעטעניש געמאכט. און איך וועל פרעגען דאס רעטעניש צו די פלשתים... און אויב זיי וועלען נישט טרעפען, וועל איך זיי מאכען מיר צו בעצאהלען א סך מעהר וויפיעל זיי האבען פון מיר ארויסגעקראגען.

— זאג מיר דאס רעטעניש, איך וועל זעהן אויב איך וועל איהם טרעפען.

— קיינער וועט אזא רעטעניש נישט טרעפען ! — האט שמשון געזאגט, — און איך וועל זיך קענען מיט זיכערהייט וועטען וויפיעל איך וויל, ווייל זיי וועלען דארפען בעצאהלען און נישט איך.

— אבער, זאג דאך מיר ! — האט קרני איהם געבעטען, — אויב איך וועל נישט טרעפען, וועסטו מיר אליין איינם נישט דארפען אויסזאגען. איך וויל אויס־פרובירען מיין מח און זעהן אויב איך האב נאך פארשטאנד.

— גוט, איך וועל דיר איהם זאגען, אבער אויב דו וועסט איהם נישט טרעפען, וועסטו דארפען טהאן אלעס וואס איך וועל דיר הייסען.

— אויב עס וועט נאר זיין אין די גרעניצען פון מיין מעגליכקייט, וועל איך דאס טהאן, — האט קרני געזאגט

— הער זיך איין : "פון אזעלכען וואס עסט יענעם און אליין ווערט ער נישט געגעסען, איז ארויסגעקומען עסענווארג, און פון דעם שטארקען און ביטע־רען איז ארויסגעקומען א זיסע זאך". יעצט קענסטו מיר זאגען וואס דאס איז ?

קרני האט א קנייטש געטהאן דעם שטערען און א ווייל א טראכט געטהאן. נאכהער האט ער זיך אפגערופען :

— נאכדעם וואס דו האסט מיר דערצעהלט וועגען האניג, פארשטעה איך, אז די זיסע זאך מיינט עס האניג.

— יא, אבער וואס מיינט "פון דעם שטארקען און ביטערען ?"

— דאס מיינט די ביהן ! — האט קרני אויסגערופען.

— די ביהן ? ! — האט שמשון געלאכט, — פארוואס די ביהן ?...

— ווייל... דער ביס פון א ביהן איז ביטער.

— אבער איז א ביהן שטארק ? — האט שמשון איהם געפרעגט.

— דער וועהטאג פון זיין ביס איז אבער שטארק.

— מיין רעטעניש איז אבער געווען, אז פון דעם שטארקען, און דו ווייסט דאך ווי שוואך א ביהן איז, אז אפילו א קליין קינד קען איהר צוטרעטען אונטער זיינע פיס, און א חוץ דעם האב איך דיר געזאגט, אז פון דעם וואס עסט יענעם... עסט דען א ביהן ווערען עס איז ?

— אויב אזוי, ווייס איך נישט די בעדייטונג פון דיין רעטעניש! — האט קרני א שאקעל געטהאן מיט זיין קאפ.

— יעצט זעהסטו, מיין פריינד, אויב דו האסט נישט געטראפען, ווען איך האב שוין כמעט א העלפט פון דעם אויסגעזאגט, ווי אזוי וועלען די פלשתים טרעפען די רעטעניש.

— גו, געוויס וועלען זיי ניט טרעפען! — האט קרני צוגעגעבען, אבער אין וואס ווערסטו זיך וועטען מיט זיי?

— דו ווערסט זיין מיין גאסט צו מיין חתונה, בעת דעם מאלצייט וועל איך זיי דאס רעטעניש פרעגען, און דאן ווערסטו הערען פון וואס אונזער געוועט וועט באשטעהן.

— און וואס איז מיין שטראף פאר נישט טרעפען דיין רעטעניש? — האט קרני א שמייכעל געטהאן.

— איך בין גרייט צו טהאן אלעס, אלעס וואס דו ווערסט מיר הייסען, אפילו ווען איך וואלט נישט געווען פארפליכטעט דורך דעם געוועט.

— זאג מיר, קרני, וואס דיינקסטו וועגען אביעזר'ס טאכטער, תרצה? — האט איהם שמשון פלוצלינג א פרעג געטהאן.

— המ... וואס איך דיינק... איך פארשטעה נישט וואס דו מיינסט! — האט קרני געשטאמעלט — דו מיינסט וועגען דעם וואס האט פאסירט מיט עטליכע יאהר צוריק?

— א, פארגעס אן יענער צייט. איך מיין וואס דו דיינקסט יעצט פון איהר?

— איך דיינק אז זי איז א שעהנע ליעבליכע מיידעל און בעזיצט א גאלדען הארץ! — האט קרני געזאגט רויט ווערענדיג.

— האסטו פון איהר ווען עס איז געטראכט? — האט איהם שמשון ווייטער געפרעגט.

קרני האט איהם אנגעקוקט.

— איך מיין, האסטו ווען עס איז געטראכט פון איהר אז זי זאל געהערען צו דיר.

— וואס וועט העלפען מיין טראכטען? ! — האט קרני א שמייכעל געטהאן, — אז זי טראכט נישט פון מיר.

— פון וואנען ווייסטו אז נישט?

— ווייל איך געדענק אז נישט לאנג צוריק ווען מיר האבען געפייערט דעם לעצטען יום טוב אין צרעה, און אלע מיידלעך זיינען צוזאמענגעקומען אין די וויין־גערטנער צו טאנצען און צו פארברייינגען, האב איך באמערקט אויף תרצה'ן. איך האב די גאנצע צייט פון איהר די אויגען נישט ארונטערגענומען. איך האב בעוואונדערט איהר שעהנקייט און איהר באשיידענהייט... זי האט מיט קיינעם פון די יונגע לייט נישט געוואלט טאנצען אדער פארברייינגען... און ווען איך האב זיך געפאסט מוטה און צו איהר צוגעגאנגען און געבעטען זי זאל מיט מיר טאנצען לכבוד דער פייערונג, האט זי מיט אן אויסרייד, אז זי איז מיעד, מיר אויך ענטזאגט... איך האב באמערקט אז זי איז אומעטיג און איך האב דער־קענט אין איהרע אויגען אז זי בייינקט... נאך אימיצען אנדערש...

— האסטו אויסגעפונען ווער יענער גליקליכער איז? — האט איהם שמשון געפרעגט מיט נייגעריגקייט.

— יא, איך האָב אויסגעפונען!
— און ווער איז ער?
קרני האָט א שמייכעל געטהאָן:
— דאָס ביזטו . . .
— איך? ! אַ, רייד נישט קיין נארישקייטען! און אפילו ווען עס זאָל זיין ריכטיג, ווייסט זי דאָך שוין אז איך געה אין גיכען הייראַטען מיט מרמה'ן... און דאריבער גלויב איך, אז יעצט איז די צייט ווען דו זאָלסט צו איהר ריידען...
— איך ווייס, אז איך וועל זיך בלויז לעכערליך מאכען. עס וועט פאר מיר זעהר שווער זיין צו קומען אין איהר הויז, אין דער צייט ווען זי וויל מיך נישט זעהן.

— תרצה וועט זיין היינט אין אונזער הויז, — האָט שמשון געזאָגט — און דו זיי א בראַווער יונג און ווייס וואָס דו האָסט צו טהאָן! — האָט איהם שמשון א קלאַפּ געטהאָן איבער'ן פּלייצע.

— יעצט זעה איך ווי שטארק דיין פריינדשאַפט איז צו מיר, שמשון, איך בין דיר זעהר דאנקבאר, און אויב עפּעס וועט דורכדעם ארויסקומען, וועל איך קיינמאָל דיין טובה נישט פארגעסען.

— און דו האָסט זי די גאנצע צייט ליעב געהאַט און מיר דערפון נישט געזאָגט? ! . . . — האָט איהם שמשון פארגעוואָרפען.

— איך האָב געזוכט צו פארגעסען... ווייל איך ווייס, אז איך האָב זי נישט פארדיענט! — האָט קרני שטילערהייט געזאָגט און ארונטערגעלאָזען זיין קאָפּ.

— אזוי רעדט א שוואכלינג! — האָט זיך שמשון אויף איהם א בייזער געטהאָן, — ווען א בראַווער יונג האָט ליעב א מיידעל, קריגט ער איהר!

— אָבער וואָס טהוט ער, אז די מיידעל האָט איהם נישט ליעב? קען ער איהר דען צווינגען זי זאָל איהם ליעב האָבען?

— יא, אויב ער ווייס נאָר ווי צו האנדלען, און אויב זיין ליעבע איז שטארק גענוג.

— אָבער וואָס קען ער טהאָן אויב זי ליעבט א צווייטען? — האָט קרני איהם געפרעגט.

— דו זעהסט דאָך אָבער, אז דאָס איז אונמעגליך! — האָט שמשון זיך אָפּגערופען, — און יעצט האָסטו א געלעגענהייט... דו וועסט זיך מיט תרצה'ן טרעפען אין אונזער הויז און איך וועל שוין זעהן אז דו זאָלסט מיט איהר בלייבען אליין אויף א ווייַלע, און דו דארפסט בלויז וויסען וואָס דו האָסט צו טהאָן, ווי אזוי צו ריידען צו איהר.

ווען שמשון און קרני זיינען אריין אין הויז, האָבען זיי שוין דארטען געטראָפען תרצה'ן, וועלכע איז געווען פארנומען מיט צללפונית'ן אין באקען די האָניג-קיכלעך.

א ווייַלע האָבען זיי פארבראכט מיט מנוח'ן און דערנאָך ווען דער מאָלצייט איז פארטיג געוואָרען, האָט תרצה געוואָלט געהן אהיים.

צללפונית האָט איהר געבעטען זי זאָל איבערבלייבען ביז נאָכ'ן מאָלצייט, אָבער תרצה איז בעשטאַנען אויף דעם, אז זי מוז געהן.

— איך האָב נאָך א סך צו טהאָן אין הויז, — האָט זי אנגעגעבען אלס אויסרייד.

צלפונית האט געזעהן אז זי וועט גארנישט קענען אויפטהאן, האט זי א וואונק געטהאן צו שמשון'ען.

תרצה האט געזאגט "שלום", און איז ארוים פון הויז.

שמשון איז באלד נאך איהר ארויסגעגאנגען פון הויז, און ער האט א רוף געטהאן:

— תרצה!

תרצה האט אומגעקעהרט איהר קאפ, און ווען זי האט דערזעהן שמשון'ען, איז זי שטעהן געבליבען.

שמשון איז צו איהר צוגעקומען און זי אנגענומען פאר דער האנד און געזאגט:

— איך בעט דיך, תרצה, טהו עס צוליעב מיר און פארבלייב מיט אונז איבער דעם מאלצייט.

— אבער איך . . .

— ניין, דו טארסט מיר נישט ענטזאגען! — האט שמשון אויסגערופען, — אויב דו וועסט מיט מיר זיך יעצט נישט צוריקקעהרען, וועסטו מיר פארשעהמען פאר מיין פריינד קרני. קום, איך בעט דיך.

תרצה'ס פנים האט זיך געביטען קאלירען... זי האט ארונטערגעלאזען איהר קאפ און נאכגעגאנגען שמשון'ען.

אלע האבען זיך געזעצט ביים טיש. א ווייל האט געהערשט א שטילקייט אין הויז.

— מוטער, זאל מען ברייגנען דעם וויין! — האט שמשון אויסגערופען.

צלפונית האט אנגעשטעלט אויף איהם איהרע אויגען.

— דו ווייסט דאך, מוטער, אז איך וועל נישט טרינקען. אבער פארוואס זאלען אנדערע זיך דארפען צוריקהאלטען צו טרינקען וויין צוליעב מיר... דו דארפסט נישט מורא האבען, דער וויין וועט מיך נישט רייצען, און איך וועל דעם נסיון פון טרינקען קענען ביישטעהן.

— אבער מיין זוהן — האט שוין מנוח זיך אריינגעמישט, — ווען דו דארפסט דורכגעהן א וויין־גארטען, מיידסטו עס אויס... ווייל דו האסט מורא.

א ווייל האבען זיי פארבראכט מיט מנוח'ן און דערנאך ווען דער מאלצייט אז דיר וועט זיך פארגלוסטען א טרויב, און בפרט יעצט ווען אויפ'ן טיש וועט שטעהן א קרוג מיט רויטען וויין...

— אין וויין־גארטען, ווען איך זעה פרישע, זאפטיגע טרויבען, קען איך זיך אמאל פארגעסען און אריינגעהמען א טרויב אין מויל. אבער דא ביים טיש, ווען איהר זייט אלע נעבען מיר, וועל איך אזא טעות נישט מאכען.

זי דינסט האט אריינגעבראכט וויין, און מנוח האט אנגעגאסען פאר אלעמען, א חוץ שמשון'ען.

— איך טרינק פאר שמשון'ס גליק! — האט קרני אויפגעהויבען זיין בעכער וויין, זאל ער זיין גליקליך און צופריעדען מיט דער פרוי וועלכע ער האט אויס־ערוועהלט!

— א דאנק דיר, מיין גוטער פריינד, איך האף אז דו וועסט אויך אנוועזענד זיין ביי דעם מאלצייט פון מיין חתונה... און דו, תרצה, וועסטו מיר דען נישט

ווינשען גליק? — האָט ער זיך צו איהר געווענדעט, ווען ער האָט באַמערקט ווי זי איז בלאַס געוואָרען.

טרעהרען האָבען זיך באַוויזען אין איהרע אויגען. זי האָט זיך אָבער בע־הערשט און אויפגעהויבען דעם בעכער און מיט א קוים הערבאַרע שטימע זיך אָפּגערופען:

— זאָל גאָט זיין מיט דיר און דיך בעשיצען פון שלעכטעס, און זאָלסט גליקליך זיין מיט אַלעם וואָס דו וועסט טהאָן.

— איך דאַנק דיר, תרצה! — האָט שמשון געזאָגט — איך האָף אין גיכען צו האָבען א געלעגענהייט דיר אויך צו ווינשען גליק... מיט דיין באַשערטען...

אַלע האָבען באַמערקט ווי צוויי טרעהרען האָבען זיך אַראָפּגעקייקעלט פון איהרע באַקען.

— אָ, תרצה, וועלען מיר זיך אַלע פרעהען און טאַנצען אויף דיין חתונה... זאָל נאָר דיר גאָט צושיקען איינעם וועלכער זאָל דיר ווערטה זיין, — האָט צללפּונית געזאָגט.

— און אויך ביי דיר, מיין גוטער פריינד, קרני, — האָט שמשון זיך צו איהם געווענדעט, — איך ווייס אַז דו האָסט פאַרדיענט צו קריגען א פרוי, וועלכע זאָל דיר ווערטה זיין.

צללפּונית האָט געוואָרפען איהרע בליקען פריהער אויף קרני'ן און נאָכהער אויף תרצה'ן...

— איך גלויב, אַז נישט קרני און נישט תרצה וועלען דאַרפען געהן גאַנץ ווייט צו זוכען זייערע באַשערטע, — האָט צללפּונית געזאָגט מיט א שמייכעל.

— אין צרעה זיינען פאַראַן גענוג שעהנע מיידעלך און בראַווע יונגע לייט.

— דאָס איז דאָך וואָס איך האָב שמשון'ען שוין לאַנג געזאָגט! — האָט מנוח געמערקט.

— פאָטער! — האָט שמשון פּראָטעסטירט, — דו האָסט דאָך מיר פאַר־שפּראָכען אַז דו וועסט מיט מיר וועגען דעם נישט ריידען.

— געוויס נישט, מיין זוהן! מיר ווייסען אַלע אַז יעדער איינער קריגט וואָס עס איז איהם באַשערט! און געוויס איז אַזוי דער ווילען פון גאָט, אַז דו זאָלסט חתונה האָבען מיט דער פּלשתית, מעגליך אַז דורך דעם וועט אַרויס־קומען א טובה פאַר ישראל... און כאָטש פיעלע פון די עלטסטע פון שטאָדט זיינען געווען נישט צופריעדען דאַמיט, אָבער...

— האָסטו זיי דען נישט געזאָגט, אַז איך בין גרייט אויפצוגעבען מיין אַמט אַלס שופט און פיהרער?! . . .

— געוויס האָב איך זיי געזאָגט, — האָט מנוח מיט שטאָלץ געענטפערט, — אָבער זיי האָבען דערפון נישט געוואָלט הערען... ווייסען זיי דען נישט, אַז דו ביזט דער איינציגער, נישט נאָר אין אונזער שבט דן, נאָר אויך אין די איבריגע שבטים, וועלכער פּאַסט זיך צו אַזאַ אַמט.

— און איך זאָג דיר, מיין זוהן, אַז אויב דו וועסט ברענגען מרמה'ן און באַזעצען זיך מיט איהר אין צרעה, וועל איך זיין גאַנץ צופרידען... איך ווייס. אַז מרמה איז א צאַרט איידעל קינד און מיר וועלען קענען אויף איהר ווירקען צום גוטען... יאָ, איך בין זיכער, אַז דורך אונזער איינפלוס וועט זי אויפהערען

צו דיענען צו דגון און צו די אנדערע געטער פון די פלשתים, דו וועסט מיט איהר לערנען אונזער תורה און זי וועט וויסען ווי זיך אויפצופיהרען.

— איך בין זיכער, מוטער, אז דו וועסט זיך פרעהען צו הערען, — האט שמשון אויסגערופען, — אז נישט נאר וועל איך זיך בעזעצען מיט מרמה'ן אין צרעה, נאר אז זי האט מיר פארשפראכען צו ווערען א אידישע טאכטער גלייך נאך אונזער חתונה אזוי שנעל ווי זי וועט קומען וואהנען מיט מיר אין אונזער שטאדט.

— איך און דיין פאטער וועלען נאך מעהר צופריעדען זיין ווען איהר ביידע וועלען קומען וואהנען מיט אונז צוזאמען. אונזער הויז איז גרויס גענוג. מרמה וועט זיך קענען א סך לערנען פון אונז, זי וועט וויסען ווי אזוי צוצוגרייטען אידישע מאכלים, און ווי אזוי אפצוהיטען אנדערע אידישע מנהגים און דינים.

— אויב דאס איז אייער וואונש, וועל איך דאס טהאן! — האט שמשון געענטפערט, — מרמה וועט גליקליך זיין ווען זי וועט זיך דערוויסען אז זי וועט ביי אייך פאררעכענט ווערען ווי אן אייגענע טאכטער.

תרצה האט די גאנצע צייט געזוכט צו שמייכלען, אבער איהר הארץ איז אנגעפילט געווארען מיט טרויער און ביטערקייט... יעצט זעהט זי שוין אז זי האט נישט וואס צו חלום'ען וועגען שמשון'ען. אז זיין מוטער איז שוין פון דעם צופריעדען, אבער פארוואס האבען זיי געדארפט ריידען וועגען דעם יעצט ווען זי איז דא דערביי? !...

תרצה'ן איז גאר בעת מעשה נישט איינגעפאלען אז דאס וואס שמשון האט פון איהר פערלאנגט זי זאל איהם ווינשען גליק צו זיין חתונה מיט מרמה'ן, און דאס וואס זיינע עלטערען האבען פארפיהרט א געשפרעך וועגען דער פלשתית איז געווען מיט דער כונה אז זי זאל אויפהערען טראכטען פון שמשון'ען און א טראכט טהאן פון קרני'ן. ווען אבער זי האט באמערקט אז שמשון האט זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאץ און זיך ענטשולדיגט אויף א ווייליע און איז ארויס, און גלייך נאך איהם איז מנוח ארויס פון הויז, און ווען צללפונית האט זיך אויך אויפגעהויבען און זיך ענטשולדיגט פאר קרני'ן און תרצה'ן, זאגענדיג אז זי וועט זיך באלד צוריקקעהרען, האט תרצה אנגעהויבען צו פארשטעהן אלעס... יעצט זעהט זי וואס צללפונית האט געמיינט ווען זי האט געזאגט, אז נישט קרני און נישט תרצה וועלען דארפען געהן ווייט צו זוכען זייערע באשערטע...

— א, ווי ווינציג זיי ווייסען וואס עס טהוט זיך ביי איהר אין הארצען, — האט תרצה א טראכט געטהאן ווען זי איז איבערגעבליבען אליין מיט קרני'ן, — זיי ווייסען ניט וועגען איהר באשלוס אז קיין אנדערער אויסער שמשון זאל נישט פארנעהמען קיין פלאץ ביי איהר אין הארצען.

א ווייליע זיינען זיי ביידע געזעסען און געשוויגען. תרצה האט געווענדעט איהרע אויגען צו דער ריכטונג פון ארויסגאנג, און קרני האט פון איהר די אויגען נישט ארונטערגענומען. ער האט געטראכט פון דעם וואס שמשון האט איהם מיט א ווייליע פריהער געזאגט, „אז א בראווער יונג ליעבט א מיידעל קריגט ער איהר".

— א, ווי בעצויבערנד שעהן זי איז! — האט קרני געטראכט, — אבער ווי אזוי קריגט ער מוטה? יא, ער וועט איינמאל פאר אלע מאל מיט איהר ריידען.

— תרצה! — האט קרני זיך געפּאסט מוטה און צו איהר זיך אפּגערופּען.

תרצה האט אומגעדרעהט איהר קאפּ און אויף איהם געקוקט.

— תרצה, איך האָף אז דו וועסט אויף מיר נישט צאָרניג זיין ווען איך וועל צו דיר עפּעס ריידען.

— אָה, מיין האר, פאר וואָס זאָל איך צאָרניג זיין, — האט תרצה א שמייכעל געטהאָן.

— זינט דו האָסט זיך אין צרעה באזעצט האָב איך פון דיר נישט אויפ־געהערט צו טראכטען.

תרצה האט איהם אפּגעמאָסטען מיט א גלייכגילטיגען בליק און געשוויגען.

— איך האָב די גאנצע צייט געזוכט א געלעגענהייט צו זיין מיט דיר אליין, און יעצט איז די געלעגענהייט געקומען. תרצה, איך האָב דיך ליעב!... וועסטו צושטימען צו זיין מיין פרוי?

א רויטקייט האָט באגאָסען איהר פּנים. זי האָט ארונטערגעלאָזען איהרע אויגען.

— איך בעט דיך, תרצה, זיי מיר מוחל. אָבער איך האָב זיך שוין מעהר נישט געקענט באהערשען... מיין גליק איז אין דיינע הענד... דיין איין וואָרט קען מיך מאכען פאר דעם גליקליכסטען פון גאנץ צרעה. וועסטו מיט מיר הייראטען?...

— צו וואָס דארפסטו חתונה האָבען מיט א גרושה, — האָט תרצה איהם געענטפערט, — פעהלען דען שעהנע מיידלעך אין צרעה?!...

— אָבער אלע ווייסען דאָך, אז... — האָט קרני נישט פארענדיגט.

תרצה האָט פארשטאַנען וואָס ער וויל זאָגען, און זי האָט זיך אפּגערופּען:

— איך בין דאָך פאררעכענט פאר א גרושה!

— און איך בין דאָך נישט קיין כהן! — האָט קרני א שמייכעל געטהאָן.

— אָה, יאָ, וועגען דעם האָב איך גאָרנישט געטראכט, — האָט תרצה גע־זאָגט, — א כהן טאָר מיך פאר זיין פרוי נישט נעהמען. און מעגליך אז א נזיר...

קרני האָט פארשטאַנען וואָס זי מיינט. יאָ, ווי עס ווייזט אויס, האָט זי נאָך אין שמשון'ען נישט פארגעסען.

— אויב דו וועסט צושטימען, וואָלטען מיר אונזער הייראט בעשטימט גלייך נאכדעם ווי שמשון וועט חתונה האָבען. איך בין זיכער, אז שמשון וועט זיין צופרידען אנוועזענד צו זיין אויף אונזער חתונה. ער האָט דאָך מיך אויך איינגעלאַדען.

— אָה, ניין, קרני, איך וועל שוין מעהר נישט הייראטען, — האָט תרצה קוים איינגעהאַלטען איהרע טרעהרען.

— דו ליעבסט מיך נישט?

— איך וויים אז דו ביזט א בראַווער וואוילער יונג, קרני, און דו האָסט פאַרדיענט צו קריגען א פרוי מיט וועמען דו וועסט קענען שטאָלץ זיין... אָבער מיט מיר? ניין, איך בין גע'גט... און איך טראכט שוין מעהר נישט פון חתונה האָבען... דו וועסט מיר ענטשולדיגען קרני, — האָט זי זיך אויפגעהויבען פון איהר פּלאַץ, — אָבער איך אייל זיך אהיים.

תרצה איז ארויסגעגאַנגען פון הויז און מיט שנעלע טריט אהיים געגאַנגען.

באלד איז שמשון אריינגעקומען און באמערקט זיין פריינד זיצענדיג מיט אן אראפּגעלאזטען קאפּ.

— וואו איז תרצה? — האט איהם שמשון געפרעגט.

— זי איז נאר וואס אוועק. זי האט זיך געאיילט.

— נו? . . .

— ניין, שמשון, איך האב קיין מזל נישט! — האט קרני געענטפערט מיט אן אומעטיגער שטימע, — איך האב געהאט גענוג מוטה מיט איהר גאנץ אפען צו ריידען. אבער זי האט מיר געזאגט, אז זי האט בעשלאסען מעהר קיינמאל נישט צו הייראטען... איך וויים, שמשון, אז זי האט דיך נאך אויך יעצט ליעב... ווייל זי האט מיך געפרעגט אויב א נזיר איז ערלויבט צו הייראטען מיט א גרושה.

— דו האב נאר געדולד, קרני, נאכדעם ווי איך וועל שוין זיין פערהייראט, וועט זי מיט דיר ריידען אנדערע רייד. זי וועט איהר באשלוס ענדערען.

— אויב זי וועט איהר בעשלוס ענדערען, וועט עס גיכער זיין יורם, ווייל נאך אלעמען האט זי דאך איהם אמאל ליעב געהאט.

— מיט יורם'ן וועט זי קיינמאל נישט הייראטען... וועגען דעם מעגסטו רוהיג זיין, — האט איהם שמשון געענטפערט, — איך צווייפעל נישט אז גאר אין גיכען וועט זי געהערען צו דיר.

---

דער טאג פון שמשון'ס חתונה איז געקומען. די פלשתים־שטאדט תמנה, האט געיובעלט. אלע איינוואהנער פון שטאדט זיינען געווען צופריעדען וואס שמשון, דער גרעסטער העלד, וועט פארבונדען זיין מיט זיי... יעדער האט גע־רעדט פון זיין גבורה און העלדישקייט.

דרייסיג יונגע לייט, די בראווסטע פון תמנה, זיינען איינגעלאדען געווארען צו דער חתונה פון שמשון'ען און מרמה'ן.

שמשון, זיינע עלטערען, קרני, און עטליכע פון זיינע פריינד זיינען אנ־געקומען אין תמנה מיט א טאג פריהער. זיי האבען גענעכטיגט אין דעם הויז פון דישון'ס א פריינד, ווייל עס איז געווען דער מנהג אין פלשתים, אז דער חתן טאר די לעצטע נאכט פאר דער חתונה, נישט נעכטיגען אין דעם זעלבען הויז וואו די כלה געפינט זיך.

שמשון האט מיט זיך געבראכט דעם מהר, עטליכע שטיקלעך גאלד, וואס ער האט אפּגעגעבען צו דישון. ער האט אויך איבערגעגעבען מרמה'ן די ציערונג וואס ער האט פאר איהר געבראכט.

די טישען זיינען געווען געגרייט. די געסט האבען זיך פארזאמעלט. צווי־שען די איבריגע פריינד איז אויך געווען לחמי און זיינע עלטערען.

בריעה און איהר מוטער האבען אנגעפילט די גלעזער מיט וויין.

שמשון און מרמה זיינען געזעסען אויבען אן. ער האט קיין וויין נישט געטרונקען... נעבען מרמה'ן איז געשטאנען א גלאז וויין, אבער זי האט זיך צו דעם נישט צוגעריהרט.

דישון האט עטליכע מאל געמאכט א פארזוך איינצוריידען שמשון'ען ער זאל טרינקען וויין.

— עס איז ביי אונז א מנהג, אז דער חתן און די כלה טרינקען וויין פון דעם זעלבען בעכער, — האט ער צו שמשון געזאגט.

— איך טאָר אָבער קיין וויין נישט טרינקען. זאָל מרמה אליין טרינקען, און ער האָט איהר דערלאַנגט דעם בעכער.

מרמה האָט מיט א שמייכעל גענומען דעם בעכער פון שמשון'ס האנד און איהם צוגעטראָגען צו איהרע ליפען.

דישון איז צוגעגאנגען צו מנוח'ן און צללפונית'ן, וועלכע זיינען געזעסען אויף דער צווייטער זייט פון טיש און פערלאַנגט פון זיי צו בעטען שמשון'ן צו טרינקען אביסעל וויין.

— דאָס איז אונמעגליך! — האָט מנוח אויסגערופען, — אונזער זוהן איז א נזיר און א היילינגער, איהם איז פארבאָטען צו טרינקען וויין אפילו צו זיין אייגענער חתונה.

— זייט זיך אלע משמח! — האָט שמשון אויסגערופען, און זיינע אויגען האָבען געלויכטען פון גליק. — איך קריג די שעהנסטע מיידעל פון תמנה פאר מיין פרוי.

— וויז אונז איינע פון דיינע קונצען! — האָט אימיצער פון די געסט אויסגערופען צו שמשון'ען.

— נישט יעצט! — האָט מרמה געענטפערט.

— דאַן זאָל ער אונז דערצעהלען וועגען זיין העלדישקייט! — האָט א האלב־שכור'ער גאסט זיך אַנגערופען.

— לאָמיר פארוויילען אונזער צייט אין פרעגען רעטענישען, — האָט ברטור זיך אָפּגערופען, — איך האָב זעהר א גוטע רעטעניש.

— פרעג איהם! פרעג איהם! — האָבען זיך געהערט שטימען.

— ניין, דער חתן דארף פריהער פרעגען, — האָט בריעה אויסגערופען, — לאָמיר הערען וואָס פאר א רעטעניש ער וועט אונז פרעגען.

— פרעג אונז, שמשון, א רעטעניש, אויב נישט וועלען מיר דיך פרעגען, — האָט נאָך איינער געזאָגט.

— שמשון האָט נישט לאַנג צוריק אונז בעצאָהלט א שטראָף פאר נישט טרעפען איינעם פון אונזערע רעטענישען, — האָט נאָך א שכור'ער גאסט זיך אָפּגערופען.

— איך האָב אויך געקראָגען א שקל פון שמשון'ען פאר דעם וואָס ער האָט דעם רעטעניש נישט געטראָפען, — האָט נאָך א גאסט א זאָג געטהאָן.

— גוט! איך וועל אייך פרעגען א רעטעניש! — האָט שמשון זיך אויפ־געשטעלט פון זיין פּלאַץ, — אָבער דעם רעטעניש וועל איך פרעגען בלויז די דרייסיג יונגע לייט וועלכע זיינען מיינע געסט.

— פרעג אונז! — האָט ברטור אויסגערופען, — מיר זיינען דרייסיג און אם ווייניגסטענס וועט זיך געפינען איינער פון אונז וועלכער איז גענוג קלוג און ער וועט טרעפען דיין רעטעניש!

— איידער איך פרעג אייך דעם רעטעניש וועל איך מיט אייך מאכען א וועט! — האָט שמשון געזאָגט, — אויב איהר וועט טרעפען דעם רעטעניש, וועל איך יעדען פון אייך דארפען געבען א העמד און אן אויבער־בגד.

— און אויב בלויז איינער פון אונז וועט טרעפען, וועסטו אונז אלעמען געבען די העמדער און די אויבער־בגדים? — האָט ברטור איהם געפרעגט.

— יא, אויב אפילו איינער וועט טרעפען, וועלען אלע קריגען... איך וועל

אייך צושטעלען דרייסיג העמדער און דרייסיג אויבער־בגדים... אבער ווען קיינער פון אייך וועט נישט טרעפען, דאן וועט יעדער פון אייך מיר דארפען געבען א העמד און אן אויבער־בגד.

— גוט, מיר שטימען איין! — האבען זיך געהערט שטימען.

אלע געסט האבען אנגעשטרענגט זייערע אויערען און שמשון האט זיך אפגערופען:

— הערט זיך צו מיין רעטעניש: „פון אזעלכען וואס עסט יענעם און אליין ווערט ער נישט געגעסען, איז ארויסגעקומען אן עסענוואַרג, און פון דעם שטארקען און ביטערען איז ארויסגעקומען א זיסע זאך".

— וויפיעל טעג צייט גיסטו אונז צו טרעפען דיין רעטעניש? — האט ברטור איהם געפרעגט.

— זיבען טעג, די זיבען טעג פון דעם חתונה מאלצייט! — האט שמשון געענטפערט.

אין גאסט־צימער איז געווען א באוועגונג. יעדער איינער האט ווידער־האלט שמשונ'ס רעטעניש. איינציגע האבען געקנייטשט דעם שטערען. עס האט זיך זיי אויסגעדוכט, אז אט באלד, באלד טרעפען זיי דעם רעטעניש.

— איך וויים! — האט ברטור א געשריי געטהאן. פון שטארקען איז ארויס־געקונען א זיסע זאך — דאס ביזטו! דו ביזט דער שטארקער, און די זיסע זאך איז דיין יעצטיגע חתונה!

— און איך עס יענעם! און פון מיר איז ארויסגעקומען אן עסענוואַרג! — האט שמשון זיך פאנאנדערגעלאכט.

אלע האבען זיך הילכיג פאנאנדערגעלאכט, און ברטור האט זיך פערשעהמט און דורכגעפיהרט זיינע פינגער דורך זיין שווארץ בערדעל. ער האט ווידער גענומען קנייטשען זיין שטערען און געוואָרפען זיינע בליקען אויף מרמה'ן...

די איבעריגע האבען גענומען קוועטשען מיט די פלייצעס.

— עס איז טאקע א מערקווירדיגע רעטעניש! — האט דישון זיך אפגערו־פען, אבער איהר האט דאך זיבען טעג צייט צו טרעפען, און איהר זייט דרייסיג יונגע לייט... איך בין זיכער, אז אימיצער פון אייך וועט געווים טרעפען.

— און אויב זיי וועלען טרעפען, וועט דאך שמשון דארפען בעצאהלען דרייסיג העמדער און דרייסיג אויבער־בגדים! — האט בריעה זיך אפגערופען מיט א שמייכעל. — וואו וועט ער דאס נעהמען אזוי פיעל געלד? סיידען דו וועסט איהם צוריקקעהרען דעם מהר, וואס ער האט דיר געבראכט — האט בריעה לאַ־כענדיג געזאגט צו איהר פאטער.

— דו דארפסט וועגען דעם נישט זארגען, מיין שוועסטער! — האט זיך די כלה אפגערופען. — אויב זיי וועלען טרעפען, וועט שמשון יעדען פון זיי בע־צאהלען, ווי ער האט צוגעזאגט.

— אבער ווען זיי וועלען נישט טרעפען, קענסטו זיך פארשטעלען, ווי רייך דו וועסט ווערען, מרמה, דו וועסט האבען דרייסיג העמדער און דרייסיג אויבער־בגדים!

די דרייסיג פלשתים יונגע לייט האבען זיך פארזאמעלט בעזונדער אין א צימער און צווישען זיך היציג גערעדט וועגען דעם מערקווירדיגען רעטעניש. יעדער איינער האט פרובירט אויסטייטשען אויף א בעזונדער שטייגער, אבער

ווען מען האָט דעם ענטפער גענומען פערגלייכען מיט'ן רעטעניש, האָט עס נישט געשטימט.

אין אָוועגד, ווען די געסט האָבען פערלאָזען דישונ'ס הויז, האָט ברטור זיי פּערדרופען צו זיך און כמעט די גאנצע נאכט האָבען זיי צווישען זיך דיסקוטירט דעם רעטעניש, אָבער אָהן ערפאָלג.

ווען שמשון און זיין כלה זיינען געבליבען אליין, האָט זי זיך צו איהם אָפּ־גערופען מיט א שמייכעל:

— דו ווייסט, שמשון, איך האָב דעם גאנצען טאָג געקלערט וועגען דעם רעטעניש, און איך האָב בשום אופן נישט געקענט פארשטעהן, וואָס דו האָסט געמיינט דאמיט.

— עס פארשטעהט זיך, אז ווען דו וואָלסט פארשטאנען, וואָלט דאָך אויך פאר די אנדערע נישט געווען שווער צו טרעפען! און דאן וואָלט איך דעם גע־וועט פערלאָרען. יעצט אָבער בין איך זיכער, אז בשום אופן וועט איהם קיינער נישט טרעפען. און דאן וועלען זיי מיר בעצאָהלען דעם קנס...

— איך גיב אויף די האָפענונג צו טרעפען דעם ענטפער — האָט מרמה זיך אָפּגערופען. — איך בעט דיר, דערצעהל מיר, וואָס דאָס בעדייט.

— אָה, ניין! — האָט שמשון אויסגערופען. — דאָס קען איך נישט טהאָן.

— מיר, דיין אייגען ווייב, האָסטו מורא צו דערצעהלען? — האָט מרמה איהם ארומגענומען.

— איך וועל דיר דערצעהלען נאָך זיבען טעג, ווען די דרייסיג פלשתים וועלען צוגעבען, אז זיי האָבען דעם געוועט פערלאָרען, דאן וועל איך דיר אויס־זאָגען.

— איך וועל קיין געדולד נישט האָבען צו וואַרטען אזוי לאנג — האָט מרמה געזאָגט. — ערקלער מיר יעצט די בעדייטונג פון דיין רעטעניש!

— ניין, איך קען דאָס נישט טהאָן. — יעצט האָט שמשון צוגעלעגט זיין פינגער צו איהר מויל. — דו וועסט מוזען האָבען אביסעל געדולד. דעם זיבעטען טאָג פון אונזער התונה־פייערונג, ווען די זון וועט פערגעהן, וועל איך דיר דאן אויסזאָגען.

— דאן וועסטו דאָך פאר אלעמען ערקלערען די בעדייטונג פון דיין רע־טעניש! — האָט מרמה זיך פארקאפּריזעוועט, — בין איך דען אין דיינע אויגען גלייך צו די איבעריגע?

— דו ווייסט דאָך, ווי שטארק איך ליעב דיך, מרמה, און דעריבער ווען איך זאָג דיר, אז יעצט קען איך דיר נישט ערקלערען די מיינונג פון דעם רעטע־ניש, דארפסטו דערפון מיט מיר מעהר נישט רעדען!

— ניין, דו האָסט מיך נישט ליעב! — האָט מרמה אויסגערופען; און גע־ווישט איהרע טרעהרען. — דו האָסט מיך פיינט... דו פרעגסט א רעטעניש צו די מענשען פון מיין פאָלק, און האָסט מורא מיר צו זאָגען... ווען דו וואָלסט מיך ליעב געהאט, וואָלסטו געהאט גענוג צוטרויען צו מיר... ווען א מאן ליעבט א פרוי, דארף ער פון איהר קיינע סודות נישט האָבען...

— איך האָב אפילו צו מיין פאָטער און מוטער נישט געזאָגט, און דו וועסט דאָך מיך נישט קענען בעשולדיגען, אז איך האָב זיי נישט ליעב! מיין פאָטער

און מוטער זיינען אביסעל פריהער צו מיר צוגעגאנגען און מיך געפרעגט די בע־דייטונג, און איך האָב זיי אויך געבעטען זיי זאָלען ווארטען ביז דעם סוף פון די זיבען טעג. און זעהסטו דאָך, אז זיי ווארטען...

— אָבער מיר דארפסטו נישט ענטזאגען... איך בין דיין ווייב און דו דארפסט מיך ליעב האָבען אפילו מעהר ווי דיינע עלטערען! — האָט מרמה גע־זאָגט מיט א ברוגז'ער שטימע....

— ווען איך האָב דיך ליעב אזוי פיעל ווי איך האָב מיינע עלטערען ליעב, דארפסטו זיך שעצען גליקליך — האָט שמשון געשמייכעלט. — דו מעגסט ווי־סען, אז איך האָב מיין פאָטער און מוטער ליעבער פון אַלעם אין דער וועלט!

— אָבער דעם ערשטען טאָג נאָך אונזער התונה האָסטו שוין סודות פון מיר! — האָט מרמה געוויינט. — ווען דו וואָלסט מיך ווירקליך ליעב געהאט, וואָלסטו מיר געטהאָן אזא קלייניגקייט און מיר אויסגעזאָגט דעם רעטעניש.

— פארוואָס זאָלסטו מיר נישט וועלען גלויבען, טייערע מרמה, אז איך קען דאָס נישט טהאָן.. איך וועל פאַר דיר אַלעס טהאָן וואָס דו וועסט פון מיר פערלאנגען אויסער דעם.

— איך וויים, אז דו האָסט מורא מאָמער וועל איך זיך פאַר אימיצען ארויסריידען. דעריבער קען איך שווערען ביי דגון אונזער גאָט, אז איך וועל קיינעם דעם סוד נישט אויסזאָגען, ביז וואנען דו וועסט מיר אליין די ערלויב־ניש געבען....

— אפילו ווען דו וואָלסט געשוואָרען ביי מיין גאָט, קען איך דיר יעצט נישט דערצעהלען. איך בעט דיר, מרמה, צווינג מיר נישט צו טהאָן אזא זאך, וואס איז יעצט פאַר מיר אונמעגליך — האָט איהר שמשון געוואָלט א קוש טהאָן.

— איך זעה, אז דו האָסט מיך פיינט! — האָט זי פון איהם איהר קאָפּ אָפּ־געקערט. — דאמיט וועל איך זעהן ווי שטארק דו האָסט מיך ליעב... יע, אויב דו וועסט מיר נישט זאָגען די בעדייטונג פון דיין חידה, איז א סימן, אז איך בין ביי דיר פערעכענט ווי א פרעמדע, און דו האָסט מיך נישט ליעב. אָבער ווען דו וועסט מיר זאָגען, דאַן וועל איך וויסען, אז דו האָסט מיך ליעב מעהר פון אלעמען.

— דו נארישע קעלבעל — האָט איהר שמשון געגלעט איבער'ן קאָפּ. — ווען איך וואָלט דיך נישט ליעב געהאט, וואָלט איך דען מיט דיר חתונה געהאט? דו ווייסט דאָך, אז אויך אין צרעה זיינען פאראַן גענוג שעהנע מיידלעך, און אז איך האָב דיך אויסדערוועהלט, איז דען נישט קיין סימן, אז איך האָב דיך ליעב מעהר פון אלעמען!

— ווען א פלשתי האָט ליעב א פרוי, איז קיין זאך פאַר איהם נישט צו שווער צו טהאָן פאַר איהר! און איך האָב געמיינט, אז די עברים ליעבען זייערע פרויען נאָך שטארקער — האָט מרמה זיך נאָך אַלץ געקאפּריזעט. — דו דארפסט מיר נישט ענטזאגען, ווען איך בעט דיך אזא קלייניגקייט ווי אויסצוזאָגען דעם רעטעניש.

די גאנצע נאכט האָט מרמה גענעגט שמשון'ען, אָבער ער האָט איהר נישט אויסגעזאָגט.

אויף מאָרגען אין דער פריה, ווען די געסט זיינען ווידער זיך צונויפגעקו־

מען, האָט מען די ערשטע זאַך אָנגעהויבען צו ריידען וועגען דעם רעטעניש. יעדער האָט דערציילט צו וואָס ער האָט זיך דערטראַכט, אָבער ווען מען האָט עס איבערגעגעבען צו שמשון'ען, האָט ער זיך פון אַלע ענטפערס אויסגעלאַכט.

— איהר האָט נאָך זעקס טעג! — האָט שמשון צו זיי געזאָגט. — מעגליך, אַז איהר וועט נאָך טרעפען.

— געוויס, וועלען מיר טרעפען! — האָט ברטור אויסגערופען מיט שטאָלץ.

— צווישען דרייסיג פלשתים וועט זיך אימער געפינען איינער, וואָס איז קלוג גענוג צו טרעפען דיין רעטעניש.

— דאַן קריגט איהר אַלע אייערע די דרייסיג העמדער און די דרייסיג אויבער־בגדים! — האָט שמשון געזאָגט. — איך וועל מיין וואָרט האַלטען, ווי טייער איך זאָל נישט דאַרפען בעצאָהלען.

די צווייטע נאַכט האָט מרמה ווידער גענומען דערקוטשען איהם, ער זאָל איהר זאָגען די בעדייטונג פון דעם רעטעניש. זי האָט איהם געקוועלט מיט איהרע רייד, זי האָט געוויינט און געבעטען, אָבער שמשון האָט איהר נישט געזאָגט.

אַזוי זיינען אַוועק זעקס טעג פון די זיבען פייער־טעג. אויף דעם זיבעטען טאָג, ווען די דרייסיג יונגעלייט פון פלשתים האָבען דערזעהן, אַז דער לעצטער טאָג איז געקומען און זיי ווייסען נאָך נישט דעם ענטפער פון דעם רעטעניש, זיינען זיי גאַנץ אומרוהיג געוואָרען.

— אויב מיר וועלען ביז דעם אָוונד נישט טרעפען דעם רעטעניש, וועט יעדער פון אונז מוזען שמשון'ען בעצאָהלען אַ העמד און אַן אויבער־בגד... מיר האָבען זיך בענאַרישט, וואָס מיר האָבען זיך געלאָזט איבעררייִדען, ער זאָל אונז אַזאַ שווערען רעטעניש פרעגען. מיר וועלען דאָך אַלע פעראַרימט ווערען... בפרט יעצט איידער די שניט־צייט איז געקומען, ווען מיר האָבען נישט קיין מעגליכקייט צו קריגען געלד.

— דאָס איז אין גאַנצען דיין שולד, ברטור! — האָט איינער פון זיי זיך אָפּגערופען. — דו האָסט איהם געהייסען פרעגען. דיר האָט זיך געדוכט, אַז איינער פון אונז דרייסיג וועט זיכער טרעפען.

— נישט נאָר איך אַליין, אָבער מיר זיינען אַלע שולדיג! — האָט ברטור געענטפערט. — אָבער זאָרגט נישט, איך וועל שוין זעהן ארויסצוקריגען די בעדייטונג פון דעם רעטעניש פון מרמה'ן, שמשון'ס ווייב.

— איך גלויב נישט, אַז זי וועט וועלען דיר אויסזאָגען! — האָט איינער זיך אָפּגערופען.

— דאָס וועלען מיר שוין זעהן! — האָט ברטור געזאָגט. — איהר דאַרפט נישט פערגעסען, מיינע פריינד, אַז עס איז געווען אַ צייט, ווען מרמה האָט פון מיר גאָר אַ סך געטראַכט... יאָ, איידער זי האָט דערקענט שמשון'ען, און כאָטש זי איז אויף מיר אַ היבשע צייט געווען אין כעס, פונדעסטוועגען ווערט די ערשטע ליעבע נישט אַזוי שנעל פערגעסען, און איך בין זיכער, אַז זי וועט מיר דיזע געפעליגקייט טהאָן.

— מיר וועלען זעהן, אויב דיר וועט געלינגען אויסצוגעפינען פון מרמה'ן — האָט נאָך איינער געזאָגט. — אויב נישט, זיינען מיר פערלאָרען.

ברטור האָט צוגערופען בריעה'ן און זיך צו איהר אָפּגערופען:

— זאָג דיין שוועסטער, אז איך וויל זי זעהן, און ווען שמשון וועט זיין פערנומען מיט עפּעס אַנדערש, זאָל זי אריינקומען צו אונז אין גאַסט־צימער.

— שמשון וועט באַלד אריינגעהן פערברייננגען מיט זיינע עלטערן און אידישע פריינד, און ער וועט זיך פערזאמען א היבשע ווייל, וועל איך מרמה'ן אריינשיקען צו אייך — האָט בריעה זיך אָפּגערופען.

אין א ווייל ארום איז מרמה אריינגעקומען אין דעם צימער, וואו די דרייסיג פלשתים געסט האָבען זיך אויפגעהאַלטען. זי האָט בעמערקט, ווי אַלע געסט זיצען מיט ארונטערגעבויגענע קעפּ פערזאָרגט.

— וואָס האָט פּאסירט? — האָט זי זיך געווענדעט צו ברטור'ן, וועלכער האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין פּלאַץ און איהר ענטקעגען געגאַנגען.

— מיר זיינען אַלע דיינע געסט. דו האָסט אונז איינגעלאַדען צו פערברייננגען מיט דיר און דיין משפחה פּאר די זיבען טעג פון דער פייערונג פון דיין חתונה, נישט ריכטיג, מרמה? — האָט ברטור איהר געזאָגט.

— יע, מיין פריינד! און איך האָף, אז איהר זייט אַלע צופרידען. איהר פערברייננגט גאַנץ גוט און איהר זייט פרעהליך.

— פרעהליך! — איז א צווייטער גאַסט אויפגעשפּרונגען פון זיין פּלאַץ.— ווי אזוי קענען מיר זיין פרעהליך, אז באַלד ווערען מיר בערויבט.

— איך פערשטעה נישט, וואָס בעדייטען זייערע רייד! — האָט מרמה געפרעגט ברטור'ן.

— עס קומט אויס, אז דו האָסט אונז אַלעמען איינגעלאַדען אהער אונז צו פערארימען, דו זאָלסט פון אונז רייך ווערען! — האָט נאָך איינער זיך צושריען.

— זאָל זיין שטיל! — האָט ברטור געמאַכט ווי ער בייזערט זיך אויף זייגע פריינד.

— איך וועל דיר זאָגען, מרמה — איז ער מיט איהר אוועק אָן א זייט. — דו קענסט נישט בעשולדיגען די יונגען פאַרוואָס זיי זיינען אזוי פערביטערט און אויפגערעגט. דו ווייסט דאָך געוויס, אז היינט איז דער לעצטער טאָג פון רעטעניש. און אויב מיר וועלען נישט טרעפען די בעדייטונג פון שמשון'ס רעטעניש ביז וואַנען די זון פערגעהט, וועלען מיר דאָך אַלע דאַרפען איהם צושטעלען די דרייסיג העמדער און די דרייסיג אויבער־בגדים. און דו ווייסט דאָך, אז דאָס דאַרף קאָסטען זעהר פיעל געלד. וואו וועלען מיר דאָס נעהמען?

— אָבער וואָס קען איך אייך העלפען? — האָט מרמה זיך אָפּגערופען. — איהר האָט זיך דאָך געוועט. פאַרוואָס האָט איהר פאַראויס נישט געזעהן, אז ער וועט אייך מעגליך פרעגען א שווערע רעטעניש? האָט איהר נישט געדאַרפט צושטימען צו די בעדינגונגען.

— אָבער יעצט איז דאָך שוין פאַרפאַלען! קיינער פון אונז ווייס נישט די בעדייטונג פון דעם רעטעניש און מיר וועלען אין אוועגד מוזען צאָהלען אונזער שטראָף. דעריבער וואָלטען מיר דיר געבעטען אונז א טובה טהאָן און אויסזאָגען די בעדייטונג פון דעם רעטעניש.

— אָ, ברטור, ווען דו וואָלסט געוואוסט, וויפיעל טרעהרען איך האָב פערגאָסען יעדע נאַכט, בעטענדיג זיך ביי שמשון'ען ער זאָל מיר אויסזאָגען דעם רעטעניש און ער האָט מיר ענטזאָגט. וואָלסטו פון מיר אזא זאַך נישט פערלאַנגט.

— פאר זיך אליין וואלט איך געוויס נישט פערלאנגט פון דיר אזא זאך, אבער פאר אלע דיינע געסט... דו ווייסט נישט ווי פערביטערט זיי זיינען, און איך בין זיכער, אז ווען זיי וועלען זיין געצוואונגען צו בעצאהלען זייער שטראף, וועלען זיי דיר שלעכטס טהאן, דיר צוזאמען מיט דיין משפחה... דו דארפסט נישט פערגעסען, אז די שניט־צייט איז נאך נישט געקומען, און קיינער פון זיי האט קיין געלד נישט, און ווען זיי וועלען זיין געצוואונגען צו קריגען געלד, וועלען זיי געהן זיך בעקלאגען צו דעם סרן פון אשקלון. און איך האב געהערט אייניגע זאגען, אז אויב דו וועסט זיי נישט אויסזאגען די בעדייטונג פון דעם רעטעניש, וועלען זיי פערברענען דיך און דיין פאטער'ס הויזגעזינדט!

— אבער איך זאג דאך דיר, ברטור, אז שמשון האט מיר בשום אופן נישט געוואלט אויסזאגען דעם רעטעניש! — האט מרמה זיך אפגערופען א דערשראקענע. — ווי איך האב זיך ביי איהם נישט געבעטען און ווי שטארק איך בין צו איהם נישט צוגעשטאנען, האט עס אלץ נישט געהאלפען. ער וויל מיר נישט זאגען, ביז וואנען די זיבען טעג וועלען פארבייגעהן.

— איך פערשטעה דאס נישט, האט דיך שמשון דען נישט ליעב?

— ער זאגט, אז ער האט מיך זעהר ליעב, אבער דאס קען ער נישט טהאן פאר מיר!

— אז דו זאלסט נישט קענען פועל'ען ביי איהם ער זאל דיר אויסזאגען א רעטעניש, איז אדער א סימן אז ער האט דיך נישט שטארק ליעב, אדער דו קענסט נישט בענוצען דיין פרויען־קראפט געגען איהם.

— איך האב אלעס געטהאן, אבער ער איז פער'עקשנ'ט! — האט מרמה געזאגט.

— דו וועסט פון איהם מוזען דערגעהן די בעדייטונג פון רעטעניש און אונז זאגען, אויב נישט קען איך פאראויסזעהן צרות! — האט ברטור זיך אפגערופען. — דו מעגסט מיר גלויבען, מרמה, אז מיט פיעלע שוועריגקייטען האב איך די געסט אפגעהאלטען זיי זאלען צוווארטען. איך האב זיי פערשפראכען, אז ווען איך וועל זיך מיט דיר דורכריידען, וועסטו אונז קומען צו הילף... דו מוזט נאך היינט ארויסקריגען דעם ענטפער פון שמשון'ען און אונז גלייך איבערגעבען, אז נישט וועסטו און דיין גאנצע משפחה זיין פערלארען!...

— ווי אזוי וועל איך קענען טהאן אזא זאך! — האט מרמה אויסגערופען. — אפילו אויב שמשון זאל מיר שוין אויסזאגען, וועל איך דען איהם קענען פערראטען?

— אויב דו ווילסט פערמיידען צרות, וועסטו עס מוזען טהאן! — האט ברטור געזאגט. — דו ווייסט דאך, מרמה, אז איך בין אויסען דיין טובה... איך האב זעהר פיעל געגען דיר געזינדיגט אמאל, און יעצט וואלט איך אלעס געטהאן דו זאלסט מיר מוחל זיין... יע, דו וועסט מוזען דערגעהן פון שמשון'ען דעם רעטעניש.

— ווען ער וועט זיך דערוויסען, אז איך האב אייך אויסגעזאגט, וועט ער מיך טויטען! — האט מרמה מיט שרעק אויסגערופען.

— אזוי שטארק איז זיין ליעבע צו דיר! — האט ברטור זיך א קרים געטהאן. — אויב אזוי דארפסטו גאר וועגען אהים נישט זארגען. ער וועט קיינמאל נישט אויסגעפינען, אז דו האסט אונז אויסגעזאגט.

— איך צווייפעל, אויב מיר וועט געלינגען אויסצוגעפינען פון שמשון׳ען— האָט מרמה אויסגערופען.

— אויב דו ווילסט פארמיידען אַן אומגליק, מוזטו זעהן אַנווענדען אַלע דיינע כוחות און ארויסקריגען פון איהם דעם ענטפער... ווייל די יונגען וועלען ביי יעצטיגער צייט נישט קענען בעהויפּטען צו בעצאָהלען שמשון׳ען אַזא שטראָף. געה און רוף שמשון׳ען אריין אין דיין צימער או פאנג איהם אָן אַזוי פיעל צו בעטען און דערקוטשען ביז וואנען ער וועט דיר זאָגען. לאָז איהם פון דיר נישט אוועקגעהן, אַזוי לאַנג ווי ער וועט דיר נישט דערצעהלען.

מרמה האָט גענומען ארויסגעהן פון צימער און די פּלשתים יונגעלייט האָבען זיך א שטעל געטהאָן און געווענדעט זייערע בליקען צו ברטור׳ן.

— זייט רוהיג! — האָט זיך ברטור צו זיי אָפּגערופען. — מרמה וועט אונז ארויסהעלפען.

— איך וועל טהאָן אַלעס וואָס איך קען! — האָט מרמה א זאָג געטהאָן שטעהענדיג ב׳ים ארויסגאנג.

— מיר וועלען וואַרטען אויף דיין קומען! — האָט איינער אויסגערופען.— און אויב דו וועסט זיך צו אונז נישט אומקעהרען איידער די זון פערגעהט, וועלען מיר...

— שווייג! — האָט ברטור איהם נישט דערלאָזען ענדיגען. — דו האָסט מעהר גאָר נישט צו ריידען. מרמה וועט זיך דאָ צוריקקעהרען!

מרמה איז ארויס פון דעם צימער און איז אריין צו זיך אין שלאָף־צימער. זי האָט געזאָגט איהר דינסט, אַז זי זאָל איבערגעבען שמשון׳ען, אַז זי פיהלט נישט גוט.

מרמה האָט זיך אריינגעלעגט אין איהר בעט. איהר פערצווייפלונג איז יעצט גרעסער געוואָרען. פריהער האָט זי זיך געבעטען ביי שמשון׳ען ער זאָל איהר זאָגען די בעדייטונג פון זיין רעטעניש, ווייל זי איז אויך נייגיריג געווען צו וויסען. איצט אָבער איז זי געצוואונגען צו וויסען... זי מוז פערמיידען אַן אומגליק.... אָבער וואָס זאָל זי טהאָן, אויב ער וועט זיך פער׳עקשנ׳ען אַזוי ווי ער האָט די גאנצע צייט געטהאָן? זי וועט פאלען צו זיינע פיס, זי וועט בעטען און וויינען ביז וואנען ער וועט איהר מוזען דערצעהלען — האָט זי ביי זיך בעשלאָסען.

זי האָט דערהערט שווערע טריט. זי האָט שנעל זיך צורעכט געמאַכט און געזעהן צו מאכען א פּנים אַזוי ווי זי ליידט זעהר שטאַרק.

די טיר האָט זיך געעפענט און שמשון איז אריינגעקומען.

— וואס איז מיט דיר, מיין טייערע מרמה? — איז שמשון צו איהר צוגעגאַנגען און איהר אָנגענומען פאר׳ן האנט. — האָסטו געטרונקען צופיעל וויין?

— ניין, שמשון. דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב די גאַנצע זיבען טעג קיין וויין נישט געטרונקען... ווייל עס איז נישט געווען מיין שמחה.

—איך פערשטעה נישט, וואָס מיינסטו דאַמיט! — האָט איהר שמשון אָנגעקוקט.

— איך בין געווען גליקליך ביז דעם ערשטען טאָג פון אונזער חתונה —

האט מרמה זיך פאנאנדערגעכליפעט. — און יעצט ביהל איך זיך אומגליקליך... ווייל דו האסט מיך מעהר נישט ליעב.

— אה, מיין ליעבענקע טייבעלע! — האט איהר שמשון געקושט. — פאר־וואס זאלסטו אזוי ריידען! דו ווייסט דאך, אז דיך האב איך ליעב מעהר ווי זיך זעלבסט.

— אבער זעהר פיין האסטו מיך בעהאנדעלט די זיבען טעג פון אונזער חתונה־פייערונג — האט זיך מרמה צו איהם גענומען טוליען. — א פרעמדע בין איך צו דיר געווען. יעדע נאכט האב איך געוויינט און זיך ביי דיר געבעטען דו זאלסט מיר אויסזאגען דעם רעטעניש, און דיין הארץ איז ווי פארשטיינערט געוואָרען... דו ווייסט דאך, אז איך בין נישט געווען אזוי נייגיריג צו וויסען די בעדייטונג פון דיין רעטעניש, ווי צו זעהן, אויב דו האסט מיך ווירקליך ליעב. יעצט בין איך איבערצייגט, אז דו האסט מיך נישט ליעב! אויב דו האסט מיר געקענט ענטזאגען אזא זאך, בין איך זיכער, אז דו האסט מיך פיינט.

— א דו נארישע קעלבעלע — האט שמשון צו איהר זיך אפגערופען מיט צערטליכקייט. — פארוואס זאלסטו גאר אזוי טראכטען פון מיר, איך האב גע־האט אן אורזאכע פארוואס איך האב דיר נישט געקענט אויסזאגען, און יעצט האב נאר געדולד בלויז א קליינע ווייליע, ביז דעם אווענד, און דאן וועסטו שוין וויסען וואס דער רעטעניש מיינט....

— יע, שמשון, איך האב בלויז א קליינע ווייליע, און ביז דעם אווענד וועל איך וויסען, אויב איך וועל זיין גליקליך מיט דיר אדער נישט.

— וואס רעדסטו, מרמה? — האט איהר שמשון ארומגענומען און א קוש געטהאן. — מארגען אין דער פריה וועסטו מיט מיר אוועקגעהן נאך צרעה און דארטען וועלען מיר זיך ביידע בעזעצען אין מיין פאטער'ס הויז, דו וועסט ביי מיינע עלטערען ווי אן אייגענע טאכטער פעררעכענט ווערען...

— ניין, שמשון! איך האב בעשלאסען, אז אויב דו וועסט מיר נישט אויס־זאגען דיין רעטעניש, נאך איידער די זון פערגעהט, דאן... דאן וועל איך וויסען, אז איך וועל מעהר קיינמאל נישט גליקליך זיין מיט דיר... איך וועל פערבלייבען מיט מיינע עלטערען...

— דו זאלסט מאכען אזא ווענען פון אזא קלייניגקייט! — האט איהר שמשון אנגענומען פאר'ן האנט. — דו דארפסט האבען אין מיר גענוג צוטרויען, אז ווען איך וואלט געקענט דיר געבען די ערקלערונג פריהער, וואלט איך דאס געטהאן.

— ווי אזוי קען איך האבען צוטרויען צו דיר, ווען דו האסט צו מיר קיין צוטרויען נישט — האט מרמה גענומען וויינען. — אויב ביי דיר איז עס א קליי־ניגקייט, פארוואס זאלסטו זיין אזוי איינגעשפארט... יע, איך האב זיך געמאכט א סימן, און אויב דער סימן וועט זיין ריכטיג, דאן...

שמשון האט ארויפגעלעגט זיין האנט אויף איהר מויל און איהר נישט געלאזט ענדיגען.

מרמה האט איינגענורעט איהר קאפ אין קישען און זיך פאנאנדערגעוויינט. שמשון איז געוואָרען זעהר אומרוהיג. ער האט נישט געקענט פערשטעהן

פארוואס זי זאל אזוי טאהן. ווי מאדנע די פרויען זיינען, ער קען זי גאר נישט פערשטעהן.

איהר בליפען האט זיך צוטראגען איבער'ן גאנצען צימער. שמשון האט איהר געזוכט צו בערוהיגען, אבער אהן ערפאלג.

— גוט, איך וועל דיר זאגען — האט שמשון אויסגערופען נישט קענענדיג מעהר אריבערטראגען איהר געוויין — אבער דו מוזט מיר פארשפרעכען צו קיינעם קיין ווארט וועגען דעם נישט ארויסרייד'ען, ביז וואנען די דרייסיג פלשתים וועלען צוגעבען אז זיי האבען דעם געוועט פערלארען.

— איך קען דיר אפילו שווערען מיט מיין גאט דגון אדער מיט דיין גאט— האט מרמה זיך אוועקגעזעצט אויף איהר בעט און איהרע אויגען האבען געגלאנצט פון פרייד — אבער געדענק דו זאלסט מיר אקארשט נישט אפנארען.

— איך ערווארט אז דו זאלסט מיך נישט אפנארען, ווי אזוי וועל איך דיר אפנארען ! — האט שמשון אויסגערופען — אבער איך פערלאנג נישט פון דיר קיין שבועה, איך גלויב דיר אויף דיין ווארט. איך ווייס אז דו וועסט מיך נישט וועלען פערראטען.

— אויב דו וועסט מיר גלייך ערקלעהרען די בעדייטונג פון דיין רעטעניש, וועל איך זיך ווידער פיהלען די גליקליכסטע — איז מרמה געפאלען שמשון'ען אויפ'ן האלז און איהם מיט קושען בעדעקט.

— הער זיך איין, מרמה ! — האט זיך שמשון אפגערופען און זיך ארומגעקוקט ווי ער וואלט זיך געוואלט איבערצייגען אז קיינער הערט איהם נישט — ווען איך בין מיט א פאר מאנאטען צוריק געגאנגען מיט מיינע עלטערן פון צרעה אהער קיין תמנה, דיר צו בעזוכען, איז אונז אויסגעקומען דורכצוגעהן א ווייגארטען, וואלטען מיר געקענט דעם וועג פערקירצען, אבער אזוי ווי איך אלס נזיר, בין אפגעהיט נישט צו עסען קיין וויינטרויבען, מייד איך אימער אויס אריינציגעהן אין א ווייגארטען, דעריבער האב איך מיינע עלטערן געהייסען דורכגעהן דעם ווייגארטען און איך אליין האב זיך פערנומען דורכ'ן וואלד. ווען איך בין אפגעגאנגען א קורצע שטרעקע האב איך בעמערקט ווי א ברומענדער לייב קומט מיר אנטקעגען. ער האט מיר געוואלט בעפאלען אבער איך האב מיט איהם געקעמפט ביז וואנען איך האב איהם צוריסען.

— דו האסט צוריסען דעם לייב ? — האט מרמה אויסגערופען און א שוידער איז דורכגעגאנגען איהר קערפער. זי האט זיך דערמאהנט אן דער צייט ווען זי און איהר שוועסטער האבען נאך א האר זייערע לעבענס פארלארען דורך א לייב צוליעב בארטור'ן. א, שמשון, דו ביזט בעגאנגען אזא העלדישקייט און דו האסט עס אפילו צו מיר נישט דערמאהנט.

— איך האב נישט דערמאנט אפילו צו מיין פאטער און מוטער, כאטש זיי האבען מיר גלייך געפרעגט די אורזאכע וואס מיר האט אזוי לאנג גענומען. אין א קורצע צייט שפעטער בין איך צוגעגאנגען זעהן וואס עס איז געווארען פון דעם קערפער פון דעם טויטען לייב, האב איך בעמערקט ווי בינען האבען געמאכט האניג אויף די אויסגעטריקענטע ביינער פון לייב, און דאס איז געווען מיין רעטעניש ווען איך האב זיי געפרעגט : פון אזעלכען וואס עסט יענעם איז ארויסגעקומען אן עסענווארג, און פון דעם שטארקען איז ארויסגעקומען א זיסע

זאך. פערשטעהסטו יעצט: דער שטארקער, דאס איז דער ליעב, און די זיסע זאך איז די האָניג!

— אָה, שמשון, איך דאנק דיר — האט מרמה איהם געקושט — איך בין אזוי גליקליך, יעצט זעה איך אז דו האסט מיך ליעב. אָה, וועל איך זיך פרעהען ווען די דרייסיג יונגען וועלען פערשפּילען דעם געוועט. זיי וועלען זיכער נישט טרעפען. מרמה האט זיך אויפגעשטעלט און געטאנצט פון פרייד.

שמשון האט ארויסגעקוקט דורכ'ן פענסטער און זיך אפּגערופען צו מרמה'ן:

— די זון האָט זיך שוין א רוק געטהאָן צו מערב, די פּלשתים יונגען זיצען נאך און טראכטען וועגען דעם ענטפער, נאָך א קליינע ווײלע און איך וועל צו זיי אריינקומען דאן וועל איך דיר אויך אריינרופען און דו וועסט הערען וואס פאר א תשובות איך וועל קריגען פון יעדען פון זיי. אָה, וועלען מיר דאס לאכען! און דאן וועלען זיי אלע מיר דארפען בעצאָהלען די שטראָף!

— אָה, וועל איך דאס האבען שפּאס! — האט מרמה זיך אפּגערופען — און יעצט שמשון, וועל איך זיך א ווײלע צולייגען שלאָפען, ווייל דו ווייסט דאָך, אז די לעצטע עטליכע נעכט האב איך ווינציג וואס געשלאָפען, און ווען איך וועל זיך האבען אויסגערוהט א ביסעל זאָלסטו אריינקומען מיך אויפוועקען און צו־זאמען וועלען מיר אריינגעהן צו די דרייסיג פּלשתים און הערען זייערע אנט־וואָרטען.

שמשון איז ארוים פון איהר צימער און איז אריין אין צימער וואו זיין פאטער און מוטער האבען זיך געפונען. ער האט גענומען מיט זיי פערברייננגען, אבער ער האט גאר נישט דערצעהלט וואס עס איז נאָר וואס פאָרגעקומען צווישען איהם און זיין פרוי.

מרמה האט אריינגערופען איהר דינסט און איהר אנגעזאגט אז זי זאל איבערגעבען בארטור'ן ער זאל צוקומען צו איהר פענסטער וואס קוקט ארוים אין גאָרטען.

—אבער זיי זעהר פאָרזיכטיג אז קיינער זאל דיר נישט בעמערקען און דו זאָלסט צו קיינעם אויסער ברטור'ן וועגען דעם נישט ריידען.

די דינסט האט זיך פערנייגט פאר איהר און איז ארויסגעגאנגען.

א ווײלע שפּעטער איז ברטור אריין אין גאָרטען און זיך געשטעלט נעבען מרמה'ס פענסטער.

ווען זי האָט איהם דערזעהן, האָט זי ארויסגעבויגען איהר קאָפּ.

— נו, דו ווייסט די בעדייטונג פון דער רעטעניש? — האָט ער איהר געפרעגט.

— דו ווייסט, ברטור, וואס מיר איז איינגעפאלען? — האָט מרמה א זאָג געטהאָן, — איך האָב נאָר וואָס געטראכט, אז ווען איך זאָל זיך דורכריידען מיט מיין פאטער, וועט ער זיכער אייך אלעמען אומקעהרען דעם היזק וואָס איהר וועט האָבען, ווען איהר וועט שמשון'ס געוועט פארלירען.

— מיך וואונדערט אויף דיר, אז דו זאָלסט ריידען אזעלכע ווערטער וואָס האָבען נישט קיין זינן! — האָט ברטור איהר געענטפערט, — ערשטענס ווע־לען זיך די יונגען שעהמען פאר דיין פאטער, און צווייטענס, וועט דען שמשון זיך נישט דערוויסען פון דעם אז דיין פאטער האָט די שטראָף בעצאָהלט... ניין, מרמה... איך האָב מיט גרויס מיה בערוהיגט די יונגען, און ווען זיי האָבען

געזעהן אז דו האסט נאך מיר געשיקט, זיינען זיי געווען זיכער אז דו ווייסט דעם רעטעניש... פארגעס נישט, אז עס איז פארבליבען בלויז א קורצע צייט... האסטו דען פון שמשון'ען נאך נישט ארויסבעקומען דעם ריכטיגען ענטפער?

— איך וועל דיר איבערגעבען מייז ציערונג וואס איך האב געקראגען פון שמשון'ען, — האט מרמה געזוכט זיך ארויסצודרעהען צו געבען איהם אן ענט־פער אויף זיין פראגע, — שמשון וועט קיינמאל נישט אויסגעפינען אז איך האב דאס געטהאן... איך וועל איהם זאגען אז איך האב די ציערונג פארלארען... ווען מיין ציערונג וועט פארקויפט ווערען, וועט זיין גענוג געלד צו קויפען די דרייסיג העמדער און איבער־בגדים.

— אומזיסט זיינען דיינע רייד, די יונגען וועלען נישט צושטימען! — האט ברטור איהר געענטפערט, — ווער וועט עס וואגען צו פארקויפען דיין ציערונג? ניין, דו מוזט אונז איבערגעבען די בעדייטונג פון דעם רעטעניש!

— שמשון האט מיר געטרויט און יעצט ווי אזוי וועל איך איהם קענען פערראטהען! — האט מרמה אויסגערופען.

— אויב אזוי, טא צוליעב וואס האסטו מיך געשיקט רופען? — האט ברטור געזאגט מיט א ברוגז'ן טאן, — עס ווערט שוין שפעט, די זון פארגעהט באלד און די יונגען זיינען זעהר אומרוהיג... אויב דו וועסט מיר גלייך נישט זאגען, וועט עפעס שרעקליכעס געשעהן.

— אבער שמשון וועט דאך אויסגעפינען אז איך האב אויסגעזאגט, — האט מרמה נאך אלץ ביי זיך נישט געקענט בעשליסען.

— ווי איך פארשטעה, האט דיר שמשון ערקלעהרט דעם רעטעניש, און אויב דו וועסט מיר נישט דערצעהלען, און די יונגען וועלען פארשפיעלען דעם וועט, דאן האב איך מורא אז אן אומגליק זאל נישט קומען אויף דיין פאטער'ס הויז. איך האב אלעס געטהאן זיי צו בערוהיגען... מעהר אבער וועל איך שוין נישט קענען טהאן, ווען זיי פארשפיעלען דעם וועט. וועט געשאפען ווערען ביין בלוט צווישען אלע איינוואהנער פון תמנה... מיין עצה איז, אז דו זאלסט איבערגעבען דעם ענטפער איידער עס איז צו שפעט... איך וויל דיר פארזיכערען, מרמה, אז דאס בעט איך נישט פאר זיך... איך קען בעהויפטען צו פארלירען דעם געוועט און בעצאהלען שמשון'ען וואס עס קומט ארויס מיין חלק... אבער איך בין זעהר אומרוהיג וועגען די איבריגע... איך בעט דיך, מרמה, האלט מיך נישט אפ, איך פארזיכער דיר אז שמשון וועט קיינמאל נישט אויסגעפינען אז דו האסט אונז אויסגעזאגט.

מרמה האט זיך ארומגעקוקט ווי זי וואלט מורא געהאט אז אימיצער הערט זיך צו, און נאכהער האט זי זיך ארונטערגעבויגען צו ברטור'ן.

— שווער מיר צו ביי אונזער גאט, דגון! — האט זי אויסגערופען, — אז דו וועסט קיינמאל נישט דערצעהלען שמשון'ען אז איך האב דיר אויסגע־זאגט. און איך בעט דיך אז דו זאלסט אויך באשווערען די איבריגע צו האלטען דיזען סוד פארזיגעלט ביי זיך.

— איך שווער — האט ברטור אויפגעהויבען זיין רעכטע האנד.

מרמה האט איהם דערצעהלט ווי אזוי שמשון האט צוריסען דעם לייב, און ווי אזוי די ביהנען האבען געמאכט די האניג, און אז שמשון האט געמיינט מיט זיין רעטעניש דעם לייב און דעם האניג.

— אה, יעצט פארשטעה איך! — האט ברטור אויסגערופען, און זיין פנים האט אויפגעלויכטען, — אלעס איז דאך אזוי איינפאך און פארשטענדליך. איך דאנק דיר, מרמה, איך וועל גלייך געהן איבערגעבען מיינע פריינד... שמשון וועט קיינמאל נישט אויסגעפינען אז איך בין דא נאר וואס געווען.

ברטור איז גלייך אוועקגעגאנגען פון פענסטער. ער האט זיך אומבאמערקטערהייד אריינגערוקט אין גאסט־צימער. די יונגע פלשתים וועלכע זיינען געזעסען מיט פערזארגטע פנים'ער און אומגעדולדיג געווארט אויף ברטור'ס תשובה, האבען זיך מיט אמאל א הויב געטהאן פון זייערע פלעצער און איהם ארומגערינגעלט.

— פארנעהמט אייערע פלעצער צוריק, — האט ברטור אויסגערופען מיט א פרעהליכער שטימע, און הערט זיך צו צו דער בעדייטונג פון דעם רעטעניש.

די געסט האבען זיך געזעצט און ברטור האט אנגעפאנגען:

— ווען איך האב אייך פארשפראכען אז מיר וועלען דעם וועט געווינען, האט איהר גלייך געדארפט וויסען אז איך וועל מיין ווארט האלטען.

— אבער זאג אונז שוין די בעדייטונג! . . . — איז אימיצער אונגעדולדיג געווארען.

— שמשון האט א לייב צוריסען, זיינען געקומען ביהנען און אויף דעם קערפער פון דעם צוריסענעם לייב האבען זיי האניג געמאכט... יעצט פארשטעהט איהר וואס עס מיינט פון אזעלכען וואס עסט יענעם און אליין ווערט ער נישט געגעסען, און פון דעם ביטערען און שטארקען, האט שמשון געמיינט דעם לייב, און די האניג איז דאס די זיסע זאך וואס איז פון איהם ארויסגעקומען.

— עס איז ריכטיג! ! — האבען אלע געפאטשט מיט די הענד פון פרייד, — מיר האבען דעם וועט געוואונען!

— זאל זיין שטיל, — האט ברטור אויסגערופען, — מיר מוזען אלע זיין זעהר פארזיכטיג אז שמשון זאל זיך דערפון נישט דערוויסען. איך האב געשווארען צו מרמה'ן און איהר מוזט אויך שווערען פאר קיינעם ניט צו דערצעהלען.

— מיר שווערען! — האבען אלע מיט אמאל אויסגערופען.

ברטור האט ארויסגעקוקט דורכ'ן פענסטער און זיך אפגערופען: די זון געהט אונטער, באלד וועט אריינקומען שמשון אין דיזען צימער. מאכט זיך ווי איהר זייט פארטיעפט אין טראכטען... זאל ער מיינען אז מיר וויסען נאך נישט דעם ענטפער. און נאכהער וועט זיין ענטטוישונג שטארקער זיין.

ווען שמשון האט דערזעהן אז די זון פארגעהט, האט ער זיך אפגערופען צו זיינע עלטערען און צו קרני'ן:

— די צייט איז געקומען... באלד וועלען מיינע פלשתים פריינד מיר דארפען בעצאהלען די שטראף וואס איך האב אויף זיי ארויפגעלייגט... איך וועל רייכער ווערען מיט דרייסיג העמדער און דרייסיג אויבער־בגדים... קומט, איהר ווילט זיין דערביי ווען די "קלוגע" פלשתים וועלען צוגעבען אז זיי האבען דעם דערטעניש בשום אופן נישט געטראפען?...

מנוח, צללפונית און קרני זיינען איהם נאכגעגאנגען.

— ווארט דא צו א וויילע, איך וועל געהן רופען מרמה'ן, איך האב איהר פערשפראכען אז איידער איך וועל אריינגעהן צו די פלשתים יונגען, וועל איך

איהר אויפוועקען... זי האט זיך געפיהלט שטארק מיעד און שלעפעריג און איך האב איהר געראטהען זי זאל זיך צוליגען דערווייל, — האט שמשון געזאגט און איז אריין אין מרמה'ס צימער.

ווען מרמה האט דערהערט זיינע טריט, האט איהר הארץ שטארק גענומען קלאפען... ער זאל אקארשט נישט אויסגעפינען אז זי האט איהם פערראטהען... זי האט זיך געמאכט שלאפענדיג... אט שמעהט ער שוין נעבען איהר בעט... זי פיהלט זיינע דורכדרינגענדע בליקען... זי דערפיהלט זיין ריהר... זי עפענט די אויגען.

— א, שמשון, דו ביזט עס! — האט זי זיך אויפגעזעצט, — איך האב, ווי עס ווייזט אויס, געשלאפען א היבשע צייט. ווי דו האסט מיין צימער פער־לאזען, האב איך גלייך איינגעשלאפען ביז יעצט ווען דו ביזט געקומען און מיך אויפגעוועקט.

— עס טהוט מיר לייד וואס איך האב צושטערט דיין שלאף, — האט זיך שמשון פאר איהר פערענטפערט, — איך האב דיר פערשפראכען, און איך האב מיין ווארט געהאלטען.

— פארקעהרט! איך בין דיר זעהר דאנקבאר, דו ווייסט דאך, שמשון, ווי נייגעריג איך וועל זיין צוהערען די פערשידענע אנטווארטען פון די דרייסיג פלשתים.

מרמה האט צורעכט געמאכט איהרע האר און איז מיט שמשון'ען ארויס פון איהר צימער. זיי זיינען צוגעגאנגען צו זיינע עלטערען און קרני'ן, און צוזאמען זיינען זיי אריינגעגאנגען אין דעם גאסט־צימער.

:: שטילקייט האט געהערשט ארום ווען שמשון האט אויפגעעפענט די טהיר. ער האט געווארפען זיינע בליקען אויף די פערזאמעלטע און קוים איינגעהאל־טען זיין שמייכעל.

— ווען זי וואלטען געהאט זיבען יאהר צייט, נישט זיבען טעג, וואלטען זיי אויך קיינמאל נישט געטראפען אזא רעטעניש, — האט שמשון ביי זיך גע־טראכט.

ער האט דערלאנגט שטוהלען צו מרמה'ן און צו זיינע עלטערען. אלע האבען זיך געזעצט.

— די זון איז נאר וואס פערגאנגען. די זיבען טעג צייט וואס איך האב אייך געגעבען צו טרעפען דעם רעטעניש, ענדיגען זיך, און יעצט, ווייסט איהר די מיינונג פון דעם רעטעניש? — האט זיך שמשון אפגערופען.

— עס דוכט זיך אונז אז מיר ווייסען! — איז ברטור צוגעגאנגען נעהנטער צו שמשון'ען און א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף זיינע ליפען.

— גוט! — האט שמשון אויסגערופען, — אט וועלען מיר הערען.

— ווערסטו יעצט פאר אונז אלעמען ווידערהאלען דיין רעטעניש, — האט ברטור געזאגט, — דורך די זיבען טעג צייט האבען שוין באלד מיינע יונגע פריינד פארגעסען א טייל פון דיין רעטעניש.

— איך וועל דעם רעטעניש ווידערהאלען, אויב דאס איז דיין פארלאנג, אבער מיר דאכט זיך, אז אויב איהר האט ביז אהער נישט געטראפען, וועט דאס אייך גארנישט העלפען.

— דערווייל האבען מיר אונזער נידערלאגע נישט צוגעגעבען! — האט

ברטור א שמייכעל געטהאַן, — איך האָף אַז אונזער ענטפער וועט דיר צופריי־דענשטעלען.

שמשון האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין פּלאַץ און געזאָגט:

"פון אַזעלכען וואָס עסט יענעם און אליין ווערט ער נישט געגעסען איז ארויסגעקומען אַן עסענווארג, און פון דעם שטארקען און ביטערען איז ארויס־געקומען א זיסע זאך".

— יעצט זאָגט מיר, וואָס מיינט דאָס?... קלייבט אויס איינעם פון אייך, וועלכער זאָל דיידען אין אלעמענס נאָמען, און ווען דער ענטפער וועט זיין נישט דער ריכטיגער, דאַן האָט איהר אלע פארשפּיעלט.

— ברטור וועט אין אונזער נאָמען ערקלעהרען די בעדייטונג פון דעם רעטעניש! — האָבען זיך געהערט שטימען אין דעם צימער.

ברטור האָט זיך פארנייגט פאר די יונגע פּלשתים און זיי בעדאַנקט פאר דעם כבוד וואָס זיי טהוען איהם אָן.

— דיין רעטעניש, שמשון, איז זעהר א שווערער... עס האָט אונז אלעמען גענומען גאַנצע זיבען טעג צו דערטראַכטען דעם ענטפער, און יעצט וועל איך דיר זאָגען די בעדייטונג.

— מיר זיינען אלע גרייט צו הערען! — האָט שמשון געזאָגט קוים איינ־האַלטענדיג זיין שמייכעל.

— וואָס איז שטארקער פון א לייב! — האָט ברטור אויסגערופען, — יאָ, א לייב איז אַזעלכער וואָס עסט יענעם און אליין ווערט ער נישט געגעסען.

— אָבער וואָס איז די זיסע זאך וואָס עס איז פון איהם ארויסגעקומען? — האָט שמשון א פרעג געטהאַן.

— וואָס איז זיסער פון האָניג? — האָט ברטור זיך א דרעה געטהאַן מיט'ן פּנים צו די געסט, — יאָ, א לייב וואָס איז געטויטעט געוואָרען און איז געבלי־בען ליגען אין וואלד, קומען זיך די ביהנען צוזאַמען און מאַכען האָניג אויף דעם קערפּער פון דעם לייב! יעצט, זאָג מיר, האָב איך דען נישט ריכטיג אויס־געטייטשט דיין רעטעניש?

דאָס בלוט האָט שמשון'ען א זעץ געטהאָן אין פּנים. ער האָט אומגעדרעהט זיין קאָפּ און געוואָרפען א בליק אויף מרמה'ן וועלכע איז געזעסען א טויט־בלאַסע און מיט אלע קרעפטען זיך באהערשט אַז שמשון זאָל אָן איהר גאָרנישט דערקענען.

— יאָ! — האָט שמשון אויסגערופען, און א קריץ געטאָהן מיט די צייהן — דו האָסט דעם רעטעניש געטראָפען, אָבער...

— אָבער וואָס?... — האָט ברטור איהם אונטערבראָכען.

— אָבער ווען דו וואָלסט נישט געאַקערט מיט מיין "קאַלב", וואָלסטו נישט געטראָפען אפילו האַלב!...

— וואָס מיינסטו, שמשון? — איז ברטור אויפגעשפּרונגען פון זיין פּלאַץ.

— איך וויים ווער עס האָט דיר די בעדייטונג דערצעהלט! — האָט שמשון געוואָרפען א צאָרנדיגען בליק אויף מרמה'ן... אָבער איך וועל מיין וואָרט האַלטען... איהר קריגט די דרייסיג העמדער און אויבער־בגדים.

— אונז האָט קיינער נישט אויסגעזאָגט, — האָט ברטור איהם קאַלט

נעענטפערט, — מיר זיינען די גאנצע זיבען טעג געווען פארנומען אין טראכטען ביז מיר האבען זיך דערטראכט צו דער ריכטיגער בעדייטונג.

— פון וואנען האסטו געקענט וויסען אז דא האנדעלט זיך פון א טויטען לייב און פון ביהנען וואס האבען געמאכט האניג אויף זיין קערפער ? — האט שמשון קוים איינגעהאלטען זיין כעס.

— דו ביזט געבענשט מיט גבורה, און מיר, דיינע פלשתים פריינד, זיינען געבענשט מיט פארשטאנד, און מיר זיינען דערגאנגען די בעדייטונג פון דעם רעטעניש מיט אונזער שכל.

— יא, איך וועל צוגעבען אז דו האסט געהאט גענוג שכל ארויסצוקריגען דעם ענטפער פון מיין... פון מיין פרוי...

— שמשון ! — האט מרמה זיך אויפגעשטעלט, — ווי אזוי קענסטו מיר בעשולדיגען אין אזא זאך ווען דו ביזט נישט זיכער.

— הלואי וואלט איך נישט געווען זיכער, — האט שמשון אויסגערופען, און אין זיין שטימע איז געלעגען פארביטערונג.

— דו ווייסט דאך, שמשון, אז דו האסט מיר אויסגעזאגט דעם רעטעניש. האט שוין די זון געהאלטען ביים פארגעהן... און איך האב זיך גלייך צוגעלעגט שלאפען... און איך האב געשלאפען ביז וואנען דו ביזט געקומען מיך אויפוועקען. דו זעהסט דאך אליין אז עס איז פאר מיר אונמעגליך געווען זיך מיט וועמען עס איז צו זעהן.

— און דו מיינסט, אז איך ווייס נישט אז ברטור איז דורכ'ן גארטען צו דיר צוגעקומען... איך בין געווען אין צימער און געווען פארנומען אין א געשפרעך מיט מיינע עלטערען... אבער איך האב באמערקט ווי אימיצער איז פארבייגעשליכען... איך האב נישט געוואלט צוציהען די אויפמערקזאמקייט פון די מיט וועמען איך האב פארבראכט, דאריבער האט איך פון א זייט באמערקט ווי ברטור געהט צו דער ריכטונג פון דיין פענסטער. איך האב איהם אויך געזעהן ווי ער קעהרט זיך צוריק... אבער איך האב געטראכט אז דו וועסט מיר זיין גענוג געטריי... און דו וועסט מיך נישט פערראטהען... יעצט זעה איך, ווי פאלש דו ביזט צו מיר !

— א, שמשון, שמשון ! — האט מרמה אויסגערופען, — איך בין נישט שולדיג ! איך שווער דיר ביי דגון.

— דו מיינסט, אז איך האב נישט געוואוסט אז דו מאכסט זיך שלאפענדיג !

— האט שמשון אויסגערופען, — ווען איך בין צו דיר אין צימער אריינגעקומען ! איך ווייס אלעס... דו האסט מיך פערראטהען אין דער לעצטער מינוט, און אויסגעזאגט ברטור'ן דאס רעטעניש.

— זיי מיר מוחל, שמשון ! איך האב זיך בענארישט, — האט מרמה אויסגעבראכען אין א געוויין... — איך האב זיך נישט געקענט העלפען... איך בין געווען געצוואונגען דאס צו טהאן.

— דו ביזט געווען געצוואונגען ? — האט שמשון גענדריקט זיין פויסט, — דו האסט מיר צום נארען געמאכט פאר די אויגען פון די מענשען פון דיין פאלק... דו האסט פון מיר אפגעשפאט... זיבען טעג האסטו מיך געקוועלט... דו האסט מיין שמחה צושטערט... דו האסט פון מיר פערלאנגט איך זאל דיר אויסזאגען דאס רעטעניש, און מיך בעשולדיגט אז איך האב צו דיר נישט קיין צוטרויען...

איך האָב אָבער מיט זיך שטאַרק געקעמפּפט... מיין האַרץ האָט מיר געזאָגט. אז א פּלשתים פרוי קען גאַנץ לייכט פערראַטהען איהר מאַן, און בפרט ווען ער איז א ישראל! יאָ, אַזוי איז געשעהן! איך האָב דיר מיין סוד אַנפערטרויט און דו האָסט עס גלייך איבערגעגעבען צו דיינע פריינד!...

— שמשון! — איז מרמה צו איהם צוגעלאָפען און איהם אַנגענומען פאַר זיין האַנד. — אָ, שמשון, איך בעט דיך, הער זיך צו מיר צו... איך בין נישט שולדיג...

שמשון האָט אַרויסגעריסען זיין האַנד פון איהר און אומגעדרעהט זיין קאָפּ.

אַלע געסט זיינען געשטאַנען צושראָקענע. זיי האָבען זיך איבערגעוואָרפען מיט בליקען.

— שרעקט זיך נישט, — האָט שמשון זיך צו זיי אָפּגערופען, — איהר האָט מיר אַנגעגעבען דעם ריכטיגען ענטפער צו דעם רעטעניש. איהר האָט דעם ווערט געוואונען... איהר וועט קריגען אייערע דרייסיג העמדער און אויבער־בגדים... שמשון וועט זיין וואָרט נישט בייטען... און איהר וועט זיך אויך קענען טיילען מיט איהר... זי האָט אויך א חלק אין דעם...

— אָ, שמשון, ווי אַזוי קענסטו אַזוי ריידען צו מיר! דו האָסט דאָך נאָר וואָס געזאָגט ווי שטאַרק דו האָסט מיך ליעב... איך האָב דאָמיט גאָרנישט גע־מיינט קיין שלעכטעס...

— אָ, ניין, דו האָסט גאָרנישט געוואוסט די וויכטיגקייט דערפון... די זיבען טעג און זיבען נעכט פון אונזער חתונה־פייערונג האָסטו מיך צו־רוה נישט געלאָזען...

— איך שווער דיר, אז די גאַנצע זיבען טעג האָב איך קיין שלעכטע כוונות נישט געהאַט. איך בין בלויז געווען נייגעריג צו זעהן אויב דו האָסט צו מיר גענוג צוטרויען.

— אויף דיין שבועה קען איך זיך אַזוי פאַרלאָזען ווי אויף דעם צוטרוי וואָס איך האָב אין דיר געהאַט, — האָט שמשון מיט צאָרן געזאָגט, — דו האָסט נאָר וואָס געשוואָרען ביים דיין גאָט דגון אז דו האָסט ברטור'ן גאָרנישט אויסגעזאָגט.

— און עס איז ריכטיג! — האָט ברטור אויסגערופען, — מרמה האָט דיר קיין ליגען נישט געזאָגט... זי האָט מיר גאָרנישט דערצעהלט... איך האָב אַליין געטראָפען דאָס רעטעניש.

שמשון האָט איהם גאָרנישט געענטפערט. זיין פּנים האָט געברענט פון צאָרן און עס איז איהם גאַנץ שווער אַנגעקומען זיך צו בעהערשען.

— קומט! — האָט ער זיך אָפּגערופען צו זיין פאָטער און מוטער, — מיר געהען אהיים, און איהר מעגט אַלע רוהיג זיין... איהר וועט אַלע קריגען דאָס וואָס קומט אייך פאַר'ן טרעפען מיין רעטעניש... אין עטליכע טעג אַרום וועל איך אייך מיין שטראָף בעצאָהלען.

צללפונית האָט זיך צום ערשטען אויפגעשטעלט פון איהר פּלאַץ און א זאָג געטהאָן צו מנוח'ן וועלכער איז געזעסען צוטומעלט.

— פאַרוואָס זיצסטו? דו זעהסט דאָך אז — — — —

מנוח האָט זיך גלייך אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ.

שמשון האָט זיך געלאָזן צום טיהר... מרמה איז איהם נאכגעלאָפען און היסטעריש געוויינט.

— אָה, שמשון, פארלאָז מיך נישט!

פון גרויס טומעל און געשריי איז אריינגעקומען דישון און זיין פרוי.

— וואָס האָט פאסירט, מיין טאָכטער? — האָט דישון איהר אנגענומען ביי דער האנד, — פארוואָס וויינסטו!...

— אה, פאטער! — איז מרמה היסטעריש געוואָרען, — שמשון וויל מיך פארלאָזען, עס איז ניט מיין שולד... זאָל ער זיך צו מיר צוהערען...

— מיין טאָכטער! וואָס איז געשעהן? — האָט איהר די מוטער ארומ־גענומען.

— קום, מיין זוהן! — האָט צללפונית א זאָג געטהאָן, — יעצט זעהסטו אז איך בין געווען גערעכט.

שמשון איז שוין געשטאנען מיט זיינע עלטערען און קרני'ן ביי דער טיהר. דישון איז צו איהם צוגעלאָפען און זיך צו איהם אָפּגערופען:

— ווּעסטו מיר פיעלייכט דערצעהלען וואָס דאָ איז פאָרגעקומען צווישען אייך? פארוואָס בעהאנדעלסטו אזוי דיין כלה אויף דעם לעצטען טאָג פון דיין שמחה?

— זי האָט מיך פעררעאטען! זי האָט פון מיר ארויסגעקראָגען די בעדייטונג פון מיין רעטעניש וואָס איך האָב געפרעגט די פלשתים און באלד האָט זי דאָס דערצעהלט ברטור'ן. ניין! זי קען מיך נישט מאכען צום נארען! — האָט שמשון געברענט פון צאָרן.

— איך בין זיכער, שמשון, אז דו מאכסט א טעות! — האָט זיך דישון אָפּגערופען, — מרמה וועט אזא זאך נישט טהאָן. זי האָט דיך שטארק ליעב און זי וועט דיך נישט פעררעאטען. מעגליך אז אימיצער אנדערש האָט דיך פעררעאטען.

— ניין, זי איז געווען די איינציגע וועלכע האָט געוואוסט דעם ריכטיגען ענטפער צו מיין רעטעניש! — האָט שמשון א זאָג געטהאָן.

— האָסטו דען נישט דערצעהלט צו דיינע עלטערען. מעגליך אז זיי האָבען זיך פאר אימיצען אויסגערעדט ביז דאָס האָט דערגרייכט זייערע אויערען.

— אפילו מיינע עלטערען האָב איך די בעדייטונג נישט ערקלעהרט! — האָט שמשון געזאָגט מיט כעס, — אָ, וואָס פאר א נאר איך בין געווען, ווען איך האָב זיך צוגעהערט צו איהרע געוויינען און געבעטען און איהר אנפערטרויט מיין סוד. יעצט איז אלעס אויס צווישען אונז.

— וואַרט א ווײַלע! — האָט דישון אויסגערופען, און ווענדענדיג זיך צו זיין טאָכטער האָט ער איהר געפרעגט:

— איז עס אמת, מרמה? האָסטו געטהאָן דאָס וואָס שמשון בעשולדיגט דיך יעצט?

מרמה וועלכע איז געווען אנגעשפּאַרט אויף איהר מוטער'ס שולטער, האָט זיך נאך שטארקער צעוויינט.

— זעהסטו דען נישט אז זי איז אומשולדיג! — האָט די מוטער איהר געגלעט איבער'ן קאָפּ, — מיין טאָכטער וועט נישט פעררעאטען דעם וועמען זי האָט אזוי ליעב!

— און זי האָט זיך אַליין נאָר וואָס מודה געווען, אַז זי האָט מיך פער־ראַטען! — האָט שמשון זיך אָפּגערופען אַ פאַרביטערטער.

— מרמה, האָסטו זיך מודה געווען? — האָט דישון איהר אַ פרעג געטהאָן.

מרמה איז געווען היסטעריש, און פון איהרע באַוועגונגען מיט איהר קאָפּ, האָט מען נישט געקענט פאַרשטעהן אויב זי שטימט צו אָדער זי לייקענט אָפּ.

— איך האָב אָבער געוואוסט, אַז דו מאַכסט אַ טעות, שמשון! — האָט דישון זיך אָפּגערופען, — מיין טאָכטער איז נישט שולדיג אין דעם וואָס דו בעשולדיגסט איהר... זי האָט דיין סוד צו קיינעם נישט אַרויסגעגעבען.

— יאָ, זי האָט זיך נישט מודה געווען! — האָט שמשון זיך אַ קרים געטהאָן, — האָט זי דען צו מיר נאָר וואָס נישט געזאָגט "זיי מיר מוחל". איך האָב זיך נישט געקענט העלפען . . . "איך האָב זיך בענאַרישט" . . . "איך בין געווען געצוואונגען דאָס צו טהאָן"... ניין, דאָס איז נישט קיין בעוויז אַז זי האָט זיך מודה געווען... זי האָט עס געזאָגט אין אַלעמענס געגענ־וואַרט... אַלע האָבען דאָס געהערט...

— איך בין אומשולדיג, פאָטער, שמשון האָט מיך מיספאַרשטאַנען... איך האָב געמיינט, אַז איך האָב זיך בענאַרישט דאָס וואָס איך האָב ביי איהם געבעטען ער זאָל מיר אויסזאָגען די בעדייטונג... איך האָב זיך נישט געקענט העלפען און בין געצוואונגען געווען דאָס צו טהאָן, ווייל מיין נייגעריגקייט איז געווען גרויס... אָבער איך האָב קיינעם נישט דערצעהלט, — האָט מרמה גענומען ווידער לייקענען.

— קומט! — האָט שמשון זיך געווענדעט צו זיינע עלטערען, — נישט נאָר איז זי אַ פאַלשע און אַ באַטריגערין, נאָר זי זאָגט נאָך דערצו אַ ליגען און זוכט זיך ריינצוואַשען... אָבער ניין! שמשון וועט זיך מעהר נישט לאָזען נאַרען...

דישון האָט געמאַכט אַ פאַרזוך אָפּצוהאַלטען שמשון'ען, אָבער דאָ האָט מרמה פּלוצלינג אויסגערופען:

— זאָל ער געהן, פאָטער, איך האָב איהם מעהר נישט ליעב! איך האס איהם!...

שמשון, זיינע עלטערען און קרני זיינען אַרויס פון דישון'ס הויז.

— עס איז שוין פינסטער, ווי אַזוי וועלען מיר דורכמאַכען אַזאַ שטיק וועג אין דער פינסטער! — האָט צללפונית זיך אָפּגערופען, — פיעלייכט וועלען מיר געפינען אַ פּלאַץ אין שטאָדט וואו איבערצונעכטיגען.

— מוטער, דו האָסט ניט וואָס מורא צו האָבען! איך ווייס דעם וועג גאַנץ גוט, — האָט שמשון געזאָגט, — איך וועל אָנזאָטלען די אייזלען און איך און קרני וועלען געהן צו־פוס.

— וואָס איז דאָ וואָס מורא צו האָבען! — האָט מנוח צוגעגעבען, — אַז שמשון האָט צוריסען אַ לייב מיט בלויזע הענט.

מנוח און צללפונית האָבען זיך געזעצט אויף די אייזלען און שווייגענדיג האָבען זיי זיך געלאָזט אין וועג.

ווען זיי זיינען שוין געווען אָפּגעגאַנגען אַ היבשע וועג, האָט צללפונית געזאָגט:

— יעצט, מיין זוהן, וועסטו פאַרשטעהן פאַרוואָס איך און דיין פאָטער

זיינען געווען אונצופרידען מיט דעם שידוך... געוועהנליך האבען מיר דיר נישט געוואלט שטערען... אבער מיר האבען גלייך געוואוסט אז די פלשתים מיידלעך זיינען נישט גוט... א פארגלייכעניש, הא? זאג מיר, וואלט דיך אזוי בעהאנדעלט תרצה... אדער א אנדער טאכטער פון ישראל?...

— געווים! די טעכטער פון ישראל זיינען א סך שעהנער און אויך עהרליכער — האט מנוח איהר צוגעהאלפען, — וואו איז עס געהערט געווארען, אז אין דער צייט, וואס מען פייערט נאך די חתונה, זאל מען שוין פערראטען דעם אייגענעם מאן!

— מיך וואונדערט אויף דיר, שמשון! — האט צללפונית ווייטער געזאגט, — ווי אזוי קומסטו צו ערקלעהרען איהר די בעדייטונג פון דיין רע־טעניש?!... האסטו דען נישט געקענט פארשטעהן אז זי איז דאמיט עפעס אויסען... איך און דיין פאטער זיינען אויך געווען נייגעריג צו וויסען וואס דאס בעדייט, פון דעסטוועגען ווען דו האסט אונז געזאגט, אז עס איז אונ־מעגליך פאר דיר אונז אויסצוזאגען ביז וואנען דו וועסט דעם געוועט געווינען. האבען מיר געהאט געדולד צו ווארטען.

— איך האב צו איהר געהאט פולען צוטרויען. פון דעסטוועגען האב איך איהר ביז דעם לעצטען טאג נישט געוואלט אויסזאגען, אבער זי האט דאך אזוי שטארק גענומען וויינען און בעטען און טענה'ן, אז איך האב זי ניט ליעב. נו, האב איך איהר אויסגעזאגט... ווער וואלט עס געקענט קלעהרען אז זי וועט צו מיר טהאן אזא זאך.

— פיעלייכט איז עס אין גאנצען נישט איהר שולד, — האט זיך קרני אפגערופען צו שמשון'ען — מעגליך אז די פלשתים יונגען האבען איהר טאקע געצוואונגען.

— האט זי געדארפט מיר דאס אלעס זאגען, איך וואלט זיי שוין אלעמען געוויזען ווי אזוי צו צווינגען איהר. אבער זי איז אזוי פארדארבען ווי די איבריגע פלשתים... נישקשה, איך בין מיט זיי נאך ניט פארטיג! איך וועל זיך מיט זיי אפרעכענען... איך האב זיך שוין לאנג געקליבען זיך אפצורעכענען מיט די פלשתים... די שונאים פון מיין פאלק... און יעצט וועל איך זיין בארעכטיגט דערצו... עס איז צו מיר דערגאנגען אז די פלשתים פון אשקלון, האבען זיך ווידער גענומען צו דריקען אונזערע ברידער וועלכע געפינען זיך נישט ווייט פון זייער גרעניץ. איך וועל מארגען אריבערגעהן אהין און זעהן אויב דאס איז אמת.

— מיין זוהן! דו וועסט אליין געהן אהין?! — האט מנוח אויסגערופען מיט שרעק, — ווייסטו דען נישט אז אשקלון איז א גרויסע פלשתים שטאדט, און ווען דו וועסט זיי אויפרייצען, וועלען זיי דאך דיר אלע באפאלען.

— איך האב קיין מורא נישט! — האט שמשון אויסגערופען, — איך וועל זיי איינמאל פאר אלע מאל אנלערנען ווי אזוי צו דריקען מיינע ברידער... זיי וועלען שוין זעהן אז זיי קענען נישט ארויפלעגען שווערע צינזען אויף די אידען און זיי צווינגען צו צאהלען... יא. מארגען געה איך אהין... און איך האב אז דארטען וועל איך אויך קריגען די דרייסיג העמדער און אויבער־בגדים!

— שמשון! — האט קרני אויסגערופען, — וויבאלד אז דו ביזט זיכער אז די פלשתים האבען די בעדייטונג פון דעם רעטעניש ארויסגעקראגען פון מרמה'ן, דאן זיינען זיי דאך נישט בארעכטיגט צו דער בעלוינונג!

— איך ווייס! אָבער איך וועל מיין וואָרט נישט ענדערען... איך וועל זיי דאָס צושטעלען. שפּעטער וועלען זיי דערפאַר בעצאָהלען. איך האָב געטראַכט אַז מיט דעם וואָס איך וועל זיך פאַרבינדען מיט די פּלשתים דורך מיין הייראַטען די טאָכטער פון א פּלשתים בעאַמטען, וועל איך שליסען שלום מיט זיי... אָבער איצט זעה איך, אַז דאָס איז אונמעגליך... איך וועל דאַריבער וויסען וואָס איך האָב צו טהאָן.

— און דו וועסט טאַקע זיי צושטעלען דרייסיג העמדער און אויבער־בגדים?

— האָט צללפונית איהם א פרעג געטהאָן.

— יאָ, מיין וואָרט וועל איך נישט בייטען.

— אָבער דו ווייסט דאָך אַז זיי האָבען אליין דעם רעטעניש נישט געטראָפען, און דאַריבער גלויב איך אַז דו דאַרפסט אפילו נישט בעצאָהלען דעם שטראָף.

— איך וועל דיזען מאָל מיין שטראָף בעצאָהלען! — האָט שמשון אויסגערופען, — אָבער עס וועט קומען א צייט ווען זיי וועלען טהייער בעצאָהלען פאַר דעם!

ווען זיי זיינען אָנגעקומען אין צרעה האָט שוין אָנגעהויבען טאָגען.

שמשון האָט איינגעלאַדען קרני'ן צו זיך אין הויז. און ער האָט געבעטען זיינע עלטערען אַז זיי זאָלען דערוויייל קיינעם נישט דערצעהלען וואָס עס איז פאָרגעקומען.

— אָבער, מיין זוהן, אַלע ווייסען דאָך אַז דו האָסט אין תמנה געפייערט דיין חתונה די זיבען טעג, און זיי וועלען זיך דאָך וואונדערען וואָס דו ביזט געקומען אָהן איהר, — האָט צללפונית געזאָגט.

— און דו וועסט דאָך דאַרפען קומען אין בית המשפּט, — האָט מנוח צוגעגעבען, — און וואָס וועסטו טהאָן ווען די זקנים וועלען דיר פרעגען?

— איך וועל נאָך היינטיגע וואָך אין בית המשפּט ניט געהן! — האָט שמשון געענטפערט.

נאָך האַלבען טאָג, ווען שמשון האָט זיך געהאַט אויסגערוהט, האָט ער אָפּגעגעסען און ער איז אוועק.

מנוח און צללפונית האָבען באַמערקט אַז זיין פּנים איז געוועזן ערנסט, און האָבען איהם מעהר נישט געוואָלט בעלעסטיגען מיט קיין פראַגעס.

— איז עס מעגליך אַז ער איז אוועק נאָך אשקלון? — האָט מנוח זיך אָפּגערופען צו זיין פרוי.

— פון וואַנען זאָל איך וויסען וואוהין ער איז געאַנגגען?! — האָט צללפונית געזאָגט מיט זאָרג אין איהר שטימע, — מעגליך אַז ער איז געגאַנגען נאָך אשקלון.

— זאָל איהם גאָט העלפען וואוהין ער זאָל נאָר געהן! — האָט מנוח געזאָגט אויפהויבענדיג זיינע הענט, — איך ווייס אַז ער וועט באַגליקען אין אַלע זיינע אונטערנעהמונגען.

— אָבער איך האָב מורא אַז ער האָט געזינדיגט געגען גאָט! — האָט צללפונית געזאָגט, — ער איז געגאַנגען און געהייראַט א פּלשתית.

— יעצט אָבער איז דאָך שוין אַלעס אויס! ער האָט זיך אַרומגעזעהן דעם טעות וואָס ער האָט געמאַכט און ער וועט שוין זיי מעהר נישט וועלען אַנקוקען.

— יעצט איז די צייט צו ווירקען אויף שמשון'ען ער זאל הייראטען מיט א מיידעל פון אונזער שבט. ער אליין זעהט דאך אז די פלשתים מיידלעך זיינען נישט געטריי און פארטרויענסווערטה, — האט צללפונית אויסגערופען, — ער וועט יעצט באגרייפען דעם גרויסען אונטערשיעד צווישען תרצה'ן און מרמה'ן.

— וועגען תרצה'ן איז דאך אפגערעדט! ווי עס ווייזט אויס, איז דאס נישט באשערט! — האט מנוח געזאגט, — ער האט זי נישט ליעב...

— פון דעסטוועגען האף איך, אז יעצט וועט ער זיין אנדערש, — האט צללפונית געזאגט, — און אויב זי וועט אנקומען וועל איך איהר דערצעהלען אלעס וואס עס איז פארגעקומען.

— ווען שמשון וועט זיך דערוויסען, אז דו האסט עס איהר דערצעהלט. וועט ער פאראיבעל האבען.

— תדצה איז דאך נישט מרמה! איך וועל איהר אנבעטען פאר קיינעם קיין ווארט נישט זאגען, איהר קען איך אנפערטרויען.

א ווייל'ע שפעטער ווען תרצה איז אריינגעקומען אין הויז, האט איהר צללפונית זעהר פריינדליך אויפגענומען.

— איך האב זיך נאר וואס דערוואוסט אז איהר האט זיך שוין אומגעקעהרט פון תמנה, — האט תרצה זיך אפגערופען, — בין איך געקומען זעהן וואס איהר מאכט.

— פריעדען איז צו אונז! — האט צללפונית געזאגט, און איהר געבעטען זיך זעצען.

תרצה האט זיך אוועקגעזעצט און געשוויגען. זי האט געווארט אז שמשון'ס מוטער זאל אליין אנפאנגען דערצעהלען ווי אזוי זיי האבען פארבראכט די זיבען טעג פון דעם חתונה־מאלצייט.

א ווייל'ע זיינען ביידע געזעסען און געשוויגען. דער נאך האט זיך צללפונית אפגערופען:

— ווי עס ווייזט אויס, איז אלעס געוועזען אומזיסט. געלויבט איז גאט וואס ער האט זיך ארומגעזעהן אין צייט.

— איך פארשטעה ניט, — האט תרצה געזאגט, — וואס הייסט אומזיסט.

— הער זיך איין, תרצה. איך וויל דיר עפעס זאגען, אבער איך פארלאנג פון דיר אז דו זאלסט פאר קיינעם קיין ווארט וועגען דעם נישט דערצעהלען, דערווייל'ע ז(עסטו זיין די איינציגע וועלכע וועט דערפון וויסען.

תרצה האט איהר אנגעקוקט מיט גרויס ערשטוינונג און געפרעגט:

— האט עפעס פאסירט אין תמנה?

— יא, זעהר א וויכטיגע פאסירונג, און דו וועסט מיר פארשפרעכען קיין ווארט נישט דערמאהנען אפילו צו דיינע עלטערען?

— דארף איך דען פארשפרעכען? — האט תרצה אויסגערופען, — אויב דו פערלאנגסט אזוי, וועל איך דאס געוויס טהאן.

— דו מעגסט וויסען, אז שמשון האט פארלאזען מרמה'ן, און איך גלויב, אז ער וועט זיך שוין מעהר קיינמאל נישט אומקעהרען צו איהר!

— פארוואס?

— ווייל זי האט איהם פערראטהען!

— פערראטהען! אזוי שנעל?!...

צללפונית האט איהר דערצעהלט וועגען דעם רעטעניש און וועגען דעם געוועט וואס ער האט געהאט מיט די פלשתים.

— און וואו איז שמשון יעצט? — האט תרצה געפרעגט.

— ער איז אוועקגעגאנגען, אבער ער האט אונז נישט געזאגט וואוהין ער געהט. ער וועט געוויס זיך צוריקקעהרען אין אווענט.

— זון איך וואלט קיינמאל נישט געגלויבט אז מרמה זאל אזוי טהאן צו שמשון'ען מיט וועמען זי האט נאר וואס געהייראט.

— דאס דערמאנט מיך, אז דו האסט אויך געהאט כמעט דיזעלבע ערפאה־רונג. איך מיין דאס וואס גלייך נאך דער התונה מיט יורם'ן, ווען שמשון האט דיך געראטעוועט פון די פלשתים, האט יורם ביי דיר נישט בייגעשטאנען, ווייל ער האט געדענקט . . .

— יא, יא. און געלויבט איז גאט וואס איך האב דאן געהאט גענוג מוטה איהם צו פארלאזען... ווען איך וואלט זיין פרוי פארבליבען וואלט איך זיך גע־פיהלט אומגליקליך מיין גאנצען לעבען.

— יעצט האף איך אז שמשון וועט זיך ארומזעהן אז ער דארף נישט געהן זוכען א פרוי צווישען די פלשתים טעכטער...

תרצה האט ארויסגעלאזען א שטילען זיפץ. זי האט געקוקט אויף צללפונית'ן מיט פייכטע אויגען.

— זארג ניט, מיין טאכטער, — האט צללפונית איהר צערטליך געגלעט, — עס וועט שוין לאנג נישט נעהמען און שמשון וועט איינזעהן דעם גרויסען אונ־טערשיעד צווישען דיר און מרמה'ן... ער איז יעצט, ווייזט אויס, בעזארגט וועגען אפצאהלען זיין שטראף צו די דרייסיג יונגע פלשתים, און נאכהער וועט ער אפילו נישט וועלען אנקוקען די פנים'ער פון די פלשתים מיידלעך... איך ווייס, תרצה, ווי שטארק דיין ליעבע איז צו מיין זוהן, און איך בין מתפלל צו גאט אז שמשון זאל זיך ארומזעהן און דיך אויסערוועהלען.

תרצה האט געווישט איהרע אויגען און מיט א נידעריגע שטימע זיך אפ־גערופען:

— איך בין ווארשיינליך איהם נישט ווערטה...

— וואס רעדסטו? און די פלשתים מיידעל איז איהם ווערטה געווען?... א, ניין, תרצה, גאט וועט עפענען זיינע אויגען און ער וועט זעהן אז דו בעלאנגסט צו איהם, און איך פארשפרעך דיר, אז איך און מנוח וועלען שוין יעצט קענען איהם גאנץ גרינג אויפווייזען זיין טעות און איהם ראטהען צו טהאן א זאך וואס ער וועט קיינמאל נישט חרטה האבען.

— איך דאנק דיר! — האט תרצה געקושט צללפונית'ן, — דו ביזט דאך אזוי גנעדיג צו מיר, איך ווייס ניט מיט וואס איך האב דאס פארדיענט.

— מיט דיין שטארקע ליעבע צו מיין זוהן, — האט איהר צללפונית ארומ־גענומען.

---

נאכדעם ווי שמשון איז ארויס פון דישון'ס הויז, האט מרמה זיך היסטעריש פאנאנדערגעוויינט. די מוטער האט איהר פרובירט בערוהיגען. דישון איז געשטא־נען ווי געלעהמט און ער האט נישט פארשטאנען פארוואס זיין טאכטער זאל

אזוי ווײנענדיק, ווען זי האט איהם נאר וואס געזאגט, אז ער זאל שמשון'ען נישט פארהאלטען, ווײל זי האט איהם אנגעהויבען צו האסען.

בריעה האט זיך באלד דערוואוסט פון אלעס וואס עס איז פארגעקומען און איז אויך צוגעגאנגען טרייסטען איהר שוועסטער.

— ער האט נישט פארדיענט, מיין שוועסטער, אז דו זאלסט איבער איהם פארגיסען טרעהרען... אויב זיין ליעבע איז אזוי "שטארק" אז ער קען דיך חושד זיין אין אזא זאך...

— דאס וואס איך האב געזאגט, — האט ברטור זיך אריינגעמישט, — ווען ער וואלט זי אויפריכטיג געליעבט וואלט דאך איהם קיינמאל נישט איינגעפאלען זי צו פארדעכטיגען... ער האט געזעהן אז ער איז דורכגעפאלען. ווארפט ער דעם בלבול ארויף אויף זיין פרוי...

— ער וועט זיך נאך צו דיר אומקעהרען, — האט דישון איהר ווייטער גענומען טרייסטען.

— איך זאג דאך דיר, פאטער, אז איך האב איהם מעהר נישט ליעב. און איך וועל איהם מעהר נישט אנקוקען! — האט מרמה אויסגערופען.

— נו, אויב אזוי, טא פארוואס־זשע וויינסטו? דו דארפסט דאך זיין צופריעדען וואס ער איז אוועק!

— יא, איך בין צופריעדען! — האט זי זיך אויפגעשטעלט, — און איך וויל איהם מעהר נישט אנקוקען.

— יעצט, אז שמשון האט דיך פארלאזען, ביזטו פריי! — האט ברטור זיך אפגערופען צו מרמה'ן, — דער געזעץ אין אונזער שטאדט לויטעט, אז ווען א מאן פארלאזט זיין פרוי דעם ערשטען מאנאט פון זייער חתונה, דארף זי אפילו נישט ווארטען ער זאל איהר אפ'גט'ן און זי קען הייראטען וועמען זי וויל.

— און עס איז ביי מיר קיין צווייפעל נישט, — האט זיך בריעה געווענדעט צו ברטור'ן אן א זייט, — אז מרמה האט שוין לאנג פון דיר געטראכט... און אויב דו וועסט נישט האבען דאגעגען, וועל איך דיר אין דעם ארויסהעלפען.

— איך וועל זיך גליקליך שעצען! — האט ברטור צו איהר געזאגט מיט א שמייכעל, — די ווייסט דאך אז איך האב דיין שוועסטער שוין פון לאנג ליעב.

— דו קענסט זיך אויף מיר פארלאזען! — האט בריעה געזאגט, — איך וועל שוין זעהן אז מרמה זאל וויסען ווער עס האט איהר מעהר ליעב און ווער עס איז איהר מעהר געטריי.

---

די נייעס אז שמשון האט פארלארען דעם געוועט מיט די פלשתים האט זיך שנעל פארשפרייט, נישט נאר אין דער שטאדט תמנה נאר אויך אין די אנדערע שטעדט פון פלשתים.

אייניגע געסט פון אשקלון וועלכע זיינען געווען איינגעלאדען צו מרמה'ס חתונה האבען זיך צוריקגעקעהרט צו זייער שטאדט און פאר אלעמען דערצעהלט ווי אזוי דער אידישער העלד שמשון האט זיך בענארישט און ווי אזוי ער האט אויסגעלאזען זיין כעס אויף זיין פרוי, און ער האט זי פארלאזען.

דער סרן (פירסט) איז אויך געווען צופריעדען פון דעם וואס דישון וועט זיך ניט פארבינדען מיט זייערען א שונא. ער האט געוואוסט אז שמשון איז א

העלד, און דאריבער דארף מען איהם זוכען צו באקעמפפען און נישט אריינ־נעהמען צווישען זייערע אייגענע.

די רייכע לייט פון אשקלון האבען גאנץ אפען ארויסגעוויזען זייער צופרי־דענהייט. זיי האבען געמאכט א מאלצייט און צוזאמענגערופען פיעלע וויכטיגע איינוואהנער פון אשקלון.

— ד'שון איז די לעצטע צייט געווען פאר דעם אז מען זאל פארגרינגערען די צינזען פון ישראל... און דאס האט ער געטהאן כדי צו געפינען חן אין די אויגען פון שמשון... יעצט אבער וועלען מיר קענען ארויפלייגען אויף זיי נאך שווערערע צינזען, און טאמער וועט שמשון נישט וועלען ליידען, זאל ער קומען צו אונז און מיר וועלען איהם אנלערנען. — האט זיך איין בעאמטער אפגערופען צו די געסט בעת'ן מאלצייט.

— איך זעה נישט איין וואס אט דער שמשון האט אויף די פלשתים אנגע־יאגט אזא שרעק! — האט א צווייטער געזאגט, — אמת, ער איז דער שטארק־סטער מאן פון לאנד... אבער אויב פינף אדער צעהן וועלען איהם נישט קענען בייקומען וועלען דאך עטליכע הונדערט פון אונז מאכען א סוף צו זיין גבורה... זאל ער זיך נאר בעווייזען אין אונזער לאנד.

— מיר דארפען זיין העלדישקייט ניט אוועקמאכען מיט'ן האנד, — האט נאך איינער געזאגט, — איך בין אליין געווען דאבייא און צוגעזעהן ווי ער האט צובראכען א דיקען אייזערנעם שטאנג... אבער דאך גלויב איך, אז מיר זאלען זיך צו איהם א נעהם טהאן, וועט ער קיין לעבעדיגער נישט ארויס פון אונזערע הענד.

— איך האב געהערט אז שמשון האט אימיצען איבערגעגעבען דאס ער קלייבט זיך צו מאכען א בעזוך אין אשקלון, ווייל ער וויל נישט ליידען וואס מיר האבען ארויפגעלייגט אויף זיינע ברידער א גרעסערען צינז...

— א, ווען דאס וואלט געווען אמת, וואלט ער שוין דוכט זיך קיין לעבע־דיגער צוריק נישט געגאנגען!

— און צוליעב דעם וועלען מיר פארשלאגען אונזער סרן צו מאכען נאך א גרעסערען צינז, זאל ער וויסען אז מיר שרעקען זיך נישט פאר איהם... איך וועל זיך אונטערנעהמען צו געהן אנזאגען די אידען די וועלכע געפינען זיך נישט ווייט פון אונזער גערניץ, אז זיי וועלען דארפען צאהלען מעהר צינזען, צוליעב דעם וואס זיי האבען זיך בעקלאגט פאר שמשון'ען, — האט אויסגערופען א יונגער געזונטער פלשתי — ווער וועט מיט מיר מיטגעהן?

עטליכע צעהנדליג פלשתים וועלכע האבען צוזאמען געפייערט די שמחה האבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פלעצער.

— נישט נאר וועלען מיר זיי געהן אנזאגען! — האט נאך איינער זיך אפ־גערופען, — מיר וועלען טאקע גלייך פון זיי אויפמאהנען, און טאמער וועלען זיי נישט וועלען געבען וועלען מיר נעהמען זייערע קינדער פאר משכנות.

— מיר וועלען דאס נישט קענען טהאן אהן דער ערלויבניש פון סרן! — האט אימיצער א זאג געטהאן, — מיר האבען קיין רעכט נישט צו העכערען די צינזען אהן זיין צושטימונג.

— וועט דען אונזער סרן נישט זיין צופריעדען אז מיר וועלען איהם ברייג־

גען מעהר צינזען? ! ער וועט נאך אונז דאנקבאר זיין און געוויס ליבען פאר אונזער העלדישקייט.

— ווען געהען מיר אויפמאהנען די געהעכערטע צינזען? — האט א בע־אמטער געפרעגט.

— מארגען!

— גוט, מיר וועלען מארגען געהן צווישען די אידען פון שטאדט צו שטאדט, און פון דארף צו דארף, און ביי זיי אויפמאהנען די צינזען.

— און טאמער באגעגענט אונז שמשון? — האט איינער א פרעג געטהאן.

— מיר האבען פאר איהם נישט וואס מורא צו האבען. מיר וועלען דאך זיין באוואפענט. די וועלכע זיינען פייגלינגע און האבען מורא פאר איהם, זאלען בעסער בלייבען אין דער היים.

פינף און דרייסיג פלשתים האבען איינגעשטימט צו געהן מארגען און בע־וייזען די אידען אז זיי זיינען די הערשער פון דיזען לאנד.

זי' האבען זיך אלע באוואפענט מיט שווערדען און מיטנעהמענדיג וואגענס צו קענען פיהרען די פיעלע צינזען וואס זיי וועלען אויפמאהנען, האבען זיי, אויף מארגען גענומען אפרייזען פון אשקלון.

ווען זיי זיינען געוועזן נאך ביי די טויערען פון שטאדט אשקלון, האבען זיי באמערקט ווי אימיצער לויפט זיי אנטקעגען.

— ווער איז דאס? ! — האבען זיי איינער דעם צווייטען געפרעגט.

— ער איז א פלשתי! — האט אימיצער א זאג געטהאן.

— יא, ער איז א פלשתי, באלד וועלען מיר וויסען פאר וואס ער לויפט אזוי שנעל.

זיי האבען זיך אפגעשטעלט און געווארט ביז וואנען דער פלשתי איז צוגעקומען.

— וואוהין לויפסטו און וואס ביזטו אזוי צוטראגען? — האבען זיי דעם פלשתי געפרעגט.

— איך לויף דאס אין שטאדט איזאגען אז שמשון געפינט זיך נישט ווייט פון דאנען, — האט ער אויסגערופען, קוים אפכאפענדיג דעם אטעם. — איך האב געפיטערט מיינע שאף, נישט ווייט פון דאנען, האב איך געהערט א טומעל און באלד האב איך זיך דערוואוסט אז שמשון קומט אן, ווייל די פאסטוכער וועלכע האבען איהם פון ווייטען דערזעהן האבען איבערגעלאזען זייערע שאף און אנטלאפען אויס שרעק.

די באוואפענטע פלשתים זיינען געבליבען שטעהן אויף זייערע פלעצער צוטומעלטע.

— לאמיר זיך אומקעהרען אין שטאדט! — האט איינער פון זיי זיך אפ־גערופען, — מעגליך אז ער וועט זוכען אונז שלעכטעס צו טהאן.

— מיר האבען דאך געוויס נישט וואס זיך צו שרעקען פאר איהם! מיר זיינען אזוי פיעל און דערצו זיינען מיר גוט באוואפענט! מיין עצה וואלט גע־ווען אז מיר זאלען איהם אנטקעגען געהן!

— אבער איהר האט שוין פארגעסען וואס ער האט אמאל, ווען ער איז נאך געווען א אינגעל, געטהאן צו ברטור'ן און זיינע פריינד.

— אבער מיר זיינען דאך אזוי פיעל אין צאהל, וועט ער דען וואגען זיך געגענצושטעלען געגען אונז.

— ווען ער זאל זיין באוואפענט דאן זיינען מיר פארלארענע... מיט זיין שווערד וועט ער אונז אלעמען פארניכטען...

— אויב דו שרעקסט זיך וועט זיין א סך בעסער אז דו זאלסט זיך צוריקקעהרען נאך אשקלון... איין פייגלינג קען אלעם קאליע מאכען.

— איך שרעק זיך נישט, אבער איך וואלט פארגעשלאגען אז מען זאל דערווייל ריידען מיט איהם אין פריעדען.

— דו לאז עס איבער צו מיר! — האט דער פיהרער זיך אפגערופען, — איך וועל זיך מיט איהם דורכריידען און ווען איהר וועט זעהן אז ער ווערט אין כעס, וועט איהר אלע אויף איהם ארויפפאלען מיט אייערע שווערדען.

— דער פיהרער האט ארויסגענומען דעם שווערד פון דער שייד, און האט אנגעהויבען שטעלען ברייטע טריט.

פון וויטען האבען זיי באמערקט שמשון'ען אנקומענדיג. זיי האבען איהם גלייך דערקענט אן זיין אונגעהייער גרויס און ברייטקייט. ער איז זיך געגאנגען גאנץ געמיטהליך און לאנגזאם.

— פריעדען צו דיר, שמשון, דו גרויסער העלד! — האט איהם דער פיהרער באגריסט.

שמשון האט זיך אפגעשטעלט און בעטראכט די באוואפענטע פלשתים.

— אפשר ווילסטו האבען מיט אונז א געוועט? — האט דער פיהרער ווייטער געזאגט, און זיך פאנאנדערגעלאכט. — מיר האבען געהערט אז דו פרעגסט גאנץ גוט רעטענישען.

— אויב דו ווילסט, וועלען מיר דיר פרעגען א רעטעניש! — האט א צווייטער פלשתי אויסגערופען, — זאג מיר, וואס בעדייט עס: דרייסיג העמדער און דרייסיג אויבער־בגדים פאר א קליין ביסעל האניג?

— איך וועל דיר זאגען וואס עס בעדייט! — האט שמשון זיך צו איהם אפגערופען, — אבער קום צו עטוואס נעהנטער צו מיר!

דער פלשתי האט זיך נישט גערוהרט פון ארט. די איבריגע פלשתים האבען ארויפגעלייגט זייערע הענד אויף זייערע שווערדען, און זיי זיינען געווען גרייט אויף דעם סיגנאל פון זייער פיהרער.

שמשון האט גענומען איבערצעהלען די פלשתים.

— פארוואס צעהלסטו אונז? — האט דער פיהרער זיך נאך העכער פאנאנדערגעלאכט, — זיינען מיר דען צופיעל פאר דיר?

— יא, בלויז פינף צופיעל! — האט זיך שמשון געלאסען א זאג געטהאן. — דרייסיג וואלטען געווען גענוג פאר מיר.

— און מיט פינף־און־דרייסיג האסטו מורא זיך אנצוהויבען?

— און וואוהין מארשירט איהר דאס אלע? — האט שמשון געזאגט נישט ענטפערענדיג דעם פלשתי אויף זיין פראגע.

— מיר מארשירען דאס צו דיינע ברידער! — האט דער פיהרער געענטפערט, — מיר האבען געהערט אז זיי האבען זיך פאר דיר בעקלאגט אז מיר בעהאנדלען זיי נישט גוט... געהען מיר דאס יעצט אהין זיי צו בעהאנדלען בעסער.

— איך פארשטעה, — האט שמשון געזאגט, — אבער מיר דוכט זיך, אז אייער וועג איז א געפעהרליכער.

— דעם לייב האסטו דאך צוריסען! יעצט איז נישטא פאר וועמען מורא צו האבען, — האט א יונגער פלשתי א זאג געטהאן.

— דו האסט נאך אלץ נישט געענטפערט דעם רעטעניש וואס איינער פון די פלשתים האט דיר נאר וואס געפרעגט.

— ווייל דער פרעגער האט מורא געהאט צוצוגעהן עטוואס נעהנטער צו מיר! — האט שמשון געענטפערט.

— איך? מורא! — האט יענער אויסגערופען, — אונזער גאט דגון האט מיר געגעבען אויערען צו הערען און איך קען הערען דיין ענטפער פון ווייטען.

— מיין ענטפער קען מען בלויז פיהלען אבער נישט הערען! — האט שמשון געזאגט.

— אונזערע שווערדען זיינען גאנץ שארף און מען קען זיי אויך פיהלען!

— האט דער פיהרער דורכגעפיהרט זיינע פינגער איבער דעם שארף פון זיין שווערד.

— דו ווילסט מיר פיעלייכט סטראשען מיט דיין שווערד? — האט זיך שמשון דערנעהנטערט צו איהם.

דער פיהרער האט זיך עטוואס א רוק געטהאן אויף צוריק און זיך גענומען פארמעסטען מיט'ן שווערד צו שמשון'ען.

שמשון האט פלינק ארויסגעשליידערט דעם שווערד פון זיין האנד, און איהם א הויב געטהאן מיט זיינעביידע הענד.

— מיינע ברידער! — האט דער פיהרער אויסגערופען, — מאכט א סוף צו שמשון'ען!

די איבריגע פלשתים האבען ארויסגעצויגען זייערע שווערדען און זיך גענומען ווארפען אויף שמשון'ען וועלכער האט געהאלטען זייער פיהרער אויפ־געהויבען אין דער לופטען.

שמשון האט זיך גענומען פאכען מיט דעם פלשתי אזוי ווי ער וואלט געהאט ביי זיך אין האנד א שטעקען.

דער פיהרער האט געשריען און זיך געצאפעלט אין זיינע הענד, און שמשון האט מיט איהם געשלאגען די פלשתים אויף רעכטס און אויף לינקס.

באלד האט ער באמערקט ווי עטליכע פלשתים האבען זיך אפגערוקט עטוואס פון ווייטען און גענומען צילעווען אויף איהם מיט זייערע פייל און בויגען.

שמשון האט שנעל א שליידער געטהאן דעם פיהרער אויף דער גרופע וואס האבען געצילעוועט. ווי איינער ווארפט א שטיין.

די בויגען־שיסער זיינען אלע אומגעפאלען פארוואונדעטע. דא אבער האבען זיך פלוצלינג די איבריגע א ווארף געטהאן אויף שמשון'ען מיט זייערע שווער־דען. שמשון איז צוריקגעטראטען עטליכע טריט אויף הינטען, און באלד האט ער דעם ערשטען וועלכער איז צו איהם צוגעקומען, א שטויס געטהאן מיט זיין פוס אזוי דאס די שווערד איז פון זיין האנד ארויסגעפאלען און יענער איז געבליבען ליגען בעוואוסטלאז.

שמשון האט פלינק א הויב געטהאן די שווערד פון דער ערד און ער האט זיך ארייגעלאזען אין א געפעכט מיט די פלשתים.

דער פיהרער פון די פלשתים איז געלעגען א פארוואונדעטער צוזאמען מיט די עטליכע בויגען־שיסער אויף וועמען שמשון האט איהם א ווארף געטהאן.

— א, מיינע ברידער, נעהמט נקמה אן שמשון׳ען, אונזער גרעסטער שונא, — האט דער פיהרער געשריען מיט זיינע לעצטע כחות, — קעמפפט מיט איהם ביז וואנען איהר וועט איהם טויטען... נעהמט ארונטער די שאנדע פון אונזער פאלק!

די פלשתים האבען געקעמפפט מיט גרוים פארצווייפלונג און פארביטערונג. שמשון אבער האט זיי אלעמען צוריקגעשטויסען... אין א ווייל ארום זיינען שוין עטליכע געלעגען טויט, די איבריגע האבען נאך אלץ נישט אויפגעהערט צו קעמפפען און שרייען.

:: היבשע ווילע האט דער קאמפף געדויערט און שמשון האט זיי אלע אויסגעלייגט. ווען די איבערגעבליבענע האבען געמאכט א פארזוך צו אנטלויפען איז שמשון זיי נאכגעלאפען און ווען ער האט זיי אנגעיאגט איז וועמען ער [illegible] האט ער מיט איין קלאפ אוועקגעלייגט אויף דעם באדען.

פון די פינף און דרייסיג פלשתים האבען פינף בלויז באוויזען צו אנטלויפען פון [illegible] עכטיגער האנד. ווען שמשון האט דערזעהן אז דרייסיג ליגען טויט אויף דעם וועג, האט ער זיך שוין מעהר נישט באמיהט נאכצויאגען די איבריגע. ער האט זיך א ווילע אוועקגעזעצט נישט ווייט פון די הרוגים און זיך אפגערוהט.

— א, געלויבט ביזטו גאט, וואס דו האסט מיר געגעבען מאכט זיך נוקם צו זיין אן מיין פאלק׳ס גרעסטע שונאים! — האט שמשון געדאנקט גאט. — יעצט וועל איך האבען צו בעצאהלען די פלשתים־בעטריגער, די גוטע פריינד פון מיין פרוי, די שטראף פון דעם געוועט.

שמשון האט זיך אויפגעשטעלט און ער איז צוגעגאנגען צו יעדען איינעם פון די פלשתים וועלכע זיינען געלעגען לעבענסלאז אויף דער ערד און האט פון זיי אראפגעצויגען זייערע אויבער־בגדים און זייערע העמדער.

— ווי ער וועיזט אויס, זיינען זיי אלע געוועזען גאנץ רייך! — האט שמשון זיך געטראכט — ווייל זיי טראגען אלע זעהר גוטע קליידער.

ווען ער איז פארטיג געווארען, האט ער באמערקט אז איינינע העמדער זיינען איינגעריכט אין בלוט, ער האט זיי צוגעטראגען צו א פאזשעלקע מיט וואסער און אפגעוואשען די בלוט־פלעקען פון די העמדיר, דערנאך האט ער דאס געלאזען אויסטריקענען אויף דער זון. ער האט זיך נישט געאיילט... ער האט אפילו נישט געטראכט פון דעם אז מעגליך דאס די פלשתים וועלען זיך דערוויסען און זיי וועלען זיך נעהמען נאכיאגען נאך איהם... ער האט אויף דעם געווארט... זיין דורשט נאך נקמה איז נאך אלץ נישט געשטילט געווארען.

ווען די העמדער האבען זיך אויסגעטריקענט, האט ער זיי צוזאמענגעלייגט צוזאמען מיט די בגדים און געמאכט פון דעם א גרויסען פעקעל. ער האט דעם פעקעל אוועקגעלייגט אויף זיין שולטער און ער האט זיך פארנומען נאך דעם וועג וואס פיהרט קיין תמנה.

## זיבעטער קאפיטעל

# ברטור הייראט מיט מרמה׳ן

ווען שמשון איז אנגעקומען אין תמנה, האט שוין די זון זיך א רוק גע־טאהן צו מערב. ער איז געבליבען שטעהן נעבען דעם טויער פון שטאדט מיט דעם פאק קליידער און געטראכט וואס צו טהאן.

ער האט ביי זיך נישט געקענט בעשליסען אויב ער זאל די קליידער אוועק־טראגען צו ברטור׳ן אדער ער זאל זיי איבערלאזען אין דישון׳ס הויז... זייז כעס אויף מרמה׳ן איז נאך נישט איינגעשטילט געווארען. איהם האט זיך געדוכט אז ער וועט איהר קיינמאל נישט קענען מוחל זיין פאר איהר פערראטה. דאך האט איהם שטארק געצויגען צו דישון׳ס הויז. ער האט געוואלט א קוק טהאן אויף איהר.

ער האט אבער לאנג נישט געטראכט, און איז אוועק צו דישון׳ס הויף, און דארטען געשטאנען א ווייל̈ע ביז וואנען בריעה האט איהם באמערקט.

— א, שמשון! — איז זי צו איהם צוגעלאפען מיט פרייד, — דו ביזט דאך געקומען, זאל איך געהן אנזאגען מיין שוועסטער?

— ניין, עס איז נישט נויטיג! — האט שמשון אויסגערופען, און אוועק־געלייגט דעם פעקעל קליידער אויף דעם באדען, — איך האב געבראכט דעם לוין פאר די טרעפער פון דעם רעטעניש, און אויב דו ווילסט מיר טהאן די געפעליג־קייט, געה און רוף ברטור׳ן.

— דו האסט שוין מעהר נישט ליעב מרמה׳ן? — האט בריעה איהם גע־פרעגט מיט א שמייכעל.

שמשון האט איהר אויף דעם נישט געענטפערט און בריעה האט פארט־געזעצט:

— איך קען נאך איצט נישט פארשטעהן ווי אזוי מיין שוועסטער האט געקענט באגעהן אזא עולה געגען דיר! און איך האב געמיינט אז זי האט דיך באמת ליעב...

— איך קען דא לאנג נישט ווארטען, געה, איך בעט דיך, און היים ברטור׳ן תיכף קומען.

— איך געה גלייך! אבער זאג מיר, זאל איך דיר פיעלייכט עפעס ברייג־גען צו עסען.

— איך בין דורשטיג, און איך וועל דיר זעהר דאנקבאר זיין אויב דו וועסט מיר ברייננגען אביסעל וואסער.

בריעה האט געבראכט שמשון׳ען וואסער, און נאכהער איז זי אוועקגעגאנ־גען אנזאגען ברטור׳ן אז שמשון איז געקומען בעצאהלען זיין שטראף.

ברטור האט צוזאמענגערופען אלע יונגע לייט וועלכע האבען זיך בעטיי־ליגט אין דעם רעטעניש און איז צוזאמען מיט זיי אוועק צו דעם הויף פון דישון.

— דו האלטסט דיין ווארט, שמשון! — האט זיך ברטור צו איהם אפ־גערופען, — דו האסט געבראכט די העמדער און די אויבער־בגדים.

— יעדער איינער פון אייך קריגט זיין חלק! — האט שמשון פאנאנדער־גענומען דעם פעקעל און גענומען אויסטיילען די בגדים.

ער האט אויפגעהויבען זיינע אויגען און באמערקט מרמה׳ס פנים אין

פענסטער, און ער האט גלייך אומגעדרעהט זיין קאפ... און גענומען ארויסגעהן פון הויף.

בריעה האט דאס באמערקט און נאכגעגאנגען שמשון'ען.

— שמשון, — האט זי זיך אפגערופען, ווען זי האט איהם דערגרייכט, — ביזטו דען אויך אויף מיר אין כעס?

שמשון האט זי בעטראכט מיט א שמייכעל.

— ניין! — האט ער איהר געענטפערט, — דו האסט דאך מיר קיין שלעכטעס נישט געטהאן.

— ווען דו וואלסט געוואוסט, שמשון, ווי שטארק מיר האט באנג געטהאן ווען איך האב זיך דערוואוסט וועגען מיין שוועסטער'ס בעהאנדלונג צו דיר... נאך מעהר פארדריסט מיר, וואס זי האט נאך געזוכט צו פארלייקענען... ווען נישט מרמה וואלט ברטור און די איבריגע קיינמאל נישט געטראפען די בעד־דייטונג פון דיין רעטעניש... יא, שמשון, דאס איז א באווייז אז מרמה האט דיך נישט ליעב געהאט... דו האסט געהאט אזוי פיעל צוטרויען צו איהר, און יעצט דארפסטו פאר דעם בעצאהלען.

— ווי איך פארשטעה האט ברטור איהר דערצו געצוואונגען! — האט שמשון א זאג געטהאן, — אבער דאס וועט איהם ניט געשאנקען ווערען.

— איך גלויב אז עס איז מעהר מרמה'ס שולד ווי זיינע... זי האט נישט געהאט וואס מורא צו האבען פאר איהם. ווען דו ביזט איהר מאן!... נישט ברטור און ניט זיינע פריינד וואלטען געוואגט איהר עטוואס שלעכטעס צו טהאן.

— געה צוריק אהיים, — האט שמשון זיך אפגערופען, ווען ער איז שוין געווען נישט ווייט פון טויער, — עס ווערט פינסטער און פאר א יונגע מיידעל ווי דו, זיינען די גאסען פון תמנה נישט גאנץ זיכער אין דער פינסטערניס...

— איך האב פאר קיינעם קיין מורא נישט! — האט בריעה איהם גע־ענטפערט. — ווען אימיצער וועט מאכען א פארזוך מיר שלעכטעס צו טהאן, וועל איך איהם זאגען אז שמשון איז מיין פריינד, דאן וועט מען שוין נישט וואגען.

שמשון האט איהר אפגעמאסטען מיט זיינע בליקען, און זיך אפגערופען:

— דיינע עלטערען און מרמה וועלען דאך זיין בעזארגט ווען דו וועסט זיך פערזאמען.

— מיין שוועסטער ווייס אז איך בין געגאנגען דיך בעגלייטען. זי האט אונז דורכ'ן פענסטער געזעהן.

— דאן וועט זי דאך אייפערזיכטיג זיין! — האט שמשון א שמייכעל געטהאן.

— אז זי האט דיך נישט ליעב, פארוואס זאל זי אייפערזיכטיג זיין?!

— ביזטו זיכער אז דיין שוועסטער האט מיך מעהר נישט ליעב.

— איך בין זיכער אז זי האט דיך קיינמאל נישט ליעב געהאט, אז נישט וואלט זי דיך נישט פערראטהען.

— גענוג! — האט שמשון אויסגערופען, — איך וויל מעהר נישט הערען, קעהר זיך אום אהיים.

— גוט, איך געה שוין, — האט זי זיך אפגערופען, און דערלאנגט שמשון'ען א קליינעם פעקעל.

— וואס איז דאס?

— איך האב דיר געבראכט עטוואס שפייז, איך בין זיכער אז דו ביזט הונגעריג.

— א, ניין! איך בין נישט הונגעריג, — האט שמשון אויסגערופען.

בריעה האט איהם אבער גענעבען דעם פעקעל און זיך שנעל אוועקגערוקט פון איהם.

ווען זי איז אהיים געקומען איז צו איהר מרכה צוגעגאנגען און איהר געגומען אויספרעגען וואס שמשון האט מיט איהר גערעדט.

— איך בעט דיך, מיין שוועסטער, פרעג מיך נישט, צו וואס זאל איך דיר פערשאפען אומזיסטע ליידען.

— דו מאכסט א טעות, בריעה, קיין זאך וואס שמשון האט גערעדט וועט מיך קיין שמערצען נישט פערשאפען, דערצעהל מיר.

— ער האט מיר געזאגט, אז צוליעב דעם וואס דו האסט איהם פערראטהען האט ער דיך פיינט געקראגען און אז ער וועט זיך צו דיר קיינמאל נישט אומקעהרען... איך האב דיך פארענטפערט, און איהם געזאגט אז דו ביזטו דערצו געווען געצוואונגען... דו האסט קיין אנדער אויסוועג נישט געהאט... איך האב איהם געבעטען ער זאל דיר מוחל זיין, אבער ער האט געשווארען ביי זיין גאט אז ער וועט זיך צו דיר שוין קיינמאל נישט צוריקקעהרען.

— ווער האט דיך געבעטען דו זאלסט פאר מיר ריידען! — איז מרכה אין כעס געווארען, — יעצט וועט ער מיינען אז איך האב דיך צו איהם געשיקט.

— זארג נישט מיין שוועסטער, איך האב שוין געוואוסט ווי אזוי צו איהם צו ריידען... איך האב איהם געזאגט אז דו ווייסט נישט אז איך רייד אין דיין נאמען... אבער אומזיסט זיינען מיינע רייד געווען... זיין צארן איז נישט איינגעשטילט געווארען... און איך בין זיכער אז זיין בעשלוס וועט ער שוין נישט ענדערען.

— אויב דו מיינסט אז איך בין שטארק בעזארגט וועגען דעם, מאכסטו א טעות, איך בין צופרידען וואס עס האט זיך אזוי אויסגעלאזען... יעצט וועלען מיר די מענשען פון מיין פאלק נישט פארוווארפען אז איך האב גענען זיי געזינדיגט מיט דעם וואס איך האב חתונה געהאט מיט א שונא פון די פלשתים... יא, ברטור איז גערעכט: א פלשתית דארף הייראטען מיט א פלשתי...

— האט דיר ברטור געצייגט די העמד און דעם אויבער־בגד וואס ער האט פון שמשון'ען געקראגען? — האט בריעה געפרעגט איהר שוועסטער.

— יא! און ווי ער האט מיר דערצעהלט, האבען אלע געקראגען זעהר טהייערע קליידער און העמדער... מיר וואונדערט ווי אזוי ער האט עס געקראגען... ער האט זיכער פאר דעם פיעל געלד בעצאהלט...

— און טאקע דערפאר האט זיין צארן אין איהם נאך מעהר געברענט אויף דיר.

— און איך זאג דיר, אז ער וועט זיך נאך קומען בעטען ביי מיר! איך קען שמשון'ען בעסער ווי דו.

— ווען שמשון זאגט עפעס צו, בייט ער נישט זיין ווארט, און בפרט ווען ער שווערט אין דעם נאמען פון זיין גאט.

— ביזטו זיכער אז ער האט געשווארען?

— וואס דען? ביז איך דען טויב?... איך האב אליין געהערט ווי ער האט געשווארען...

— נו, איז נישט! — האט זי זיך אפגערופען מיט א גלייכגילטיגען שמייכעל, — אפילו ווען ער וואלט געקומען וואלט איך איהם שוין מעהר ניט אויפגענומען.

---

די פינף פלשתים וועלכע זיינען אנטלאפען געווארען פון שמשון'ען, האבען זיך ערגעץ בעהאלטען ביז דעם אבענד. א טויט־שרעק איז זיי באפאלען ווען זיי האבען דערזעהן די מפלה פון זייערע ברידער... ווען עס איז געווארען גאנץ טונקעל זיינען זיי ארויס פון זייער באהעלטענים און אוועק נאך אשקלון. זיי זיינען גלייך אוועק צו דעם סרן (פירסט) און איהם מיט טרעהרען אין די אויגען דערצעהלט וואס עס האט פאסירט.

— מיר זיינען געגאנגען העכערען די ציגזען פון די אידישע איינוואהנער, און מיר האבען אויפ'ן וועג באגעגענט שמשון'ען.

— ווער האט דאס אייך ערלויבט צו טהאן! — האט דער סרן אויסגערופען מיט צארן.

די פלשתים האבען געשוויגען... א ווייל שפעטער האבען זיי איהם געזאגט ווער עס איז געוועזן דער אנפיהרער.

— יעצט וועט איהר מוזען מיטגעהן און צייגען דעם פלאץ וואו דאס האט פאסירט! — האט דער סרן אויסגערופען.

— אה, ניין! מעגליך אז שמשון געפינט זיך נאך דארטען... און איז דער פינסטער איז די געפאהר נאך גרעסער! מיר וועלען ראטהען אונזער האר צו ווארטען ביז מארגען אין דער פריה.

— גוט, מיר וועלען ווארטען! — האט דער סרן אליין זיך אויך דערשראקען.

אויף מארגען אין דער פריה האט דער סרן מיטגענומען עטליכע הונדערט באוואפענטע סאלדאטען און אין דער בעגלייטונג פון די פינף איבערגעבליבענע זיינען זיי אוועק צו יענעם פלאץ.

א פחד איז אנגעפאלען אויף דעם סרן און די איבריגע ווען זיי האבען דערזעהן ווי די דרייסיג פלשתים ליגען טויטע אהן זייערע קליידער.

— וואס זאל דאס בעדייטען? — האט דער סרן זיך געווענדעט צו די פינף פלשתים, — פארוואס האט ער זיי אלעמען אויסגעטהאן נאקעטע?

— אין דעם זיינען שולדיג די פלשתים פון תמנה, — האט איינער געענטפערט, — זיי האבען זיך מיט איהם געוועט אז אויב זיי וועלען טרעפען זיין רעטעניש, וועט ער זיי דארפען צושטעלען דרייסיג העמדער און אויבער־בגדים.

— מיר וועלען נקמה נעהמען אן איהם, —האט דער סרן אויסגערופען, — מיר וועלען איהם דאס ניט שענקען... יעצט טאר נישט דערלאזט ווערען אז דישון זאל זיך מיט איהם פארבינדען... לאמיר בעגראבען די טויטע און פון דאנען אוועקמארשירען אין תמנה.

נאכדעם ווי זיי זיינען פארטיג געווארען זיינען זיי אלע אוועק נאך תמנה.
דער סרן מיט זיינע בעאמטע זיינען אריינגעקומען צו דישון'ען אין הויז.
דישון האט זיי זעהר פיין אויפגענומען.

— זאל ברטור קומען אהער צוזאמען מיט אלע זיינע פריינד, וועלכע זיי־נען געווען שמשון׳ס געסט בעת דער חתונה־פייערונג, — האט דער סרן זיך געווענדעט צו דישון׳ען.

— איך וועל איהם געהן רופען, — האט בריעה געזאגט.

— ניין, מיין טאכטער, איך וועל שיקען איינעם פון מיינע דיענער.

בריעה איז פארבליבען אין דעם צימער צוזאמען מיט די אנגעקומענע געסט, און דישון האט געשיקט רופען ברטור׳ן מיט זיינע פריינד.

ווען זיי זיינען אלע געווען אין הויז, האט זיך דער סרן צו זיי אפגערופען:

— ווי איך האב געהערט האט איהר אלע געוואונען א געוועט ביי שמשון׳ן?

— יא! — האט ברטור מיט שטאלץ געזאגט, — מיר האבען איהם נישט געקענט באזיעגען אין גבורה, האבען מיר איהם אבער באזיעגט מיט חכמה.

— יא, א גרויסע חכמה האט איהר באוויזען! אבער זאגט מיר, אין וואס איז בעשטאנען אייער געוועט?

— אויב מיר, די דרייסיג פלשתים, וואלטען זיין רעטעניש נישט געטרא־פען, וואלטען מיר איהם בעדארפט בעצאהלען שטראף דרייסיג העמדער און דרייסיג אויבער־בגדים... אבער יעצט, אז מיר האבען געטראפען, האט ער אונז צוגעשטעלט די בגדים מיט די העמדער.

— ווייסט איהר וואו ער האט די בגדים גענומען? — האט דער סרן זיך צו זיין געווענדעט.

אלע האבען איהם אנגעקוקט מיט נייגעריגע בליקען און האבען געקוועטשט מיט זייערע פלייצעס.

— איך וועל אייך זאגען וואו ער האט די בגדים פאר אייך גענומען... ער האט געטויטעט דרייסיג פלשתים און פון זיי די קליידער ארונטערגעצויגען, און עס פאר אייך געבראכט!

אלע פלשתים זיינען געבליבען שטעהן מיט געבויגענע קעפ.

— איך ווייס נישט אויב שמשון איז געגאנגען צו אונז נאך אשקלון, מיט דער כונה צו קריגען די קליידער פון אונזערע ברידער, לויט ווי די פינף געראטעוועטע גיבען איבער, האט זיך דער פיהרער מיט איהם פריהער אנגע־פאנגען און אייניגע האבען זיך מיט איהם גערייצט... אבער ווי עס זאל נישט זיין, האט ער בעזיעגט פינף און דרייסיג שטארקע פלשתים... און מיר מארען דאס איהם נישט פארשווייגען. מיר וועלען נקמה נעהמען אז איהם פאר די פאר־גאסענע בלוט פון אונזערע ברידער! און יעצט בין איך געקומען, דישון, דיר אנצוזאגען אז דו זאלסט זיך נישט פארבינדען מיט אונזער גרעסטען שונא, און אויב דיין טאכטער האט מיט איהם געהייראטעט וועסטו מוזען זעהן אז זי זאל איהם גט׳ן.

— מיין האר, עס איז נישט נויטיג אז זי זאל איהם גט׳ן, לויט אונזער געזעץ מעג א פרוי הייראטען א צווייטען, אויב איהר מאן האט איהר פארלאזען דעם ערשטען מאנאט פון זייער חתונה. און איך גלויב, אז וואס שנעלער מרמה וועט חתונה האבען, אלץ בעסער וועט זיין... ווייל דאן וועט ער שוין מעהר נישט וואגען צו קומען איהר נעהמען צו זיך...

— איך פערלאנג פון דיר, — האט זיך דער סרן געווענדעט צו דישון׳ען — דו זאלסט אפגעבען דיין עלטערע טאכטער מרמה צו אן אנדערען.

— אבער, שמשון... ער וועט זיך געווים וועלען אפרעכענען מיט מיר ! — האט דישון מיט שרעק געזאגט.

— זאל ער נאר קומען אין תמנה ! — האט דער סרן אויסגערופען, — איך וועל דא פארברייננגען די גאנצע זיבען טעג פון דער פייערונג פון דער התונה און אויב שמשון וועט וואגען אהער צו קומען זיינען אלע מיינע מענשען גוט באוואפענט.

— אבער, מיין האר, דו זעהסט דאך אז שמשון האט נישט קיין מורא פאר אונזערע באוואפענטע פלשתים, — האט דישון אויסגערופען.

— איך וועל בעוואפענען יעדען פלשתי פון תמנה און ווען ער זאל אהער קומען, וועט ער שוין קיין לעבעדיגער צוריק נישט אוועק פון דאנען.

— אבער איך וויים נישט צו וועמען אפצוגעבען מיין טאכטער ? ! — האט דישון געזאגט.

— אויב מיין האר וועט מיר ערלויבען, וועל איך ריידען עטליכע ווערטער ! — האט ברטור זיך אריינגעמישט.

— רייד ! — האט דער סרן געזאגט.

— עס איז שוין פון לאנג אז מרמה האט מיך ליעב, און אויב מיין האר וועט צושטימען וועל איך מיט מרמה'ן הייראטען.

— אויב מיין טאכטער איז צופרידען, וועל איך זיכער נישט זיין דאגעגען ! — האט דישון געענטפערט.

ווען בריעה האט דאס דערהערט איז זי שנעל אריינגעלאפען צו איהר שוועס־טער אין צימער און זיך אפגערופען :

— דו ווייסט וואס דער סרן האט נאר וואס דערצעהלט וועגען שמשון'ען ?

— וואס ? ! — איז מרמה נייגעריג געווארען.

— עס פארדריסט מיך וואס דו ביזט נישט געוועזען דאביי... ווען געסט קומען צו אונז, זוכסטו זיך שטענדיג צו פארבארגען.

— אבער דערצעהל מיר שוין ! — איז מרמה אומגעדולדיג געווארען.

— דו וועסט קיינמאל נישט טרעפען ווי אזוי שמשון האט געקראגען די קליידער פאר די פלשתים, — האט בריעה געזאגט.

— און דו ווייסט ?

— הער זיך איין ! שמשון איז בעפאלען דרייסיג פלשתים און זיי געטויטעט און פון זיי זייערע קליידער ארונטערגענומען.

— עס איז אונמעגליך ! — האט מרמה אויסגערופען.

— אויב דו ווילסט מיר נישט גלויבען, טא קום אריין וועסטו אליין הערען פון דעם סרן'ס מויל. א, ער איז זעהר אויפגעבראכט אויף שמשון'ען, און ער איז צופריעדען וואס דו פארבלייבסט מעהר נישט שמשון'ס ווייב... קום אריין, מיין שוועסטער, דו וועסט הערען אויך אנדערע זאכען וואס וועלען דיר צופרי־דענשטעלען.

— בריעה, איך בעט דיך, דערצעהל מיר אלעס... איך קען יעצט נישט אריינקומען, מיין קאפ טהוט מיר וועה.

— אויב דו ווילסט וועל איך ארייננשיקען ברטור'ן. ער וועט דיר שוין אלעס דערצעהלען, — האט בריעה א זאג געטהאן און שנעל ארויס פון דעם צימער.

באלד איז ברטור אריינגעקומען און איהר דערצעהלט וועגען שמשון'ען.

— דער סרן זאגט, אז דו מוזט גלייך הייראטען מיט א צווייטען, — האט ברטור זיך צו איהר אפגערופען, — כדי דיין חתונה מיט שמשון'ען זאל גלייך בטל ווערען...

— מיט א צווייטען? — איז מרמה בלאס געווארען.

— יא, מיט א צווייטען, אויב נישט ווערסטו נאך אלין פארברענט פאר שמשון'ס ווייב, און דו ווייסט דאך אז יעצט קען דאך שוין מעהר קיין רייד ניט זיין פון שלום צווישן איהם און די פלשתים... א, מרמה, דו ווייסט דאך אז איך האב דיך ליעב, איך האב פון דיר נישט אויפגעהערט צו טראכטען.

— אבער דו האסט שוין פארגעסען אז דו האסט מיט א צייט צוריק געוואלט מיך און מיין שוועסטער טויטען.

— איך האב עס געטהאן אין א רגע פון אויפרעגונג. נאך דעם ווי איך און מיינע חברים זיינען אזוי שטארק געשלאגען געווארען פון שמשון'ען... אבער דו האסט דאך מיר שוין לאנג מוחל געווען...

— עס איז אמת, איך האב דיר שוין לאנג מוחל געווען, דאך אבער קענסטו נישט ערווארטען אז איך זאל דיך ליעב האבען, — האט מרמה געזאגט.

— איך האב דיך ליעב געהאט ווען דו ביזט נאך גאר א קינד געווען... אבער דאן, בין איך יונג און ווילד געווען... איך האב געזוכט אויפרעגונג צווישען די טעכטער פון ישראל... דו ווייסט דאך, אז איך וואלט קיינמאל נישט געהייראט מיט א אידישע טאכטער, און דאס וואס איך האב דאן יענע מיידעל פון אילון גענומען געפאנגען, איז עס געווען מעהר כדי אנצושרעקען די אידען וועלכע האבען זיך געפוילט צו צאהלען די צינזען... יא, מרמה... ווען איך האב געזעהן ווי שמשון האט דיך בעהאנדעלט האט מיין צארן אין מיר געברויזט... אבער אין מיין הארצען בין איך געווען צופריעדען וואס דורך דעם וואס שמשון האט דיך פארלאזען זיינען מיינע האפנונגען שטארקער געווארען... איך ווייס, אז אויך דו האסט מיך ליעב און דו וועסט מיט מיר גליקליך זיין.

— אבער יעצט נעהם איך דיר חושד זיין, אז דאס וואס דו ביזט צו מיר צוגעשטאנען איך זאל דיר אויסזאגען דעם רעטעניש, איז עס נישט געווען, ווייל די פלשתים האבען געסטראשעט מיר שלעכטעס צו טהאן, נאר ווייל דו האסט געהאט אין זינען מיך דורך דעם צו קריגען.

— איך שווער דיר ביי דגון אונזער גאט! — האט ברטור אויסגערופען, — אז דאס איז נישט געווען מיין כונה. ווען דו וואלסט די בעדייטונג אונז נישט געזאגט, וואלטען די דרייסיג פלשתים געוויס דיר און דיין משפחה שלעכטעס געטהאן. און אויב דו ווילסט אויך מיין שבועה נישט גלויבען, קענסטו אויספרעגען יעדען איינעם פון די אנטייל־נעהמער אין דעם געוועט... זיי וועלען מיינע רייד באשטעטיגען. איך האב אנגעווענדעט אלע מיינע כחות זייער צארן צו שטילען... און ווען די זון האט ביים פארגעהן געהאלטען, האט מיך מיין הארץ געשראקען אז קיין אומגליק זאל נישט געשעהן אין דיין הויז... און דאריבער בין איך דאס אזוי צוגעשטאנען צו דיר.

— איך גלויב דיר, ברטור! — האט מרמה אויסגערופען, — איך ווייס אז דאן ביזטו איסען געווען מיין טובה, און ווען אפילו איך האב פריהער געטראכט, אז ווען שמשון וועט צוריקקומען און פארלאנגען איך זאל איהם מוחל

זיין, וואָלט איך דאָס געטהאָן, יעצט אָבער, ווען איך האָב זיך דערוואוסט וואָס ער האָט געטהאָן צו מיינע ברידער אין אשקלון, וויל איך איהם שוין מעהר נישט קענען.

— דיינע רייד מאַכען מיך גליקליך! — האָט ברטור זי ארומגענומען און א קוש געטהאָן, — יעצט וויים איך, אז דו האָסט מיר אין גאַנצען פארגעבען און דו וועסט געהערען צו מיר.

— האָסטו שוין גערעדט מיט מיין פאָטער? — האָט מרמה איהם געפרעגט.

— נאָך נישט, אָבער איך בין זיכער, אז דיין פאָטער וועט יעצט נישט זיין דאגעגען. קום, לאָמיר אריינגעהן אין צימער וואו די געסט זיינען, און דאָן וועל איך דיין פאָטער'ס צושטימונג בעטען פאר אלעמען אין די אויגען.

מרמה און ברטור זיינען אריין אין יענעם צימער. מרמה איז גלייך צוגע־גאנגען צו איהר פאָטער.

— דו האָסט דאָך נישט באגריסט דעם סרן פון אשקלון, — האָט דישון זיך צו איהר אָפגערופען.

מרמה האָט זיך געווענדעט מיט איהר פנים צו דעם סרן און זיך פאר איהם פארנייגט.

— מיין האר וועט מיר ענטשולדיגען, — האָט זי געזאָגט רויט ווערענדיג. — די נייעס וואָס איך האָב נאָר וואָס דערהערט, האָט מיך אזוי דערשיטערט און צוטומעלט, אז איך וויים נישט וואָס איך טהו.

— דו דארפסט וואָס שנעלער זיך באפרייען פון שמשון'ען. ער טאָר מעהר דיין מאַן נישט זיין... און דאָס קענסטו באווייזען אזוי שנעל ווי דו הייראטסט א צווייטען.

— מיין האר! — איז ברטור צוגעגאנגען צו דישון'ען — איך האָב דיין טאָכטער שוין פון לאנג ליעב און פון איהר געטראכט, אָבער איך בין נישט געווען זיכער אויב זי האָט מיך ליעב... היינט האָב איך אויסגעפונען אז מיין חלום קען פארווירקליכט ווערען אויב נאָר דו, מיין האר, וועסט געבען דיין צושטימונג.

דישון האָט א בליק געטהאָן אויף מרמה'ן און זי האָט א שאָקעל געטהאָן איהר קאָפּ מיט א שמייכעל.

— מיין האר, סרן! — האָט זיך דישון צו איהם געווענדעט, — מיין טאָכטער האָט שוין געפונען א צווייטען וועלכער וועט פארנעהמען שמשון'ס פּלאַץ. יאָ, איך גיב אָפּ מיין טאָכטער צו ברטור'ן.

— איך ווינש אייך גליק! — האָט דער סרן זיך אָפּגערופען צו מרמה'ן און ברטור'ן, — און יעצט אז איך בין דאָ, ביי אייך אין תמנה, וואָלט איך זיך וועלען בעטייליגען אין דער פייערונג פון אייער חתונה, און דאריבער איז מיין פארלאנג אז די חתונה זאָל באלד פאָרקומען.

דישון האָט צוגעשטימט און די חתונה צווישען ברטור'ן און מרמה'ן איז געפייערט געוואָרען מיט אלע פּלשתים'שע צערעמאָניעס און מנהגים.

זיבען טעג האָט מען געפייערט דעם מאָלצייט פון מרמה'ס צווייטער חתונה. אלע זיינען געווען פרעהליך און לוסטיג, און נאָר איינע איז געווען אומעטיג און די גאנצע צייט געזעסען אָפּגעזונדערט — דאָס איז געווען בריעה... זי

האָט זיך גאָרנישט בעטייליגט אין דער שמחה.

דישון און זיין פרוי האָבען גענומען צו איהר צושטעהן זי זאָל זיי ער־קלעהרען וואָס איהר טרויער בעדייטעט. אָבער בריעה האָט זיי געענטפערט, אז נאָך די זיבען טעג וועט זי זיי זאָגען.

— איך בין שטאַרק בעאומרוהיגט וועגען בריעה׳ן, — האָט דישון זיך אָפּגערופען צו זיין פרוי ווען זיי זיינען בליידע ארוים פון איהר צימער, — בריעה איז אימער צו געווען פרעהליך און לוסטיג.

— איך ווייס די בעדייטונג, — האָט זיין פרוי זיך אָפּגערופען, — מרמה האָט אין איין חודש צוויי מאָל געהייראט. און דאריבער איז זי אייפערזיכטיג אויף איהר שוועסטער.

— ווי איך פארשטעה האָט בריעה ליעב לחמי׳ן, איך וועל איהם שיקען רופען און באלד נאכדעם וועלען מיר פייערען איהר חתונה מיט לחמי׳ן, — האָט דישון אויסגערופען.

— איך וועל איהר געהן זאָגען וועגען דעם און זי וועט זיכער צופרידען זיין דאָס צו הערען.

— ניין, מיר וועלען איהר איבערראשען. פריהער וועט אהער לחמי קומען, און מיר וועלען איהם אריינשיקען צו איהר אין צימער, און דאן וועלען זיי ביידע אויסקומען און פערלאַנגען מיין צושטימונג ווי מרמה און ברטור האָבען געטהאָן.

דישון האָט געשיקט איינעם פון זיינע קנעכט רופען לחמי׳ן, און ווען ער איז געקומען, האָט זיך דישון צו איהם געווענדעט:

— איך ווייס שוין פון לאַנג אז דו האָסט געוואָרפען אן אויג אויף מיין אינגערע טאָכטער... יעצט איז געקומען די צייט... און אויב איהר ביידע האָבען זיך נאָך ליעב וועל איך געוויס נישט זיין דאגעגען.

— אָ, מיין האר! — האָט לחמי אויסגערופען מיט ערשטוינונג, — דיינע ווערטער האָבען מיך ווידער גליקליך געמאכט... איך האָב שוין אויפגעגעבען מיינע האָפנונגען...

— בריעה געפינט זיך איצט אין איהר צימער, — האָט דישון איהם אָנגעוויזען אויף א טהיר — געה אריין אהין און איך וועל דאָ וואַרטען.

לחמי איז אריין אין איהר צימער, און ווען בריעה האָט איהם דערזעהן האָט זי אויסגערופען מיט צאָרן:

— ווי אזוי וואָגסטו אריינצוקומען צו מיר אין צימער?!

— המ... איך... איך האָב געקראָגען די ערלויבניס פון דיין פאטער, — האָט לחמי געשטאַמעלט.

— מיין פאטער!

— יאָ, ער האָט נאָך מיר געשיקט... און ער האָט מיר געזאָגט אז ער וועט יעצט צושטימען צו אונזער הייראט...

בריעה האָט איהם אָפּגעמאָסטען מיט איהרע בליקען און נאכהער זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעלאַכט.

— ווער האָט דיר געזאָגט אז איך האָב דיך ליעב! — איך האָב דיך קיינמאָל נישט ליעב געהאַט.

— געדענקסטו דאַן, ווען איך האָב דיר נאָך צרעה געפיהרט?

— יאָ, איך געדענק!... דאַן האָב איך דיר דערפרעהט מיט דעם וואָס איך האָב דיר געזאָגט אַז מרמה איז אין דיר פארליעבט... אָבער דו ווייסט דאָך, אַז עס איז נישט געווען מיין שולד, אויב איך האָב אַ טעות געמאַכט.

— אָבער נאָכדעם אַז עס איז בעוואוסט געוואָרען אַז דיין שוועסטער וועט היירעטען מיט שמשון'ען, האָסטו מיר אַרויסגעצייגט אויסערגעוועהנליכע פריינדשאַפט און איך בין געווען זיכער אַז דו האָסט מיך ליעב.

— יעצט אָבער וויל איך דיר פאַרזיכערען, לחמי, אַז איך האָב דיך קיינמאָל נישט ליעב געהאַט און וועל דיך קיינמאָל נישט ליעב האָבען... און דאַריבער איז מיין עצה, אַז וואָס שנעלער דו וועסט פאַרלאָזען מיין צימער, וועט זיין בעסער פאַר דיר און פאַר מיר.

— מיט וואָס האָב איך אַזוי געזינדיגט אין דיינע אויגען? — האָט לחמי געזאָגט מיט צוטומעלטקייט — דו ווייסט דאָך, אַז איך בין אימער געווען גרייט דיר אַ טובה צו טהאָן.

— און דו האָסט דיין באַלוינונג באַקומען... דו האָסט קיינמאָל זיך נישט גערעכט אַז דו וועסט קענען זיין אַן איינגעהער אין מיין פאָטער'ס הויז... און יעצט האָסטו עס דערגרייכט דורך מיר... געה, איך בעט דיר, לחמי, געה צוריק צו דיין פאָטער'ס הויז און פיטער זיינע שאָף... און רייד זיך נישט איין קיין נאַרישקייטען...

— אָבער...

— נו, רייד נישט קיין נאַרישקייטען! — האָט בריעה איהם אָנגעוויזען אויף דער טיהר... — דו ווייסט דאָך אַז איך האָב נישט ליעב קיין שוואַכלינגע... אַנטלויף פון וואַנען וואָס שנעלער.

בריעה האָט אויפגעעפענט די טיהר און לחמי האָט זיך לאַנגזאַם אַרויסגערוקט פון איהר צימער.

ווען דישון האָט דערזעהן לחמי'ן, ווי ער פאַרלאָזט בריעה'ס צימער, מיט אַ טרויעריגען פּנים, האָט ער איהם געפרעגט:

— נו, לחמי, ווי אַזוי האָסטו מיט איהר אויסגעמאַכט?

— אַ, מיין האַר, בריעה האָט מיך נישט ליעב, זי האָט מיך פאַרטריבען פון זיך.

— וואַרט נאָר אַ ווייל'ע, איך וועל אַריין און מיט איהר ריידען וועגען דיר.

— האָט דישון זיך אָפּגערופען, און איז אַריין אין בריעה'ס צימער.

— איך פאַרשטעה דיך נישט, מיין טאָכטער, — האָט ער צו איהר געזאָגט.

— איך אַיין דיין מוטער האָבען די גאַנצע צייט פאַרשטאַנען, אַז דו ליעבסט זיך אין לחמי'ן, און דאַריבער האָב איך נאָך איהם יעצט געשיקט, האָפענדיג צו פייערען באַלד אויך דיין חתונה, און יעצט ווען ער איז צו דיר געקומען, האָסטו איהם פון זיך פאַריאָגט.

— ווייל איך האָב איהם נישט ליעב! — האָט בריעה געווישט איהרע טרעהרען פון די אויגען.

— אָבער מיט אַ צייט צוריק האָסטו דאָך איהם יאָ ליעב געהאַט?!

— ניין. איך האָב איהם קיינמאָל נישט ליעב געהאַט...

— און פארוואס ביזטו אזוי טרויעריג?
בריעה האט ארונטערגעלאזען איהרע אויגען און נישט געענטפערט.
— דו האסט אונז פארשפראכען אז ווי נאר די זיבען טעג פון דיין שוועס־טער׳ס חתונה וועלען פאראיבערגעהן, וועסטו אונז זאגען.
— איך וויים... אז אומזיסט וועלען מיינע רייד זיין... איך וועל שוין קיינ־מאל נישט גליקליך זיין...
— דאך זאג מיר, מיין טאכטער, און אויב עס וועט זיין אין מיין מעגליכ־קייט, וועל איך טהאן אלעס דיר צו העלפען.
— איך האב ליעב שמשון׳ען! — האט בריעה אויסגעבראכען אין א געוויין.
— שמשון׳ען!! וואס רעדסטו, מיין טאכטער, ווייסטו דען נישט אז דאס איז אונמעגליך! שמשון איז איצט פאררעכענט פאר דעם גרעסטען שונא פון אונזער פאלק. ער האט דרייסיג פון אונזערע ברידער געטויטעט, אום ער זאל האבען צו בעצאהלען די שטראף פאר דעם געוועט.
— מיר קימערט גארנישט וואס ער האט געטהאן... איך וויים אז ער האט געהאט דאס פולע רעכט אזויר צו האנדלען, ווייל נישט מרמה און נישט ברטור האבען איהם ריכטיג בעהאנדעלט.
— וואס מיינסטו מיט דיינע רייד?
— איך וויים אז מרמה האט שמשון׳ן פערראטהען. ברטור און מיין שוועס־טער האבען ביידע דיזע פארשוועררונג געמאכט... ברטור און זיינע חברים וואל־טען קיינמאל שמשון׳ס רעטעניש נישט געטראפען, ווען מרמה וואלט עס פריי־הער נ׳שט ארויסגעקראקען פון שמשון׳ען און גלייך איבערגעגעבען צו ברטור׳ן.
— פון וואנען ביזטו עס זיכער אז דאס האט האט אזוי פאסירט?
— איך וויים פון אלעס, און אויסער דעם האט זיך מרמה פאר מיר מודה געווען, אז זי האט אזוי געהאנדעלט.
— דאך האט ער נישט געהאט קיין רעכט צו טויטען דרייסיג פלשתים כדי ער זאל קענען זיין שטראף בעצאהלען.
— ווי איך האב געהערט דערצעהלענדיג, האט שמשון געהאט א פולעס רעכט דאס צו טהאן!
— פון וועמען האסטו אזוינס געהערט?
— טאקע פון איינעם פון די פינף אנטלאפענע פלשתים. ער האט מיר דערצעהלט אז זיי זיינען געגאנגען העכערען די ציגזען פון די אידען, וועלכע גרעניצען זיך מיט אשקלון, אויף דעם וועג האבען זיי באגעגענט שמשון׳ען און זיך מיט איהם גענומען רייצען, טאקע וועגען דעם רעטעניש... ווייל ברטור האט שוין געזעהן אז אלע זאלען וויסען דערפון. איז דען א וואונדער, אז שמשון האט זיך מיט זיי אפגערעכענט?! א, וואס פאר א שטארקער העלד ער איז! יעצט וועלען זיי וויסען מעהר זיך מיט איהם נישט אנצופאנגען!... אין מיינע אויגען איז שמשון יעצט נאך מעהר געשטיגען... איך האב איהם ליעב...
— קענסטו זיך פארשטעלען וואס די פלשתים פון אשקלון וועלען זאגען, ווען זיי וועלען אויסגעפינען אז נאכדעם ווי מרמה האט חתונה געהאט מיט א צווייטען, האסטו גענומען און געהייראטי מיט שמשון׳ען.

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, פאָטער, אַז מיך קימערט נישט וואָס די אַנדערע פּלשתים וועלען זאָגען... אויב זיי געפעלט נישט, זאָלען זיי זיך אָנפאַנ־גען מיט שמשון'ען... ער וועט זיי שוין אָנלערנען...

— איך וועל דאָס ניט קענען טהאָן צוליעב דעם סרן פון אשקלון. ער האָט מיך געראַטהען אָפּצוגעבען מרמה'ן צו אַ צווייטען, כדי דאָמיט איינגאַנצען אָפּ־צוברעכען מיט שמשון'ען, און יעצט... וועט ער ווידער ווערען מיין איידעם... וועט רען דער סרן פון אשקלון נישט זיין אין כעס אויף מיר ?!...

— איך האָב איהם אָבער ליעב! איך וועל שוין קיינמאָל קיין אַנדערען נישט ליעב האָבען! — האָט בריעה זיך פאַנאַנדערגעכליפּעט.

— רייד נישט קיין נאַרישקייטען! — האָט זיך דישון אויף איהר אָנגע־בייזערט, — מיר וועלען זיך שוין מעהר קיינמאָל ניט קענען פאַרבינדען מיט שמשון'ען, און אַ חוץ דעם, ווייסטו דען נישט אַז שמשון איז אויפגעבראַכט געגען אונז אַלעמען, און ער אַליין וועט שוין זעהר צו ווייכען פון אונז.

— איך האָב מיט איהם גערעדט ווען ער איז געקומען בעצאָהלען זיין שטראָף, און ער האָט מיר געזאָגט, אַז אויף מיר איז ער נישט אין כעס.

—אָבער דו מוזט איהם ארויסשלאָגען פון דיינע געדאַנקען! — האָט דישון זיך אָפּגערופען, — נאָכדעם ווי דער סרן האָט מיר געהייסען אוועקנעהמען מרמה'ן פון שמשון'ען קען איך דאָך דיך איהם נישט אָפּגעבען. פאָלג מיך, בריעה, בעזיין דיך און נעהם לחמי'ן פאַר דיין מאַן, ווייל ער האָט דיך ליעב.

— ניין, איך וועל מיט לחמי'ן נישט הייראַטען! — האָט בריעה נישט אויפגעהערט צו וויינען.

— און אויך נישט מיט שמשון'ען, — האָט דישון געזאָגט און איז פון איהר צימער ארויס.

---

ווען שמשון האָט זיך צוריקגעקעהרט אַהיים, האָט ער קיינעם נישט דער־צעהלט וואָס ער האָט געטהאָן די פּלשתים. ער האָט בכלל זעהר ווינציג גערעדט. ער האָט אָפּגעגעסען און נאָכהער זיך אויסגערוהט.

שפּעטער איז אָנגעקומען זיין פריינד קרני, און דאָן איז שמשון געוואָרען מעהר אויפגעלייגט.

מנוח האָט גענומען איינריידען שמשון'ען ער זאָל געהן אין בית המשפּט.

— די זקנים פון צרעה וואַרטען שוין אויף דיר מיט אונגעדולד, עס זיי־נען פאַראַן פיעלע משפּטים וואָס זיינען אָפּגעלייגט געוואָרען ביז וואַנען דו וועסט קומען און בעשליסען ווער עס איז גערעכט, — האָט מנוח געזאָגט צו שמשון'ען.

— איך ווייס אַז איך בין נישט ווערטה צו זיין אַ פיהרער און אַ שופט אין ישראל! — האָט זיך שמשון אָפּגערופען, — איך בין בעגאַנגען אַן אומרעכט געגען מיין פאָלק.

— אָבער יעצט, אַז דו ביזט שוין מעהר נישט פאַרבונדען מיט דער ערלית, קענסטו דאָך שוין יאָ קומען, — האָט צללפונית געזאָגט.

— איך קען זי אָבער נישט פאַרגעסען! — האָט שמשון זיך אָפּגערופען. — איך האָב געמיינט אַז נאָכדעם ווי זי האָט צו מיר אַזוי געטהאָן וועט מיין

ליעבע צו איהר אין גאנצען פארשווינדען... אבער נישט אזוי גיך קען אפגעמעקט ווערען דאס וואס איז אזוי טיעף איינגעווארצעלט געווארען אין מיין נשמה... איך בין זיך מודה, אז איך האב איהר נאך אלץ ליעב און מיין הארץ ציהט צו איהר.

— גאט וועט דיר צושיקען א פרוי פון דיין פאלק וועלכע איז שעהנער און בעסער פאר מרמה'ן און דו וועסט איהר אין גאנצען פארגעסען.

— איך ווייס אז איך האב געמאכט א צו איבעראיילטען שריט, איך האב זי אזוי שנעל ניט געדארפט פארלאזען. מעגליך אז זי איז טאקע נישט געווען שולדיג. זי האט דאך מיך אזוי ליעב געהאט.

— און דאס וואס זי האט דיר פעראורזאכט אזא היזק איז גארנישט ? ! — האט צללפונית זיך אפגערופען, — וואו וועסטו דאס נעהמען אזוי פיעל צו בעצאהלען די שטראף וואט דו דארפסט צוליעב איהר בעצאהלען.

— איך האב זיי שוין בעצאהלט ! — האט שמשון געענטפערט.

— דו האסט זיי שוין בעצאהלט די דרייסיג בגדים און העמדער ? — האט קרני איהם געפרעגט.

— יא, איך האב זיי בעצאהלט !

— ווי אזוי ? — האט זיך מנוח געוואונדערט.

— די פלשתים פון אשקלון האבען בעצאהלט צו די פלשתים פון תמנה.

מנוח, צללפונית און קרני האבען איהם אנגעקוקט פערוואונדערט.

שמשון האט זיי דערצעהלט אלעס וואס מיט איהם האט פאסירט אויפ'ן וועג פון אשקלון, ווי אזוי ער האט געטויטעט דרייסיג פלשתים וועלכע זיינען געגאנגען שלעכטס טהאן זיינע ברידער, און פון זיי אראפגענומען די העמדער און בגדים און בעצאהלט צו ברטור'ן און זיינע פריינד.

— יעצט וועלען די פלשתים זיכער זוכען צו נעהמען נקמה אן דיר ! — האט מנוח געזאגט א צושראקענער.

— איך וואלט דיך געראטהען מיין זוהן, נישט ארויסצוגעהן פון צרעה פאר א קורצע צייט, ביז וואנען דער צארן פון די פלשתים וועט איינגעשטילט ווערען.

— איך וואלט געוואלט אז זיי זאלען ארויסקומען געגען מיר, דאן וואלט איך זיך מיט זיי אפגערעכענט פאר אלעס.

עטליכע טעג זיינען פאראיבער, און שמשון איז נאך אלץ נישט געגאנגען אין בית המשפט... ער איז געבליבען אין דער היים... ער איז געווען פערטראכט. ער האט גענומען שטארק בייגקען נאך מרמה'ן... ביינאכט האט ער נישט געקענט איינשלאפען... ווי ער האט צוגעמאכט זיינע אויגען איז איהם אנטקעגען געקומען מרמה'ס געשטאלט. ער האט געהאט א פארלאנג איהר צו האלטען אין זיינע ארעמס און זי צו קושען... עס האט איהם גענומען שטארק פארדריסען פארוואס ער האט זי פארלאזען.

איין נאכט, אזוי ליגענדיג און טראכטענדיג פון מרמה'ן, האט ער פלוצים ביי זיך בעשלאסען אז ער מוז זי צוריקקריגען... ער וועט זיך אומקעהרען צו איהר... ער וועט זיך מיט איהר איבערבעטען... און דאן וועט ער איהר ברייגגען אהער צו זיינע עלטערען אין הויז ווי ער האט פריהער געפלאנעוועט... ער האט

קוים ערווארט ביז וואנען עס וועט אנהויבען צו טאגען... און ווי נאר די זון האט זיך אין מזרח באוויזען האט זיך שמשון אנגעטהאן און ארויס פון הויז.

ער איז געשטאנען אין הויף און גענומען טראכטען וואס פאר א מתנה ער זאל ברייננען מרמה'ן... זיינע אויגען זיינען געפאלען אויף א יונג ציגעלע וואס איז געשטאנען נעבען איהם און גע'מעלה גרה'ט... ער האט א נעהם גע־טהאן דאס ציגעלע אויף זיינע הענד.

— זי האט זעהר ליעבע יונגע ציגעלעך, — האט שמשון זיך געטראכט, — ער וועט איהר דאס ציגעלע ברייננען אלס מתנה.

ער איז מיט דעם ציגעלע אוועק נאך תמנה. לאנגזאם האט ער אהין אוועק־געשפאצירט, ביז וואנען ער איז צוגעקומען צו דישון'ס הויז.

א ווייליע איז ער געבליבען שטעהן... זיין הארץ איז איהם אנגעפילט גע־ווארען מיט פרייד... באלד... אט באלד וועט ער זעהן מרמה'ן... ווי גרויס וועט זיין די פרייד ווען זי וועט זיך צו איהם טוליען... ער וועט זי דריקען צו זיך... און וועט איהר זאגען, אז ער איז איהר אין גאנצען מוחל... זי וועט זיך אויס־וויינען אין זיין בוזים... נאכהער וועט ער זי מיטנעהמען מיט זיך.

ער האט בעטראכט דאס יונגע ציגעלע און האט עס גענומען צערטליך גלעטען.

באלד איז ער אריין אין הויז און געפונען דישון און זיין פרוי.

— פרידען צו דיר, מיין שווער! — האט שמשון זיך אפגערופען מיט א פרעהליכער שטימע.

דישון האט זיך אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ. זיין פנים איז בלאס געווא־רען, און מיט א ציטערנדע שטימע געענטפערט:

— פרידען צו דיר, שמשון.

— און וואו איז מרמה? איך בין געקומען זי איבערבעטען... איך האב איהר דאס ציגעלע געבראכט אלס א מתנה! — האט שמשון געזאגט מיט א שמייכעל.

— המ... מרמה... — האט דישון גענומען שטאמלען, — איך האב... זי האט געמיינט אז דו וועסט שוין מעהר צו איהר נישט קומען.

— זי האט געדענקט אז דו ביזט אויף איהר אין כעס, — האט די מוטער זיך אריינגעמישט.

— יא, איך בין געווען אויפגערעגט... אבער יעצט, ווען מיין צארן האט זיך איינגעשטילט, קען איך פארשטעהן אז זי איז אין דעם נישט געווען שולדיג, און איך בין געקומען שלום מאכען מיט איהר.

— איך האב מורא אז עס איז שוין צו שפעט! — האט דישון זיך אפ־גערופען.

— וואס מיינסטו צו שפעט! — האט שמשון איהם אנגעקוקט מיט פער־וואונדערונג.

— איך האב געמיינט, אז דו האסט מיין טאכטער פיינט געקראגען... וויל דו ביזט אוועק פון איהר מיט גרויס צארן...

— יא, איך בין דאן זעהר שטארק אין כעס געווארען אויף איהר... אבער איך בין גרייט אלעס צו פארגעסען... איך וויים, אז זי האט קיין שלעכטעס נישט געמיינט.

— און איך האָב געמיינט, אז דו וועסט שוין מעהר נישט קומען... האָב איך... הם...

— וואו איז זי? וואָס האָט פּאַסירט? — האָט שמשון אויסגערופען מיט אומגעדולד.

— איך האָב מיין טאָכטער אָפּגעגעבען צו א צווייטען פּאָר א פרוי, ווייל איך האָב געמיינט אז דו האָסט זי שוין מעהר נישט ליעב.

— פּאָר א צווייטען! — האָט שמשון אויסגעשריען און דאָס בלוט האָט איהם אין פּנים א זעץ געטהאָן, — ווי אזוי האָסטו עס געקענט טהאָן? זי איז דאָך מיין פרוי? איך האָב דיר פאַר איהר א מוהר געגעבען... דו האָסט קיין רעכט נישט געהאַט אזוי צו טהאָן.

דישון האָט געוואָרפען א בליק אויף שמשון׳ס פּנים און ער האָט גלייך באַמערקט אז דער צאָרן ברענט אין איהם. א שרעק איז אויף איהם אַנגעפאַלען. שמשון וועט נאָך איהם שלעכטס טהאָן.

— איך בעט דיך, שמשון, — האָט דישון זיך צו איהם אָפּגערופען, — זיי נישט בייז אויף מיר, עס איז אין גאַנצען נישט מיין שולד.

— האָסטו דען נישט אָפּגעגעבען מרמה׳ן צו א פרעמדען?

— יא, איך האָב זי אָפּגעגעבען, אָבער דאָס האָט איך געטהאָן נאָכדעם ווי מען האָט מיר איבערגעגעבען אז דו האָסט דרייסיג פלשתים געטויטעט און מיט זייערע בגדים האָסטו דיין שטראָף פאַר׳ן געוועט בעצאָהלט.

— איך האָב זיי געטויטעט ווייל זיי האָבען דאָס פאַרדיענט! — האָט שמשון אויסגערופען, — אָבער דו האָסט קיין רעכט נישט געהאַט אָפּצוגעבען מיין פרוי צו א צווייטען איידער איך האָב זי גע׳גט.

— ביי אונז איז א געזעץ אז ווען א מאַן פאַרלאָזט זיין פרוי דעם ערשטען מאָנאַט נאָך דער חתונה, איז זי פריי צו הייראַטען מיט א צווייטען... און דער סרן פון אשקלון איז געקומען און פון מיר פערלאַנגט איך זאָל זי אָפּגעבען צו ברטור׳ן... און אזוי ווי איך האָב געזעהן אז דו קומסט נישט, האָב איך זיין עצה געפאָלגט.

— ברטור האָט מיר שוין דעם צווייטען מאָל אָפּגענאַרט. א, נקמה וועל איך נעהמען פון איהם און פון זיינע פריינד.

— איך בעט דיך, שמשון, צושטער נישט מיין טאָכטער׳ס גליק... איך וועל דיר צוריקקעהרען דיין מוהר...

— דאַמיט וועסטו מיין צאָרן נישט איינשטילען! מרמה געהערט צו מיר און איך וועל זי פון איהם צוריקקריגען.

— אָבער נאָכדעם ווי דו האָסט זי אזוי בעהאַנדעלט, האָט אויך מרמה דיך אויפגעהערט ליעב צו האָבען... דאָך אויב דו ווילסט מיט מיר שלום שליסען קען איך דיר אָפּגעבען איהר אינגערע שוועסטער בריעה... זי האָט מיר דאָ נישט לאַנג פאַרטרויט אז זי האָט דיך זעהר ליעב.

— איך וויל בלויז מרמה׳ן און זי וועל איך קריגען! — האָט שמשון גע־דריקט מיט זיין פויסט, און איבערלאָזענדיג דאָס ציגעלע אין דישון׳ס הויז, איז ער אַרויס מיט גרויס אויפרעגונג און צאָרן.

שמשון האָט געברענט פון כעס...

— איך וועל זיך מיט די פלשתים אפּרעכענען, — האָט ער צו זיך גערעדט.
— זיי וועלען פאַר דעם בעצאָהלען.

ער האָט זיך אומגעקעהרט קיין צרעה און גלייך געשיקט רופען זיין פריינד קרני.

— קרני, איך האָב בעשלאָס'ן זיך נוקם צו זיין אין די פלשתים, — האָט ער זיך צו איהם אָפּגערופען, — אָבער איך וויל מיינע עלטערען פון דעם גישט דערצעהלען. יעצט פאַרלאַנג איך פון דיר, אז דו זאָלסט רופען עטליכע פון דיינע חברים, זאָלען זיי קומען מיט זייערע נעצען, און מיר העלפען פאַנגען די שאקאַלען וועלכע צושטערען אונזערע וויינגערטנער.

— אָבער וואס האָט דאָס צו טהאָן מיט דיין נקמה אין די פלשתים? — האָט קרני איהם געפרעגט.

— טהו ווי איך בעט דיך, שפּעטער וועט אַלעס קלאָר ווערען, — האָט שמשון איהם געענטפערט, — איך האָב געהערט ווי פיעלע באַקלאָגען זיך אז די שאקאלען טהוען אָן גרויס שאדען אין זייערע וויינגערטנער, און איך האָב שוין לאַנג פאַרשפּראָכען מיינע עלטערען, אז איך וועל זיך נעהמען צו פאַרטרייבען די שאקאלען פון אונזערע גערטנער און פון די פעלדער. איך וועל צוגרייטען קאסטענס וואו איך וועל די געפאַנגענע שאקאלען האַלטען.

קרני איז אוועק און ער האָט מיטגענומען צעהן פון זיינע העלדישע פריינד, וועלכע זיינען שטענדיג געווען גרייט צו טהאָן פאַר שמשון'ען אַלעס וואס ער פערלאַנגט פון זיי.

שמשון, קרני און די איבריגע האָבען מיט זייערע נעצען זיך אוועקגעלאָזען צו פאַנגען די שאקאַלען.

זיי זיינען אריין אין די וויינגערטנער און זיך גענומען יאָגען נאָך די שאקאלען. שמשון איז געשטאַנען פון דרויסען, און ווי נאָר ער האָט דערזעהן זיי לויפענדיג, האָט ער זיי גענומען געפאַנגען.

אזוי האָבען זיי אין משך פון עטליכע טעג געפאַנגען ארום דריי הונדערט שאקאלען, און זיי געהאַלטען אין קאסטענס.

ווען די יאגד נאָך די שאקאלען האָט זיך געענדיגט, האָט שמשון די קאסטענס אוועקגעלייגט אויף וואָגענס און ער האָט זיי צוגעפיהרט צו די פעלדער פון תמנה.

— איהר געהט צוריק אין שטאָדט! — האָט שמשון זיך אָפּגערופען, — ווען די פלשתים וועלען אויסגעפינען וועגען זייער שאדען וואס איך געה זיי פאַראורזאַכען וועלען זיי קיינעם, אויסער מיך, נישט קענען בעשולדיגען.

די צעהן חברים האָבען זיך אומגעקעהרט. אָבער קרני איז מיט איהם געבליבען.

— איך וועל דיר ארויסהעלפען! — האָט קרני געבעטען ביי שמשון'ען, ער זאָל איהם לאָזען בלייבען מיט איהם.

— דו נעהם ארויס די שטריק, און נאכהער וועסטו מיר העלפען אַנקלייבען די טרוקענע צווייגען און זיי איינטונקען אין פּעך.

קרני און שמשון האָבען אָפּגעבראָכען טרוקענע צווייגען פון די בוימער.

— מעהר קענסטו נישט פאַרבלייבען! — האָט שמשון זיך אָפּגערופען, — איך וויל נישט אז אימיצער זאָל דיך באַמערקען.

— אָבער וואָס ווילסטו טהאָן? — האָט קרני איהם געפרעגט.

— דו ווייסט דאָך, אַז דער שטייגער פון די שאַקאַלען ווען זיי זיינען אין גרויס שרעק, לויפען זיי ריקווערטס און נישט פאָרווערטס. איך וועל צובינדען די עקען פון צוויי שאַקאַלען איינעם צום צווייטען, און צווישען ביידע וועל איך אוועקלייגען אַן אָנגעצונדענעם פאַקעל פייער און אַזוי ווי יעצט איז די צייט ווען אַלעס איז רייף און באַלד וועלען די פּלשתים נעהמען שניידען זייער תבואה, וועל איך זיי פאַרשפּאָרען די ארבייט, דאָס פייער וועט אַלעס פאַרצעהרען.

— דו וועסט דאָך זיך נויטיגען אין אימיצענס הילף, — האָט קרני געזאָגט.

— ניין, איך וועל אַלעס אַליין טהאָן, און דו לויף וואָס שנעלער צוריק אין שטאָדט, און זאָג מיינע עלטערען זיי זאָלען נישט זאָרגען. איידער די זון וועט פאַרגעהן וועל איך זיך אומקעהרען אין צרעה.

קרני איז אוועקגעגאַנגען. און שמשון האָט זיך גענומען צו דער ארבייט.

ער האָט ארויסגענומען די שאַקאַלען, און יעדע צוויי פון זיי האָט ער צוגעבונדען איין עק צום צווייטען. ער האָט איינגעטונקט אַ טרוקענעם צווייג אין פּעך און עס אָנגעצונדען און אוועקגעלייגט דעם ברענענדען פאַקעל צווישען ביידע שאַקאַלען. זיי אַפּגעלאָזען נעבען אַ פעלד פון די פּלשתים. די שאַקאַלען האָבען זיך דערשראָקען און האָבען גענומען שפּרינגען אויף צוריק. דערווייל האָט זיך דאָס פייער אָנגעכאַפּט אַן די שטעהענדע תבואה פון די פעלדער...

אַזוי האָט שמשון געטהאָן מיט די איבריגע שאַקאַלען אוועקשיקענדיג זיי מיט די ברענענדע פאַקעלען איבער די וויינגערטנער און פעלדער פון די פּלשתים.

דאָס פייער האָט זיך שנעל צושפּרייט און פאַרצעהרט די שטעהענדע תבואה און אייל־בערט־בוימער. אַלעס איז פאַרברענט געוואָרען.

ווען די פּאַסטוכער פון ארום האָבען דערזעהן דעם רויך און פייער האָבען זיי גענומען לויפען מיט זייערע בהמות צוריק אין שטאָדט. איינינע פון זיי האָבען באַמערקט שמשון'ען, ווי ער לייגט די ברענענדע פאַקעלען, און זייער שרעק איז נאָך גרעסער געוואָרען.

ווען זיי האָבען דערגרייכט די שטאָדט, האָבען זיי דערצעהלט וואָס זיי האָבען געזעהן.

די פּלשתים האָבען שוין באַמערקט דעם רויך, און ווען זיי זיינען ארויס־געגאַנגען זעהן זייערע פעלדער און גערטנער, האָבען זיי געזעהן אַז אַלעס איז פאַרברענט. די וועלכע האָבען געהאַט אָפּגעשניטען זייער תבואה און דאָס גע־האַלטען אין פעלד אויסצוטריקענען אויף דער זון, האָבען געזעהן אַז זייער גאַנ־צע מיה איז געווען אומזיסט. אַלעס איז פאַרברענט געוואָרען.

— ווער האָט דאָס געטהאָן אַזאַ זאַך? — האָבען די פּלשתים געפרעגט מיט גרויס אויפרעגונג.

— דאָס האָט געטהאָן שמשון, דישון'ס פריהערדיגער איידעם, — האָבען עטליכע פּאַסטוכער געזאָגט. — מיר האָבען אַליין געזעהן ווי ער האָט אָנגע־צונדען דעם פייער.

— פאַרוואָס זאָל ער דאָס טהאָן אַזאַ זאַך צו אונז?! — האָבען זיי זיך איינער דעם צווייטען געפרעגט.

— דאס האט שמשון זיך אפגערעכענט מיט אונז צוליעב דעם וואס דישון האט אפגעגעבען שמשון'ס ווייב צו ברטור'ן.

— דאס וועט דישון'ען ניט געשאנקען ווערען! — האבען איינינע אויס־גערופען מיט צארן, — מיר האבען זעהר פיעל געליטען צוליעב איהם.

— יא, נישט לאנג צוריק האט שמשון געטויטעט דרייסיג פון אונזערע ברידער, און אלעס צוליעב דישון, ווייל איהם האט זיך געוואלט האבען שמשון'ן אלס זיין איידעם... און יעצט זיינען מיר אלע פאראארימט געווארען צוליעב איהם... מיר מוזען זיך אפרעכענען מיט מרמה'ן און איהר פאטער.

א פופציג פלשתים האבען זיך אוועקגעלאזען צו ברטור'ס וואהנונג. זיי האבען געשריען און געשאלטען, ביז וואנען ברטור איז צו זיי ארויסגעקומען.

— וואס האט פאסירט? — האט ברטור זיך צו זיי געווענדעט.

— מיר ווען נקמה נעהמען אן מרמה'ן און איהר פאטער דישון, — האבען זיי געשטורעמט.

ברטור איז נעהנטער צוגעקומען צו דעם אויפגערעגטען המון און האט פון זיי אויסגעפונען וואס עם האט פאסירט.

— מיר וועלען דאס נישט פארשווייגען! — האבען זיי געשריען, — מיר האבען שוין גענוג געליטען.

— אבער וואס איז מיין פרוי שולדיג?!... — האט זיך ברטור ביי זיי גענומען בעטען, — איהר ווייסט דאך אלע ער האט זי פארלאזען... ווייל זי האט איהם אנגעהויבען צו האסען.

— און צוליעב דעם האט שמשון אויסגעגאסען זיין צארן אויף אונז... ער האט אונז פאראומגליקט, — האבען זיי געשריען.

—ווארט דא צו א ווייל, איך וועל צו אייך ארויסשיקען מיין פרוי, — האט ברטור זיך צו זיי אפגערופען, — זי וועט אייך אליין איבערצייגען אין איהר אומשולד.

— זאל זי ארויסקומען, און מיר וועלען שוין וויסען וואס צו טהאן מיט איהר! — האבען זיי ניט אויפגעהערט צו שרייען.

ברטור איז שנעל אריין צו זיך אין הויז, און ער האט מרמה'ן איבערגעגעבען אלעס וואס עס געהט פאר.

— דו מוזט זיך זעהן צו ראטעווען, דו וועסט ארוים פון דעם פענסטער וואס קומט ארוים אין גארטען, און אין דער צייט וואס איך וועל אפהאלטען דעם ווילדען המון, און זיי זאגען, אז אט קומסטו ארוים, זאלסטו געהן מיט דעם זייטיגען שטעג און אנטלויפען גלייך צו דיין פאטער.

מרמה איז געווארען בלאס פון שרעק. זי האט זיך איינגעהילט אין א טוך און איז דורכ'ן פענסטער ארויסגעגאנגען.

ברטור איז ווידער ארויסגעקומען צו די פלשתים און זיי געזאגט:

— ווארט בלויז א קליינע ווייל, זי קומט באלד ארוים.

— מיר וועלען פון דישון'ס גאנצע משפחה קיין געדעכנים נישט איבער־לאזען, — האבען זיי געשריען, אויפהויבענדיג זייערע פויסטען צו ברטור'ן.

— מיינע פריינד, וואס האט איהר צו מיר! איהר ווייסט דאך, אז איך בין אין דעם גארנישט שולדיג. יא, איהר זייט גערעכט, מרמה האט מיט שמשון'ן

קיינמאָל נישט געטאָרט הייראטען... און דאָס איז מרמה'ס שולד אזוי ווי איהר פאָטער'ס.

— זי קומט נישט ארויס! זי פארזאמט זיך! זאָל זי ארויסקומען אז נישט וועלען מיר דיין הויז אונטערצינדען.

— זאָלען איינינגע פון אייך מיט מיר אריינגעהן אין הויז און פון דאָרטען זי ארויסברייינגען צו אייך! — האָט ברטור זיך אָפּגערופען.

באַלד האָבען זיך א לאָז געטהאָן איינינגע פלשתים אין ברטור'ס הויז... ער איז מיט זיי אריין אין צימער, און זיך געמאכט ווי ער זוכט איהר.

— זי האָט געוויס זיך דערשראָקען און איז ארויס דורכ'ן פענסטער! — האָט ברטור זיך אָפּגערופען.

— דו האָסט איהר געהאָלפען אנטלויפען! — האָט איינער פון די פלשתים פארמאָסטען זיך מיט זיין פויסט צו איהם.

— איך שווער ביי דגון, אונזער גאָט, אז איך בין אין דעם נישט שולדיג! — האָט ברטור אויסגערופען.

— זי איז געוויס אנטלאָפען צו דישון'ען איהר פאָטער! — האָבען זיי אויסגעשריען.

— לאָמיר געהן צו דישון'ען!

— לאָמיר זיך מיט איהם אָפּרעכענען! נקמה וועלען מיר אָן איהם נעהמען!

דער אויפגערעגטער המון האָט זיך א לאָז געטהאָן אין דער ריכטונג וואו דישון'ס הויז איז געוועז.

ברטור איז געבליבען שטעהן א טויט בלאַסער. ווער ער האָט דערזעהן אז דער המון האָט זיך פון זיין הויז דערווייטערט האָט ער פרייער אָפּגעאָטעמט... ער איז שנעל צו זיך אין הויז אריין און אָנגעזאָגט זיין קנעכט ער זאָל שטעהן נעבען אריינגאנג און היטען, און אויב אימיצער וועט אויף איהם פרעגען, זאָל ער זאָגען אז ער איז נישטאָ.

מרמה איז אריינגעלאָפען אין איהר פאָטער'ס הויז א דערשראָקענע, און קוים אָפּכאפענדיג איהר אָטעם, האָט זי אויסגערופען:

— אָ, פאָטער, א גרויס געפאהר הענגט איבער אונזערע קעפּ, די פלשתים ווילען מיך טויטען.

— אָבער וואָס איז געשעהן? — האָט דישון א דערשראָקענער אויסגערופען.

מרמה האָט מיט א ציטערנדע שטימע, און מיט האַלב אָפּגעהאַקטע ווערטער דערציילט וואָס שמשון האָט געטהאָן צו די תבואות פון די פלשתים.

— און יעצט ווילען זיי זיך אָפּרעכענען מיט אונז! אָ, פאָטער, זיי וועלען געוויס קומען... זיי זיינען געוועזן ביי ברטור'ן און ער האָט מיך געראַטהען צו אנטלויפען און צו קומען אהער צו דיר...

— בערוהיג זיך מיין טאָכטער! — האָט דישון געזאָגט, — קיין שלעכטעס וועט צו דיר נישט געשעהן. איך וועל דיך בעשיצען.

בריעה און איהר מוטער זיינען צוגעלאָפען צום פענסטער, און ווען זיי האָבען פון ווייטען דערזעהן אז דער אויפגערעגטער המון קומט אָן, האָבען זיי מיט שרעק אויסגערופען:

— זיי קומען! זיי קומען!

— אַ, מיר זיינען פארלאָרען! מיר זיינען פארלאָרען! — איז מרמה גע־וואָרען היסטעריש.

— בערוהיג זיך, מרמה, — האָט דישון איהר אָנגענומען ביי דער האנד, — געה אריין אין יענעם צימער און שליס צו די טיהר הינטער זיך... איך וועל צו זיי ארויסגעהן.

— אַ, ניין, פאָטער! געה נישט ארויס צו זיי, דיך וועלען זיי נאָך מעהר שלעכטעס טהאָן!

— איך און בריעה וועלען ארויסגעהן און פון זיי פערלאַנגען אָפּצוטרעטען פון אונזער הויז, — האָט די מוטער געזאָגט, און דו, דישון, געה אריין מיט מרמה'ן אין צימער.

דישון און מרמה זיינען אריין אין צימער און פארשלאָסען די טיהר הינטער זיך.

בריעה און איהר מוטער זיינען ארויס צו דעם אויפגערעגטען המון.

— נקמה וועלען מיר נעהמען אָן דישון'ען און אָן זיין טאָכטער מרמה!

— האָבען זיך די קולות פון די צאָרנדע פלשתים דערטראָגען צו זייערע אויערען.

ווען די פלשתים האָבען זיך דערנעהנטערט צום הויז, האָט בריעה און איהר מוטער זיך געשטעלט נעבען טיהר.

— איך בעט אייך, טהוט נישט קיין שלעכטעס צו מיין מאַן און צו מיין טאָכטער! — האָט די מוטער זיך גענומען בעטען מיט טרעהרען אין די אויגען.

— מיר וועלען נקמה נעהמען אָן זיי! — האָבען די פלשתים געשריען, — מיר האָבען זיך גענוג אָנגעליטען צוליעב זיי.

— עס איז דאָך ניט זייער שולד אז שמשון האָט אזוי געטהאָן צו אייך, — האָט בריעה זיך צו זיי געווענדעט.

— ווען נישט דישון און מרמה וואָלטען מיר יעצט ניט פאראָרימט גע־וואָרען.

— און דרייסיג פון אונזערע ברידער וואָלטען נישט געטויטעט געוואָ־רען, — האָבען די פלשתים געשטורעמט.

— א טויט צו דישון'ן און זיין טאָכטער! — האָבען עטליכע פון די פלשתים א לאָז געטהאָן זיך צו דער טהיר פון דישון'ס הויז.

די טיהר איז געווען פארשלאָסען און זיי האָבען גענומען ברעכען די טיהר.

— לאָמיר טהאָן צו איהם און צו זיין הויז אזוי ווי שמשון האָט געטהאָן צו אונזערע פעלדער און וויינגערטער! — האָט אימיצער אויסגערופען.

— יאָ, לאָמיר פארברענען דישון'ען מיט זיין טאָכטער, צוזאַמען מיט זיין הויז, — האָט נאָך איינער א געשריי געטהאָן.

— זאָל מען ברייננגען פאקעלען מיט פייער!

אייניגע פלשתים האָבען זיך שנעל באוויזען מיט ברענענדע פאקעלען.

בריעה און איהר מוטער האָבען זיך גענומען בעטען. זיי האָבען געוויינט און זיך געראַנגעלט מיט די פאקעל־טרעגער. אָבער יענע האָבען זיי אוועקגע־שטויסען... און ביידע פרויען זיינען אין חלשות געפאַלען.

פלוצלינג איז צוגעלאָפען לחמי און זיך אוועקגעשטעלט נעבען דעם איינ־גאַנג פון הויז, פארשטעלענדיג דעם וועג צו די פאקעלן טרעגער.

— איך בעט אייך, מיינע ברידער! — האָט ער אויסגעשריען מיט אלע

זיינע כחות. — איך האָב אויך געליטען אזוי פיעל ווי איהר, די תבואה פון מיינע פעלדער זיינען אויך אָפּגעבערענט געוואָרען. אָבער קיינער אויסער שמשון איז אין דעם נישט שולדיג.

— דישון און זיין טאָכטער זיינען שולדיג אין אונזערע צרות, ווען זיי וואָלטען איהם נישט אויפגערייצט, וואָלטען מיר יעצט נישט פאַראַרימט געוואָרען! — האָט א הויכער פּלשתי זיך צושריען, — איך וויים פאַרוואָס דו ווילסט זיך אָננעהמען פאַר דישון און זיין משפּחה, דו האָסט ליעב זיין איינגערע טאָכטער.

— אָבער וועט דען נישט זיין א סך בעסער פאַר אונז אז מיר זאָלען זיך פעראייניגען און קעמפּפען צוזאַמען געגען שמשון! — האָט לחמי זיך געבעטען ביי דעם אויפגערעגטען המון, — מיט פעראייניגטע כחות וועלען מיר איהם בעזיעגען!

— אַ, ניין, שמשון איז אומבעזיעגבאַר, מיר וועלען נאָך ערגער מאַכען ווען מיר וועלען זיך מיט איהם אָנפאַנגען! — האָט נאָך איינער געזאָגט. — דישון און זיין טאָכטער זיינען די איינציגע וועלכע זיינען שולדיג אין אונזער אומגליק, און מיר וועלען זיי דאָס נישט שווייגען! קומט ברידער, לאָמיר זיי פאַרברענען צוזאַמען מיט זייער הויז!

— באַגעהט נישט קיין פאַרברעכען געגען אייערען א ברודער! — האָט זיך לחמי ביי זיי געבעטען.

— דיין געליעבטע בריעה ליגט א גע'חלש'טע און דיך קימערט עס נישט!

— האָט זיך א פּלשתי אָפּגערופען צו לחמי'ן, — געה שנעל און ראַטעווע איהר.

לחמי האָט זיך ארומגעקוקט און געזעהן ווי בריעה מיט איהר מוטער ליגען פאַר'חלש'טע און באַלד, באַלד וועלען זיי צוטראָטען ווערען מיט די פיס פון די אויפגערעגטע פּלשתים. ער האָט זיך פלינק א לאָז געטהאָן און אויפגעהויבען בריעה'ן.

די אויפגערעגטע פּלשתים מיט די ברענענדע פאַקלען האָבען זיך גלייך א לאָז געטהאָן צום הויז. באַלד האָבען די פלאַמען ארומגענומען דאָס גאַנצע הויז פון אַלע זייטען.

ווען בריעה און איהר מוטער זיינען געקומען צו זיך און דערזעהענדיג די פלאַמען האָבען זיי גענומען שרייען און לויפען מיט זייערע לעצטע כחות.

— אַ, מיין מאַן און טאָכטער ווערען פאַרברענט! העלפט! ראַטעוועט!

— פאַטער! מרמה! — האָט בריעה געיאָמערט און גענומען לויפען אין די פלאַמען.

לחמי איז צוגעלאָפען און איהר צוריקגעהאַלטען.

— דו קענסט זיי גאָרנישט העלפען! איך וועל דיך נישט לאָזען איינשטעלען דיין לעבען אין געפאַהר.

— אַ, לאָז מיך אָפּ! מיין פאַטער! מיין שוועסטער! — האָט בריעה זיך געריסען — זיי ווערען פאַרברענט! אַ, פאַטער! מרמה!

דער רויך און די פלאַמען האָבען געזעצט פון אַלע פיער זייטען פון דישון'ס הויז... א פאַרצווייפעלטער, פאַרביטערטער יאָמער און געשריי האָט זיך דערטראָגען פון דאָרט און זיך צונויפגעמישט מיט די געשרייען פון די ווילד־געוואָרענע, נקמה־דורשטיגע פּלשתים... דאָס פייער האָט געפלאַקערט, פונקען האָבען געשפּריצט... דער רויך האָט געזעצט... א קראַך האָט זיך געהערט... דער

דאך האָט זיך געשפּאָלטען... אַט פאַלט ער איין... אַ פאַרשטיקטער געשריי וואָס ווערט אַלץ שוואַכער און שוואַכער... עס פלאַקערט און טרעסקטשעט... אַ וואַנט איז איינגעפאַלען... באַלד אַ צווייטע... דאָס פייער ווערט גרעסער... דאָס גאַנצע הויז ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַ פייערדיגען באַרג... דער רויך ווערט געדיכטער... די פּלשתים רוקען זיך אָפּ אויף עטליכע טריט צוריק... דער טומעל זיינע געשרייען ווערען איינגעשטילט... בלויז די האַרצרייסענדע יאָמערען און געוויינען פון די אומגליקליכע צוויי פרויען וועלכע זיינען געווען הילפלאָז געגען דעם בלוט־דורשטיגען צוויישעטען המון...

די נקמה איז דורכגעפיהרט געוואָרען. דישון און זיין טאָכטער מרמה זיינען פאַרברענט געוואָרען צוזאַמען מיט זייער הויז.

לחמי איז געשטאַנען נעבען בריעה׳ן און איהר מוטער און זיי אונטער־געהאַלטען זיי זאָלען ניט אומפאַלען.

איינגע פרויען זיינען צוגעקומען און אויסגעדריקט זייער בעדויערען און אָנגעבאָטען זייער הילף... פון ווייטען האָט זיך בעוויזען ברטור.

— וואו ביזטו געווען? ! — האָט לחמי צו איהם אויסגעשריען, — דו האָסט פיעלייכט זיי געקענט ראַטעווען.

— ווען איך וואָלט דאָ געווען אין דער צייט ווען זיי זיינען געווען אַזוי אויפגערייצט און אויפגערעגט, וואָלט איך נאָך ערגער געמאַכט, — האָט ברטור קאַלט געענטפערט, — זיי וואָלטען מיך אויך צום טויט דערשלאָגען.

— אָבער ווייסטו דען נישט אַז דיין פרוי און דישון זיינען פאַרברענט גע־וואָרען? ! — האָט איהם לחמי אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— איך ווייס... אָבער איך האָב איהר נישט געקענט העלפען... איך בין געווען געצוואונגען איבערצוואַרטען ביז וואַנען זייער צאָרן וועט איינגעשטילט ווערען.

— וואָס וועט יעצט געשעהן מיט זיי? — האָט לחמי זיך אָפּגערופען, — וואוהין וועלען זיי געהן?

— בריעה וועט געהן מיט דיר און ביז וואַנען דו וועסט מיט איהר חתונה האָבען וועט זיך איהר מוטער קענען געפינען ביי מיר.

— אויב דו וועסט אַכטונג געבען אויף זיי, וועל איך צוקומען מיט מיין וואָגען און זיי ביידען אוועקפיהרען צו מיין פאָטער׳ס הויז, — האָט לחמי גע־זאָגט.

— לאָמיר זיי צופיהרען ביז יענעם שטיין, דאָרטען וועלען זיי זיך צוזעצען און מיך וועלען וואַרטען אויף דיין קומען, — האָט ברטור צוגע־זאָלטען בריעה׳ן און לחמי איהר מוטער, — און זיי זעהר פאָרזיכטיג צוגעפיהרט צו דעם שטיין.

ביידע פרויען זיינען געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט פון דער שרעקליכער און גרוילהאַפטער איבערלעבונג, אַז זיי זיינען געווען ווי בעוואוסטלאָז... זיי האָבען גאָרנישט געוואוסט וואָס מיט זיי קומט פאָר.

דער רויך האָט נאָך אַלץ געזעצט... די פלאַמען זיינען קלענער געוואָרען... דער המון איז זיך צוגאַנגען... ברטור האָט ערגעץ געקראָגען וואַסער און ער האָט זיי געגעבען צו טרינקען.

די אומגליקליכע מוטער און איהר טאָכטער זיינען געזעסען איינגענורעט איינע צו דער צווייטער און האָבען ביטערליך געיאָמערט.

— דער צאָרן פון דגון, אונזער גאָט, האָט זיך אויף אונז אויסגעגאָסען! — האָט די מוטער געכליפּעט — מיר האָבען קיינמאָל נישט געטאָרט דערלאָזען אז איינער פון ישראל זאָל הייראַטען מיט אונזער טאָכטער.

— נישט צוליעב דעם בעשטראָפט אונז דגון! — האָט בריעה געווישט איהרע אויגען, — נאָר צוליעב דעם וואָס מיר האָבען שמשון'ען אזוי בעליידיגט. מען האָט פון איהם זיין פרוי אוועקגענומען און זי איבערגעגעבען צו זיינעם א שונא... אָ, מוטער, זעהסטו דען נישט ווי ברטור איז פארדאָרבען... ער האָט אפילו קיין פארזוך נישט געמאכט צו ראטעווען זיין פרוי פון די הענד פון דעם אויפגערעגטען המון!

ברטור, וועלכער איז געשטאַנען נישט ווייט פון זיי, האָט דערהערט אז בריעה בעשולדיגט איהם, ער איז גלייך צוגעקומען נאָהענט און זיך אָפּגערופען:

— צו מיינע אויערען האָבען דערגרייכט די רייד פון בריעה'ן, וועלכע בעשולדיגט מיך אין דעם טויט פון מיין פרוי, און איך וויל איינמאָל פאר אלע מאָל קלאָר מאכען, אז איך האָב געטהאָן וואָס איך האָב געקענט זי צו ראטעווען. ווען דער המון איז צוגעקומען צו מיין הויז, האָב איך זי גלייך אוועקגעשיקט צו איהר פאטער'ס הויז. איך האָב גערעכענט אז איהר פאטער וועט זי בעשיצען.

— און דו האָסט זיך דערווייל אויסבעהאלטען?! — האָט בריעה מיט ענטריסטונג געזאָגט, — דו האָסט איבערגעווארט ביז וואנען אלעס וועט זיך איינשטילען און ערשט דאן ביזטו אָנגעקומען אהער זעהן דיין פרוי! ווארט, דאָס וועט דיר נאָך נישט געשאָנקען ווערען.

— אָבער וואָס האָב איך געקענט טהאָן? זיי האָבען זיך צו מיר נישט געוואָלט צוהערען, און ווען איך וואָלט געמאכט א פארזוך זי צו בעשיצען, וואָלט איך אויך מיין לעבען פארלאָרען.

— שמשון וואָלט אויך אזוי געהאנדעלט?! — האָט בריעה מיט פארביטערונג געזאָגט, — ער וואָלט זיך אויך אויסבעהאלטען אין דער צייט ווען אזא געפאהר וואָלט געדראָהט זיין פרוי?...

— אָבער ווי אזוי קען איך זיך פארגלייכען צו שמשון'ען? בין איך דען אימשטאנד זיך געגענצושטעלען אזא גרויסען אויפגערעגטען המון? וואָלטען זיי מיך דען אויך נישט פארברענט אז איך וואָלט געמאכט דעם מינדעסטען פארזוך זי צו ראטעווען?

— שמשון וועט זיך נוקם זיין פאר דעם בלוט פון מיין פאטער און שוועסטער! און דיר וועט ער אויך נישט שענקען! — איז בריעה ווידער געוואָרען היסטעריש.

— בערוהיג זיך, בריעה! — האָט ברטור זיך אָפּגערופען, — דיין מוטער אליין וועט צוגעבען אז אונטער די אומשטענדען האָב איך גאָרנישט געקענט אויפטהאָן...

די מוטער איז געזעסען פערטרויערט. איהר קאָפּ האָט זי געהאלטען ארונטערגעלאָזען... איהרע געדאַנקען זיינען געווען פארנומען מיט איהר גרויסען שרעקליכען אומגליק, און זי האָט ברטור'ס רייד נישט געהערט.

— זאָל דיר דגון בעצאָהלען פאר אלעס וואָס דו האָסט אויף אונז געבראכט! — האָט בריעה ווייטער געשטורעמט — דו ביזט אין גאנצען שולדיג אין דייען אומגליק... ווען דו וואָלסט נישט צוגעשטאַנען צו מיין שוועסטער זי

זאל דיר דעם רעטעניש אויסזאגען, וואלט קיינער נישט געטראפען. שמשון וואלט נישט פארלאזען מרמה'ן און נישט געטויטעט די דרייסיג פלשתים, און מיין פאטער וואלט מרמה'ן נישט אפגעגעבען צו דיר... און יעצט זעה וואס דו האסט צו אונז געטהאן! דעם פאטער האבען זיי פארברענט, מיין שוועסטער פארברענט און דאס גאנצע הויז פארברענט.

— וואלט שוין געווען גרינגער פאר דיר אז זיי וואלטען אויך מיך פארברענט? — האט ברטור איהר געפרעגט.

— דו ביזט דער איינציגער וועלכער האט עס פערדיענט, — האבען בריעה'ס אויגען מיט פייער געשפריצט, — און איך האף אז איך וועל נאך זעהן אויף דיר א נקמה! לחמי איז א פרעמדער, ער האט געהאט גענוג אורזאכען צו זיין אין כעס אויף מיר און אויף מיין משפחה, פון דעסטוועגען האט ער זיין לעבען אין סכנה געשטעלט... און דו! דו האסט געשווארען ליעבע צו מיין שוועסטער, דו האסט איהר אוועקגענומען פון שמשון'ען און זי איבערגעלאזען פארברענט צו ווערען.

— גלויב מיר בריעה, אז מיין הארץ טהוט מיר וועה פאר דיין שוועסטער... איך האב קיינמאל נישט געגלויבט אז דער המון וועט אזוי ווילד ווערען און טהאן אזא זאך! איך וועל זעהר פיעל טרויערען נאך דיין שוועסטער... איך גיב צו אז איך האב זיך בענארישט, איך האב געמיינט אז ווען איך וועל ארויסקומען, וועל איך נאך ערגער מאכען.

בריעה האט אוועקגעדרעהט דעם קאפ און איהם נישט געענטפערט.

— אט קומט אן לחמי מיט זיין וואגען, — האט ברטור אויסגערופען, — דיין מוטער וועט ער צופיהרען צו מיין הויז און דו וועסט געהן מיט לחמי'ן.

— מיין מוטער וועט צו דיר נישט געהן! — האט בריעה מיט צארן אויסגערופען, — זי וועט בעסער בלייבען אין דרויסען איידער געהן צו דיר!

— לחמי איז צוגעקומען מיט זיין וואגען און האט געהאלפען ביידע פרויען ארויפצושטייגען און איבערלאזענדיג ברטור'ן נעבען שטיין, האט ער זיי ביידע אוועקגעפיהרט צו זיין פאטער'ס הויז.

## אכטער קאפיטעל

# שמשון שווייגט נישט...

איינינע טעג זיינען פאראיבער און שמשון איז פארבליבען אין צרעה. די נייעס איז שנעל פארשפרייט געווארען אין שטאדט אז ער האט אויס נקמה צו די פלשתים פארברענט זייערע תבואות נישט אלע זיינען דערפון געוועזן צופריעדען. כאטש יעדער האט געזעהן א נקמה אן די פלשתים וועלכע האבען זיי פיעל צרות אנגעטהאן, און ביי יעדער געלעגענהייט ארויפגעלייגט אויף זיי וואס מעהר צינזען, וואס זיי זיינען געצוואונגען געווען צו בעצאהלען מיט זייערע תבואות.

— יעצט וועלען זיך די פלשתים אפרעכענען מיט אונז אלעמען פאר דעם!

— האט אימיצער א זאג געטהאן, ווען מען איז געשטאנען אין א גרופע און גערעדט דערפון.

— זיי וועלען נישט וואגען זיך אנצופאנגען מיט אונז! זיי וועלען ציטערען פאר שמשון'ען.

— וואס וועלען מיר טהאן אז די פלשתים וועלען זיך פעראייניגען און געהן מלחמה האלטען מיט אונז, וועט דען שמשון קענען קעמפפען געגען זיי ?

— אזוי לאנג ווי שמשון איז מיט אונז, האבען מיר נישט וואס מורא צו האבען! — האט זיך אפגערופען קרני, ווען צו זיינע אויערען האט זיך דער־טראגען דאס געשפרעך, — איך בין מיט איהם געווען און ער האט מיך אוועק־געשיקט, ווייל ער האט נישט געוואלט אז די פלשתים זאלען אימיצען אנדערש בעשולדיגען אויסער איהם... יא, ער האט גענומען די גאנצע פאראנטווארטליכ־קייט אויף זיך.

---

ווען צללפונית און מנוח האבען זיך דערוואוסט אז מרמה איז אפגעגעבען געווארען צו ברטור׳ן פאר א פרוי זיינען זיי ביי זיך אין הארצען געווען זעהר צו־פריעדען, כאטש זיי האבען צוגעזעהן דעם טרויער וואס איהם האט ארומגענו־מען... זיי האבען אויף איהם באמערקט אן אומרוהיגקייט, און כאטש ער האט גארנישט גערעדט מיט זיי וועגען דעם, האבען זיי פארשטאנען אז זיין ליעבע צו דער פלשתית איז נאך נישט אפגעקיהלט געווארען.

יענעם טאג ווען שמשון איז אוועק מיט קרני׳ן, האבען זיי נישט געקענט פארשטעהן צוליעב וועלכען צוועק ער איז אוועק.

ווען קרני האט זיך אומגעקעהרט און זיי געזאגט, אז שמשון וועט צוריק־קומען אין אבענד, האבען זיי איהם גענומען אויספרעגען וואוהין שמשון איז געגאנגען.

קרני האט זיך אבער אויסגעדרעהט פון צו געבען א קלארען ענטפער.

— איך גלויב, אז יעצט איז ווידער דא א גוטע געלעגענהייט צוזאמענצו־ברייגגען שמשון׳ען מיט תרצה׳ן, — האט צללפונית זיך אפגערופען צו מנוח׳ן, נאכדעם ווי קרני איז אוועק, — שמשון האט זיך געוויס ארומגעזעהן אז די טעכטער פון די פלשתים זיינען נישט גוט...

— איך האף אז ער וועט שוין מעהר נישט געהן נאך תמנה! — האט מנוח זיך אפגערופען.

— וויבאלד אז מרמה איז אפגעגעבען געווארען פאר א פרוי צו א צווייטען, טא צו וועמען וועט ער קומען... דו ווייסט דאך אז די אינגערע טאכטער פון דישון׳ען האט ער נישט ליעב, דאריבער גלויב איך, אז ווען תרצה וואלט געווען אין אונזער הויז, אין דער צייט ווען שמשון קעהרט זיך אום, וואלט זיין אומע־טיגקייט פארשוואונדען. ער וואלט זיך דאן ארומגעזעהן אז עס לוינט זיך פאר איהם נישט צו נעהמען צום הארצען.

— דו ווייסט דאך אבער, צללפונית, אז נישט אלע מאל וויל שמשון לײדען ווען עו פארדעכטיגט אז מיר זיינען עפעס אויסען מיט דעם וואס תרצה געפינט זיך אין אונזער הויז.

— דאס איז געווען דאן, ווען ער איז נאך געווען פארליעבט אין מרמה׳ן, יעצט אבער בין איך זיכער אז ער וועט נאך זיין צופריעדען זיך צו געפינען אין תרצה׳ס געזעלשאפט... און עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט אז ער וועט זיך לאזען איבעררײדען און נעהמען תרצה׳ן פאר זיין ווייב.

— וואס פאר אן אויסרייד וועסט געפינען פאר תרצה׳ן דו זאלסט איהר

קענען פלוצים איינלאדען ? דו ווייסט דאך, אז עס איז שוין פאראיבער א שטיק צייט און זי איז אין אונזער הויז נישט געווען.

— איך וועל איהר זאגען אז איך מאך א שטיקעל מאלצייט צוליעב דעם וואס שמשון איז באפרייט געווארען פון דער פלשתית... איך בין זיכער, אז זי וועט מיט גרויס צופרידענהייט אננעהמען די איינלאדונג.

— ניין, איך וואלט דיך געראטהען דערוייל גארנישט צו טהאן, — האט מנוח געזאגט, — איך פארדעכטיג אז מיט זיין היינטיגען אוועקגעהן פון הויז, איז ער עפעס אויסגעווען... און כל זמן מיר געפינען נישט אויס פון איהם וואס ער דענקט צו טהאן, דארפען מיר נישט ברייגגען תרצה'ן אין א פארלעגענהייט. מיין עצה איז דאריבער, אז מיר וועלען ווארטען ביז מארגען. ווען ער וועט זיך היינט אין אבענד צוריקקעהרען, וועל איך מיט איהם זיך דורכריידען און זעהן וואו עס האלט, און אויב ער האט ווירקליך ארויסגעשלאגען מרמה'ן פון זיינע געדאנקען, וועט דאן זיין די צייט צו ריידען מיט איהם וועגען תרצה'ן אדער וועגען אן אנדער מיידעל פון אונזער שטאדט...

— קיין בעסערע און שעהנערע ווי תרצה, גלויב איך, איז אין גאנץ צרעה נישטא... און ווען נישט די פלשתית וואלט איהם זיין קאפ נישט פארדרעהט, וואלט ער זיכער חתונה געהאט מיט תרצה'ן. אבער אויב דו ווילסט איך זאל אפווארטען ביז מארגען וועל איך דאס אזוי טהאן.

ווען שמשון האט זיך צוריקגעקעהרט פון פארברענען די תבואות פון די פלשתים, איז שוין געווען אבענד. ער האט אויסגעקוקט צו זיין זעהר מיעד.

צללפונית האט איהם געגומען פרעגען וואו ער איז געווען און פארוואס ער איז אזוי מיעד.

— איך בין געווען ארום די פעלדער פון די פלשתים, — האט שמשון קורץ געענטפערט.

צללפונית האט געזעהן אז ער איז יעצט נישט ריידעוודיג, און האט איהם נישט בעלעסטיגט מיט איהרע פראגען.

מנוח האט איהם אויך קיין פראגען ניט געשטעלט. זיי זיינען געגאנגען עסען און זיינען געזעסען ביים טיש שווייגענדיגע.

ווען שמשון האט זיך געלעגט שלאפען, האט צללפונית זיך אפגערופען צו מניח'ן:

— יעצט זעה איך אז דו ביזט געווען גערעכט מיט דעם וואס דו האסט מיר געראטהען נישט איינצולאדען תרצה'ן פאר היינט אין אבענד. ווי איך זעה, איז שמשון יעצט אין זעהר א שלעכטע שטימונג... און עפעס זאגט מיר מיין הארץ אז ער האט ווידער געהאט א צוזאמענשטויס מיט די פלשתים.

אויף מארגען האבען שוין אלע אין צרעה געוואוסט וואס שמשון האט גע־טהאן צו די פלשתים פעלדער, און ווען די נייעס האט אויך דערגרייכט שמשון'ס עלטערען, האבען זיי איהם שוין געגומען אויספרעגען מעהר איינצעלהייטען.

— די פלשתים וועלען זוכען זיך נוקם צו זיין אן דיר! — האט צללפונית געזאגט מיט אומרוהיגקייט אין איהר שטימע.

— איך האב פאר זיי קיין מורא נישט, — האט שמשון איהר געענטפערט.
— זאלען זיי נאר מאכען א פארזוך מיט מיר זיך אנצופאנגען, און זיי וועלען אלע האבען א ביטערען סוף...

— פון דעסטוועגן וואָלט איך דיר געבעטן דו זאָלסט אויף עטליכע טעג נישט ארויס פון שטאָדט, — האָט מנוח זיך צו איהם אפּגערופען, — דו ביזט אויסגעמאַטערט און די פלשתים זיינען אויפגערייצט, און ווער ווייס וואָס עס קען פּאַסירען.

— איצט אַז איך האָב נקמה גענומען אַן די פלשתים פון תמנה האָב איך שוין מעהר נישט וואָס צו געהן אהין, סיידען ווען עפּעס אויסערגעוועהנליכעס זאָל פּאַסירען. און אויב זיי וועלען זוכען מיט מיר צו קעמפּפען בין איך גרייט צו יעדער צייט.

— געלויבט איז גאָט וואָס ער האָט דיר געבענשט מיט כח און גבורה, און דו וואַרפסט אַן א מורא און א פּחד אויף אונזערע אונטערדריקער... עס איז שוין לאַנג אַז די פלשתים זיינען נישט געקומען אונז בעלעסטיגען, — האָט צללפּונית זיך אפּגערופען.

— די עלטסטע אין שטאָדט האָבען זיך מיט מיר דורכגערעדט מיט עטליכע טעג צוריק — האָט מנוח געזאָגט, — און זיי האָבען אויסגעדריקט זייער פּער־וואונדערונג פאַר וואָס דו גרייטסט נישט צו קיין אַרמעע פון אונזער שבט און פון די שבטים יהודה, בנימין און שמעון... דו וואָלסט געוואָרען זייער פיהרער און דאַן וואָלטען די פלשתים אַלעמען אויפגעהערט צו דריקען.

— איך בין נישט קיין פיהרער! — האָט שמשון געזאָגט, — און איך קען זיך נישט אונטערנעהמען אַזאַ זאַך. אָבער זאָלען זיך נאָר די פלשתים אָנ־פאַנגען מיט ישראל און איך וועל זיי ווייזען די מאַכט פון מיינע פויסטען.

— אָבער דאָך ווייס איך נישט אויב דו האָסט ריכטיג געהאַנדעלט, שמשון, נאָך אַלעמען האָט דאָך בלויז דישון בעגאַנגען געגען דיר אַן אומרעכט, טאַ וואָס האָסטו געהאָט צו די איבריגע פלשתים פון תמנה, פאַר וואָס האָסטו פאַרברענט זייער תבואה?

— צו מיין חתונה זיינען געקומען דרייסיג פון די אָנגעזעהענסטע איינ־וואוינער פון תמנה און זיי האָבען געצוואונגען מרמה'ן זי זאָל פון מיר ארויס־קריגען די בעדייטונג פון דעם רעטעניש... דיזע פלשתים האָבען פון מיר באַקו־מען די דרייסיג בגדים, און איך האָב זיך דאָס אַן זיי נוקם געווען, ווייל די פעלדער ארום תמנה בעלאַנגען צו זיי.

— וואָס וועלען מיר אָבער טהאָן ווען די פלשתים וועלען זוכען ארויפצו־לייגען אויף אונז א שטראָף מיר זאָלען זיי אָפּצאָהלען פאַר די תבואה, ווער דאָך דאַן אויסקומען אַז נישט די פלשתים האָבען געליטען, נאָר דיינע אייגענע ברי־דער! — האָט מנוח זיך אָפּגערופען.

— אויף דעם וואַרט איך! — האָט שמשון געענטפערט, — זאָלען זיי וואַגען זיך אָנצופאַנגען מיט אונז, ערשט דאַן וועל איך זיך אַן זיי נוקם זיין.

— איך מוז דיר זאָגען, שמשון, — האָט צללפּונית געזאָגט, — אַז דיר דאַרף גאָר נישט פאַרדריסען וואָס עס האָט אַזוי פּאַסירט. מסתמא איז נישט באַשערט אַז דו זאָלסט האָבען א פלשתית פאַר א ווייב... איך האָף אַז יעצט וועסטו זיך ארומזעהן אַז צווישען די אידישע טעכטער זיינען פאַראַן שעהנערע און קליגערע ווי ביי די פלשתים.

שמשון האָט געשוויגען. ער האָט פאַרשטאַנען וואָס זיין מוטער ציעלט מיט איהרע רייד... ער האָט געוואוסט אַז אין אמת'ן איז זיין מוטער גערעכט...

אבער וואס זאל ער טהאן... איהם ציהט נישט זיין הארץ צו תרצה'ן... ער פיהלט א טיעפע בענקעניש נאך מרמה'ן... און ווען ער גיט בלויז א טראכט פון איהר, גיט איהם א דריק ביים הארצען... ער פיהלט אז אהן מרמה'ן וועט זיין לעבען זיין פוסט און צוועקלאז... ווי אזוי האט ער געקענט טהאן צו איהר אזא זאך... וואס איז אז זי האט שוין דערצעהלט דעם רעטעניש צו די מענשען פון איהר פאלק... זי האט דאמיט דאך נישט געמיינט איהם צו פערראטהען. בפרט אז ער איז זיכער אז זיי האבען איהר דערצו געצוואונגען... יא, ברטור איז אין דעם אין גאנצען שולדיג... ער האט עס אלעס געפלאנעוועט און יעצט באלאנגט זי צו איהם... ניין, ער וועט נישט דערלאזען אז ברטור זאל זי בעזיצען... ער וועט גאר אין גיכען נאך אמאל בעזוכען תמנה און דאן וועט ער מיט געוואלד אוועקנעהמען מרמה'ן פון ברטור'ן... ער וועט האבען א פולעם רעכט דערצו... זי איז דאך געוועזען זיין ווייב... ער האט פאר איהר דישון'ען א גרויסען מוהר געגעבען.

אין א פאר טעג ארום איז תרצה געקומען אין מנוח'ס הויז.

— דו ביזט ווילקאמען, תרצה! — האט איהר צללפונית מיט גרויס פרייד עמפפאנגען, — עס איז שוין א לאנגע צייט אז דו ביזט נישט געוועזען אין אונזער הויז.

שמשון האט איהר אויך גאנץ פריינדליך באגריסט. ער האט זי בעטראכט... ער האט באמערקט א טרויעריגען בליק אין איהרע אויגען, און זיין הארץ איז אנגעפילט געווארען מיט רחמנות אויף איהר... ווען ער זאל נאר איהר קענען ליעב האבען... ער ווייסט אליין נישט וואס דאס איז... אבער ער האט נישט קיין געפיהל פון ליעבע צו איהר... ווי נאר ער גיט אויף איהר א קוק, אזוי קומט איהם ארויף אויף זיינע געדאנקען מרמה, די פלשתית, און דאן ווערט זיין גאנצעס וועזען דורכגעדרונגען מיט איהר... ער זעהט איהרע פלאמענדע אויגען... ער פיהלט איהרע ברענענדע קושען... איהר לאסטשען און טוליען זיך צו איהם זיינען געוועזען אזוי אנגענעהם... אזוי זיס.

שמשון ווערט ווידער אומרוהיג... איהם פארדריסט שוין וואס ער איז אוועק דאן פון תמנה מיט ליידיגען... ער האט בעדארפט זי אוועקנעהמען פון ברטור'ן.

— איך האב זיך נאר וואס דערוואוסט וואס דו האסט געטהאן צו די תבואות פון די פלשתים! — האט תרצה זיך צו איהם אפגערופען, — און איך האב זיך געאיילט דיר צו באגריסען... די פלשתים האבען פארדיענט אזא שטראף ווייל פאר פיעלע יאהרען האבען זיי אונז געדריקט און ארויסגעצויגען פון אונז אזוי פיעל תבואה ווי מעגליך, זאלען זיי יעצט אויך פיהלען דעם טעם פון הונגער. יעצט וועלען זיי וויסען אז זיי טארען זיך מיט אונז נישט אנפאנגען.

— זעה נאר ווער עס קומט! — האט צללפונית אויסגערופען, ווען זי האט ארויסגעקוקט דורכ'ן פענסטער.

שמשון האט זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאץ און האט שנעל א קוק געטהאן דורכ'ן פענסטער, און ער האט דערזעהן בריעה'ן אנקומענדיג... כאטש איהר פנים איז געוועזען פארדעקט מיט א שווארצען שלייער, האט ער איהר גלייך דערקענט און געוואלט ארויסגעהן איהר אנטקעגען.

— שמשון! — האט די מוטער זיך צו איהם אפגערופען, און א וואונק געטהאן, — זי קומט דאך אהער!

שמשון האָט פאַרשטאַנען אַז עס וועט נישט פּאַסן ער זאָל איבערלאָזן תרצה'ן און גײן בריעה'ן אַנטקעגנען.

אַ פרייד האָט זיך צוגאָסן איבער זיין קערפּער, ווען ער האָט בריעה'ן ביים טהיר דערזעהן... כאָטש ער ווייס אַז בריעה איז נישט געקומען ריידען גוטעס אויף איהר שוועסטער, דאָך איז ער געווען צופריעדען... ער וועט באַלד הערען אַ גרוס פון מרמה'ן... ער וועט איהר אויספרעגען פיעלע זאַכען וועגען איהר און זי וועט איהם זיכער אַלעס דערצעהלען.

— פריעדען אין מיין הויז, בריעה! — האָט שמשון אויסגערופען און געבעטען בריעה'ן זיך צו זעצען.

בריעה איז געבליבען שטעהן אַ ווײלע און איידער שמשון האָט באַוויזען איהר צוצוטראָגען אַ בענקעל, האָט זי זיך פּלוצים היסטעריש פאַנאַנדערגעוויינט.

— וואָס איז געשעהן? — האָט שמשון איהר געפרעגט.

צללפונית איז אויך צו איהר צוגעקומען. זי האָט איהר געוואָלט בערוהי־גען, אָבער בריעה האָט נישט אויפגעהערט צו וויינען.

תרצה האָט געמיינט אַז בריעה האָט זיך פאַנאַנדערגעכליפּעט, ווייל זי האָט איהר דאָ געטראָפען אַזוי ווי דעם ערשטען מאָל... ווער ווייס, אפשר האָט זי איהם ליעב און יעצט אַז זי האָט איהר דאָ געטראָפען...

— איך איַיל זיך צו גײן! — האָט תרצה זיך אויפגעהויבען און געמאַכט אַ פאַרזוך אַוועקצוגעהן.

— ניין, תרצה, דו מוזט דאָ נאָך אַ ווײלע פאַרבלייבען, — האָט צללפונית איהר פאַרשטעלט דעם וועג.

צללפונית האָט אויך געוואוסט אַז בריעה האָט שוין פון לאַנג געוואָרפען אַן אויג אויף שמשון'ן, און יעצט אַז שמשון איז פריי פון איהר שוועסטער, קומט זי דאָס צו איהם... זי האָט דאריבער זעהר געוואָלט אַז תרצה זאָל דאָ פאַרבלייבען כדי דורך איהר צוצושטערען בריעה'ס פּלאַן.

תרצה האָט זיך צוריקגעזעצט אויף איהר פּלאַץ.

אַ קליינע ווײלע האָט בריעה נאָך געוויינט, און ווען זי האָט זיך עטוואָס בעהערשט, האָט שמשון איהר ווייטער גענומען פרעגען:

— וואָס האָט פּאַסירט, בריעה, פאַר וואָס האָסטו זיך אַזוי פאַנאַנדערגע־וויינט?

— אָה, שמשון, אַן אומגליק האָט פּאַסירט! — האָט בריעה קוים אַרויס־גערעדט און זיך ווייטער פאַנאַנדערגעוויינט.

— ווער האָט דיר שלעכטעס געטהאָן?!

— די פּלשתים האָבען פאַרברענט אויף טויט מיין פאָטער און שוועסטער! — האָט בריעה אויסגערופען.

— זיי האָבען פאַרברענט מרמה'ן? — האָט שמשון געפרעגט, און זיין פּנים האָט געפלאַמט.

— יאָ, זיי האָבען איהר פאַרברענט! זיי האָבען פאַרברענט מרמה'ן, מיין פאָטער און דאָס הויז.

— פאַרוואָס?! . . .

— זיי האָבען נקמה גענומען אַן מיין פאָטער און מיין שוועסטער פאַר דעם וואָס דו האָסט זייער תבואה פאַרברענט.

— וואָס האָבען זיי געהאַט צו מרמה'ן?

— זיי האָבען געזאָגט ווייל צוליעב איהר און צוליעב מיין פאַטער איז אויף זיי געקומען אַט דיזע צרה...

— און וואו איז ברטור געווען? האָט ער זי דען נישט געקענט בעשיצען.

— אַ, דער פייגלינג, ער האָט דעם המון געלאָזען זי בעפאַלען און אליין האָט ער זיך בעהאַלטען! — האָט בריעה אויסגערופען און זיך ווידער פאַנאַנדערגעוויינט.

שמשון'ס צאָרן האָט אין איהם געברענט. ער איז ארומגעגאַנגען איבער'ן צימער הין און צוריק און געדריקט מיט זיינע פויסטען פון כעס.

— זיי האָבען פאַרברענט מרמה'ן! — האָט ער ווי צו זיך גערעדט... זיי האָבען איהר געטויטעט!

בריעה האָט פאַרשטעלט איהר פנים מיט איהרע הענט און האָט ביטער געוויינט:

— מיין אָרימער פאַטער! מיין אומגליקליכע שוועסטער! זייערע הארצרייסענדע, יאָמערנדע געשרייען און געוויינען קלינגען נאָך יעצט אין מיינע אויערען. זייערע טויט בלאַס געוואָרענע פנים'ער און די פאַרצווייפעלטע בליקען פון זייערע צעשראָקענע אויגען שטעהען נאָך יעצט פאַר מיינע אויגען... די פלאַמען האָבען ארומגענומען דאָס הויז... און זיי האָבען געשריען, געבעטען, מען זאָל זיי ראַטעווען... אָבער דער אויפגערייצטער, צווישעטער המון, האָט געשאַלט פון שמחה... זייערע פאַרשטיקטע, יאָמערנדע קולות, האָבען, קיינעם ניט געריהרט... זיי האָבען צוגעזעהן דורך דעם געדיכטען רויך, ווי די צוויי אומגליקליכע, מיין פאַטער און מיין שוועסטער ראַנגלען זיך מיט'ן טויט.... זיי אָבער האָבען מיר ניט דערלאָזען, איך זאָל זיי געהן ראַטעווען...

— און ברטור האָט אפילו קיין פאַרזוך ניט געמאַכט צו ראַטעווען זיין פרוי? — האָט שמשון איהר געפרעגט.

ניין! זיי זיינען פריהער געקומען צו איהם און געפאָדערט, ער זאָל מרמה'י ארויסגעבען. האָט ער זי אַוועקגעשיקט צום פאַטער אין הויז און אליין איז ער ארויס אַנצוזאָגען דעם אויפגערעגטען המון, אז מרמה געפינט זיך ביי איהר פאַטער אין הויז... און ווען זיי האָבען זיך אַוועקגעלאָזען צו מיין פאַטער'ס הויז, האָט זיך ברטור אויסבאהאַלטען אין זיין הויז...

— אזא האנדלונג איז געווען צו ערוואַרטען פון אזא פייגלינג ווי ברטור איז! — האָט שמשון אויסגערופען — אָבער דאָס וועט קיינעם פון זיי ניט געשאַנקען ווערען... איך וועל נקמה נעהמען פון זיי אויף דערפאַר, און דאַן וועל איך אויפהערען.

— דאָס בלוט פון מיין פאַטער און שוועסטער זאָל פאַלען אויף זייערע קעפ! — האָט בריעה געזאָגט ניט אויפהערענדיג צו כליפּען.

— איך וועל גלייך געהן מיט דיר נאָך תמנה! — האָט שמשון זיך אָפּגערופען — און איך וועל זיך אָפּרעכענען מיט די מערדער פון מיין ווייב!

— אַ, שמשון, איך בעט דיר! — האָט זיך צללפונית ארייגעמישט — געה ניט יעצט אהין! וואַרט צו עטליכע טעג... זאָלען זיך זייערע געמיטער איינשטילען. ניין, געה ניט.

— אָ, איך מוז געהן! איך מוז נקמה נעהמען פאר מרמה׳ס בלוט! — האָט שמשון געדריקט זיין פויסט.

צללפונית האָט א וואונק געטהאָן צו תרצה׳ן, וועלכע איז די גאנצע צייט געשטאַנען א פארגאפטע און מיט צושראָקענע אויגען צוגעזעהן די ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין שמשון׳ס פּנים.

— שמשון! — האָט תרצה זיך אָפּגערופען, נאָכדעם ווי זי האָט באמערקט דעם וואונק פון צללפונית׳ן — איך האָף אז דו וועסט מיר אנטשולדיגען, אָבער איך גלויב אז דיין מוטער איז גערעכט... ווען דו וועסט יעצט געהן מיט בדיעה׳ן זיך נוקם צו זיין אָן די פּלשתים, וועלען זיי פארשטעהן אז זי האָט דאָס פאראורזאכט און שפּעטער וועלען זיי אויך צו איהר טהאָן שלעכטס!

— איך בין זיכער, אז די פּלשתים וועלען אויסלאָזען זייער צאָרן אויף בריעה׳ן! — האָט מנוח צוגעגעבען. — דו מוזט צוואווארטען עטליכע טעג, דערווייל זאָל בריעה זיך צוריקקעהרען אין תמנה. דאַן וועט קיינער איהר ניט חושד זיין, אז זי איז ביי דיר געוועזן.

— איך וועל אזוי טהאָן! — האָט בריעה אויסגערופען — איך וועל צוריקגעהן צו לחמי׳ן. דאָרטען געפינט זיך אויך מיין מוטער און דו וועסט אָפּווארטען א פּאָר טעג... כדי זיי זאָלען מיינען, אז דו האָסט אויסגעפונען די נייעס דורך אימיצען אנדערש.

— וויים דען אימיצער, אז דו ביזט אוועק צו מיר? — האָט שמשון איהר געפרעגט.

— יע, מיין מוטער און לחמי וויסען דערפון! — האָט בריעה געענטפערט.

— לחמי? — האָט שמשון איהר אָנגעקוקט.

—יע, לחמי! איך וויים, אז איך קען זיך אויף איהם פארלאָזען — האָט בריעה געזאָגט — ער וועט מיך ניט פאררעטען, כאָטש איך האָב איהם די גאנצע צייט ניט גוט באהאנדעלט. ער איז געוועזן דער איינציגער, וועלכער האָט איינגעשטעלט זיין לעבען אין סכנה און געמאכט א פארזוך צו ראטעווען מיין פאָטער און שוועסטער, אָבער די פּלשתים האָבען איהם ניט דערלאָזען... און זינט דאַן האָב איך מיין מיינונג וועגען איהם געביטען... איך האָב איהם ליעב באקומען און מיר וועלען אין גיכען חתונה האָבען.

— אויב אזוי איז טאקי ניטאָ וואָס מורא צו האָבען, לחמי וועט פאר קיינעם ניט דערצעהלען, אז דו ביזט געוועזן איז צרעה — האָט שמשון אויסגערופען — און יעצט קענסטו געהן און איך וועל שוין אין א פּאָר טעג ארום אָנקומען אין תמנה און זיך נוקם זיין אָן די פּלשתים, וועלכע האָבען אזוי געטהאָן צו מיין ווייב.

בריעה האָט זיך פארנייגט און שנעל פארלאָזען דאָס הויז.

ווען תרצה האָט דערהערט, אז בריעה וועט הייראטען מיט לחמי׳ן, איז איהר ארונטער א שווערער שטיין פון הארצען. יעצט, וועט מעגליך איהר טרוים פארווירקליכט ווערען. נאָכמעהר געהויבען האָט זי זיך געפיהלט, ווען זי האָט געזעהן, אז איהרע רייד האָבען אויף שמשון׳ען געווירקט און ער האָט אָנגענומען איהר עצה... דאָס איז ביי איהר געוועזן א גוטער סימן, אז שמשון טראַכט אויך פון איהר.

מנוח און צללפונית האָבען דערפון ויך געדרונגען, אז זייער זוהן האָט

געביטען זיין מיינונג וועגען תרצה׳ן און יעצט אז די געפאהר ער זאל זיך פארליעבען אין מרמה׳ס שוועסטער איז פאראיבער, האבען זיי געהאפט, אז אין גיכען וועט ער זיי דערפרעהען מיט די נייעס, אז ער וועט הייראטען מיט תרצה׳ן.

שמשון האט זיך אוועקגעזעצט פארטיעפט איי זיינע געדאנקען. אויף זיין פנים האט זיך א צער אויסגעגאסען. איז עס מעגליך, אז ער וועט שוין מעהר ניט אנקוקען דעם פנים פון מרמה׳ן, ער וועט שוין קיינמאל ניט פיהלען איהר צארטע האנט? ווי לאנג איז עס געווען אז זי האט זיך צו איהם גע־ניורעט און געלאסטשעט...

תרצה האט זיך אויפגעהויבען פון איהר פלאץ און זיך געלאזען צום טהיר. זי האט קיין איינציגען ווארט מעהר ניט ארויסגערעדט. זי האט מורא געהאט איהם פון זיינע געדאנקען נישט צו שטערען. זי איז געווען זיכער אז שמשון טראכט יעצט וועגען איהר... מעגליך אז ער וועט נאכהער צו איהר הויז קומען...

צללפונית און מנוח זיינען צוזאמען מיט איהר ארוים.

א קליינע ווייל האבען די דריי שפאצירט שווייגענדיג. ווען זיי האבען זיך שוין עטוואס דערווייטערט פון מנוח׳ס הויז, האט זיך צללפונית אפגערופען צו תרצה׳ן:

— דו ווייסט נישט ווי צופרידען איך בין וואס דו ביזט היינט צוגעקומען... מיך פארדריסט זעהר שטארק אויף דעם ביטערען סוף וואס מרמה האט געקראגען פון די הענט פון די פלשתים, כאטש איך ווייס, אז זי איז געווען ניט אין גאנצען אומשולדיג... אבער דאס וואס בריעה איז דא נאר וואס געווען, פארשאפט מיר נאך א גרעסערע פרייד... איך האב זיך אלץ געשראקען אז זי וועבט אויך א נעץ פאר איהם... און דא איז זי ארוים מיט דייטליכע רייד אז זי געהט הייראטען מיט להמי׳ן...

— יעצט דארפען מיר וויסען ווי צו האנדלען! — האט מנוח זיך אפגע־רופען, — און דאן וועט שוין לאנג נישט דויערען און מיר וועלען פייערען אונזער זוהן׳ס חתונה מיט איינער וועלכע איז אויך אונז צום הארצען.

א באשיידענע רויטקייט האט באדעקט תרצה׳ס פנים. זי האט געווארפען איהרע דאנקבארע בליקען אויף מנוח׳ן און צללפונית׳ן און געשוויגען.

— אט זיינען מיר דאך שוין נישט ווייט פון דיין הויז! — האט צללפונית זיך אפגערופען, — גלויבסטו אז דיינע עלטערען געפינען זיך יעצט אין הויז?

— יא, זיי זיינען געווים דא! — האט תרצה געענטפערט. — וועט איהר מיר פיעלייכט דעם כבוד אנטהאן און מיט מיר אריינגעהן אין אונזער הויז?

— אויב אונזער בעזוך וועט נישט פאלען צו לאסט דיינע עלטערען, וואל־טען מיר יעצט בעדארפט אריינגעהן און זיך דורכריידען! — האט צללפונית געזאגט.

— צו לאסט?! — האט תרצה געפרעגט מיט פערוואונדערונג, — דאס וועט זיי דאך פיעל גליק פארשאפען.

אביעזר און זיין פרוי האבען אויפגענומען צללפונית׳ן און מנוח׳ן מיט גרויס פרייד.

זיי האבען גלייך אנגעהויבען צו ריידען וועגען שמשון׳ס נקמה אן די פלשתים.

— ווייסט איהר וואָס עס האָט פּאַסירט יעצט? — האָט צללפּונית אויס־גערופען, — די פּלשתים האָבען דאָך פאַרברענט מרמה׳ן און איהר פאָטער.

— ווען? ווי אזוי? — האָט אביעזר געפרעגט.

מנוח האָט איהם אלעס דערצעהלט און צללפּונית האָט צוגעגעבען:

— יעצט גלויב איך אז שמשון וועט זיך שוין מעהר קיינמאָל נישט אומ־קוקען אויף די פּלשתים־מיידלעך... איך בין זיך מודה, אז ווען בריעה איז היינט געקומען אין מיין הויז האָט מיר מיין האַרץ געשראָקען, טאָמער וועט זי איהם קריגען אזוי ווי איהר שוועסטער האָט עס געטהאָן... כאָטש איך האָב געוואוסט, אז שמשון האָט זי נישט ליעב... דאָך ווער ווייס וואָס פאַר א צוציהונגס קראַפט זיי בעזיצען... אָבער ווען איך האָב געהערט פון איהר מויל אז זי וועט הייראַטען מיט דעם פּלשתי לחמי, האָב איך געפיהלט אז שמשון איז פריי פון זייער איינ־פלוס.

— יעצט האָף איך אז שמשון וועט הייראַטען א טאָכטער פון אונזערע ברי־דער! — האָט מנוח געזאָגט, — און ער וועט זיך באַזעצען אין אונזער שטאָדט און מעהר נישט געהן צו די פּלשתים.

— איך בין אויך זעהר גליקליך צו הערען אז שמשון האָט זיך ארומגעזעהן אז די פּלשתים־מיידלעך זיינען שלעכט און פאַרדאָרבען... יעצט וועט ער בעסער וויסען ווי אָפּצושעצען א טאָכטער פון ישראל! — האָט תרצה׳ס מוטער געזאָגט.

— און מיר זיינען דאָס טאַקע יעצט צו אייך געקומען ריידען! — האָט צללפּונית א שמייכעל געטהאָן.

אביעזר האָט א וואונק געטהאָן צו זיין טאָכטער און זי האָט באַלד פאַר־לאָזען דעם צימער.

— איך האָב אלע מאָל געוואוסט אז מיין זוהן האָט פיעל געטראַכט פון תרצה׳ן... יאָ, נאָך פון דער צייט ווען ער האָט זי געראַטעוועט פון די פּלשתים׳ס הענט... אָבער דאָ האָט דישון׳ס טאָכטער איהם ווי פאַר׳כשוף׳ט, און איך ווייס ניט ווי אזוי דאָס איז געשעהן, און ער האָט זיך אין איהר פאַרליעבט... און וואָס האָבען מיר נישט געטהאָן זי צו פאַר׳מיאוס׳ן אין זיינע אויגען. נישט איינמאָל האָב איך איהם געזאָגט צו מאַכען א פאַרגלייכעניש צווישען מרמה׳ן און תרצה׳ן און זעהן ווער עס איז שעהנער און בעסער, אָבער ער איז געווען ווי א בלינדער... ער האָט פון קיין זאַך נישט געוואָלט הערען... ער האָט זי אזוי שטאַרק געליעבט אז מיר האָבען באַלד איינגעזעהן אז אומזיסט וועט אונזער טרחה זיין און אויב מיר זאָלען זיך אריינמישען וועלען מיר נאָך ערגער מאַכען. דעריבער האָב איך און מנוח בעשלאָסען זיך נישט צו מישען... און זיך פאַרלאָזען אויף גאָט... און ווי עס ווייזט אויס, האָט אונז גאָט געהאָלפען, אז גלייך א וואָך נאָך זיין חתונה האָט ער זיך ארומגעזעהן ווי פאַלש און טריילאָז מרמה איז איהם און ער האָט זי פאַרלאָזען. שפּעטער זיינען מיר ווידער בעזאָרגט געוואָ־רען ווען מיר האָבען אויסגעפונען אז שמשון קלייבט זיך צו געהן נאָך תמנה און זיך איבערבעטען מיט מרמה׳ן. אָבער אויך דאָ האָבען מיר זיך בערוהיגט, ווייל מיר האָבען זיך פון איהם דערוואוסט אז דישון האָט אָפּגעגעבען מרמה׳ן צו א צווייטען. און יעצט אז מרמה איז שוין מעהר נישטאָ און בריעה וועט הייראַטען דעם פּלשתי, וועט שמשון אין גאַנצען פאַרגעסען די פּלשתים מיידלעך.

— איך וואָלט געוואָלט ריידען מיט דיר, — האָט מנוח זיך אָפּגערופען צו אביעזר׳ן, — יעצט איז געקומען די צייט און מיר קענען אָפען ריידען.

— נו, געוויס! — האט צללפונית זיך ארייננעמישט, — שמשון האט גע־געבען א גרויסען מוהר צו דישון'ען און יעצט איז עס אלעס פארפאלען. ער האט אפילו נישט ביי וועמען דאס צוריקצומאהנען.

— איך וויים אז דו דארפסט זיין צופרידען וואס עס האט זיך אזוי אויס־געלאזען! — האט תרצה'ס מוטער זיך אפגערופען, — יעצט איז שמשון פריי.

— יא, וועגען דעם זיינען מיר דאס געקומען, — האט צללפונית געזאגט, — וואס איז דא צו פארלייקענען, תרצה האט זעהר ליעב מיין זוהן און איך האב געטהאן אלעס מעגליכעס צו ווירקען אויף שמשון'ען, ווייל תרצה האט געפונען חן אין אונזערע אויגען... אבער ביז איצט איז ער געווען ווי אין כשוף פון דער פלשתית, יעצט גלויב איך, איז געקומען די צייט, אז מיר קענען אפען ריידען מיט שמשון'ען וועגען תרצה'ן... איך האב אליין באמערקט ווי איהרע רייד האָ־בען אויף איהם געווירקט און ער האט אויסגעפאלגט איהר עצה נישט צו געהן גלייך מיט בריעה'ן נקמה צו נעהמען פון די וועלכע האבען פארברענט מרמה'ן.

— איך וויים אז דיין טאכטער וועט א סך ווירקען אויף שמשון'ען ער זאל צו אפט נישט געהן צו די פלשתים! — האט מנוח זיך אפגערופען צו אביעזר'ן,
— איך וויים נישט פאר וואס דאס איז, אבער עס ציהט איהם אהין.

— דו האסט, ווייזט אויס, שוין פארגעסען די רייד פון דעם מלאך צו מיר איידער שמשון איז געבארען געווארען? — האט צללפונית געזאגט, — האט ער דען נישט געזאגט אז שמשון וועט העלפען ישראל פון די הענט פון די פלשתים?

— ניין! איך האב נישט פארגעסען! — האט מנוח געענטפערט — און דערפאר בין איך נישט בעזארגט ווען עס קומט איהם אויס צו בעשטראפען די פלשתים. אבער פונדעסטוועגען וואלט איך געוואלט, אז אזוי לאנג ווי די פלשתים לאזען אונז צו־רוהה, דאס ער זאל אהין נישט געהן. און איך האף, אז ווען תרצה וועט זיין פרוי ווערען יועט זי אויף איהם ווירקען ער זאל נישט געהן אין פלשתים לאנד צו אפט, בלויז דאן, ווען עס וועט נויטיג זיין.

— אָ, ווי גליקליך מיין טאכטער וועט זיך פיהלען! — האט תרצה'ס מו־טער זיך אפגערופען, — איך וועל איהר ארייגרופען, זאל זי אויך וויסען אז איהר טרוים וועט באלד פארווירקליכט ווערען.

— יא, זעהר שטארק האט מיין טאכטער געליטען! — האט אביעזר זיך אפגערופען, — זינט יענעם טאג ווען שמשון האט זיין אויסערגעוועהנליכע העל־דישקייט באוויזען און תרצה'ן פון איהרע פאנגער באפרייט, האט זי שמשון'ען פון אידרע געדאנקען נישט ארויסגעלאזען. כאטש זי איז געווען עלטער פון איהם, אבער ווען זי האט געזעהן אז מרמה וועלכע איז אויך געווען עלטער פון איהם, האט איהם צוגעצויגען, האט זי שוין מעהר נישט געטראכט פון דעם אונטערשיעד אין די יאהרען.

— יעצט זעה איך ווי גאט פיהרט אונז אין דעם ריכטיגען וועג! — האט זיך צללפונית אפגערופען, — איך בין זיך מודה אז מיין הארץ האט מיר שטארק וועה געטהאן ווען איך האב געזעהן אז מיין שמשון האט חתונה געהאט מיט א טאכטער פון די פלשתים. יעצט, געלויבט איז גאט, איז ער אין גאנצען פריי... איהר שוועסטער בריעה, וועט אויך איגגיכען חתונה האבען און דער כשוף, וואס די הויז פון דישון האט אויסגעאיבט אויף איהם, איז אינגאנצען פארשוואונדען.
— איך האב בעשלאסען ניט צו פערלאנגען קיין מוהר פון שמשון'ען! —

האט אביעזר געזאגט. — עס וועט פאר מיר זיין א גרויסער כבוד זיך מתחתן צו זיין מיט איהם, וועלכער איז דער הויפט שופט פון אונזער שבט.

— זאל זיי גאט געבען זיין ברכה! — האט צללפונית געזאגט, — א גליקליכע פאר וועלען זיי ביידע זיין.

תרצה איז אריינגעקומען מיט איהר מוטער.

— קום אהער, מיין טאכטער! — האט אביעזר געזאגט, — דו מעגסט עס הערען! שמשון׳ס עלטערען האבען דיך זעהר וויכטיגעס צו זאגען.

א רויטקייט האט באדעקט תרצה׳ס פנים. זי איז צוגעגאנגען עטוואס נעהנ־טער און איז געבליבען שטעהן מיט ארונטערגעלאזענע אויגען.

— איך און מנוח האבען שוין אונזער ברכה געגעבען, — האט צללפונית אויסגערופען, — און יעצט קען איך דיר פארזיכערען אז שמשון טראכט אויך זעהר פיעל פון דיר... און איך גלויב אז גאר אין גיכען וועלען מיר פייערען אייער חתונה!

מיט שטדאהלענדע אויגען פון גליק האט תרצה געקוקט אויף צללפונית׳ן. זי איז געווען אזוי גערירט פון איהרע רייד, אז זי האט קיין ווארט נישט געקענט אויסריידען.

צללפונית איז צוגעגאנגען און איהר א קוש געטהאן.

— מיין טאכטער! יא, איך קען דיר שוין אנרופען מיין טאכטער, דו ווייסט דאך, אז דו ביזט ביי מיר פון שטענדיג אן געווען אזוי טהייער ווי אז אייגען קינד... דו האסט דאך אליין געזעהן וואס פאר א ווירקונג דיינע רייד האבען אויף שמשון׳ען געהאט, ער וועט שוין נישט אזוי שנעל געהן אהין, נאך תמנה... דאס אליין איז דער בעסטער בעווייז אז ער האט זיך אין גאנצען געענדערט. ער זעהט שוין אליין דעם גרויסען אונטערשיעד צווישען דיר און די טעכטער פון די פלשתים... איך און מנוח וועלען זיך מיט איהם היינט אין אבענד דורכריידען, און מארגען וועל איך שיקען מיין דינסט צו דיר מיט אן אויסרייד, דאן זאלסטו וויסען אז עס איז שוין מעהר קיין אפהאלט נישטא.

א גליקליכער שמייכעל האט זיך באוויזען אויף תרצה׳ס ליפען. זי האט מיט דאנקבארע בליקען באגלייט מנוח׳ן און צללפונית׳ן וועלכע האבען גענומען פארלאזען דאס הויז.

---

שמשון איז פארבליבען אליין אין הויז און זיין פנים האט אויסגעדריקט אומעט און בענקשאפט... ערשט יעצט האט ער זיך ארומגעזעהן ווי גרויס זיין פארלוסט איז... מרמה איז איהם געשטאנען פאר די אויגען... א גרויסער געפיהל פון רחמנות האט איהם אנגענומען ווען ער האט א טראכט געטהאן פון דעם שרעקליכען טויט וואס זי איז געשטארבען. פאר זיינע אויגען האט גענומען שוועבען מרמה׳ס פנים... ווי זי בעט זיך מען זאל זי ראטעווען... ער האט זיך קיין ארט נישט געפונען... ער איז ארומגעגאנגען איבער׳ן צימער אז אויפגערעג־טער... וואס מעהר ער האט געטראכט דערפון אלץ גרעסער האט זיין צארן אין איהם געברענט... ער וועט זיך אפרעכענען מיט ברטור׳ן און די איבריגע פלשתים וועלכע האבען פאראורזאכט מרמה׳ס טויט.

ער איז שנעל ארויס פון הויז און בלייבענדיג שטעהן א ווייל אין דרויסען, האט ער ביי זיך נישט געקענט בעשליסען אויב ער זאל גלייך אוועקגעהן נאך תמנה.

שמשון איז פריהער אוועק צו זיין פריינד קרני, און איהם אלעס דערצעהלט.

— איך האב שוין מעהר קיין געדולד נישט צו ווארטען! — האט שמשון זיך צו איהם אפגערופען, — איך וויל זיך אפרעכענען מיט זיי... איך וויל נקמה נעהמען פאר דעם פארגאסענעם בלוט פון מיין ווייב, מרמה!

— דו וואלסט דאך נישט געוואלט אז די פלשתים זאלען טהאן צו בריעה'ן דאסזעלבע! — האט קרני איהם געזאגט. — און אויב דו וועסט היינט געהן, וועלען זיי זיך אנשטויסען אז בריעה איז צו דיר געקומען און גע'מסר'ט. דאן וועלען זיי זיך מיט איהר אפרעכענען.

— דאס איז דער איינציגער אפהאלט, — האט שמשון איהם געזאגט, — אבער מארגען אין דער פריה וועל איך אהין געהן. איך וועל אז זיי נקמה נעהמען פאר אלעס. און דו קרני, זאלסט בערוהיגען מיינע עלטערען אויב דו וועסט אויס־געפינען אז איך פארזאם זיך מעהר ווי איין טאג. ווייל איך וועל מיינע עלטערען גארנישט זאגען אז איך געה מארגען נאך תמנה. איך וויים, אז דאס וואלט זיי זעהר בעאומרוהיגט.

— איך בין זיך פאר דיר מודה, שמשון, — האט קרני אויסגערופען, — אז איך אליין בין אויך גאנץ אומרוהיג וועגען דיר... דו באגרייפסט נישט וואס פאר א געפאהר דיר וועט אויסקומען דורכצומאכען. די פלשתים פון תמנה און פון אשקלון זיינען אויפגעבראכט געגען דיר... זיי זוכען און פלאנעווען פון דיר נקמה צו נעהמען, און דא וועסטו פלוצלינג אנקומען צווישען אזוי פיעל שונאים אומבעוואפענט... איך פארשטעה נישט פארוואס דו ווילסט אפילו נישט מיט־נעהמען קיין שווערד.

— געלויבט איז גאט, ער האט מיר געגעבען גענוג כח אין מיינע הענט!

— האט שמשון געזאגט, — מיט א שווערד דארף זיך בלויז דער שוואכער בע־נוצען.

— אויסער דעם, ווייסטו דען נישט אז די פלשתים זיינען זעהר געשיקטע פייל־און־בויגען שיסער, און ווי אזוי וועסטו זיך קענען בעשיצען פון א פייל?

— זייערע פיילען וועלען מיין קערפער נישט דורכדרינגען, — האט שמשון געזאגט, — זיי האבען שוין נישט איין מאל געמאכט א פארזוך אויף מיר פיילען צו שיסען, אבער זיי האבען אויסגעפונען אז קיין פייל קען מיר קיין שאדען נישט טהאן.

שמשון האט זיך אומגעקעהרט אהיים און ער האט שוין דארט געטראפען זיינע עלטערען.

— איך האב אבער געוואוסט אז דו וועסט זיך באלד אומקעהרען! — האט צללפונית מיט א שמייכעל געזאגט. — דיין פאטער איז שוין געווען בע־זארגט. ער האט געמיינט אז דו ביזט שוין אוועקגעגאנגען נאך תמנה... איך האב פארשטאנען אז דו וועסט אזוי גיך נאך תמנה ניט געהן, ווייל תרצה האט דיר אזוי געראטהען. זי איז זעהר א קלוגע, נישט אמת, שמשון?

— יא, עס איז אזוי! — האט שמשון געזוכט צופרידענצושטעלען זיין מוטער, — תרצה איז טאקע קלוג.

— און אויך זעהר שעהן... זעלטען קען מען זעהן א מיידעל מיט אזוי פיעל חן און צויבער... און דו דארפסט נישט פארגעסען, שמשון, אז תרצה האט זיך זעהר פיעל אנגעליטען... פון דעסטוועגען איז פון איהר שעהנקייט נישט געמינערט געווארען...

— איך וויים, און דערפאר טאקע איז נאך מעהר צו בעוואונדערען איהר שעהנקייט, — האט שמשון צוגעגעבען.

— און דו דארפסט דאנקען גאט וואס דו ביזט אין גאנצען באפרייט געווארען פון די פלשתים־מיידעל, — איז צללפונית דרייסטער געווארען, — יעצט וועסטו זיכער נעהמען תרצה'ן... דו וועסט דאך זי גליקליך מאכען... זי האט דיך אזוי ליעב... יעדעס מאל ווען זי דערוויסט זיך אז דו געהסט ערגעץ־וואו, הערט זי נישט אויף מתפלל צו זיין צו גאט, ער זאל דיך בעשיצען און ערפילען אלע דיינע פארלאנגען.

שמשון האט גארנישט געענטפערט. זיינע מחשבות זיינען פול געווען מיט מרמה'ן און דעם שוידערליכען טויט וואס זי האט באגעגענט.

צללפונית האט נישט אויפגעהערט צו ריידען וועגען תרצה'ן, לויבענדיג איהר זעהר פיעל.

מנוח האט פון צייט צו צייט אויך עפעס צוגעגעבען.

שמשון'ען אבער איז עס נישט געלעגען אין זינען.

—מוטער, איך בין זעהר מיעד! — האט ער זיך אפגערופען, — איך וועל זיך יעצט לייגען אפרוהען.

ער איז אריין אין זיין צימער איבערלאזענדיג זיינע עלטערען אליין.

— נו, דו זעהסט שוין ווי ער האט זיך געענדערט! — האט צללפונית זיך אפגערופען צו מנוח'ן, — מיר וועלען שוין יעצט קיינע שוועריגקייטען נישט באגעגענען. מארגען וועל איך שיקען נאך תרצה'ן און מיר וועלען עפענטליך ערקלעהרען פאר אלעמען אז תרצה איז געווארען שמשון'ס כלה.

— כל זמן איך הער נישט אליין פון זיין מויל אז ער האט ליעב תרצה'ן און וויל זי נעהמען פאר זיין ווייב, וועל איך נאך נישט זיין זיכער! — האט מנוח זיך אפגערופען, — לויט דעם אויסדרוק פון זיין פנים קוקט מיר אויס, אז ער איז נישט געווען שטארק באגייסטערט פון דיינע רייד.

— דו האסט דאך געהערט אז ער איז מיעד! — האט זי איהם געענטפערט.

— זא, אליין, קען גאר שמשון יעצט געפינען א שעהנערע און א בעסערע פון תרצה'ן?

— און ווען ער האט זיך פארליעבט אין מרמה'ן איז דאס געווען צוליעב דעם וואס מרמה איז געווען שעהנער און בעסער פון תרצה'ן?... נישט שמשון אליין, און נישט איך און דו, האבען געקענט פארשטעהן פארוואס ער האט אזוי געטהאן... זיין הארץ האט איהם געצויגען צו איהר...

— אבער ער זעהט דאך, אז ער האט זיך באנארישט! — האט צללפונית געזאגט, — יעצט וועט ער שוין וויסען ווי צו ווייכען פון א פלשתים מיידעל.

— איך האף נאר, אז זיין הארץ זאל ציהען צו תרצה'ן, דערווייל דוכט זיך מיר, האט ער קיינע סמנים נישט געוויזען אז ער האט זי ליעב.

— יעצט זעה איך אז דו פארשטעהסט נישט דיין אייגענעם זוהן! — האט צללפונית געזאגט מיט א ברוגזע שטימע, — האסטו דען נישט געהערט ווי ער האט צוגעגעבען אז זי איז קלוג און שעהן?!... וואס נאך וואלסטו געוואלט ער זאל טהאן?...

— איך געדיינק גאנץ גוט יענע צייט ווען שמשון פלעגט ריידען וועגען מרמה'ן... א, מיט וואס פאר א בעגייסטערונג ער פלעגט איהר נאמען דערמאהנען... זיינע אויגען האבען דאן אנדערש אויסגעזעהן און זיין שטימע האט עפעס

אנדערש געקלונגען... יעצט האָב איך באַמערקט ווי אַ וואָלקען וואָלט זיין פּנים באַצויגען... עס האָט מיר געשיינט אַז אונזערע רייך פאַלען איהם צו לאַסט.

— דו מאַכסט אַ טעות! — האָט צללפּונית געזאָגט, — געוועהנליך פיהלט ער נאָך יעצט דעם גרויסען צער וועגען דעם אומגליק וואָס האָט געטראָפען מרמה׳ן, ער האָט דאָך זי פּאָרט ליעב געהאַט, און זי איז דאָך געווען זיין פרוי... עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך אַז ער איז נאָך שטאַרק ערשיטערט פון דער פּאַסירונג... אָבער דו מעגסט זיכער זיין, אַז ווי נאָר ער וועט זיך אויסרוהען, וועט ער אַנדערש ווערען. ער וועט אין גאַנצען פאַרגעסען אָן מרמה׳ן און ער וועט ליעב באַקומען תרצה׳ן...

— מעגליך אַז דו האָסט רעכט! — האָט מנוח געקוועטשט מיט זיינע פּלייצעס, — זאָל גאָט געבען אַז מיין שרעק זאָל זיין אַן אומזיסטע.

— גאָט פיהרט איהם אויף׳ן גלייכען וועג, און דו וועסט נאָך זעהן, אַז אַלע איינוואוינער פון אונזער שטאָדט וועלען זיך פרעהען ווען זיי וועלען אויסגעפינען אַז שמשון האָט אויסגעקליבען תרצה׳ן פאַר זיין פרוי.

— איבערהויפּט וועלען די זקנים פון צרעה זיין צופריעדען! — האָט מנוח געזאָגט, — ווען דאָס וואָלט אַזוי געווען ווי מיר שטעלען זיך פאָר, וואָלטען מיר שוין געווען זיכער אַז שמשון וועט פאַרבלייבען אין צרעה, ער וואָלט גע׳משפּט דעם גאַנצען שבט דן, און מעגליך אַז נאָכהער וואָלטען ער אויך געוואָרען דער שופט און פיהרער פון די אַנדערע שבטים.

— דאָס וועט ער אַליין איינס ווערען, אַלע זעהען דאָך אַז ער איז געבענשט מיט אויסערגעוועהנליכע גבורה, און די פּלשתים האָבען שוין מורא געקראָגען פאַר אונז און זיי דריקען אונז שוין נישט ווי זיי האָבען געטהאָן אין די פרייערדיגע יאָהרען, — האָט צללפּונית געזאָגט.

— ווען שמשון וואָלט געוואָלט, וואָלט ער יעצט געוואָרען דער קעניג איבער דעם שבט דן און איבער די אַנדערע שבטים וועלכע גרעניצען זיך מיט אונזער שבט.

— דאָס פאַרדריסט מיר טאַקע זעהר... שטעל זיך פאָר, ווען שמשון ווערט דער קעניג, ווי גליקליך מיר וואָלטען זיך געשעצט.

— איז אָבער שמשון נישט דער מאַן וואָס יאָגט זיך נאָך כבוד! — האָט מנוח געענטפערט, — דו זעהסט דאָך, ער וויל אפילו נישט צוזאַמענשטעלען אַן אַרמעע און ווערען זייער פיהרער.

— דאָס וועט זיך אַליין ווענדען אָן אַ פרוי! ווען ער וועט חתונה האָבען מיט תרצה׳ן וועט זי שוין קענען ביי איהם פּועל׳ן אַלעס... איך וועל איהר בעהילפיג זיין... נאָך אַלעמען ווייסטו דאָך, מנוח, אַז שמשון בעזיצט זעהר אַ ווייכע האַרץ און קיין זאַך וועט פאַר איהם נישט זיין צו שווער צו טהאָן פאַר זיין פרוי. דער איינציגער חסרון מיט איהם איז, וואָס ער איז פריי און נישט געצוימט... אָבער זאָל אַ פרוי איהם נעהמען אין איהרע הענט, אַ פרוי וועלכע ער וועט ליעב האָבען, דאַן וועט זי ביי איהם אַלעס פּועל׳ן.

—דאָס איז אמת! — האָט מנוח צוגעגעבען, — שמשון וועט טהאָן אַלעס וואָס זיין פרוי וועט פון איהם פאַרלאַנגען... אויב ער האָט זי ליעב.

— און וואָס מיינסטו, ער וועט חתונה האָבען מיט איינער וועלכע ער האָט נישט ליעב?

— וואס איז דא וואס צו ריידען, מיר וועלען ווארטען ביז מארגען און דאן וועלען מיר זעהן...

— קיין סך ריידען וועלען מיר שוין נישט דארפען, — האט צללפונית געזאגט, — ער וועט זיין צופריעדען ווען איך וועל איהם דערצעהלען אז תרצה האט איהם נאך אלץ זעהר ליעב.

— מיר וועלען מיט איהם אבער מוזען ריידען קלאר און דייטליך און הערען פון איהם קלארע דבורים, איידער דו וועסט שיקען רופען תרצה'ן.

— עס פארשטעהט זיך, אז איך וועל נאך תרצה'ן נישט שיקען כל זמן איך וועל פון שמשון'ען נישט הערען אז ער איז וויליג זי פאר זיין פרוי צו נעהמען, — האט צללפונית געזאגט.

אויף מארגען ווען מנוח און צללפונית זיינען אויפגעשטאנען פון זייער שלאף, האבען זיי שוין שמשון'ען נישט געטראפען אין זיין בעט.

— וואוהין איז ער דאס געגאנגען אזוי פריה? — האט צללפונית אויסגערופען מיט פארוואונדערונג.

— מעגליך אז ער איז ארויס אויף א שפאציר און וועט זיך גלייך צוריקקעהרען! — האט מנוח א שאקעל געטהאן מיט זיין קאפ.

— און איך וואלט נישט געווען איבערראשט ווען איך געפין אויס, אז שמשון איז געגאנגען צו אביעזר'ס הויז! — האט צללפוניט געזאגט.

— אזוי פריה וועט ער אהין נישט געהן! — האט מנוח געזאגט. — מעגליך, אז ער איז געגאנגען צו קרני'ן.

— וועסטו אריבערגעהן און אויסגעפינען אויב שמשון געפינט זיך ביי קרני'ן? — האט צללפונית איהם געבעטען.

— איך וועל צואווארטען א ווייל, און אויב שמשון וועט זיך נישט אומקעהרען, וועל איך אהין אוועקגעהן.

ווען א היבשע ווייל איז פאראיבער און שמשון האט זיך נאך נישט אומגעקעהרט, איז מנוח אוועק צו קרני'ן.

— שמשון איז אוועק גאנץ פריה, אין דער צייט, ווען מיר האבען נאך געשלאפען, — האט מנוח זיך געווענדעט צו קרני'ן.

— אה, פרידען איז צו איהם! — האט זיך קרני אפגערופען. — ער איז ביי מיר געווען לעצטען אווענד און האט מיר געזאגט, אז ער וועט מעגליך אוועקגעהן ערגעץ־וואו זעהר פריה. און אויב ער וועט זיך פארזאמען, זאל איך אייך קומען זאגען נישט צו זארגען וועגען איהם.

מנוח האט איבערגעגעבען צללפונית'ן וואס ער האט געהערט פון קרני'ן.

— איך האב מורא, אז ער איז פארט אוועק קיין תמנה! — האט צללפונית אויסגערופען. — אבער ניין! דאס איז אוממעגליך. ער האט דאך פארשפראכען צוצווווארטען א פאר טעג.

— אויב נישט דארטען, וואוהין דען איז ער דאס אוועק אזוי פריה?

— און איך האב שוין געמיינט, אז היינט אין דער פריה וועל איך קענען שיקען נאך תרצה'ן, — האט צללפונית געזאגט מיט א זארגפולער שטימע. — עס איז מיר שווער צו פארשטעהן וואס שמשון טראכט... דוכט זיך, אז ער האט לעצטען אווענד צוגעשטימט צו אלעם, וואס איך האב געזאגט, ווען איך האב אויסגעדריקט מיין מיינונג, אז איצט וועט ער שוין נעהמען תרצה'ן, איז

ער דאך נישט געווען דאגעגען, און איצט איז ער פלוצלונג פארשוואונדען געווארען, און די ארימע תרצה וועט ווארטען מיט אומגעדולד... אבער פיליכט איז דאך פארט מעגליך, אז ער איז אוועק צו תרצה'ן.

— אויב איך זאל אהין אוועקגעהן און איהם דארטען נישט טרעפען וועט עס פאר תרצה'ן זיין ערגער... — האט מנוח געזאגט. — איך וויים נישט וואס צו טראכטען. אבער מיין הארץ זאגט מיר, אז מיר האבען זיך אביסעל צוגעאיילט מיט דעם, וואס מיר זיינען נעכטען געווען ביי אביעזר'ן.

—נו, וועט געדויערען נאך עטליכע טעג. אבער זיכער בין איך, אז שמשון וועט נעהמען תרצה'ן, — האט צללפונית געזאגט.

---

שמשון איז גאנץ פריה אוועק נאך תמנה. דעם גאנצען וועג האט ער געטראכט פון מרמה'ן. ער האט זיך דערמאנט אן זיינע פריהערדיגע באזוכען אין תמנה, אין דער צייט ווען זיין ליבע צו מרמה'ן איז געווען זעהר שטארק... און וואס מעהר ער האט פון איהר געטראכט, אלץ שטארקער האט זיין צארן אין איהם געברענט.

— ער וועט נקמה נעהמען אן זיי אלעמען איבערהויפט פון ברטור'ן!

— האט ער ביי זיך בעשלאסען, — ער וועט גלייך געהן צו ברטור'ס הויז און וועט איהם טויטען צום ערשטען... דערנאך וועט ער זיך נעהמען צו די איבריגע.

ווען ער איז אנגעקומען אין תמנה, איז נאך דארט געווען גאנץ שטיל... בלויז די פאסטוכער וועלכע האבען געטריבען די שאף אין פעלד, האט ער באגעגענט.

ער האט זיך גלייך פערנומען אין דער ריכטונג וואס פיהרט צו ברטור'ס הויז.

ברטור האט פארשטאנען אז ווי נאר שמשון וועט זיך דערוויסען וואס עס האט פאסירט צו מרמה'ן וועט ער קומען זיך אפרעכענען מיט אלעמען, און אויך מיט איהם, דאריבער איז ער די גאנצע צייט געווען זעהר אומרוהיג... זיין שלאף איז איהם נישט איינגעגאנגען און ווי נאר עס פלעגט טאג ווערען, פלעגט ער זיך אוועקזעצען נעבען דעם פענסטער און ארויסקוקען... ער האט אפילו מורא געהאט ארויסצוגעהן אין גאס... זיין קנעכט פלעגט איהם בריינגען שפייז, און איהם פלעגט ער גאנץ אפט ארויסשיקען איבער דער שטאדט צו זעהן אויב שמשון קומט נישט אן.

אזוי איז ברטור געזעסען יענעם פיהמארגען און געקוקט דורכ'ן פענסטער. פלוצלינג האט ער באמערקט פון ווייטען שמשון'ען. ער האט איהם גלייך דערקענט נאך זיין אונגעהייער גרויסע און ברייטע פיגור.

— ער קומט! ער קומט! — האט ברטור א געשריי געטהאן צו זיין קנעכט, — שנעלער, לאמיר זיך ראטעווען, לאמיר אנטלויפען דורכ'ן פענסטער פון דער צווייטער זייט... שנעלער!... מיר טארען קיין רגע נישט פארלירען.

ברטור האט אויף זיך ארויפגעכאפט זיין בגד און צוזאמען מיט זיין קנעכט איז ער ארויס דורך דעם הינטערשטען פענסטער פון הויז. מיט זייערע גאנצע כחות און מיט גרויס אימפעט האבען זיך ביידע, ברטור און זיין קנעכט, געלאזען לויפען... זיי האבען מורא געהאט אפילו א קוק צו טהאן אויף הינטען...

שמשון איז צוגעגאנגען צו ברטור׳ס הויז און האט א שטארקען קלאפ געטהאן אין טיהר.

ווען ער האט געזעהן אז מען עפענט איהם נישט, האט ער נאך א קלאפ געטהאן און אויסגערופען מיט כעס:

— עפען דיין טיהר, דו פייגלינג!

באלד האט ער מיט זיין פויסט געגעבען אזא זעץ אין טיהר אז די טיהר איז צושמעטערט געווארען אויף שטיקלעך.

שמשון האט ארויסגעריסען דאס וואס עס איז פארבליבען פון טיהר און איז אריין אין הויז. ער האט געגומען זוכען און דארט קיינעם נישט געפונען.

דערווייל האט מען זיך אין תמנה דערוואוסט אז שמשון איז אנגעקומען. עס איז באלד געווארען א געלאף... א היבשע צאהל יונגע פלשתים האבען זיך באוואפענט מיט שווערדען און האבען זיך געלאזט געהן צו ברטור׳ס הויז, וואו מען האט זיי אנגעזאגט אז שמשון געפינט זיך דארט.

— לאמיר זיך איילען, ער קען נאך שלעכטעס טהאן צו ברטור׳ן, — האט דער פיהרער פון די יונגע פלשתים זיך אפגערופען.

— מיר זיינען נאך נישט גענוג גרויס אין צאהל! — האט אימיצער א זאג געטהאן, — מיר טארען נישט פארגעסען וואס שמשון האט געטהאן צו אונזערע ברידער אין אשקלון... לאמיר פארזאמלען אלע שטארקע פון אונזער שטאדט.

— נישט אלע וועמענס פעלדער שמשון האט פארברענט געפינען זיך צווי־שען אונז. לאמיר זיי שיקען אנזאגען.

זיי האבען גענומען שאלען און מיט געשרייען האבען זיי ארויסגעבראכט נאך פיעלע יונגע פלשתים.

— שמשון איז דא אין אונזער שטאדט! — האבען זיך געהערט שטימען.

— יעצט איז געקומען די צייט מיר זאלען נקמה נעהמען אן איהם.

— ער טאר קיין לעבעדיגער פון אונז נישט אוועקגעהן! — האט אימיצער א געשריי געטהאן און א הויב געטהאן זיין שווערד.

— באלד האבען זיך ארום ברטור׳ס הויז צוזאמענגעקליבען זעהר א סך פלשתים.... זיי האבען דערזעהן ווי די טיהר פון הויז איז צושמעטערט און האבען פארשטאנען אז שמשון איז אינעווייניג.

— ער וועט מאכען א סוף צו ברטור׳ן! — האט אימיצער אויסגערופען, — לאמיר שנעלער אריינגעהן און ראטעווען אונזער ברודער פון זיינע הענד.

— ווער וועט דען וואגען אריינצוגעהן צום ערשטען?

— איך וועל געהן! — האט א יונגער געזונטער פלשתי אויסגערופען, — זאל נאר נאך איינער מיט מיר מיטגעהן.

באלד האט א צווייטער זיך אפגערופען, און מיט געצויגענע שווערדען זיינען זיי צוגעגאנגען צו ברטור׳ס הויז.

דער אויפגערעגטער המון איז געשטאנען און געווארט מיט גרויס שפאַ־נונג. יעדער האט געהאלטען זיין שווערד אין האנד... זיי זיינען געווען גרייט צו באפאלען שמשון׳ען און איהם דערשטעכען מיט זייערע שווערדען... זיי האבען בלויז געווארט אויף דעם סיגנאל פון די צוויי וועלכע האבען געוואגט אריינצוגעהן אינעווייניג.

פלוצלינג, צו זייער גרויס איבערראשונג און שרעק, האבען זיי דערזעהן ווי שמשון בעווייזט זיך ביים טיהר און האלטענדיג איינעם פון די יונגע לייט אויף זיינע הענט, און האט מיט גרויס מאכט איהם א שליידער געטהאן ווי איינער שליידערט א שטיין.

דער פלשתי איז געפאלען אויף דעם געדיכטען המון, אומווארפענדיג פינף פון זיי.

עס איז געווארען א מהומה און א געשריי. באלד האט זיך שמשון באוויזען נאך אמאל ביי דער טיהר און האלטענדיג דעם צווייטען יונגען פלשתי, האט ער איהם מיט דער זעלבער קראפט א שליידער געטהאן אין א צווייטער ריכטונג פון די פלשתים.

א פחד איז אויף אלעמען אנגעפאלען.

— ער האט זיי געטויטעט! ער האט זיי געטויטעט! — האבען די פלשתים אנגעהויבען צו שרייען, — לאמיר זיך אלע א לאז טהאן צו איהם!

— ער האט געקראגען די צוויי שווערדען פון די פלשתים... יא, אין ביידע הענד האלט ער שווערדען. מיר וועלען איהם נישט קענען בייקומען... לאמיר אנטלויפען וואס שנעלער...

— דער וועלכער וועט אנטלויפען יעצט פון שמשון'ען וועט בעצאהלען מיט זיין לעבען! — האט דער פיהרער אויסגערופען, — מיר זיינען אזוי פיעל אין צאהל און מיר מוזען איינמאל פאר אלע מאל מאכען א סוף צו איהם... ווען ער וועט זיך יעצט פון אונזערע הענט ארויסדרעהען וועט דאס זיין א שאנד־פלעק אויף אונזער גאנצער שטאדט! — יעדער פון אונז וועלכער וועט זיך ארויסווייזען אלס פייגלינג וועט געטויטעט ווערען דורך מיין אייגענער שווערד! לאמיר איהם באפאלען!... לאמיר קעמפפען פאר אונזער לאנד און פאר דגון אונזער גאט!...

דער פיהרער האט זיך צום ערשטען א לאז געטהאן צו ברטור'ס הויז.

— איהר פאלגט מיר נאך! — האט ער אויסגערופען, — מיר וועלען אין איהם קיין גאנצען ביין נישט איבערלאזען.

שמשון איז געשטאנען נעבען דער צושמעטערטער טיהר. אין זיינע הענט האט ער געהאלטען די צוויי שווערדען וואס ער האט אוועקגענומען פון די צוויי יונגע פלשתים וועלכע האבען געוואגט ארייןצוגעהן אינעווייניג. אויף זיין פנים האט זיך באוויזען א שמייכעל ווען ער האט געזעהן ווי דער פיהרער דער־נעהנטערט זיך צו איהם.

— קום אהער, איך וועל צו דיר טהאן דאס וואס איך האב צו דיינע ברידער געטהאן! — האט שמשון אויסגערופען, — פארוואס ריהרסטו זיך נישט פון ארט... דו ווילסט אנטלויפען אזוי ווי ברטור האט עס געטהאן?!... איך האב אייערע פעלדער פארברענט... אבער איך בין נאך מיט אייך נישט פארטיג... איהר האט די אומשולדיגע מרמה פארברענט... און מיין נקמה וועט יעצט זיין גרויס...

— פארוואס שטעהט איהר! — האט דער פיהרער אויסגעשריען מיט זיינע אלע כחות, — קומט! לאמיר איהם טויטען.

דער המון האט זיך א לאז געטהאן, און שמשון איז זיי ענטקעגענגעקומען, און ער האט גענומען שניידען אויף רעכטס און אויף לינקס.

דער ערשטער צו פאַלען טויט איז געווען דער פיהרער. באַלד האָבען פיעלע אָנגעהויבען זיך צולויפען, אָבער שמשון האָט זיי נאָכגעיאָגט און האָט פיעלע פון זיי געטויטעט.

אין שטאָדט איז געוואָרען אַ מהומה. די געשרייען פון די פערוואונדעטע און צושראָקענע פּלשתים האָבען דערגרייכט אומעטום.

בריעה און איהר מוטער זיינען געזעסען אין לחמי'ס הויז ווען צו זייערע אויערען האָבען די געשרייען דערגרייכט.

— איך הער אַ געשריי! — האָט בריעה אויסגערופען צו איהר מוטער — וואָס זאָל דאָס בעדייטען?

— וואָס עס זאָל נישט זיין וועט אונזער וואונד נישט פערהיילט ווערען!

— האָט איהר מוטער טרויעריג געענטפערט. — מיין מאַן און טאָכטער וועלען שוין לעבעדיג נישט ווערען!

— מיר דוכט זיך, אַז שמשון איז דאָ אין שטאָדט! ער איז געקומען נקמה נעהמען אַן די מערדער פון מיין פאָטער און שוועסטער, — האָט בריעה אויסגערופען מיט אויפרעגונג — אָ, ווי איך ווינש אַז זיין ערשטע נקמה זאָל זיין אַן ברטור'ן... מיין שנאה צו איהם איז אַזוי גרויס... איך ווייס, אַז אַלעס שטאַמט פון איהם. ער האָט אויפגערייצט שמשון'ען דורך דעם וואָס ער האָט ארויסגעצוואונגען פון מרמה'ן די בעדייטונג פון דעם רעטעניש, און נאָכהער האָט ער גאַנץ איינפאַך איבערגעגעבען מרמה'ן אין זייערע הענד, כדי צו ראַטע־ווען זיין אייגענע פעל...

— איך האָף אַז קיינער ווייס נישט דאָס דו האָסט שמשון'ען דערצעהלט.

— האָט די מוטער געזאָגט מיט שרעק, — ווייל אויב זיי וועלען זיך דאָס דער־וויסען זיינען מיר ביידע פאַרלאָרען. זיי וועלען טהאָן צו אונז אַזוי ווי זיי האָבען געטהאָן צו דיין פאָטער און שוועסטער.

— אויסער דיר און לחמי ווייס קיינער נישט! — האָט בריעה זיך אָפּגע־רופען.

— און וואו איז לחמי יעצט?

— ער איז יעצט אין שייער.

— געה זעה אויב ער געפינט זיך דאָרטען... מיין האַרץ שרעקט מיך פיע־לייכט געפינט ער זיך אויך צווישען די איבריגע פּלשתים.

בריעה איז ארויסגעגאַנגען און זיך גלייך צוריקגעקעהרט מיט לחמי'ן.

— דו הערסט דעם טומעל און די געשרייען? — האָט די מוטער איהם געפרעגט.

— יאַ, שמשון איז דאָ אין שטאָדט! — האָט לחמי געזאָגט, און זיין פּנים איז בלאַס געוואָרען. דאָס זיינען די געשרייען פון די פערוואונדעטע און צו־שלאָגענע. איך האָב באַמערקט ווי פיעלע פון די פּלשתים זיינען זיך צולאָפען.

— אָ, איך בין אַזוי צופריעדען וואָס דו ביזט נישט מיטגעאַנגען מיט'ן המון! — האָט בריעה געזאָגט, — איך האָף אַז שמשון האָט זיך אָפּגערעכענט מיט ברטור'ן און מיט די מערדער פון מיין פאָטער און שוועסטער.

— אָט קומט אַן אַנטלאָפענער! — האָט לחמי אויסגערופען, ווען ער האָט אַ קוק געטהאָן דורכ'ן פענסטער, — איך וועל ארויסגעהן און איהם פרעגען וואָס האָט פּאַסירט.

לחמי איז ארויסגעגאנגען. בריעה און איהר מוטער האבען איהם נאכגע־פאלגט.

— פון וואנען אנטלויפסטו דאס? — האט לחמי געפרעגט דעם צושראָ־קענעם פלשתי.

— גי, האלט מיך נישט אפ! שמשון וועט מיך נאך דערגרייכען! — האט דער טויט־בלאסער פלשתי אויסגערופען.

— שרעק זיך נישט! דערצעהל אונז וואס האט פאסירט.

שמשון האט צובראכען די טהיר פון ברטור׳ס הויז און...

—און ער האט געטויטעט ברטור׳ן?! — האט בריעה איהם געפרעגט.

— ניין, ווי עס ווייזט אויס, האט ברטור זיך באצייטענס אפגעטראָגען. פיעלע פון אונזערע יונגע לייט האבען ארומגערינגעלט ברטור׳ס הויז און גע־וואלט זיך אפרעכענען מיט שמשון׳ען... אבער שמשון האט אונז אלעמען צו־שראָגען, טויטענדיג זעהר פיעל פון אונזערע ברידער... איך בין קוים מיט׳ן לעבען אנטלאפען... נאך א האר און שמשון וואלט מיך דערגרייכט.

— קום אריין, איך וועל דיך אין מיין הויז בעהאלטען! — האט לחמי געזאגט, — שמשון וועט געווים לאנג נישט פארבלייבען אין אונזער שטאדט, דערנאך וועסטו זיך קענען אומקעהרען צו דיין היים.

— איך וויים אז שמשון איז געקומען זיך אפרעכענען מיט אונז פאר דעם טויט פון דיין שוועסטער! — האט דער פלשתי אויסגערופען, — און איך האב מורא אז ער וועט נאך קומען אהער... ניין, איך וועל זיך בעהאלטען ערגעץ אנדערש... איך שווער ביי דגון, אונזער גאט, אז איך האב קיין אנטייל נישט גענומען אין דעם שרעקליכען טויט פון דישון׳ען און מרמה׳ן... איך בין אין גאנצען אומשולדיג, אבער ווען שמשון איז אנגעקומען אין תמנה, האבען מיך איינינע פלשתים פון מיין ארבייט גענומען און מיר געהייסען נעהמען מיין שווערד׳ צו קעמפפען מיט שמשון׳ען... זיי האבען מיך דערצו געצוואונגען... א, וואס פאר א העלד שמשון איז! קיינער קען איהם נישט בייקומען!

— ווער וויים אויב ער וועט אויך אהער נישט קומען און זיך אפרעכענען מיט אונז! — האט בריעה מיט א כיון געזאגט, כדי אין גאנצען פון איהר דעם חשד ארונטערצונעהמען.

ווען דער פלשתי האט דאס דערהערט האט ער זיך שנעל גענומען אפטראָגען.

— מיך פארדריסט זעהר וואס ברטור׳ן האט זיך איינגעגעבען צו אנטלויי־פען, ער האט פארדיענט דעם טויט! און יעצט וועט ער געווים אויך אז אונז זוכען נקמה צו נעהמען.

—זארג נישט, בריעה! — האט לחמי איהר געטרייסט! — ער וועט נישט וואגען צו קומען אהער.

— ברטור איז זעהר פערהאסט ביי אלע איינוואוינער פון אונזער שטאדט, און אויב דו ווילסט וועל איך ארויסלאזען א קלאנג אז ברטור האט געהאט א האנד אין דעם וואס שמשון איז אהער געקומען זיך אפרעכענען מיט די פלשתים, א סימן אז איהם האט ער געלאזען אנטלויפען.

— ניין, דו דארפסט זיך גארנישט מישען! — האט בריעה געזאגט, — זיין טאג וועט קומען. ער וועט פאר אלעס בעצאהלען.

— איך האף אז די אלע וועלכע זיינען געווען שולדיג אין פארברענען מיין

מאן און מיין טאָכטער, האָבען דערפאַר בעצאָהלט! — האָט בריעה'ס מוטער זיך אָפּגערופען, — זייער פאַרגאָנסענע בלוט שרייט נאָך נקמה.

— עס איז ביי מיר קיין צווייפעל נישט אז שמשון האָט זיך מיט זיי אַלעמען אָפּגערעכענט, — האָט לחמי געזאָגט.

---

שמשון האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך פיעלע פון די אנטלאָפענע און ער האָט זיך מיט זיי אָפּגערעכענט... ער האָט זיך ארומגעקוקט און געזעהן אז די גאַסען פון תמנה זיינען אויסגעליידיגט געוואָרען.

א ווײַלע איז ער געבליבען שטעהן מיט זיינעביידע שווערדען אין זיינע הענט. ער האָט בעטראַכט די פיעלע הרוגים און פאַרשוואונדענע שונאים. און ער האָט ביי זיך בעשלאָסען אז עס וועט זיין א סך בעסער פאַר איהם ווען ער זאָל אוועקגעהן אויף א קורצע צייט צו אן אנדער שבט. ער האָט געוואוסט אז די פלשתים וועלען איהם דאָס נישט פאַרשווייגען און אז זיי וועלען זיך געוויס פעראייניגען און קומען צו איהם אין שטאָדט ארויספאָדערען איהם. ער האָט נישט געוואָלט פאַראורזאַכען קיין צרות זיין שטאָדט צרעה. ווייל נאָך אַלעמען ווייס ער דאָך אז עס וועט פאַר איהם זיין שווער צו קעמפּפען געגען א גרויסע ארמעע פון די פלשתים.

שמשון האָט זיך ארויסגעלאָזען פון שטאָדט און בעשלאָסען אוועקצוגעהן נאָך דעם שבט יהודה. ער האָט אָבער געוואָלט אז זיינע עלטערען זאָלען וועגען איהם נישט זאָרגען... ער האָט גענומען טראַכטען ווי אזוי ער קען זיי אָנזאָגען... פּלוצים האָט ער פון ווייטען באַמערקט אימיצען שטעהענדיג. ער האָט זיך גענער־מען דערנעהנטערען. און ווי גרויס איז זיין איבערראַשונג געווען ווען ער האָט דערקענט קרני'ן, זיין פריינד.

— קרני! וואָס טהוסטו יעצט דאָ?! — האָט שמשון זיך אָפּגערופען מיט גרויס פרייד.

— דיינע עלטערען זיינען שטאַרק בעזאָרגט! זיי ווייסען נישט וואָס איבער־צוטראַכטען... איך האָב זיי פאַרזיכערט אז דו וועסט זיך נאָך היינט צוריק־קעהרען און איך בין אויף דעם וועג געקומען דיך אָפּצוואַרטען.

— איך בין זעהר צופרידען וואָס דו ביזט געקומען! — האָט שמשון זיך אָפּגערופען, — איך האָב דיר עפּעס וויכטיגעס מיטצוטיילען.

— איך זעה אז דו האַלטסט צוויי שווערדען אין דיינע ביידע הענט. וואָס בעדייטעט דאָס?

— עס בעדייטעט אז איך האָב זיך אָפּגערעכענט מיט די מערדער פון מיין פרוי... זיי זיינען מיך באַפאַלען מיט שווערדען, און איך האָב זיי מיט שווערדען בעצאָהלט.

שמשון האָט קרני'ן דערצעהלט וואָס עס האָט פּאַסירט.

— יעצט וויל איך דיר זאָגען, מיין פריינד, — האָט ער זיך אָפּגערופען, — איך ווייס אז די פלשתים וועלען זוכען נקמה נעהמען פון אונזער שטאָדט, און אויב איך וועל איצט געהן נאָך צרעה וועט לאַנג נישט גדויערען און זיי וועלען קומען אין א גרויסער צאָהל און פאַרלאַנגען אז די איינוואוינער פון שטאָדט זאָלען מיך ארויסגעבען... דאריבער וועל איך פון דיר פערלאַנגען דיזע געפעליג־קייט, געה אוועק צו די עלטסטע פון צרעה און זאָג זיי אז איך בין אוועק נאָך

יהודה, און ווען די פלשתים וועלען קומען אין צרעה זאלען זיי זיך מאכען אז איך בין פערהאסט ביי זיי. זאלען די זקנים און די פיהרער פון שטאדט איבערגעבען די פלשתים אז זיי אליין וואלטען אויך געוועז צופרידען ווען עס געלינגט זיי פטור צו ווערען פון מיר.

— אבער ווי אזוי וועלען זיי דאס צושטימען צו טהאן אז״ זאך? — האט קרני איהם געפרעגט.

— טהו ווי איך הייס דיר! אזוי זאלסטו איבערגעבען די זקנים אין מיין נאמען... זיי קענען דערצעהלען די פלשתים דאס זיי האבען געהערט אז איך בין אוועק נאך דרום צו די שבטים יהודה און שמעון... און צו מיינע עלטערען זאלסטו זאגען אז זיי זאלען וועגען מיר נישט זארגען... גאט וועט מיך נישט פארלאזען... איך וועל ווארשיינליך פארבלייבען א היבשע צייט אין דער פרעמד.

— איך האב מיט זיך א לאגעל וואסער און עטוואס שפייז, — האט קרני געזאגט, — ווייל איך האב געוואוסט אז אויב איך וועל דיך באגעגענען וועסטו זיין דורשטיג און הונגעריג.

— זיי געבענשט צו גאט פאר דעם! אבער וואו איז דאס?

— איך האב עס אוועקגעלייגט דארטען אונטער׳ן בוים.

קרני האט צוגעטראגען דאס וואסער און די שפייז און זיך אפגערופען:

— איך האף אז עס וועט לאנג נישט נעהמען און דו וועסט זיך צוריקקעהרען קייז צרעה!

— איך וועל זיך לאנג נישט פארזאמען! — האט שמשון געענטפערט מיט א שמייכעל, — אבער דו מוזט טהאן אלעס וואס איך זאג דיר. און דו דארפסט זיך אויך נישט שרעקען... איך בין נאך מיט די שונאים פון מיין פאלק נישט פארטיג... נעהם איין שווערד פון מיר און בעהאלט עס ערגעץ־וואו... מעגליך אז עס וועט דיר ווען עס איז צוניץ קומען.

שמשון האט זיך געזעגענט מיט קרני׳ן און זיך פארנומען נאך דרום. ער האט געוואנדערט ביז וואנען די זון איז אונטערגעגאנגען. ער האט זיך נישט געוואלט אפשטעלען אין די דערבייאיגע דערפער, און ער איז געגאנגען דורך דער פינסטערניש פון דער נאכט, ביז וואנען ער איז צוגעקומען צו דעם פעלזען־שטיין וואס איז געווען נעבען דער שטאדט עיטם. פאר דער שיין פון דער לבנה האט ער דארט באמערקט אן עפענונג אין דעם פעלזען־שטיין. דארטען איז ער אריין זיך אפרוהען. מיעד איז ער געווען, האט ער באלד איינגעשלאפען.

---

קרני האט זיך צוריקגעקעהרט נאך צרעה. ער האט בעהאלטען די שווערד וואס שמשון האט איהם געגעבען און נאכהער איז ער אוועק צו מנוח׳ן און צללפונית׳ן און האט זיי איבערגעגעבען וואס שמשון האט איהם געהייסען.

— אה, נייז, די פלשתים טארען ניט וויסען וואו מיין זוהן געפינט זיך!

— האט צללפונית אויסגערופען, — דו זאלסט די זקנים קיין זאך נישט דערצעהלען.

— אבער שמשון האט מיר אזוי אנגעזאגט, — האט קרני געזאגט, — ער האט מיך געבעטען איך זאל דאס טהאן כדי דערמיט צו פארמיידען אן אנפאל פון די פלשתים אויף אונזער שטאדט!

— אבער איז דען נישט גענוג, אז מיר וועלען זאגען דאס שמשון געפינט

זיך נישט מיט אונז? — האט מנוח זיך געווענדעט צו איהם, — פארוואס דארפען מיר זיי דערצעהלען וואו ער געפינט זיך.

— דער שבט יהודה איז גרויס גענוג, און ווען מיר ווען זאגען די פלשתים אז ער איז אוועק אהין, וועלען זיי איהם נישט אזוי שנעל געפינען... אבער ווען מיר וועלען זיי ענטפערען אז שמשון געפינט זיך נישט אין צרעה וועלען זיי אונז נישט גלויבען און וועלען אונז שלעכטעס טהאן.

— מיין הארץ שרעקט מיך זעהר! — האט צללפונית אויסגערופען בלאס ווערענדיג, — איך האב אבער פארשטאנען אז שמשון וועט אויף זיך ברייננגען א צרה... יעצט וואס זאלען מיר טהאן! . . .

— עס איז כמעט ווי זיכער אז ווען די פלשתים וועלען ארייז אהער, אין צרעה, וועלען זיי גלייך קומען צו אייך אין הויז, און אויב מען וועט זיי נישט געבען קיין צופרידענשטעלענדען ענטפער, וועלען זיי זיכער נישט שווייגען... זיינען מיר דען אימשטאנד זיך געגענצושטעלען די פלשתים אין דיזער צייט?

— אויב דאס איז שמשון'ס פארלאנג וועלען מיר איהם דארפען ערפילען!

— האט מנוח זיך אפגערופען צו צללפונית'ן — מיר דארפען נישט פארלירען אונזער האפנונג אין גאט... פארגעס נישט אז ביז יעצט זיינען די רייד פון דעם מלאך וועמען מיר האבען געזעהן איידער שמשון איז געבארען געווארען, מקוים געווארען... גאט וועט איהם אויף ווייטער נישט פארלאזען.

— איך האב אבער מורא אז שמשון האט געזינדיגט מיט דעם וואס ער האט גענומען א פלשתית פאר זיין פרוי!...

— ווייסטו דען נישט אז די פלשתית האט זיך מגייר געווען, און געדענקסטו נישט אז שמשון האט געהאט אין זינען זי צו ברייננגען צו אונז אין הויז, זי זאל זיך אויפפיהרען ווי א אידישע טאכטער, און ווען די געשיכטע מיט דעם רעטעניש וואלט נישט פאסירט, וואלט מרמה געווען פאררעכענט אזוי ווי א טאכטער פון ישראל... און דאריבער קענסטו דאס איהם נישט פאררעכענען פאר א זינד!...

— ווער ווייס? — האט צללפונית א זיפץ געטהאן.

— ווען גאט וואלט דאס איהם פאר א זינד פאררעכענט, וואלט ער איהם אזא ישועה נישט געשיקט... דו האסט דאך געהערט, ער איז געקומען איינער אליין אין א פלשתים שטאדט און האט אוועקגעלייגט אזוי פיעל שונאים... קענסטו דען געפינען נאך אזא שטארקען מאן ווי שמשון איבער דער גאנ־צער וועלט? ! . . .

—זאל איהם גאט שטארקען זיינע הענד, אבער איך ציטער פארט אז קיין אומגליק זאל מיט איהם נישט געשעהן... ווי אזוי וועלען מיר קענען זאגען זיינע שונאים וואו ער געפינט זיך... טאמער וועלען זיי איהם אויפזוכען און טויטען.

— ווען גאט וואלט איהם געוואלט טויטען, וואלט ער דורך איהם קיין ישועה נישט געבראכט צו אונזערע אונטערדריקטע ברידער!

— שמשון איז געווען גאנץ מונטער און פרעהליך ווען איך האב איהם געזעהן... ער האט זיך גארנישט געשראקען פאר די פלשתים... ער האט מיר געזאגט אז ער איז נאך מיט זיי נישט פארטיג! — האט קרני זיך צו זיי אפ־גערופען, — איהר האט גארנישט וואס צו זארגען.

— דו קענסט געהן איבערגעבען די זקנים פון אונזער שטאָדט שמשון׳ס ווערטער, — האָט מנוח זיך אָפּגערופען צו קרני׳ן.

---

אויף מאָרגען אין דער פריה איז אין צרעה געוואָרען א גרויסע באַוועגונג. אַלע האָבען זיך דערוואוסט וואָס שמשון האָט געטהאָן צו די פּלשתים פון תמנה און מען האָט זיך גערינכט אויף צרות.

די עלטסטע האָבען אויפגענומען קרני׳ס רייד מיט פיעל שרעק.

— וואָס האָט ער צו אונז געטהאָן! — האָט איינער זיך אָפּגערופען, — ער האָט אויפגערייצט די פּלשתים און אונזער נאכהער פאַרלאָזען...

— איך האָב שוין לאַנג געוואוסט אז קיין גוטעס וועט אונז נישט ארויס־קומען פון מנוח׳ס זוהן! — האָט א צווייטער זיך אָפּגערופען, — יעצט וועלען זיך די פּלשתים פון אנדערע שטעדט פעראייניגען מיט זייערע ברידער פון תמנה און וועלען קומען אונז שלעכטעס טהאָן.

— אָבער שמשון האָט דאָך שוין אויך וועגען דעם באַזאָרגט! — האָט קרני זיך אָפּגערופען, — איהר וועט קענען ארונטערוואַרפען פון זיך די פאַראַנטוואָרט־ליכקייט ווען איהר וועט זאָגען אז שמשון געפינט זיך שוין מעהר נישט אין צרעה... איהר וועט אויך מעגען איבערגעבען די פּלשתים אז שמשון געפינט זיך אויף דעם באָדען פון דעם שבט יהודה אָדער דעם שבט שמעון, דאַמיט וועט איהר באַפרייען דעם גאַנצען שבט דן.

— אויב שמשון האָט אזוי מורא פאַר די פּלשתים אז ער איז אַנטלאָפען און זיך ערגעץ אנדערש בעהאַלטען פאַרוואָס האָט ער וועגען דעם פריהער נישט געטראַכט, ווייס ער דען נישט אז מיר קענען נישט אין דער יעצטיגער צייט מלחמה האַלטען מיט די פּלשתים?... וואָס וועלען מיר טהאָן אז זיי וועלען אָנפאַנגען אונז נאָך מעהר אונטערדריקען און ארויפלייגען גרויסע צינזען... זיי וועלען זיכער פאָדערען פון אונז מיר זאָלען גוט־מאַכען דעם שאָדען וואָס שמשון האָט זיי פאַראורזאַכט ווען ער האָט פאַרברענט זייער תבואה!...

— איהר מעגט זיכער זיין, אז נישט אויס מורא האָט זיך שמשון נישט אומגעקעהרט צו זיין געבורטסשטאָדט. ער האָט געוויס אָן אנדער אורזאַכע... ווען ער וואָלט זיך בלויז געוואָלט אויסהיטען וואָלט ער דאָך מיר נישט געבעטען אייך איבערצוגעבען אָט דאָס אַלעס!...

— אָט קומט אָן מנוח! — האָט אימיצער א זאָג געטהאָן, און די זקנים האָבען זיך אויפגעשטעלט.

מנוח איז צוגעגאַנגען צו די זקנים. ער האָט פאַרשטאַנען פון זייערע בליקען אז זיי האָבען נאָר וואָס גערעדט פון זיין זוהן.

— פרידען צו אייך, מיינע פריינד! — האָט ער זיך אָפּגערופען, — איך בין געקומען באַשטעטיגען די רייד פון קרני׳ן. איהר וועט האָבען פולעס רעכט איבערצוגעבען די פּלשתים אז שמשון געפינט זיך אין דער נחלה פון דעם שבט יהודה... איך בין זיכער אז דאָרטען באַוועגט ער זיך פריי און וועט צו יעדער צייט זיין גרייט זיך צו באַגעגענען מיט זיינע שונאים.

— מיר האָבען קיינמאָל נישט געצווייפעלט אז שמשון וועט זיין אימ־שטאַנד צו בעשיצען זיינע ברידער, אָבער וואָס מיר זיינען צושראָקען איז דאָס

וואָס ער האָט אונז פּלוצלינג פאַרלאָזען און מיר זיינען נישט גרייט ארויסצוצייגען ווידערשטאַנד צו די פּלשתים.

— דער גאָט וועלכער האָט מיין זוהן אזא גבורה געגעבען וועט אונז אויך יעצט קומען צו הילף! — האָט מנוח געזאָגט, — אין מיינע אויערען קלינגען נאָך יעצט די ווערטער פון דעם מלאך: "און ער וועט אָנפאַנגען צו העלפען ישראל פון די הענד פון די פּלשתים"... יא, איהר האָט אלע מיט אייערע אויגען צוגעזעהן! ווי שמשון האָט נאָך אלס אינגעל געקעמפּט מיט זעקס געזונטע פּלשתים און זיי בייגעקומען ראַטעווענדיג א אידישע טאָכטער פון א שענדליכען טויט... איהר ווייסט אויך אז מיין זוהן האָט איינער אליין פאַרטיליגט א גרויסע צאָהל פון אונזערע שונאים וועלכע האָבען געזוכט אונז מעהר צו אונטערדריקען... און דאָס וואָס ער האָט יעצט געטהאָן, דאַרף אין אונז ערוועקען שטאָלץ און נישט קיין מורא... גאָט האָט מיין זוהן בעשטימט צו העלפען ישראל פון די פּלשתים... און ער וועט איהם אויף ווייטער נישט פאַרלאָזען.

בליץ־שנעל איז פאַרשפּרייט געוואָרען די גייער צווישען די פּלשתים פון תמנה און ארום, וואָס שמשון האָט געטאָן צו זייערע ברידער, אז ער איז געקומען אליין און האָט אזוי פיעל פון זיי געטויטעט.

ברטור וועלכער האָט באוויזען צו אנטלויפען פון תמנה אין צייט, האָט זיך פאַר א פּאָר טעג אויסבאהאלטען אין דער שטאָדט גת. ער האָט מורא געהאט אז שמשון זאָל נאָך איהם נישט קומען... ווען ערה אָט זיך דערוואוסט פון דעם חורבן וואָס שמשון האָט פאַראורזאכט אין תמנה, האָט ער געוואָלט געהן אָנזאָגען דעם סרן פון גת, אלץ וואָס שמשון האָט געטאָן צו די פּלשתים צוליעב דער משפּחה פון דישון, אָבער ער האָט מורא געהאט, אז די פּלשתים פון תמנה זאָלען נישט אויסגיסען זייער צאָרן אויך אויף איהם. דעריבער האָט ער זיך נישט געמאכט ווויסענדיג, און אפילו ווען ער האָט אויסגעפונען אז פילע פון די פּלשתים האָבען זיך פאַרזאַמעלט און זיי ווילען זיך פאַראייניגען מיט די פּלשתים פון אַנדערע שטעדט און צוזאַמען באַלאַגערען צרעה, וואו שמשון געפינט זיך, האָט ער זיך אויסגערעדט, ווייל שמשון האָט אויף איהם א ציטער ארויפגעוואָרפען און ער האָט מורא געהאט, אז ווי שמשון וועט איהם דערזעהן וועט ער זיך מיט איהם אָפּרעכענען צום ערשטען. ער האָט געוואוסט, אז אין דער גרויסער שטאָדט גת וועט ער זיך לאַנג נישט קענען אויסבאהאלטען, דעריבער האָט ער זיך פון גת אָפּגעטראָגען צו דעם טהאָל שורק וואָס האָט זיך געפונען צווישען די צוויי גרויסע פּלשתים שטעדט, אשקלון און עזה. דאָרט אין דעם דאָרף, האָט ער זיך באזעצט און געוואַרט ביז וואנען די געמיטער פון זיינע ברידער אין תמנה וועלען איינגעשטילט ווערען.

---

מיט אייניגע טעג שפּעטער האָבען עטליכע טויזענט באוואָפענטע פּלשתים זיך אוועקגעלאָזען צו דער שטאָדט צרעה און זי באַלאַגערט.

באַלד האָבען די עלטסטע פון שטאָדט זיך דערוואוסט, אז די פּלשתים באַלאַגערען זייער שטאָדט און זיי האָבען אויסגעקליבען צוויי חשוב'ע מענשען פון שטאָדט און זיי געשיקט צו די פיהרער פון דער ארמעע.

— פאַרוואָס האָט איהר באַלאַגערט אונזער שטאָדט — האָבען זיי געפרעגט די פיהרער.

— שמשון, דער זוהן פון מנוח, האָט אונז פאראורזאכט פיעל צרות. ער האָט אונזערע פעלדער פארברענט און פילע פון אונזערע ברידער געטויטעט — האָט דער הויפּט פון די פיהרער זיך אָפּגערופען — און איצט זיינען מיר געקומען מיט אייך אלעמען זיך אָפּצורעכענען.

— אָבער וואָס זיינען מיר שולדיג אויב איינער פון אונז האָט שלעכט געהאנ־דעלט נעגען די פּלשתים, האָבען דען מיר איהם געשיקט ער זאָל צו אייך אזוי טהאָן ?

— ער איז א געבוירענער פון צרעה און איהר זייט פאר איהם פאראנט־ווארטליך, און איצט זיינען מיר געקומען, אז איהר זאָלט איהם איבערגעבען אין אונזערע הענט, און ווען איהר וועט עס נישט טאָן וועלען מיר אויסשלאכטען אלע איינוואוינער פון אייער שטאָדט.

— אָבער, מיין האר,—האָט זיך איינער פון די אידישע פארשטעהער אָפּגע־רופען — זינט שמשון איז אוועק פון תמנה זיינען שוין עטליכע טעג פאָראיבער און ער האָט זיך נאָך נישט צוריקגעקערט אין צרעה.

— איך גלויב אייך נישט ! שמשון געפינט זיך איצט צווישען אייך. איך בין זיכער אז ער איז איצט אין זיין פאָטער'ס הויז.

— מיר וועלען שווערען ביי אונזער גאָט, אז שמשון איז אין צרעה ניטאָ זייט עטליכע טעג.

— אויב אזוי וואו איז איצט שמשון ? — האָט דער הויפּט פיהרער געפרעגט.

— ווי מיר האָבען זיך דערוואוסט איז שמשון פון תמנה אוועק צום שבט יהודה, און אויב איהר וועט אהין געהן וועט איהר איהם דאָרט זיכער געפינען.

— איידער מיר פארלאָזען צרעה וועלען מיר זיך איבערצייגען, אז שמשון איז דאָרט נישטאָ, און דעריבער וועל איך מיטשיקען מיט אייך צעהן פון מיינע מענשען און פינף פון זיי וועלען גלייך אוועקגעהן צו מנוח'ס הויז, די אנדערע פינף וועלען פארבלייבען מיט אייך כדי איהר זאָלט נישט האָבען די מעגליכקייט אנצוזאָגען וועמען עס איז, אז זיי געהען זוכען שמשון'ען, ער זאָל דערווייל קיין צייט נישט האָבען זיך צו באהאלטען.

דער פיהרער האָט אויסגערופען :

— ווער פון אייך וויל אריין אין שטאָדט צו זעהן אויב שמשון געפינט זיך דאָרט ? !

א שטילקייט האָט געהערשט ארום, קיינער פון די פּלשתים סאָלדאטען האָט זיך נישט אָנגעבאָטען.

— אזוי צייגט איהר ארויס אייער העלדישקייט, איהר, זיהן פון פּלשתים ?! — האָט זיך דער פיהרער א בייזער געטאָן — האָב איך דען אויסגעקליבען פיינ־ליגגע צו קעמפען מיט פּלשתים'ס גרעסטען שונא ?

— מיין האר — האָט זיך איינער פון די סאָלדאטען אָפּגערופען — דיר איז דאָך גאנץ גוט באוואוסט וואָס שמשון האָט געטאָן צו אונזערע ברידער אין תמנה, און ווען צוויי העלדען האָבען געוואגט אריינצוגעהן אין דעם הויז וואו שמשון האָט זיך געפונען.ביידע זיינען צושמעטערט געוואָרען ווען שמשון האָט זיי ארויסגעשליידערט..., און איצט, אויב איינינע פון אונז וועלען געהן אויסגע־

פינען אויב שמשון איז דאָ, טאָמער וועט ער זיי טרעפען ? וועלען זיי דאן זיך קע־נען געגענשטעלען געגען איהם ?

—אויב אזוי וועל איך בלויז שיקען צוויי פון מיינע בראווע סאָלדאטען און אויב זיי וועלען זיך נישט צוריקקעהרען בשלום, דאן וועלען מיר אונטערצינדען די גאנצע שטאָדט... און איהר — האָט ער זיך געווענדעט צו די צוויי עלטסטע, די פאָרשטעהער פון ישראל, —אויב שמשון געפינט זיך אין צרעה, און ער וועט טאָן שלעכטס צו מיינע שלוחים, שווער איך ביי דגון אונזער גאָט, אז מיר וועלען פארברענען אייער גאנצע שטאָדט און קיינער פון אייך וועט קיין לעבעדיגער ניט ארויס.

— מיין עצה וואָלט געווען, אז מיר זאָלען איינעם פון די צוויי אידען פאר־האַלטען אַלס משכון און ווען עפּעס וועט טרעפען צו אונזערע שלוחים וועט ער גלייך געטויטעט ווערען.

דער פיהרער האָט אויסגעקליבען איינעם פון די אידישע פאָרשטעהער און איהם געהייסען פארבלייבען מיט איהם, און מיט דעם צווייטען האָט ער געשיקט זיינע צוויי שלוחים.

— איהר זאָלט זוכען יעדען פלאץ און זיך נאָכפרעגען ביי יעדען איינעם פון שמשון'ס נאכבארשאפט אויב זיי האָבען באמערקט שמשון'ען די לעצטע עטליכע טעג, און ווען איהר וועט זיך איבערצייגען, אז שמשון געפינט זיך טאקע נישט אין צרעה זאָלט איהר זיך אומקערען, דאן וועלען מיר וויסען וואָס מיר האָבען צו טהאָן.

די צוויי פלשתים זיינען אריינגעקומען מיט איינעם פון די אידען אין צרעה. ער האָט זיי גלייך געפיהרט צו מנוח'ס וואָהנונג.

— וואו געפינט זיך שמשון, אייער זוהן ? — האָט איינער פון די פלשתים זיך אָפּגערופען צו מנוח'ן און צללפונית.

— איך וויים נישט ! האָט צללפונית אויסגערופען מיט א ציטערנדע שטימע.

— עטליכע טויזענט פון מיינע ברידער געפינען זיך ארום דער שטאָדט צרעה ! — האָט דער פלשתי אויסגערופען און אויב איהר וועט אונז נישט אויס־זאָגען וואו שמשון געפינט זיך איצט וועלען זיי פון צרעה קיין געדעכנים נישט אי־בערלאָזען.

— מיין זוהן שמשון געפינט זיך איצט נישט אין צרעה — האָט מנוח גע־ענטפערט און לויט ווי מיר האָבען געהערט דארף ער זיך איצט געפינען אין דעם לאנד פון שבט יהודה.

— דו וועסט אונז מוזען ערלויבען צו זוכען אין דיין הויז, און ווען מיר וועלען זיך איבערצייגען, אז שמשון איז נישטאָ דאן וועלען מיר זיך אומקערען און באפרייען דעם פאָרשטעהער וועלכער איז פארבליבען מיט מיינע ברידער נעבען דער שטאָדט.

א היבשע ווײַלע האָבען זיי געזוכט אין הויז און אין גארטען, נאכהער האָ־בען זיי געפרעגט ביי די ארומיגע שכנים און ווען זיי האָבען זיך איבערגעציינט אז שמשון איז אין צרעה נישטאָ, האָבען זיי זיך אומגעקעהרט צוריק צו די פלשתים.

— ווי עס ווייזט אויס האָבען זיי אונז דיזען מאָל נישט גענארט, — האָט

איין פלשתי זיך אפגערופען — שמשון איז ווירקליך איצט נישטא אין צרעה, און וועמען מיר האבען געפרעגט האבען אלע געזאגט, אז ער געפינט זיך איצט אין איינע פון די שטעדט פון דעם שבט יהודה.

— אויב אזוי וועלען מיר געהן נאך דרום, צו דעם שבט יהודה! — האט דער פיהרער אויסגערופען — און דיר וועל איך איצט באפרייען — האט ער זיך געווענדעט צום אידישען פארשטעהער, אבער דו מעגסט אנזאגען אלע אידען פון צרעה, אז אויב מיר וועלען אויסגעפינען אז שמשון איז נישטא אין דעם לאנד פון דעם שבט יהודה און אז ער האט זיך אויסבאהאלטען אין צרעה, וועלען מיר נקמה נעמען אן אייך אלעמען.

דער אידישער פארשטעהער האט געשוויגען. ער האט זיך בלויז א נויג געטאן פאר דעם פיהרער און איז מיט שנעלע טריט אוועק אין שטאדט.

---

די עטליכע טויזענט באוואפענטע פלשתים האבען זיך איצט א לאז געטאן נאך דרום, און איידער זיי האבען דערגרייכט דעם שבט יהודה, איז די נאכט צוגעפאלען. נישט ווייט פון דער שטאדט לחי, האבען זיי געמאכט זייער לאגער, און ווען עס איז ליכטיג געווארען זיינען זיי שוין אלע גרייט געווען צו מארשירען אין שטאדט.

די איינוואוינער פון דער שטאדט לחי וואס איז אין דעם שבט יהודה, האבען זיך באלד דערוואוסט אז די פלשתים געפינען זיך ביי זייערע גרענעצען און זיי האבען גלייך געשיקט מענשען צו זיי אויסצוגעפינען צוליעב וואס זיי זענען דא געקומען.

די שלוחים פון יהודה זיינען באלד צוגעקומען צו דער מחנה פון די פלשתים און זיי האבען זיך געווענדעט צו די פיהרער:

— פארוואס זייט איהר אויף אונז געקומען מלחמה האלטען? צאהלען מיר דען נישט אלע צינזען וואס איהר האט אויף אונז ארויפגעלעגט? האבען מיר דען נישט געשלאסען א בונד פון שלום, און איהר האט פארשפראכען אז אזוי לאנג ווי מיר וועלען צאהלען אונזערע צינזען פינקטליך וועט איהר אונז צורוה לאזען.

— יע, מיר האבען אונזער פארשפרעכען געהאלטען — האט דער פיהרער פון די פלשתים זיי געענטפערט, מיר האבען פארשפראכען מיט אייך קיין מלחמה נישט צו פיהרען מיט דעם באדינג אויב איהר וועט זיך מיט אונז נישט אנפאנגען. אבער איצט איז געקומען שמשון און ער האט פילע פון אונז געטויטעט.

— אבער פארוואס זאלען מיר באשולדיגט ווערען צוליעב שמשון'ען — האט איינער פון די עלטסטע פון יהודה געזאגט — ער איז דאך אפילו נישט פון אונזער שבט. געהט צום שבט דן, זיי זיינען דאך מעהר פאראנטווארטליך פאר שמשון'ען ווי מיר.

— מיר זיינען דארט געווען, האט מען אונז אבער איבערגעגעבען, אז שמשון געפינט זיך איצט אין אייער לאנד.

— עס איז אוממעגליך, ווען שמשון וואלט געווען ביי אונז וואלטען מיר שוין אלע געוואוסט, ווייל מיר האבען אלע געהערט, אז ער איז אויסערגעוויינליך גרויס, ברייט און שטארק. אבער מיר האבען איהם נאך קיינמאל נישט געזעהן.

— עס איז זעהר מעגליך אז ער איז אנגעקומען אהער ביינאכט, און איהר האט איהם נישט באמערקט — האט דער פיהרער פון דער ארמעע געזאגט —

אָבער אונז האָט מען פאַרזיכערט אז שמשון געפינט זיך אין די גרענעצען פון דעם שבט יהודה, און מיר פאַרלאַנגען איהר זאָלט איהם איבערגעבען אין אונזערע הענט אויב איהר ווילט פאַרמיידען א מלחמה!

— אויב שמשון געפינט זיך אין אונזער שטאָדט וועלען מיר אייך גלייך אנזאָגען.

— דאָס וועט ניט זיין גענוג! מיר ווילען אז איהר זאָלט איהם ברענגען צו אונז א געבונדענעם. עס איז דאָך אייך בעוואוסט וואָס שמשון האָט געטאָן צו אונזערע ברידער, אָבער ווען איהר וועט צו איהם קומען וועט ער געוויס קיינעם פון אייך ניט באשעדיגען. איך פאַרלאַנג אז איהר זאָלט איהם איבערגעבען אין אונזערע הענד א געבונדענעם, און אויב דיזער פערלאַנג וועט ניט ערפילט ווערען וועלען מיר זיך מיט אלע איינוואוינער אָפּרעכענען.

אין שטאָט איז באלד געוואָרען א מהומה. די אידען האָבען זיך פאַרזאַמעלט און די עלטסטע האָבען איבערגעגעבען די פאַרזאַמעלטע די פאָדערונג פון די פּלשתים.

— ווי אזוי וואגען דיזע ערלים צו קומען צו אונזערע גרענעצען! — האָבען זיך די יונגע לייט פון שטאָדט צוהיצט — מיר צאָהלען זיי גרויסע צינזען און מיר האָבען צו זיי גאָרנישט געטאָן.

—לאָמיר זיך באוואָפענען און ארויסגעהן אנטקעגען זיי! מיר וועלען ניט דערלאָזען זיי זאָלען אונז אזוי דערנידעריגען!

— די צאָהל פון די פּלשתים וועלכע געפינען זיך נישט ווייט פון אונזער שטאָט, איז זעהר גרויס. און מיר וועלען נישט קענען מלחמה האלטען מיט זיי — האָט זיך איינער פון די עלטסטע אָפּגערופען — דעריבער וואָלט איך געראַטען, מיר זאָלען זיי נישט אויפרייצען.

—אָבער ווי אזוי וועלען מיר קענען טאָן זייער פאַרלאַנג, איז דען שמשון נישט איינער פון אונזערע ברידער?

— דערווייל אָבער האָט שמשון אונז קיין טובות נישט געטאָן — זאָל זיין שבט דן זיין שטאָלץ מיט איהם, פאַרוואָס איז ער אנטלאָפען געוואָרען אהער צו ברענגען אויף אונז א צרה!

— אָבער מיר האָבען אלע געהערט פון זיינע גבורות, ווי ער האָט אליין אויסגע׳הרג׳עט פילע פּלשתים, ווי אזוי וועלען מיר דען קענען באגעהן אזא אומרעכט געגען איהם און איבערגעבען שמשון׳ען אין די הענט פון די פּלשתים?...

— אויב ער איז טאַקע אזוי שטאַרק ווי מען דערצעהלט פון איהם, זאָל ער מיט זיי קעמפען, אָבער וואָס קענען מיר טאָן? מיר קענען ניט באהויפּטען זיך אנצופאַנגען מיט די פּלשתים אין דיזער צייט.

—אָבער זיי פאַרלאַנגען, אז מיר זאָלען איהם פריהער בינדען, וועט עס אויסקומען אז מיר טויטען איהם מיט אונזערע אייגענע הענט...

—מיר ריידען אזוי פון שמשון׳ען אזוי ווי ער וואָלט זיך ווירקליך געפונען צווישען אונז.

—איך האָב געהערט פון אייניגע מענשען וועלכע האָבען טאַקע באַמערקט שמשון׳ען אין עיטם — האָט זיך אימיצער אָפּגערופען.

— מיר וועלען מוזען פריהער אויסגעפינען.

— אָבער ווער ווייס אויב די פּלשתים וועלען האָבען געדולד צו וואַרטען...

— מיר וועלען זיי איבערגעבען, אז מיר פארלאנגטען צוויי טעג צייט ביז וואנען מיר וועלען אויסגעפינען וואו שמשון געפינט זיך — האט איינער פון די זקנים זיך אפגערופען.

איינינע פון די עלטסטע זיינען אוועק צו די פלשתים און זיי איבערגעגעבען אז זיי וועלען זייער פארלאנג טאן, אבער זיי זאלען געבען צוויי טעג צייט ביז וואנען זיי וועלען געפינען דעם פלאץ וואו שמשון פארבארגט זיך.

די פלשתים האבען צוגעשטימט און א צאהל אידען פון לחי זיינען אוועק נאך עיטם אויפצוזוכען שמשון׳ען.

ווען זיי זיינען אנגעקומען אין עיטם און זיך גענומען נאכפרעגען ביי די איינוואוינער, האבען זיי אויסגעפונען, אז שמשון קומט צו צו דעם קוואל וואסער יעדען פריהמארגען. זיי האבען איהם אפגעווארט און פון ווייטען באמערקט ווי ער קעהרט זיך אום צו דעם גרויסען פעלזען־שטיין.

זיי האבען זיך גלייך אומגעקערט און געמאלדען די עלטסטע פון שטאט, אז שמשון געפינט זיך אין דעם פעלזען־שטיין פון עיטם.

באלד האבען די עלטסטע אהין געשיקט דריי טויזענט מאן און זיי זיינען צו איהם צוגעקומען.

---

שמשון איז געווען אין דער עפענונג פון פעלזען־שטיין, וואו ער האט פאר זיך געמאכט א פלאץ צו שלאפען. ער האט געגעסען פון די פרוכט וואס האט גע־וואקסען אויף די ארומיגע בוימער און פארטאג פלעגט ער געהן צו דעם נאהענט־סטען קוואל וואו ער פלעגט זיך אנטרינקען.

שמשון איז געזעסען איז געטראכט פון זיינע עלטערען, פון די איינוואוינער פון זיין שטאדט. ער האט פארשטאנען, אז די פלשתים זיינען געקומען אין צרעה, און ער האט געוואוסט אז זיי וועלען איצט קומען אין א גרויסען צאהל. אבער ער איז גרייט זיך מיט זיי צו באגעגענען. פאר די עטליכע טעג וואס ער געפינט זיך דא האט ער זיך גוט אויסגערוהט. ער האט צוריק אנגעזאמעלט זיינע קרעפטען... זיינע געדאנקען האבען אריבערגעוואנדערט צו תרצה׳ן... דיזען מאל, אז ער וועט זיך אומקערען אין צרעה, וועט ער שוין פון דארטען נישט אזוי שנעל אוועקגעהן... ער ווייס וויפיעל עגמת נפש זיין ארומוואנדערען פארשאפט זיינע עלטערען און ווי נייגעריג זיין מוטער איז אז ער זאל חתונה האבען מיט תרצה׳ן. אבער אייך זאך קען ער נישט פארשטעהן, פארוואס זיין הארץ ציהט נישט צו איהר... דוכט זיך אז זי איז זעהר א שעהנע מיידעל און זי איז אויך קלוג און גוט־הערציג. אבער ער קען דאך זיינע געפיהלען נישט ענדערען. זי האט זיין הארץ נישט געפאנגען... פלוצלונג האט שמשון דערהערט א גערויש, ער האט א נעם גע־טאן דעם שווערד אין האנט און איז ארויס אין דרויסען.

ער האט גלייך באמערקט א מחנה מענשען אנקומענדיג. ער איז געבליבען שטעהן אויף זיין פלאץ רוהיג און געווארט, אז זיי זאלען צו איהם צוקומען.

עטליכע פון די עלטסטע זיינען צו איהם צוגעקומען און איינער האט זיך צו איהם געווענדעט:

— ביזטו שמשון, דער זוהן פון מנוח?

— יע!

— מיר האבען געהערט פון דיינע גבורות. מיר ווייסען וואס דו האסט גע־

טאָן פאַר דיין שבט דן, אָבער צו וואָס ביזטו געקומען צו אונז. איצט, אין א צייט וואָס דו האָסט אזוי אויפגעבראַכט די פּלשתים אויף אונז, ווייסטו דען נישט, אז די פּלשתים געוועלטיגען איבער אונז... אויב דו האָסט מורא פאַר זיי פאַרוואָס האָסטו זיך גאָר מיט זיי אַנגעפאַנגען?

— איך האָב זיך אָפּגערעכענט מיט די פּלשתים, אזוי ווי זיי האָבען געטאָן צו מיין פרוי האָב איך געטאָן צו זיי — האָט שמשון זיי קאַלט געענטפערט.

— דו דאַרפסט אָבער אויך וויסען שמשון, אז פילע יאָהרען זיינען מיר געווען אונטערדריקט פון די פּלשתים. מיר האָבען זעהר פיעל צרות פון זיי געליטען, ביז וואַנען מיר זיינען מיט זיי געקומען צו א פאַרשטענדיגונג. מיר האָבען זיי פאַרשפּראָכען צו צאָהלען א געוויסע צאָהל צינזען און זיי האָבען פאַרשפּראָכען אונז צורוה לאָזען, און איצט מיט דיין קומען צו אונז, האָסטו זיי אויף אונז ווידער אַנגעשיקט. זיי סטראַשען אונז, אז אויב מיר וועלען דיר נישט איבערגעבען אין זייערע הענט, וועלען זיי קומען מלחמה האַלטען מיט אונז. און ווער נאָך ווי דו ווייסט, אז מיר זיינען נישט געגרייט צו פיהרען א מלחמה מיט די פּלשתים צו דיזער צייט.

— וואו געפינען זיך די פּלשתים? — האָט זיי שמשון געפרעגט.

— זיי געפינען זיך נישט וויט פון אונזער שטאָדט. יע, עטליכע טויזענט באַוואָפענטע פּלשתים זיינען אויף אונז אָנגעקומען און אונז בלויז צוויי טעג צייט געגעבען מיר זאָלען דיר צו זיי צושטעלען.

— שרעקט זיך נישט, איך וועל מיט אייך געהן צו די פּלשתים — האָט שמשון זיי געענטפערט און האָט א שלײדער געטאָן דעם שווערד וואָס ער האָט געהאַלטען אין זיין רעכטער האַנט, אויף דעם באָדען.

— זיי פאַרלאַנגען אָבער פון אונז אז מיר זאָלען דיר פריהער בינדען, און אין זייערע הענט דיך איבערגעבען א געבונדענעם.

— איך וועל דאָס אייך אויך לאָזען טאָן אָבער איהר וועט מיר דאַרפען פריהער צושווערען אז איהר וועט מיר אַליין נישט טויטען, ווייל איהר ווייסט דאָך אז פאַר אייך וועל איך זיך נישט היטען, און טאָמער וועלען איינינע פון אייך מיך באַפאַלען און מיך טויטען פון הינטען.

— מיר שווערען! — האָט דער עלטסטער אויפגעהויבען זיין האַנט — מיר שווערען צו אונזער גאָט, אז מיר וועלען דיר בינדען און איבערגעבען צו די פּלשתים, אָבער אַליין וועלען מיר דיך נישט טויטען.

— אויב אזוי קענט איהר צו מיר טאָן ווי זיי האָבען פון אייך פאַרלאַנגט— האָט שמשון זיך אָפּגערופען — איך וועל נישט דערלאָזען אז צוליעב מיר זאָלען די פּלשתים אייך שלעכטעס טאָן.

די עלטסטע האָבען שמשון'ען אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג... זיי האָבען נים געגלויבט, אז שמשון וועט אזוי שנעל צושטימען צו זייער פאַרלאַנג.

— נו, פאַרוואָס ברענגט איהר נישט די שטריק! — האָט זיך שמשון צו זיי אָפּגערופען.

—אָבער דאָס וועט דאָך מיינען א זיכערער טויט פאַר דיר! — האָט זיך איינער פון די עלטסטע אָפּגערופען.

—אויב דאָס וועט זיין דער ווילען פון גאָט, בין איך אויף דעם געגרייט — האָט שמשון געענטפערט — ברענגט די שטריק און בינדט מיר !

די מענשען, וועלכע האָבען ארומגערינגעלט שמשון׳ען האָבען זיך איבער־געוואָרפען מיט בליקען. זיי האָבען געקוועטשט מיט די פּלייצעס און ביי זיך ניט געקענט באשליסען ווי צו האנדלען.

— איך זאָג אייך מיינע ברידער, אז מיר וועלען באַגעהן א גרויסען פאַר־ברעכען געגען שמשון׳ען און געגען דעם גאַנצען שבט דן, אויב מיר וועלען מיט אונזערע אייגענע הענט איהם איבערגעבען א געבונדענעם אין די הענט פון די ערלים.

—מיר דארפען דאנקען צו אונזער גאָט וואָס ער האָט געגעבען אזוי פיעל כח און גבורה צו א ישראל, אז די פלשתים ציטערען פאר איהם, און אנשטאָט איהם איבערצוגעבען אין זייערע הענט, וואָלטען מיר געדאַרפט איהם מאכען פאר אונזער פיהרער און צוזאמען מיט איהם קעמפען געגען אונזערע שונאים !—האָט א יונגערמאַן אויסגערופען.

—אָבער וואו וועלען מיר נעמען וואפען ? ! — האָט א צווייטער געזאָגט— מיר ווייסען, אז די פלשתים זיינען באוואָפענט און זיינען געאיבט אין מלחמה. ניין, מיר טאָרען זיך מיט זיי נישט אָנפאנגען, אז נישט זיינען מיר פארלאָרען.

— ער איז גערעכט — האָט שמשון זיך אָפּגערופען — אויב איהר קענט פארמיידען א מלחמה מיט די פלשתים דאַרפט איהר דאָס טאָן. איהר דאַרפט פאר מיר גאַר קיין זאָרג נישט האָבען. בינדט מיר און גיט מיר איבער צו די פלשתים א געבונדענעם.

— זאָל מען ברענגען די שטריק ! — האָט דער עלטסטער אויסגערופען — מיר דאַרפען ניט פארלירען צופיעל צייט.

מען האָט געבראַכט צוויי דיקע נייע שטריק.

איינינגע מענשען זיינען צו איהם צוגעגאַנגען. שמשון האָט פארלייגט זיינע הענט אויף הינטען, און די מענשען האָבען ארומגעבונדען די שטריק.

— בינדט אויך מיינע פיס — האָט שמשון זיך אָפּגערופען.

— אָבער ווי אזוי וועסטו מיט אונז קענען מיטגעהן ? — האָט איהם אי־מיצער געפרעגט.

— מען וועט מיר ארייגזעצען אין א וואָגען — האָט שמשון געענטפערט.

מען האָט גלייך געבראַכט א וואָגען געשפּאַנט מיט צוויי אייזלען און נאָכ־דעם ווי מען האָט אויך געבונדען שמשון׳ס פיס, האָבען זיי איהם געהאָלפען זיך ארייגזעצען אין וואָגען.

די דריי טויזענט אידען האָבען שמשון׳ען באַגלייט ביז הינטערן שטאָדט, דערנאָך זיינען די איבעריגע געגאַנגען יעדער צו זיין היים.

---

די פלשתים האָבען מיט גרוים אומגעדולד געוואַרט אויף דעם ענטפער פון די איינוואוינער פון שטאָדט. זיי זיינען נישט געווען זיכער, אז שמשון געפינט זיך דאָרטען.

אויב מיר וועלען אויסגעפינען אז די איינוואוינער פון צרעה האָבען אונז

אפגענארט וועלען מיר זיך גלייך צוריקקעהרען און פארניכטען די שטאדט צרעה מיט אלע איינוואוינער.

— אבער פון וואנען וועלען מיר וויסען, אז די מענשען פון יהודה זאגען אונז דעם אמת? מעגליך אז זיי וועלען זיך ארויסדרעהען פון דער פאראנטווארטליכקייט און וועלען אונז אויך זאלען א ליגען, אז שמשון געפינט זיך נישט צווישען זיי.

— מיר דוכט אז מען קומט אן! — האט איינער פון די פלשתים אויסגערופען. די פיהרער האבען אויפגעהויבען זייערע אויגען און האבען זיך אפגערופען איינער צו דעם צווייטען:

— דאס קומען זיי געווים מיט אן ענטפער.

— איך זעה א וואגען קומט אן.

— אין וואגען זיצט שמשון א געבונדענער! — האט א צווייטער אויסגערופען מיט פרייד.

— יע, עס איז שמשון אונזער גרעסטער שונא! א, דגון אונזער גאט האט איהם איבערגעגעבען אין אונזערע הענט.

עס איז געווארען א גרויס שאלען, און פרעהליכע אויסגעשרייען האבען אנגעפיהלט די לופט.

— א טויט צו אונזער גרעסטען שונא! — האבען פילע גענומען שרייען— מיר וועלען איהם טויטען גלייך אויף אן ארט און ברייננגען צו אונזער לאנד זיין טויטען קערפער.

— אזוי לאנג ווי ער איז געבונדען, וועלען מיר איהם בעסער ברענגען א לעבעדיגען! זאלען אונזערע ברידער אויך האבען דעם פארגעניגען צו זעהן ווי דער ערגסטער שונא פון אונזער לאנד ווערט געטויטעט...

די עטליכע מענשען און דער וואגען מיט שמשון'ען האבען זיך דערנענטערט צו דעם לאגער פון די פלשתים.

— מיר האבען אייער פארלאנג ערפילט און צו אייך צוגעשטעלט שמשון'ען א געבונדענעם. איצט קענט איהר טאן צו איהם וואס איהר ווילט — האט איינער פון שמשון'ס באגלייטער זיך אפגערופען.

— נעהמט איהם ארונטער פון וואגען! — האט א צווייטער אויסגערופען.

זיי האבען איהם ארונטערגענומען פון וואגען און איבערלאזענדיג שמשון'ען א געבונדענעם נעבען זיינע שונאים האבען די אידען זיך שנעל צוריקגעקערט אין שטאדט.

שמשון איז געשטאנען מיט זיינע הענט געבונדען אויף הינטען. זיינע פיס זיינען אויך געווען שטארק פארבונדען.

די פלשתים האבען איהם שנעל ארומגערינגעלט און צו זייער פרייד און יובל־געשרייען איז קיין גרענעץ נישט געווען.

— א, שמשון! איצט וועלען מיר נקמה נעמען אן דיר פאר אלץ וואס דו האסט צו אונז געטאן — איז צו איהם צוגענאנגען דער פיהרער און איהם ארונטערגעלאזען א שטארקען פאטש איבער'ן פנים.

שמשון'ס צארן און אויפרעגונג איז געווען גרויס. ער האט זיך א דרעה געטהאן, מיט כוח א ציה געטהאן מיט זיינע הענט און די דיקע שטריק זיינען

געוואָרען צו איהם אזוי ווי א פּאַדים פון פלאַקס; זיי זיינען צוריסען געוואָרען. און אויך די שטריק, וואָס האָבען זיינע פיס געבונדען, האָט ער שנעל צוריסען.

שמשון האָט זיך אין גאַנצען באַפרייט פון די דיקע שטריק, און ער האָט גלייך אראָפּגעלאָזען אזא שטאַרקען פּאַטש דעם פיהרער, אז יענער איז אומגעפאַלען א טויטער אויפ'ן באָדען.

די פלשתים האָבען זיך א לאָז געטהאָן מיט זייערע שווערדען צו איהם, שמשון האָט אָבער עטליכע פון זיי א שליידער געטהאָן. ער האָט ביי זיך אין האנט גאָר ניט געהאט. ער האָט זיך אומגעקוקט און באַמערקט א באַק פון אן אייזעל ליגט אויף דער ערד, נעבען זיינע פיס, ער האָט זיך שנעל א בויג געטהאָן און שנעל אויפגעהויבען די באַק און דערמיט גענומען שלאָגען די פלשתים, אויף רעכטס און לינקס.

די פלשתים האָבען זיך דערשראָקען. עס איז אויסגעבראָכען א מהומה אין זייער לאַגער. זיי האָבען אָנגעהויבען קעמפּען איינער מיט'ן צווייטען. די וועלכע האָבען באַשלאָסען צו קעמפען געגען שמשון'ען און איהם נעהמען א געפאַנגענעם, האָבען ניט דערלאָזען, אז די אנדערע זאָלען אנטלויפען. שמשון האָט אין דער זעלבער צייט ניט אויפגעהערט צו שלאָגען זיינע שונאים מיט דער באַק פון דעם אייזעל. זיין צאָרן איז אין איהם געשטיגען און ער האָט זיך יעצט נאָך מעהר אָפּגערעכענט מיט זיינע שונאים. ער האָט זיי איינציגווייז אויסגעלעגט... און נאָך האַלבען טאָג האָט ער שוין געהאט אוועקגעלעגט ארום א טויזענט פלשתים און די איבעריגע זיינען זיך צולאָפען אין גרויס שרעק.

איינינע פאָרשטעהער פון דער שטאָדט לחי האָבען זיך שטילערהייט ארויסגערוקט פון שטאָדט און זיך באַהאַלטען אין דעם דערבייאיגען וועלדעל, צו זעהן וואָס עס האָט פּאַסירט מיט שמשון'ען, נאָכדעם ווי מען האָט איהם איבערבערגעגעבען א געבונדענעם אין די הענט פון די פלשתים.

פון דעם טומעל און געשרייען, וואָס האָט זיך צו זיי דערטראָגען, האָבען זיי פאַרשטאַנען, אז שמשון קעמפט מיט זיינע שונאים. איינער האָט געוואָגט ארויסצוגעהן פון זיין באַהעלטניש און ארויפגעקלעטערט אויף א בוים, צו קענען זעהן אלעס וואָס קומט פאָר. ער האָט דערזעהן ווי שמשון האַלט עפּעס אין זיין האנט און שלאָגט דערמיט די פלשתים, וועלכע פאַלען ווי די פליגען, איינער נאָך דעם אנדערען.

— שמשון האָט זיך באַפרייט פון זיינע שטריק! — האָט ער שטילערהייט א זאָג געטהאָן צו זיינע חברים, וועלכע זיינען געווען אונטען — ער שלאָגט די פלשתים! הונדערטער ליגען שוין טויטע און ער זעצט נאָך פאָר!

דאַן האָבען אויך די אנדערע געוואָגט ארויסצוגעהן פון זייער באַהעלטעניש און מיט זייערע אויגען אלעס צו זעהן.

זיי צולויפען! ער יאָגט זיך נאָך זיי!

— שא, ניט אזוי הויך! ער וועט נאָך אונז דערהערען!

— נו, וואָס האָבען מיר מורא, ער וועט דאָך אונז קיין שלעכטס ניט טהאָן!

— אָבער מיר האָבען דאָך געהאָלפען איהם צו בינדען! און ער איז געווים אויך אויף אונז אין כעס.

— ער האָט אונז אליין געהייסען מיר זאָלען איהם בינדען, און א חוץ דעם איז ער דאָך אונזער ברודער...

— מיר זיינען ניט ווערטה אָנגערופען צו ווערען זיינע ברידער, ווען מיר האָבען געקענט טהאָן אזא זאַך צו איהם. וויפיעל האָט געפעהלט, אז די פלשתים זאָלען איהם מיט זייערע שווערדען דערשטעכען, איידער ער וואָלט באוויזען זיך צו באפרייען פון זיינע שטריק!

— ווען ער וואָלט געוואוסט, אז א געפאהר דראָהעט איהם, וואָלט ער זיך ניט געלאָזען בינדען.

— דאָך דאכט זיך מיר, אז מיר האָבען געגען איהם ניט ברידערליך געהאנדעלט... מיר זיינען געווען גרייט איהם איבערצוגעבען אין די הענט פון די פלשתים.

— זעהט איהר ווי מעכטיג ער איז: מיט איין פאַך פון זיין האנט לייגט ער אוועק צוויי פלשתים.

— איך זעה שוין הינדערטע הרוגים! די איבעריגע צולויפען זיך.

— ער האָט אונזערע שונאים פארניכטעט! יעצט קענען מיר צו איהם צוגעהן!

שמשון איז געשטאנען צווישען די הרוגים, מיט דער באק פון דעם אייזעל אין זיין האנט און האָט זיי באטראכט. ער האָט דערזעהן פון וואלד ארויס־קומענדיג עטליכע אידען, וועלכע האָבען זיך מיט לאנגזאמע טריט דערנעהענטערט צו איהם.

— געבענשט זיי צו גאָט, דו האָסט געהייליגט זיין נאָמען! — האָט איינער פון די אָנגעקומענע איהם באגריסט — דו האָסט די קרעפטען פון א מלאך פון גאָט... און זאָלען דיינע הענט געשטארקט ווערען, ווייל דו האָסט נקמה גענומען אָן אונזערע שונאים.

— פון איין אייזעל — פיעלע אייזלען! — האָט שמשון א שמייכעל געטהאָן—מיט דער באק פון דעם אייזעל האָב איך געטויטעט פיעלע "אייזלען"!

שמשון האָט א שליידער געטהאָן די באק, וואָס ער האָט געהאַלטען אין האנט, און ער האָט אָפּגעווישט דאָס בלוט פון זיינע הענט.

— ווייסטו, אונזער האר, אריינקומען אין שטאָדט, דו ביזט דאָך געוויס מיעד, דורשטיג און הונגעריג.

— ניין! — האָט שמשון געענטפערט — ווען די פלשתים וועלען זיך דער־וויסען, אז איהר האָט מיר אויפגענומען און געגעבען עסען און טרינקען, וועלען זיי אייך ווידער זוכען שלעכטס צו טהאָן.

— ווען דו וועסט זיין מיט אונז, האָבען מיר ניט וואָס מורא צו האָבען!

— אָבער איך באלאנג צו דעם שבט דן... פאר וואָס זאָל איך אייך פאר־אורזאכען צרות. איך ווייס, אז די פלשתים געוועלטיגען איבער אייך! — האָט שמשון סארקאסטיש א זאָג געטהאָן — און יעצט איז מיין עצה, איהר זאָלט שנעל אוועקגעהן פון דעם דאָזיגען פּלאַץ, ווייל טאָמער וועלען אָנקומען נאָך פלשתים, וועלען זיי מיינען, אז די מענשען פון שבט יהודה זיינען אויך שולדיג אין דער מפלה פון זייערע ברידער.

די עטליכע מענשען פון דעם שבט יהודה האבען זיך שנעל אפגעטראגען און האבען דערצעהלט פאר אלעמען וואס עס האט פאסירט, ווי אזוי שמשון האט מיט א באק פון אן אייזעל געטויטעט ארום א טויזנעט פלשתים.

---

שמשון'ס נאמען איז נאך מעהר באריהמט געווארען. די פלשתים האבען שוין יעצט געציטערט פאר איהם און האבען אויף א ווייל אויפגעגעבען דעם געדאנק זיך מיט איהם אפצורעכענען. זיי האבען איינגעזעהן, אז ער באזיצט אונגעהויערע גרויסע קרעפטען און האבען געווארט אויף א געלעגענהייט, ווען זיי וועלען זיך קענען אן איהם נוקם זיין, אן דעם גרעסטען שונא פון זייער פאלק.

די פלשתים זיינען געווען צופרידען וואס די שבטים צאהלען זיי נאך די צינזען. און כאטש זיי זיינען צווישען זיך געווען פאראייניגט, פונדעסטוועגען האט קיינער אפילו ניט געוואגט צו געהן מלחמה האלטען מיט די אידען צוליעב שמשון'ען.

שמשון האט זיך אין א קורצע צייט ארום צוריקגעקעהרט צו זיינע עלטערן אין צרעה, וואו ער האט פארנומען דעם פלאץ אלס שופט, משפט'ענדיג די אידען פאר אן ערך פון צוואנציג יאהר.

## ניינטער קאפיטעל

## דלילה

די גאנצע צייט, וואס שמשון האט גע'משפט די אידען, האט ער ניט געוואלט הערען פון חתונה האבען. וויפיעל זיין מוטער, צללפונית, האט אויף איהם געזוכט צו ווירקען ער זאל חתונה האבען מיט תרצה'ן, האט עס ניט געהאלפען. זיין הארץ האט צו איהר ניט געצויגען. גאנץ אפט פלעגט ער טראכטען פון מרמה'ן, זיין ערשטער פרוי, וועלכע האט געהאט אזא שרעקליכען סוף. . . זיינע געדאנקען זיינען פארנומען געווארען מיט זכרונות פון יענע יאהרען, ווען ער פלעגט קומען פארברענגען אין די פלשתים שטעדט, וואו זייערע שעהנע טעכטער פלעגען איהם אונטערהאלטען... ער האט אליין זיך קיין ערקלערונג ניט גע־קענט געבען, אבער עפעס האט איהם געצויגען צו די פלשתים, זיינע שונאים, אויך די שונאים פון זיין פאלק. ער פלעגט דאריבער גאנץ אפט אוועקשפא־צירען אין א פלשתים שטאדט, וואו ער פלעגט פארברענגען א טאג אדער צוויי אין פארשיידענע פלעצער. די פלשתים האבען איהם שטארק געהאסט, אבער זיי האבען מורא געהאט זיך אנצופאנגען מיט איהם. פריש איז נאך געווען אין זייער זכרון די מפלות וואס זיי האבען געהאט, ווען זיי האבען זיך מיט שמשון'ען אנגעפאנגען. גאנץ אפט פלעגט פאסירען, אז אייניגע פלשתים פלעגען זוכען נקמה צו נעהמען אן איהם, אבער זיי פלעגען כאפען א ביטערען סוף.

איינמאל איז שמשון אוועק נאך דער שטאדט, עזה, וואס געפינט זיך צו דרום צו. ער האט געוואוסט, אז דארטען, אין עזה, געפינט זיך א קרעטשמע, וואס באלאנגט צו א פרוי, און דארטען פלעגען זיך פיעלע פון די יונגע פלשתים פארזאמלען און פארברענגען.

שמשון איז אוועק צו יענער קרעטשמע. ער איז געקומען צו דער איי־גענטהימערין פון דער קרעטשמע און זיך צו איהר אפגערופען:

— ווען פארזאמלען זיך די יונגווארג פון שטאדט אין דער קרעטשמע, דארט צו פארברענגען?

— מיין האר, דו ביזט דאך שמשון! — האט זי אויסגערופען מיט שרעק — דו ביזט זיכער געקומען שלעכטס צו טהאן מיט אונז.

— שרעק זיך ניט,—האט שמשון א שמייכעל געטהאן—איך בין יעצט ניט געקומען אהער אימיצען שלעכטס צו טהאן. איך בין אהער געקומען פאר־ברענגען. עס איז שוין לאנג, אז איך האב ניט פארבראכט מיט די פלשתים מיידלאך.

ער האט ארויסגענומען א גאלדענע מטבע און דערלאנגט דער פרוי.

— איך דאנק דיר, מיין האר! — האט זי זיך פארנייגט — דו מעגסט זיכער זיין, אז דו וועסט זיך גאנץ פיין אמוזירען, איבערהויפט דעם היינטיגען אווענט...

— פארוואס היינטיגען אווענט מעהר ווי אן אנדער אווענט? — האט שמשון איהר געפרעגט מיט א שמייכעל.

— ווייל היינט אווענט קומט אן אין מיין קרעטשמע א גאסט, אויף וועמען פיעלע פון די יונגע לייט ווארטען מיט גרוים אומגעדולד.

— און ווער איז דאס דער גאסט?

— דאס איז א "זי" — האט די ווירטין א שמייכל געטהאן.

— פון וואנען קומט זי אן? — האט שמשון געפרעגט.

— זי קומט פון דעם טהאל שורק. זי איז באריהמט אין דעם גאנצען געגענד פאר א וואונדער־שעהנע מיידעל און א גוטע טענצערין. און ווען איך בין דארט געווען האט זי מיר פארשפראכען צו קומען היינט אין אווענט צו מיין קרעטשמע און זי וועט אונטערהאלטען מיינע געסט.

— און ווי איז איהר נאמען? — האט זיך שוין שמשון פאראינטערעסירט.

— איהר נאמען איז דלילה! און אויב דו וועסט וועלען וועל איך זי פאר דיר פארשטעלען.

— איך בין צופרידען! — האט שמשון געלאכט. — אויב זי איז ווירקליך אזא גוטע טענצערין, ווי דו זאגסט, וועל איך זיין צופרידען זי צו קענען.

— ווער וועט עס ניט זיין צופרידען? — האט די ווירטין געזאגט מיט א שמייכעל — אלע יונגע לייט פון עזה זיינען נייגיעריג זי צו זעהן און פיעלע וועלען היינט קומען אהער פארברענגען צוליעב איהר.

— האסטו א גוטען צימער פאר מיר איבערצונעכטיגען די נאכט, אויב איך וועל דא פארבלייבען?—האט שמשון איהר געפרעגט.

די ווירטין האט איהם ארייגעפיהרט אין א צימער.

— דא וועסטו קענען גאנץ רוהיג איבערשלאפען די נאכט און מעהר ווי צוויי שקלים וועל איך פון דיר ניט פארלאנגען פאר דעם.

— גוט, איך וועל דיר גלייך באצאהלען — האט שמשון ארויסגענומען צוויי שקלים און איהר דערלאנגט. ער האט זיך געזעצט ביי א טיש און פאר־לאנגט עטוואס צו עסען.

— דו קענסט מיר געבען צו עסען אלעס, וואס דו האסט, אבער ניט קיין

פלייש. מיר, אידען, עסען ניט קיין פלייש, וואס איז צוגעגרייט געווארען פון די פלשתים.

ווען שמשון האט אפגעגעסען, האט שוין דער אווענט גענומען צופאלען. פארשיידענע געסט האבען אנגעהויבען אריינצוקומען. שמשון האט באמערקט די איבערראשונג אויף זייערע פנים׳ער ווען זיי האבען איהם דערזעהן. ער האט באמערקט, ווי זיי הויבען זיך אן צו שושקען וועגען איהם. עטליכע גע־שפרעכען האבען דערגרייכט זיינע אויערען:

— אט דארטען זיצט דאך שמשון, דער שונא פון אונזער פאלק.

— אונזערע ברידער האבען זעהר פיעל געליטען פון איהם און יעצט איז ער געוויס געקומען אויך אונז שלעכטס טהאן; ער איז יעצט ביי אונז אין די הענט און מיר װעלען דארפען אנזאגען אלעמען אין שטאדט.

זיי האבען זיך נאך לאנג געשושקעט, אבער שמשון האט אלעס ניט גע־קענט הערען. ער האט בלויז באמערקט, אז זיי ווארפען זייערע בליקען אויף איהם.

— פרידען צו אייך, מיינע ברידער! — האט שמשון זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאץ און זיך צו זיי געווענדעט—ווי עס שיינט צו מיר קענט איהר מיר ניט!

— פוידען אויך צו דיר, שמשון! — האט איינער זיך א נויג געטהאן— מיר קענען דיר אלע און דו ביזט ווילקאמען אין אונזער שטאדט.

— איך בין דאס ערשטע מאל אין עזה, אבער איך גלויב, אז דאס וועט ניט זיין דאס לעצטע מאל; איך זעה אז ביי אייך אין שטאדט געפינען זיך א סך פלעצער וואו זיך צו אמוזירען, און דא וועלען היינט קומען די מיידלאך פון שטאדט צו טאנצען.

— יע, א סך מיידלעך וועלען אויך אנקומען פון אנדערע שטעדט, — האט מען איהם געענטפערט.

—קומט, איך וועל הייסען ברענגען וויין! — האט שמשון זיך אפגע־רופען — זעצט זיך ביי די טישען.

אייניגע פון די פלשתים האבען זיך געזעצט און שמשון האט צוגערופען די ווירטין און געהייסען ברענגען וויין פאר די יונגע לייט, אויף זיין חשבון.

זי האט געבראכט די וויין און שמשון האט זיי געהייסען טרינקען.

— און דו? — האט איהם איינער געפרעגט — פאר וואס טרינקסטו ניט?

— מיר איז ניט ערלויבט צו טרינקען וויין! — האט שמשון זיך אפגע־רופען — איך בין א נזיר.

אייניגע פון די יונגע לייט האבען זיך אומבאמערקטערהייד ארויסגערוקט פון קרעטשמע און זיינען גלייך אוועק צו די בעאמטע פון שטאדט און זיי איבערגעגעבען, אז שמשון געפינט זיך אין עזה.

— מיר וועלען האבען א גוטע געלעגענהייט זיך מיט איהם אפצורע־כענען! — האט איינער פון די שטאדט בעאמטע זיך אפגערופען — מיר וועלען פארשליסען די טויערען פון שטאדט, ער זאל ניט קענען ארויסגעהן און דערווייל וועלען מיר זיך גוט צוגרייטען; מיר וועלען זיך באוואפענען און

זוי נאר עס וועט ווערען טאָג און ער וועט נעהמען ארויסגעהן פון אונזער שטאָדט וועלען מיר איהם באַפאלען און טויטען.

— ווי מיר פארשטעהען, וואָרט שמשון אויף דלילה׳ן, וועלכע דארף היינט אין אָוונט אַנקומען אין קרעטשמע. וועז זי וועט קומען אין שטאָדט, וועלען מיר זיך מיט איהר דארפען זעהן!—האט איינער פון די יונגע פלשתים זיך אָפּגערופען — איך בין זיכער, אז זי קען אויף איהם ווירקען. ער זאָל דאָ פאר־בלייבען נעכטיגען.

— ווען דארף זי אַנקומען ? — האָט דער בעאמטער געפרעגט.

— זי דארף באלד זיין. די ווירטין פון ׳ער קרעטשמע האָט אונז גע־לאָזט וויסען, אז דלילה וועט קומען אונטערהאלטען די געסט — מעגליך, אז זי איז שוין אָנגעקומען. איך וועל אריבערגעהן זעהן.

אין א ווײלע ארום האָט זיך דער יונגער פלשתי אומגעקעהרט און האָט די בעאמטע איבערגעגעבען, אז דלילה געפינט זיך שוין אין קרעטשמע.

— מיר ווילען אויך מוזען אהין געהן ! — האָט איינער פון די בעאמטע זיך אָפּגערופען — איך וועל זיך זעהן מיט דלילה׳ן.

— דו וועסט עס אָבער דארפען טהאָן זעהר פאָרזיכטיג, שמשון זאָל גאָר ניט פארדעכט׳גען ! — האָט א צווייטער געזאָגט.

— דו קענסט זיך אויף מיר פארלאָזען, איך וועל געהן אהין און דו דארפסט זעהן צוצוגרייטען אלע שטארקע פלשתים, זיי זאָלען זיין געגרייט, און ווען דער פריהמאָרגען וועט קומען און שמשון וועט צוגעהן צום טויער, און וועט געפינען דעם טויער פארשלאָסען, וועט ער דאך געווים פארשלאָגען, מען זאָל פאר איהם עפענען דעם טויער, דאן ווילען מיר אויף איהם ארויספאלען און מאכען א סוף צו זיין לעבען.

---

אין דער קרעטשמע, וואו שמשון איז געווען, האָט מיט יעדער רגע גע־נומען ווערען פרעהליכער. א סך שעהנע מיידלאך זיינען אָנגעקומען, און באלד נאָכדעם האָט זיך באוויזען דלילה.

שמשון האָט זי גלייך דערקענט, לויט ווי די קרעטשמערין האָט זי גע־מאָלען. זי איז געווען הויך און שעהן ; איהרע האר זיינען געווען רויטליך ; איהרע גרויסע, שווארצע אויגען האָבען געגלאַנצט.

שמשון האָט פון איהר זיינע אויגען ניט ארונטערגענומען. ער האָט באמערקט, אז אויך די איבעריגע געסט עסען זי אויף מיט זייערע בליקען. אָט פארשווינדט זי אויף א ווײלע אין א באזונדען צימער און באלד קומט זי ארויס אנגעטהאָן אין א טאנץ קאָסטיום, מיט צימבאלען אין די הענט. זי האָט זיך אוועקגעלאָזען טאנצען. באלד זיינען ארויסגעקומען נאָך מיידלאך און מיט צימבאלען אין זייערע הענט האָבען זיי דלילה׳ן ארומגערינגעלט, טאנצענדיג ארום איהר.

דלילה איז א ווײלע געשטאנען אין מיטען פון דעם צירקעל פון די מייד־לאך און באטראכט די פיעלע געסט. באלד זיינען געפאלען איהרע בליקען אויף שמשון׳ען, וועלכער איז געזעסען אין א ווינקעל פון צימער, און איהר דורכ־

געדרונגען מיט זיינע אויגען. זייערע בליקען האבען זיך באגעגענט און שמשון האט זיך שנעל אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ.

דלילה איז ארויסגעגאנגען פון דעם צירקעל און טאנצענדיג, האט זי זיך דערנעהענטערט צו שמשון'ען. זי איז צו איהם צוגעגאנגען און שמשון האט איהר א נעהם געטהאן פאר איהר האנט.

— א, ווי וואונדערליך שעהן דו ביזט! — האט שמשון זיך צו איהר אפגערופען — און דיין טאנצען האט מיך באצויבערט.

— און ווי שטארק און מעכטיג דו ביזט, שמשון! — האט זי זיך אפגערופען צו איהם אין דער שטיל.

— פון וואנען ווייסטו מיין נאמען?

— ווער האט עס ניט געהערט פון דעם גרעסטען העלד פון לאנד! — האט דלילה זיך אפגערופען — און ווען איך האב געהערט, ווי מען רעדט, אז שמשון געפינט זיך אין דיעזער קרעטשמע, האב איך גלייך פארשטאנען, אז דו ביזט שמשון.

— קום, זעץ זיך אוועק נעבען מיין טיש! — האט שמשון צו איהר געזאגט.

— ניט יעצט, אביסעל שפעטער — האט זי שטילערהייט א זאג געטהאן און זיך אוועקגעלאזען ווידער טאנצען מיט די איבעריגע מיידלאך.

נאכדעם ווי זי האט פארענדיגט איהר טאנצען, האבען זיך א לאז געטהאן צו דלילה'ן נאך אייניגע יונגע פלשתים.

דלילה האט זיי אבער פון זיך לייכט אפגעשטויסען.

— איך בין מיעד! — האט זי אויסגערופען און איז אריין אין איהר צימער.

א היבשע וויילע איז זי אפגעווען אין איהר צימער. א סך פון די פלשתים זיינען זיך צוגאנגען, אנדערע זיינען געבליבען זיצענדיג נעבען זייערע טישען און געדרעמעלט.

שמשון איז געזעסען אויף זיין פלאץ און געווארט. באלד האט זיך געעפענט די טיהר פון דלילה'ס צימער. דלילה האט ארויסגעשטעקט איהר קאפ און ווען זי האט באמערקט, אז אלע זיינען שוין כמעט אוועק, איז זי ארויס פון איהר צימער און גלייך צוגעגאנגען צו שמשון'ען. שמשון האט געהייסען ברענגען פאר איהר עפעס צו עסען, מיט וויין.

דלילה האט זיך עטוואס אפגערוקט פון שמשון'ען.

— פאר וואס זעצטו זיך ניט נעהענטער צו מיר? — האט שמשון איהר געפרעגט.

— איך האב מורא פאר דיר! — האט דלילה איהם געענטפערט מיט א שמייכעל — איך וויים וואס דו טהוסט צו די, אויף וועמען דו ווארפסט אן אומחן.

— אבער אויף דיר וועל איך דאך געווים קיין אומחן ניט ווארפען — האט שמשון, שמייכלענדיג, געענטפערט.

— איך האב מורא, אז ווען דו וועסט מיך פון גאנץ נאהענט זעהן, וועסטו וואס שנעלער וועלען מיך פון זיך אוועקשיקען.

— און דו וועסט אזוי שנעל ניט אוועקגעהן פון מיר! — האט שמשון געלאכט.

— נאכדעם ווי איך האב אזוי פיעל געהערט פון דיר, איז עס פאר מיר א גרויס כבוד צו זיין אין דיין געזעלשאפט.

— וואס האסטו אזוינס געהערט פון מיר? געוויס האסטו דאך ניט געקענט הערען קיין גוטעס פון מיר... דיינע ברידער וועלען דאך נאר שלעכטס רעדען וועגען מיר.

— פאר מיר אבער זיינען דאס גוטע רייד... איך וויים ווי אפצושאצען א העלדישען מאן!

— און איך וויים ווי אפצושאצען א זעלטענע שעהנע פרוי!

— יע, איך וויים דאס אויך! — האט דלילה א שמייכעל געטהאן און באוויזען צוויי רייהען פערעלדיגע ציינער.

— פון וואנען ווייסטו דאס?

— און ווער וויים ניט די געשיכטע פון דישון'ס טאכטער? איך האב זי קיינמאל ניט געזעהן, איך בין געוויס דאן א קליין קינד געווען, אבער ווי מען האט מיר דערצעהלט, איז זי געווען א זעלטענע שעהנהייט.

— יע! — האט שמשון א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ — זי איז געווען זעהר שעהן, אבער דאך בין איך זיך מודה, אז דו ביזט א סך שעהנער פון איהר...

— און איך געפעהל דיר? — האט זיך שוין דלילה עטוואס צוגערוקט צו איהם.

— נו, געוויס געפעהלסטו מיר! איך האב נאך אזא שעהנע מיידעל אין גאנץ פלשתים לאנד ניט געזעהן.

— און אין דיין לאנד האסטו געזעהן א שעהנערע פון מיר? — האט דלילה איהם געפרעגט.

— איך רעד ניט יעצט פון מיין לאנד! די מיידלאך פון מיין לאנד זיינען אין גאנצען אנדערש, ווי די פלשתים מיידלאך! — האט שמשון געזאגט.

— אבער ווי איך האב געהערט זיינען פאראן זעהר שעהנע מיידאלך צווישען די אידישע.

— קיינער וועט עס ניט פארלייקענען. אבער די מיידלאך פון די פלשתים זיינען א סך מעהר לוסטיג און באנעהמען זיך מיט פיעל מעהר פרייהייטען — האט שמשון געזאגט — אט האסטו פריהער געטאנצט אין אזא קאסטיום, וואס קיינע פון די מיידלעך פון ישראל וואלט אזא קלייד ניט אנגעטהאן און אזוי ערשיינען פאר יונגע לייט...

— אבער דו, שמשון, האסט ניט געהאט דאגעגען, וואס איך האב אזא קאסטיום געטראגען... און ווי איך האב באמערקט האסטו דיינע אויגען ניט געקענט אנזעטיגען...

— נו, געוויס! — האט שמשון געלאכט — אזא זעלטענע שעהנהייט ווי דו ביזט, האסטו געוויס געצויגען די אויפמערקזאמקייט פון יעדען יונגען מאן, און אין מיינע אויגען ביזטו אין דעם יעצטיגען קלייד נאך שעהנער!

— און יעצט זאג מיר, שמשון, ווי קומסטו דא אין עזה? — האט דלילה איהם געפרעגט.

— ווייל איך האב געוואוסט, אז איך וועל דיך דא טרעפען!

— דו נארסט מיך! — האט דלילה קאקעטיש א זאג געטהאן — דו האסט דערפון ניט געקענט וויסען... ווייל איך האב ערשט היינט צוגעשטימט צו קומען אהער, אונטערצוהאלטען די געסט פון דיזער קרעטשמע.

— איך בין אהער צופעליג געקומען, אבער יעצט בין איך דאנקבאר דעם צופאל, ווייל איך האב דיך געטראפען. איך האב ניט געהאט אין זינען דא איבערצונעכטיגען די נאכט, אבער ווען איך האב געהערט, אז דו קומסט, האב איך אפגעדונגען א צימער, איך זאל דא קענען נעכטיגען די נאכט.

— און איך וואלט דיר געראטען דאס ניט צו טהאן! — האט דלילה אנגעריהרט זיין האנט.

— פאר וואס?

— אויב דו וועסט קענען ארויס פון דער דאזיגער שטאדט פריהער, וועט זיין פאר דיר בעסער.

— אבער יעצט, אז דו ביזט נעבען מיר, דלילה, בין איך ניט אין גרויס איילעניש; איך בין אפילו ניט שלעפעריג, איך קען מיט דיר אפזיצען די גאנצע נאכט.

— אבער איך בין זעהר מיעד, שמשון, און איך וועל דיר גלייך פאר־לאזען, דאריבער איז מיין עצה, דו זאלסט פארלאזען די שטאדט, כל זמן עס איז פינסטער.

— אבער פאר וואס קענסטו מיר ניט געבען קיין אורזאכע?

—איך קען ניט! אבער פאלג מיר און טהו ווי איך הייס דיר!

— אויב דו וועסט מיר ניט זאגען פאר וואס, וועל איך פון דאנען ניט אוועקגעהן.

— איך בעט דיר, טהו מיר די געפעליגקייט, שמשון, און געה אוועק פון עזה... ווייל דיין לעבען איז אין געפאהר!

שמשון האט זיך פארנאנדערגעלאכט.

—ווער האט דיר געזאגט, אז מיין לעבען איז אין געפאהר?

— איך האב עס אויסגעפונען היינטיגען אווענט. די גאנצע שטאדט עזה איז באוואפענט געגען דיר. איך בין ניט זיכער, אויב דיר וועט זיך איינ־געבען צו פארלאזען די שטאדט, ווייל דער טויער איז פארשלאסען. דאך אבער פיהל איך, אז יעצט וועט פאר דיר זיין א סך גרינגער אוועקצוגעהן, יוי אין דער פריה, ווען אלע וועלען ארויסקומען באוואפענט.

— איך דאנק דיר, דלילה, פאר דיין ווארנונג! אבער איך האב קיין מורא ניט! איך בין דא געקומען מיט פרידען, און אויב די פלשתים ווילען מלחמה, בין איך געגרייט צו טהאן צו זיי, ווי איך האב אמאל געטהאן צו זייערע ברידער אין אשקלון, אין תמנה, און ווען זיי זיינען געקומען מיך נעהמען א געבונדענעם פון דעם שבט יהודה.

— אבער, שמשון, דיין לעבען איז אין גרויס געפאהר; דו ווייסט ניט, וויפיעל שונאים דו האסט. זיי קענען פון הינטען דיך דערשטעכען, אדער זיי קענען דיך באפאלען אין דיין שלאף.

— פאר דעם האב איך קיין מורא ניט! איך שלאף זעהר לייכט און דאס מינדעסטע גערויש וועקט מיך אויף.

— פונדעסטוועגען וואָלט איך דיר געראטען מיך צו פאָלגען היינטיגען מאָל. פארגעס ניט, אז דו ביזט ארומגערינגעלט פון שונאים, וועלכע ווייסען וועגען דיין קראפט און זיי וועלען שוין יעצט זיין גוט צוגעגרייט... און דערצו האָבען זיי דעם טויער פארשלאָסען.

— ביזטו זיכער, אז דער טויער איז פארשלאָסען?

— איך האָב געהערט אזוי!

— און ווי פיהרען זיי זיך יעדע נאכט? — האָט שמשון זי געפרעגט. —פארשליסען זיי דען ניט דעם טויער יעדע נאכט?

— ניין, שמשון! דער טויער פון עזה איז אָפען יעדע נאכט, אויסער דאן ווען עס איז פאראן א געפאהר פון א מלחמה.

— איך וועל זיך פריהער אויסרוהען און דערנאָך וועל איך אוועק פון דאנען! — האָט שמשון געזאָגט.

— איך האָף, אז דו וועסט ניט פארשלאָפען, ביז עס וועט ליכטיג ווערען, ווייל דאן וועסטו פון עזה געוויס ניט קענען ארויסגעהן.

— אויב אזוי וועסטו מיט מיר פארברענגען ביז אין מיטען דער נאכט. און דערנאָך וועל איך געהן!

— ניין, איך בין צו מיעד, יעצט. אָבער אויב דו וועסט מיר פאָלגען און אוועקגעהן פון דאנען איידער עס ווערט טאָג—וועל איך זיין צופרידען דיך אויפצונעהמען אין דעם טהאָל, וואו איך געפין זיך.

— גוט, איך וועל טהאָן דיין פארלאנג! — האָט שמשון זיך צו איהר אָפגערופען — איך וועל זיך דערווייל צולעגען אָפרוהען און אין מיטען נאכט וועל איך ארויסגעהן פון עזה.

דלילה איז אריין אין איהר צימער און שמשון האָט זיך צוגעלעגט א ווײלע און אין מיטען נאכט איז ער ארויס פון קרעטשמע.

ער איז צוגעגאנגען צו דעם טויער פון שטאָדט און ער האָט געזעהן, אז ער איז שטארק פארשלאָסען מיט פיעלע גרויסע שלעסער.

ארום איז געווען שטיל. ער האָט פרובירט עפענען, אָבער עס איז געווען אוממעגליך, ווייל די פלשתים האָבען שוין געזעהן, אז אָהן די שליסלען זאָל זיין אוממעגליך צו עפענען די טויערען פון עזה. א ווײלע איז שמשון געשטאנען און געשמייכעלט צו זיך. באַלד איז ער צוגעגאנגען צום טויער, און מיט זיינע געזונטע הענט, האָט ער מיט זיין גאנצען כוח א הויב געטהאָן דעם טויער, ארויסנעהמענדיג איהם פון די זאווייעסעם.

שמשון האָט דעם טויער, מיט אלע שלעסער און פאררוקערס, ארויפגעטהאָן אויף זיינע פלייצעס און עס אוועקגעטראָגען פון שטאָדט עזה. ער איז דערמיט ארויפגעגאנגען אויף דעם בארג, וואָס איז נעבען חברון, און דאָרטען איבערגעלאָזען דעם טויער.

א היבשע ווײלע איז ער געשטאנען אויף דעם בארג פון וואנען ער האָט געקענט זעהן דעם אָפענעם פלאַץ וואָס דער ארויסגענומענער טויער האָט איבערגעלאָזען. עס איז איהם אויסגעקומען אזוי קאָמיש אז ער האָט זיך שטארק פאנאנדערגעלאכט. באַלד איז איהם ארויפגעקומען אויף זיין געדאנק דלילה, די שעהנע פלשתים מיידעל, וועלכע האָט איהם אזוי שטארק באצויבערט... בלויז איינמאָל האָט זי איהם געזעהן און איז איהם שוין אזוי געטריי געווען. זי האָט

איהם געווארנט וועגען דעם גרויסען געפאהר וואס דראהט איהם. זי איז צו איהם צוגעשטאנען ער זאל זיך ראטעווען וואס שנעלער... זי האט געוואוסט גאנץ גוט אז די פלשתים פארדעכענען איהם פאר זייער גרעסטען שונא, פון דעסטוועגען האט זיך זעהר בעאומרוהיגט וועגען זיין זיכערקייט... דאס הארץ האט איהם געצומען ציהען צו איהר... ער האט פלוצים דערפיהלט א שטארקע ליעבע צו דלילה׳ן... מיט יעדער רגע האט זיך אין איהם געשטארקט דער פאר־לאנג ן ווידער צו זעהן... איהר געשטאלט האט פארבייגעשוועבט פאר זיינע אויגען... אט זעהט ער זי ווי זי טאנצט... ווי גראציעז און בויגזאם זיינען די געשניצטע גליעדער פון איהר שעהנעם קערפער.. איהרע אויגען ווי צוויי פונקען פייער וואס האבען געבריהט זיין הארץ... ער האט זיך דערמאהנט אז זי האט איהם פארשפראכען אויפצונעהמען אין איהר היים, אין דעם טהאל שורק, אויב ער וועט פון עזה אוועקגעהן איידער עס וועט טאג ווערען. א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף זיינע ליפען ווען ער האט א טראכט געטהאן ווי שטארק בעזארגט זי איז געווען וועגען זיין זיכערקייט... ער צווייפעלט ניט אז זי האט איהם אויך שטארק ליעב בעקומען... ער האט געפיהלט אז לאנג וועט ער ניט קענען ווארטען און ער וועט גאר אין גיכען זיך מוזען מיט איהר זעהן.

שמשון איז ארונטער פון בארג און האט זיך פארנומען אויף דעם וועג וואס פיהרט צו זיין געבורטסשטאדט צרעה.

---

ווי נאר עס האט אנגעהויבען טאגען, האבען זיך פיעלע באוואפענטע פלשתים אוועקגעלאזען צו דער קרעטשמע וואו שמשון האט פארבראכט... זיי זיינען געווען זיכער אז ער שלאפט נאך... עטליכע צעהנדליג פון זיי זיינען גע־שטאנען בעהאלטען צווישען די בוימער. אנדערע האבען ארויפגעקלעטערט אויף דעם דאך פון קרעטשמע מיטנעהמענדיג מיט זיך שווערע שטיינער, צו באוואר־פען שמשון׳ען אזוי שנעל ווי ער וועט פארלאזען די קרעטשמע.

ארום איז געווען גאנץ שטיל. די הויפט פיהרער פון די באוואפענטע פלשתים האבען צווישען זיך גערעדט:

— ווען מיר וואלטען געקענט אריינקומען אינעווייניג, אין קרעטשמע, און אריין שטילערהייט אין צימער וואו ער שלאפט, וואלטען מיר גאר קיינע שווע־ריגקייטען ניט געהאט איהם צו טויטען. מיר וואלטען זעהר פלינק אריינגעשטא־כען אונזערע שפיזען אין זיין הארצען.

— מיר וועלען זיך פריהער דארפען דורכריידען מיט דער אייגנטימעריז פון דער קרעטשמע, זי וועט אונז אין דעם קענען באהילפיג זיין.

— מיר וועלען איהר פארשפרעכען עטליכע שטיקער זילבער, וועט זי עס פאר אונז טהאן.

— מיר דוכט זיך, אז זי איז נאר וואס ארויס פון קרעטשמע.

— יא, איך זעה ווי זי איז אריין אין שייער.

— אט וועל איך געהן ריידען מיט איהר, — האט זיך א יונגער פלשתי אפגערופען, ארייגלייגענדיג זיין שווערד אין שייד.

— רוף איהר צו אהער און מיר וועלען אלע זיך מיט איהר דורכריידען, — האט א צווייטער געזאגט.

דער פלשתי איז צוגעקומען צו דער קרעטשמעריז און איהר געבעטען זי

זאָל צוקומען דאָרטען צווישען די בוימער, ווייל מען האָט מיט איהר עפּעס וויכטיגער צו ריידען.

— וואָס איז אזוי פריה? — האָט זי פערוואונדערט געפרעגט.

— שא! ניט אזוי הויך! קום דאָרטען און מיר וועלען דיר אַלעם ערקלערען.

די קרעטשמערין איז מיטגעגאנגען. ווען זי איז צוגעקומען צווישען די געדיכטע בוימער, זיינען די איבריגע פּלשתים ארויסגעגאנגען פון זייער בעהעלטענים און איהר ארומגערינגעלט.

— דו ווייסט דאָך, אז אונטער דיין דאך געפינט זיך דער גרעסטער שונא פון פּלשתים... ער איז געווים אהער געקומען מיט א שלעכטע כוונה, — האָט דער עלטסטער זיך אָפּגערופען.

— וואָס האָב איך געקענט טהאָן? איך האָב זיך שטארק דערשראָקען פאר איהם... ווען איך וואָלט איהם ניט געלאָזט איבערנעכטיגען די נאכט וואָלט ער מיר געווים צום טויט דערשלאָגען.

— מיר בעשולדיגען דיך ניט וואָס דו האָסט איהם ערלויבט צו בלייבען די נאכט אין דיין הויז, — האָט א צווייטער פּלשתי איהר געזאָגט, — פאַרקעהרט, מיר זיינען שטארק צופריעדען פון דעם. ווייל מיר האָפען אז יעצט איז געקומען די צייט פּטור צו ווערען פון שמשון'ען, דעם פערהאסטען פון אונזער פאָלק.

— און דו וועסט אונז קענען צוניץ קומען. דו ווערסט דארפען זיך איבערצייגען אויב ער שלאָפט גאנץ געשמאק, און דאַן זאָלסטו אונז באלד לאָזען ווי־סען און מיר וועלען זעהר פאָרזיכטיג אריינקומען און איהם גלייך אויף אן ארט טויטען.

— און וואָס וועל איך טהאָן אויב אייך וועט ניט געלינגען איהם צו טויטען? — האָט די קרעטשמערין אויסגערופען, — דאַן וועט שמשון אויסגיסען זיין גאנצען צאָרען אויף מיר. ער וועט מיך בעשולדיגען אז איך האָב איהם גע־וואָלט פערראַטען.

— דו ווערסט זיך קענען פאָרענטפערען אז מיר האָבען דיך דאצו געצוואונגען... אָבער דו האָסט ניט וואָס צו זאָרגען. אויב ער שלאָפט, וועט ער שוין קיינמאָל ניט אויפשטעהן... אונזערע שווערדען און שפּיזען זיינען גענוג שאַרף. און פאר דעם וועלען מיר דיר א גרויסע באלוינונג געבען.

— גוט, איך וועל טהאָן ווי איהר פערלאנגט, — האָט די קרעטשמערין אויסגערופען, — אָבער זייט זעהר פאָרזיכטיג איהר זאָלט קיין גערויש ניט מאכען, ער זאָל זיך ניט אויפכאַפּען.

זי איז שנעל אריינגעקומען אינעווייניג און שטילערהייט צוגעגאנגען צו שמשון'ס צימער. א ווײַלע איז זי געשטאַנען נעבען טהיר און זיך איינגעהערט... זי האָט קיין באוועגונג געהערט און זי האָט בעשלאָסען אויפצועפענען די טיהר. זעהר פאָרזיכטיג האָט זי די טיהר געעפענט און אריינגערוקט איהר קאָפּ... זי האָט באמערקט אז די בעט איז ליידיג. זי איז אריין אין צימער און איז באלד ארויסגעקומען צו די פּלשתים.

שמשון איז ניטאָ! — האָט זי אויסגערופען, — ער איז אוועק.

— און דו האָסט גאָרניט געהערט? ווי איז דאָס מעגליך?

— אויב איהר ווילט זיך איבערצייגען, טאָ קומט אריין אין הויז.

איינינע פון די פלשתים זיינען מיט איהר אריין אינעוויינינ. זי האט ברייט פאר זיי די טיהר פון צימער געעפענט.

— און וואו איז דלילה? — האט איינער פון די פלשתים געפרעגט.

— דלילה?! אהּ, ווארט א ווייל! — האט זי צו זיי א וואונק געטהאן מיט א שמייכעל, — עס איז מעגליך אז... יא, איך בין זיכער, ווייל זיי האבען ביידע פארבראכט ביז גאנץ שפעט.

— געה אריין צו דלילה'ן אין צימער, — האט דער עלטערער פלשתי זיך צו איהר אפגערופען, — שמשון וועט צו דיר גארנישט קענען האבען... דו ביזט דאך אריין צו דלילה'ן... פון וואנען זאלסטו וויסען אז שמשון געפינט זיך דארט?

— ניט אזוי הויך! — האט זי זיך צו זיי געווענדעט, — אויב ער איז ווירקליך מיט איהר, וואלט איך אייך געראטהען איהר זאלט פון דאנען ארויס ביז וואנען איך וועל אייך קומען אנזאגען.

די עטליכע פלשתים זיינען ארויס און די ווירטהין איז אריין אין דלילה'ס צימער... זי האט געזעהן ווי דלילה ליגט אין איהר בעט און שלאפט גאנץ געשמאק.

— ער איז אויך דארטען ניטא! — האט זי אויסגערופען גאנץ הויך, ווען זי איז ארויס אין דרויסען, — ווי עס ווייזט אויס, האט ער פארלאזען די קרעטשמע אין מיטען דער נאכט.

— ער מוז זיך געווים געפינען ביי די טויערען פון שטאדט! — האט א פלשתי אויסגערופען, — לאמיר אויפוועקען אלע איינוואהנער און מיר וועלען איהם אנטקעגען קומען.

— די שליסלען פון די טויערען געפינען זיך ביי מיר, און עס וועט אונמעגליך זיין פאר איהם ארויסצוגעהן פון שטאדט, — האט א פלשתי־בעאמטער זיך אפגערופען.

און איך וואלט דיך געראטהען ניט מיטצונעהמען די שליסלען מיט זיך! — האט נאך איינער געזאגט, — ער זאל נאכהער דיך ניט צווינגען פאר איהם די טויערען צו עפענען.

— אין דער גאנצער שטאדט איז באלד געווארען א גרויס טומעל און שאלען, יעדער פלשתי איז ארויס אין דרויסען מיטנעהמענדיג מיט זיך פארשיידענע וואפען. דער המון האט זיך מיט יעדע רגע פארגרעסערט, ביז וואנען זיי זיינען געווארען עטליכע טויזענד אין צאהל.

— נקמה וועלען מיר נעהמען פון שמשון'ען! — האבען זיך געהערט שטורמישע געשרייען, — לאמיר מאכען א סוף צו אונזער גרעסטען שונא!

מיט גרויס אימפעט האבען זיך די פלשתים א לאז געטהאן צו די טויערען פון שטאדט.

ווי גרויס איז אלעמענס ערשטוינונג געווען ווען זיי האבען באמערקט ווי די שווערע אייזערנע טויערען זיינען ארויסגעשלעפט געווארען פון די זאוויסעס.

— וואס איז געשעהן? — איז די פראגע אויף אלעמענס ליפען געלעגען.

— ער האט ארויסגעריסען די טויערען פון אונזער שטאדט!

— ווי אזוי איז עס מעגליך?! — האט מען געקוועטשט מיט די פלייצעס.

— אבער מיר זעהען דאך מיט אונזערע אויגען!

— עס איז אונמעגליך פאר איין פערזאן צו טהאן אזא זאך, ווי שטארק ער זאל ניט זיין.

— אבער מיר זעהען דאך אז ער האט דאס פארט געטהאן.

— יא, אויף שמשון'ען קען מען אלעס גלויבען.

— און וואו איז דער טויער?

— לאמיר זיך אוועקלאזען זוכען. עס איז דאך אומגלויבליך אז ער זאל דעם טויער מיט זיך נעהמען.

די פלשתים האבען זיך צושפרייט איבער'ן וועג און געזוכט דעם טויער פון זייער שטאדט. באלד האט אימיצער דערזעהן אז דער טויער ליגט אויפ'ן בארג.

א מחנה פון עטליכע הונדערט פלשתים האבען זיך א לאז געטהאן אויף דעם בארג און זיי האבען צו זיך ניט געקענט קומען פון גרויס וואונדער ווי אזוי איין מענש זאל באזיצען אזא כח און זאל קענען אוועקטראגען אזא שווערען טויער אויף דעם בארג.

איבער פופציג מענשען האבען מיט גרויס שוועריגקייט ארונטערגעטראגען דעם טויער און עס האט זיי גענומען א היבשע צייט ביז וואנען זיי האבען דעם טויער צוריקגעשטעלט אויף זיין פלאץ.

## צעהנטער קאפיטעל

## שמשון און דלילה

שמשון האט זיך אומגעקעהרט צו זיין היים אין צרעה. זיינע עלטערען, זיינען שוין צוגעוואוינט געווארען צו שמשון'ס אויפפיהרונג. זיי זיינען שוין ניט געווען אזוי שטארק בעזארגט ווען שמשון פלעגט זיך פארזאמען אן איבריגען טאג ווי עס איז פריהער ביי איהם געפלאגעוועט געווארען. זיי האבען אויך געוואוסט אז שמשון האט ניט ליעב ווען מען שטעלט איהם צופיעל פראגען. ד'אריבער האבען זיי ווי ווייט מעגליך אויסגעמידען איהם צו באלעסטיגען אפילו מיט די געוועהנליכע פראגען.

יעצט אבער האבען זיינע עלטערען באמערקט א גרויסע ענדערונג אין שמשון'ן. עפעס האט זיי דאס הארץ געזאגט אז שמשון לעבט איבער זעהר א וויכטיגע געשעהענים. דאס האבען זיי באמערקט פון זיינע מעלאנכאלישע אויגען. ער איז געווען פארטראכט און איז אומרוהיג ארומגעגאנגען איבער'ן הויז הין און צוריק. ער האט פארלארען זיין אפעטיט.

שמשון, מיין זוהן! — האט זיך צללפונית צו איהם געווענדעט, — זאג מיר, איך בעט דיך, וואס האט מיט דיר לעצטענס פאסירט. דו שיינסט צו זיין גאנץ אומעטיג... ביזטו פון עפעס בעזארגט?

— פריעדען איז צו מיר! — האט שמשון זיך אפגערופען מיט א שמייכעל.

— מיר דוכט זיך אז דיין פנים איז ניט ווי נעכטען און אייערנעכטען, — האט מנוח זיך צו איהם אפגערופען, — דו זוכסט עפעס צו פארבארגען פון אונז, שמשון?!

— אלעס וואלט אנדערש געווען ווען דו וואלסט מיך געפאלגט, שמשון.

און זיך גענומען א פרוי, דאן וואלסטו א סך גליקליכער געווען... דו וואלסט פארגעסען אן אלעס...

— איך האב נעבעטען געזעהן א מיידעל און זי געפעלט מיר זעהר שטארק! — האט שמשון געזאגט.

— און ווער איז זי? — האט צללפונית איהם געפרעגט.

— זי איז א פלשתים מיידעל, — האט שמשון געענטפערט.

— א פלשתים מיידעל?! — האט מנוח און צללפונית מיט אמאל אויס־גערופען.

שמשון האט באמערקט זייער איבערראשונג און ער האט געשוויגען.

— איך בעט דיך, מיין זוהן, — האט מנוח זיך צו איהם אפגערופען נאך א קליינער פויזע, — האב מעהר גארניט צו טהאן מיט די פלשתים מיידלעך. האסטו פארגעסען וויפיעל דו האסט געליטען פון מרכיה'ן. דו ווייסט דאך ווי פאלש זיי זיינען.

— די וועלכע איך האב לעצטען אבענד געזעהן איז אין גאנצען אנדערש, — האט שמשון געזאגט — איך האב זי בלויז איינמאל געזעהן און שוין האט מיין הארץ גענומען ציהען צו איהר... און ווען דו וואלסט געוואוסט ווי געטריי און איבערגעבען זי איז צו מיר. זי האט געוואוסט אז די פלשתים זוכען מיר שלעכטעס צו טהאן און האט מיר גלייך געווארנט וועגען דעם... און ניט נאר האט זי מיר געווארנט, נאר זי איז צוגעשטאנען צו מיר אז איך זאל די שטאדט פארלאזען... און ווען איך בין צוגעקומען צו דעם טויער פון שטאדט, האב איך איינגעזעהן אז זי האט רעכט געהאט.

— אבער דו ביזט דאך זיכער ניט ערנסט, שמשון, — האט צללפונית גע־זאגט מיט טרערען אין איהרע אויגען.

— איך האב זי בלויז איינמאל געזעהן, אבער מיר ציהט צו איהר... מעגליך אז ווען איך וועל זי א צווייטען מאל זעהן וועל איך אנדערש טראכטען.

— דאך שרעקסט מיר מיין הארץ, — האט צללפונית זיך אפגערופען, — דו געפינסט זיך צווישען שונאים. פאלג מיר, שמשון, האב התונה מיט תרצה'ן און טראכט מעהר ניט וועגען נעהמען א פלשתים מיידעל פאר דיין פרוי!

— איך האב שוין געמיינט, אז זינט דו האסט אויסגעפונען ווי פאלש די פלשתים מיידלעך זיינען, וועסטו מעהר ניט טראכטען פון זיי! — האט מנוח געזאגט, — זיינען דען ניטא קיין שעהנע מיידלעך פון ישראל. פארוואס זאלסטו נאר צוריקמען צו דיין געדאנק אזא זאך?

— איך האב דאך דיר געזאגט, פאטער, אז איך ווייס אליין ניט... איך וועל נאך צייט האבען צו טראכטען וועגען איהר.

— די בעסטע זאך וואלט געווען ווען דו שלאגסט זי אין גאנצען ארויס פון דיינע געדאנקען.

— יא, מיין זוהן, איך בעט דיר, גיי מעהר נישט אהין זי זעהן, — האט צללפונית ביי איהם געבעטען, — דאן וועסטו ניט ארייננעצויגען ווערען אין איהר נעץ, כדי זי זאל דיר נאכהער קענען פערראטהען.

— א, מוטער, — האט שמשון אויסגערופען מיט א שמייכעל, — ווען דו וואלסט זי געזעהן, וואלסטו אזוי ניט גערעדט פון איהר. זי איז דאך אזוי שעהן און גוטהערציג... ווען זי וואלט האבען אין זינען מיך צו פערראטהען, וואלט זי

דאס גלייך געקענט טהאן. אנשטאט דעם, האט זי געזוכט מיט אלע איהרע מעג־ליכקייטען מיך צו בעשיצען.

— איך האף, אז דו וועסט בייטען דיין מיינונג וועגען איהר! — האט מנוח א זיפץ געטהאן, — עס וועט באלד ווערען צוואנציג יאהר זינט דו ביזט געווארען א שופט אין ישראל, און גאט האט דיר געהאלפען און דו האסט בעזיעגט דיינע שונאים, און דורך דיר זיינען אויך געהאלפען געווארען אונזערע ברידער פון די פלשתים הענט... ווי אזוי וועסטו יעצט קענען געהן נעהמען פאר זיך א פרוי ווידער פון די פלשתים טעכטער?

— האב איך דיר דען געזאגט אז איך געה זי נעהמען פאר מיין פרוי?!

— האט שמשון איהם בערוהיגט — איך האב בלויז געזאגט אז זי האט אויף מיר געמאכט זעהר א גוטען איינדרוק און ווייל זי איז געוועזן אזוי בעזארגט וועגען מיר און האט מיר געזוכט צו העלפען, בין איך איהר זעהר דאנקבאר... איך האב פארשפראכען זי צו קומען בעזוכען אין איהר געבורטס־שטאדט, אין טהאל פון שורק.

— היט זיך, מיין זוהן, פון די גלאטע צינגער פון די פלשתים טעכטער... זיי זיינען פאלש און פאררעטעריש! — האט מנוח אויסגערופען, — ווען דו װאלסט אונז צום ערשטען מאל געפאלגט, װאלסטו פארמידען זעהר פיעל צרות.

מעהר האט שמשון מיט זיינע עלטערען ניט גערעדט וועגען דעם. ער האט בעשלאסען צו ווארטען בלויז עטליכע טעג און נאכהער געהן בעזוכען דלילה׳ן. ר׳ האט פון איהר ניט אויפגעהערט צו טראכטען.

ער איז די עטליכע טעג פון הויז ניט ארויסגעגאנגען. און ווען זיין פריינד קרני איז איהם געקומען בעזוכען, האט ער ניט אויפגעהערט צו ריידען וועגען דלילה׳ן.

— איך וועל מארגען אריבערגעהן צו איהר! — האט שמשון איהם געזאגט — און ווען זי וועט ניט האבען דאגעגען וועל איך איהר איינלאדען אין מיין פאטערס הויז.

קרני האט געוואוסט אז מנוח און צללפונית זיינען זעהר ניט צופריעדען מיט דעם וואס שמשון האט זיך ווידער גענומען פאראינטערעסירען מיט די טעכטער פון פלשתים... ער האט דאריבער אויך געזוכט צו מאכען דעם איינ־דרוק אויף שמשון׳ען אז ער טהוט ניט גוט וואס ער לאזט זיך ווידער אמאל פארפיהרען פון א פלשתים מיידעל.

— דו דארפסט שטענדיג געדענקען אז די פלשתים זיינען דיינע גרעסטע שונאים. שמשון, און עס איז גאנץ פארשטענדליך אז ווען זיי וועלען נור קריגען א געלעגענהייט דיר שלעכטעס צו טהאן, וועלען זיי זוכען דיזע געלעגענהייט אויסצונוצען.

— און דלילה וועט שטענדיג זיין אויף דער וואך און מיר לאזען וויסען ווען א געפאהר וועט מיך דראהען, — האט שמשון געענטפערט.

---

אויף מארגען איז שמשון אוועק נאך דעם טהאל שורק. א גאנצען טאג האט איהם גענומען דאס געהן. דער טאג איז געוועזן היים, און שמשון איז לאנגזאם געגאנגען. זיינע געדאנקען זיינען געוועזן פארנומען מיט דלילה׳ן ווע־מען ער געהט זעהן, ער האט געטראכט פון דעם אז ער ווייס זעהר ווייניג ווע־

געז איהר. יענע נאכט ווען ער איז מיט איהר געזעסען ביי איין טיש, האָט זי פון זיך גאָרניט גערעדט, מעגליך אז זי איז שוין פערהייראט צו אימיצען אנ־דערש. און אויב זי האָט ארויסגעוויזען אז אינטערעס אין איהם, און געוואָרנט איהם וועגען דער געפאהר, האָט זי עס מעגליך געטהאָן, ווייל זי איז גוטהערציג.

וואָס מעהר שמשון האָט געטראכט פון דער מעגליכקייט אז דלילה איז שוין פערהייראט, אלץ מעהר האָט איהם צו איהר געצויגען... זי מוז געהערען צו איהם... — האָט ער ביי זיך בעשלאָסען.

ווען ער איז אָנגעקומען אין שורק, האָט ער זיך נאָכגעפרעגט אויף דלילה'ס וואָהנונג, און מען האָט איהם באַלד אָנגעוויזען.

שמשון איז אריין אין איהר הויז. א דינסט איז איהם אנטקעגען געקומען, און איהם געפרעגט וואָס ער פערלאַנגט.

— איז דלילה פאַראַן אין הויז? — האָט שמשון איהר געפרעגט.

— יא, מיין האר! — האָט די דינסט געענטפערט, — וואָס זאָל איך מיין הארינטע זאָגען?

— זאָג איהר, אז שמשון איז געקומען! — האָט ער איהר געענטפערט.

די דינסט איז פארשוואונדען געוואָרען הינטער א פאָרהאַנג, און באַלד איז דלילה ארויסגעקומען אָנגעטהאָן אין זעהר א שעהנע קלייד.

— ווילקאָמען, שמשון, איז מיין הויז! — האָט זי אויסגערופען מיט א שמייכעל — דו האָסט געהאַלטען וואָרט, און איך האָב געמיינט אז דו האָסט מיך שוין פארגעסען.

— דיך פארגעסען?! — האָט שמשון אויסגערופען מיט פרייד — זינט איך בין פון דיר אוועק האָב איך ניט אויפגעהערט צו טראכטען פון דיר.

— און אויך איך האָב פון דיר א סך געטראַכט. אָה, שמשון, ווען איך האָב זיך דערוואוסט וואָס דו האָסט געטהאָן מיט די טויערען פון שטאָדט, האָב איך זיך נישט געקענט איינהאַלטען פון געלעכטער... אָט זאמלען זיך צונויף אַלע מענשען פון שטאָדט און ווילען דיך באַפאַלען, און ווען זיי קומען אָן צום טויער געפינען זיי אויס אז די שטאָדט עזה האָט שוין מעהר קיין טויער ניט... און יעצט מעג איך דאָך דיר זאָגען, שמשון, אז די פּלשתים זיינען געקומען דיך זוכען אין קרעטשמע און ווען זיי האָבען דיך אין דיין צימער ניט געפינען, האָ־בען זיי געמיינט אז דו געפינסט זיך אין מיין צימער... איך בין זעהר צופרידען וואָס דו האָסט זיך צו מיר צוגעהערט און דאמיט פארמידען אן אומגליק.

— און איך בין דיר טאקע זעהר דאנקבאר פאר דעם! — האָט שמשון זיך אָפּגערופען, — איצט ווייס איך אז א חוץ דעם וואָס דו ביזט אזא זעלטענע שעהנהייט, ביזטו אויך גוטהערציג און גנעדיג.

— איך בין זעהר שטאָלץ אז דו טראכסט אזוי גוט פון מיר, — האָט דלילה זיך אָפּגערופען, — דו טהוסט מיר אָן א גרויסען כבוד מיט דיין באזוך, ווייל אויסער דעם וואָס דו ביזט דער שטארקסטער מאַן אין לאַנד, ביזטו אויך שעהן.

דלילה האָט שמשון'ען אריינגעפיהרט אין איהר צימער און געהייסען דער דינסט ברייגנען וויין.

— האָב איך דיר דען נישט געזאָגט אז איך טרינק נישט קיין וויין! — האָט זיך שמשון צו איהר אָפּגערופען.

— אבער מיט מיר וועסטו טרינקען! — האט דלילה איהם געווארפען א קאקעטישען שמייכעל.

— ניין, — האט שמשון געענטפערט, — איך בין א נזיר און מיר איז פארבאטען צו טרינקען ווייז אדער אנדערע בערוישענדע געטראנקען.

— אויב דיר איז פארבאטען וועל איך דיר ניט צווינגען, שמשון! — האט דלילה געלאכט — אבער ווי איך זעה, ביזטו דורשטיג.

— איך וועל טרינקען וואסער! — האט שמשון געזאגט.

— גוט, ברייננ אריין פאר מיר וויין און פאר מיין גאסט — וואסער! — האט דלילה זיך אפגערופען צו איהר דינסט.

ווען די דינסט האט געבראכט וויין און וואסער, האט דלילה אנגעפילט איהר בעכער מיט וויין און אויסגערופען:

— איך טרינק פאר דעם שטארקסטען מאן פון דער וועלט!

און שמשון האט אויפגעהויבען זיין כוס מיט וואסער און געזאגט:

— און איך טרינק פאר דער שעהנסטער מיידעל פון פלשתים!

— און פארוואס ניט פון דער וועלט? — האט דלילה געזאגט, האלב אויף שפאס און האלב ערנסט.

— דו ביזט גערעכט! אין מיינע אויגען ביזטו טאקע די שעהנסטע אין דער וועלט! — האט שמשון געלאכט, — און יעצט ביזטו נאך שעהנער און מעהר בעצויבערנד ווי איך האב דיך צום ערשטען מאל געזעהן אין עזה.

דעם גאנצען טאג האט שמשון פארבראכט מיט דלילה'ן. ער האט איהר דערצעהלט פון זיינע פארשידענע צוזאמענשטויסען מיט די פלשתים.

— איך האב געזעהן ווי די פלשתים פון עזה האבען ארונטערגעשלעפט דעם שווערען אייזערנעם טויער וואס דו האסט איבערגעלאזען אויף דעם בארג. איך האב באמערקט ווי שטארק זיי האבען געשוויצט. איבער פופציג מענשען האבען זיך געמאטערט ארונטערצושלעפען דאס וואס דו אליין האסט ארויפגעשלעפט אויף דעם בארג, — האט דלילה געלאכט. — יא, שמשון דו בעזיצסט איבער־מענשליכע כוחות.

— יעצט דערצעהל מיר עפעס פון דיין לעבען! — האט שמשון זיך צו איהר געווענדעט.

— וואס האב איך, א פרוי, צו דערצעהלען, — האט דלילה געשמייכעלט, — א פרוי איז דאך די שוואכסטע באשעפעניש.

— אין איהר שוואכקייט געפינט זיך איהר שטארקייט, — האט שמשון געזאגט — דו האסט מיר בעצויבערט מיט א בליק פון דיינע וואונדער־שעהנע אויגען... און איך בין געגען דיר אזוי שוואך ווי א פליג.

— דו שפאטסט פון מיר, שמשון! — האט דלילה זיך אפגערופען.

— ניין, איך בין זעהר ערנסט, — האט שמשון געזאגט, — פון דער ער־שטער רגע וואס איך האב דיך דערזעהן האסטו מיך צוגעצויגען... איך פיהל יעצט מיין שוואכקייט... אהן דיר איז מיין לעבען גאר ניט ווערטה.

אין דלילה'ס אויגען האבען זיך בעוויזען טרעהרען.

— און דו האסט מיך ווירקליך ליעב, שמשון? — האט זי איהם געפרעגט.

שמשון האט אנגענומען איהר האנט און זי צוגעטראגען צו זיינע ליפען. איך האב נאך קיין פרוי אזוי שטארק ניט געליעבט ווי איך ליעב דיך, דלילה. איך

בין גאנץ ערנסט... איך האב געמיינט, אז ווען איך וועל דיך צום צווייטען מאָל דערזעהן וועלען זיך מיינע געפיהלען ענדערען.... אָבער, איך פיהל אז מיין ליעבע צו דיר ווערט שטארקער.

— האָסטו דען פריהער געוואונשען, אז דו זאלסט מיך ניט ליעב האבען ? —האט דלילה חנ'עוודיג א דרעה געטהאן מיט איהר קאָפּ.

— אָה, ניין, דלילה ! איך האב געוואונשען איך זאָל ניט ענטטוישט ווערען... איך האב געהאט א פערלאנג אז מיין גליק זאָל אָנהאלטען אויף שטענדיג, אָבער...

— אָבער וואס ?...—האט דלילה איהם אָנגעקוקט.

— מיינע עלטערען זיינען ניט געווען צופרידען ווען איך האב זיי פון דיר דערצעהלט.

— ווי אזוי קענען זיי זיין דאגעגען, ווען זיי האבען מיך קיינמאָל ניט געזעהן ? — האָט דלילה א ציה געטהאָן מיט איהר אקסעל.

— זיי האבען גאָר ניט צו דיר, אָבער זיי פערלאנגען, אז איך זאָל הייראטען א אידיש מיידעל, ווייל זיי דענקען אזוי ווי איך בין שוין איינמאָל דורכגעפאלען אין מרמה האט מיך פערראטהען, און דורכדעם פערזאורזאכט פיעלע צרות, האבען זיי מורא איך זאָל נאכהער קיין חרטה ניט האבען...

— און דו האסט מיט זיי צוגעשטימט ?—האט דלילה א שמייכעל געטהאָן.

— דו זעהסט דאך ! איך האב קיין געדולד ניט געהאט צו ווארטען ביז וואגינען איך וועל א צווייטען מאָל קענען אָנקוקען דיין שעהנעם פנים. איך בין זיכער, אז ווען מיינע עלטערען וועלען דיך דערזעהען וועלען זיי צושטימען מיט מיר, און וועלען ניט האבען דאגעגען אז איך זאָל דיר פאר מיין פרוי נעהמען.

— אָבער ווען זיי וועלען ניט וועלען צושטימען, ווערסטו זיך צוהערען צו זיי ? — האָט דלילה אויף איהם געקוקט מיט איהרע פייערדיגע אויגען.

שמשון איז א ווייל געבליבען זיצען אין א פארלעגענהייט און נאכהער האט ער זיך אָפּגערופען שטאמלענדיג :

— המ... זיי וועלען מוזען צושטימען... דו ווערסט זיך דאך מגייר זיין... און דאן ווערסטו פערגעבענט ווערען ווי א טאָכטער פון ישראל... איך וועל דיך ברענגען אין צרעה צו מיינע עלטערען אין הויז און זיי וועלען דיר פערגעבענען פאר זייער אייגענער טאָכטער.

— אָה, ניין, ניין !—האט דלילה א דרעה געטהאָן מיט איהר קאָפּ—איך וועל צו דיינע עלטערען קיינמאָל ניט קומען...

— פארוואס ?—האט שמשון איהר געפרעגט מיט פערוואונדערונג.

— ווייל איידער זיי האבען מיר געזעהן, האבען זיי מיך פיינט געקראָגען... זיי זוכען דיר אָפּצורייסען פון מיר.

— ווייל זיי האבען דיך ניט געזעהן, מיינען זיי אז דו ביזט אזוי ווי די איבעריגע טעכטער פון פלשתים, אָבער איך בין זיכער, אז ווי נאר זיי וועלען דיך דערזעהן, און בפרט ווען זיי וועלען וויסען, אז דו האָסט זיך מגייר געווען, ווערסטו געפינען חן אויך אין זייערע אויגען.

— מיר ארט ניט, אויב דיינע עלטערען וועלען מיך פיינט האבען, אזוי

לאנג ווי דו האסט מיך ליעב—האט דלילה ארומגעוויקעלט איהרע הענט ארום זיין האלז.

— אבער איך וויל, אז זיי זאלען דיך אויך ליעב האבען... איך וועל ווארטען ביז מארגען און דאן וועל איך דיך ברענגען צו זיי און דארטען וועסטו פער־בלייבען.

— ניין, איך וועל מיין געבורטסשטאדט ניט פערלאזען!—האט דלילה גע־ענטפערט.

— געפינען זיך דען אויך דיינע עלטערען אין דיזער שטאדט?—האט איהר שמשון געפרעגט.

— ניין, שמשון! איך האב ניט קיינע עלטערען—מיין פאטער איז געטוי־טעט געווארען אין א שלאכט מיט א פרעמדען שבט, און קורץ נאכדעם האב איך אויך מיין מוטער פערלארען.

— אויב אזוי טו פארוואס ווילסטו מיט מיר ניט געהן צו מיין געבורטס־שטאדט?

— ווייל איך האב ליעב צו זיין פריי. איך האב מיינע אייגענע עלטערען אויך ניט צופיעל ליעב געהאט, ווייל ווען זיי האבען געלעבט, האבען זיי צופיעל אכטונג געגעבען אויף מיר.... איך בין ניט געווען פריי צו טהאן וואס מיין הארץ געלוסט... אבער יעצט בין איך אליין, קיינער קען מיר ניט זאגען וואס צו טהאן.

— אבער יעצט, ווען דו וועסט צושטימען צו ווערען מיין פרוי, וועסטו שוין מעהר דאן ניט זיין פריי!—האט שמשון א שמייכעל געטהאן.

— ביי דיר, שמשון, וועל איך זיך פיהלען גליקליך צו זיין א דיענסט! — האט דלילה איינגענורעט איהר קאפ אין זיין בוזים.

שמשון האט זי ארומגענומען און א קוש געטהאן.

— אה, ווי רייצענד שעהן דו ביזט, דלילה, דו האסט מיך בע'כשופ'ט. זאג מיר, דלילה, האסטו דען ניט קיין געליעבטען פון איינעם פון די פלשתים?

— ניין, שמשון! איך ליעב קיינעם ניט אויסער דיך!—האט דלילה גע־לאכט ארויסגעוויזען צוויי רייהען פערל ווייסע צייהן — פיעלע פלשתים האבען מיך ליעב, אבער איך פלעג זיך אויף זיי ניט אומקוקען.

— און ווי אזוי קומסטו אין דער קרעטשמע פון עזה?—האט שמשון איהר געפרעגט.

— דו האסט פערגעסען, אז איך בין אהין געקומען אונטערהאלטען אלע געסט מיט מיין טאנצען!—האט דלילה געזאגט—איך האב זיך שטארק גע־קווינקעלט צו געהן אהין אדער ניט.

— פאר וואס?

— ווײלע די אייגענטהימערין פון דער קרעטשמע איז ניט איבעריג רייך און האט מיר קיין גרויסע בעלוינונג ניט אנגעבאטען פאר מיין טאנצען, אבער יעצט שעץ איך זיך גליקליך וואס איך בין דארט יא געווען, ווייל איך האב דיך געטראפען.

— מיר וואונדערט זיך וואס איך האב דיך פריהער ניט געטראפען?—האט שמשון געזאגט—איז עזה דער איינציגער פלאץ וואו דו פלעגסט קומען אונטערהאלטען מיט דיין טאנצען?

— אויסער עזה בין איך שוין געווען אין אשקלון, און אשדוד און אין עקרון — האָט דלילה שמייכלענדיג געזאָגט — און דער סרן פון אשקלון האט מיך איינגעלאַדען צו טאַנצען אין זיין הויז ביי א פייערונג.

— און דו האסט דאָרטען געטאַנצט ?—איז שמשון נייגיעריג געוואָרען.

— געוויס האָב איך דאָרט געטאַנצט !—האָט דלילה געענטפערט—איך האָב פאַר דעם געקראָגען פופציג שטיקער זילבער.

— דו האסט זיכער אויסגענומען ביי אַלעמען מיט דיין טאַנצען.

— געוויס ! דער סרן פון אשקלון האט מיך געוואָלט פערהאַלטען אין זיין פּאַלאַץ, אָבער איך האָב ניט צוגעשטימט.

— פאַרוואָס ?—ווײַלע ער איז אַן עלטערער מאַן, די האָר פון זיין קאָפּ קריכען שוין אויס... א שוידער געהט דורך מיין לייב, ווען איך דערמאָהן זיך ווי ער האט מיך געוואָלט ארומנעהמען... מיין גליק איז געווען וואָס איינע פון זיינע פרויען איז פּלוצלינג אריינגעקומען אין צימער...

— און וואָס האָט נאָכדעם פּאַסירט ?—איז שמשון שוין געוואָרען איי־פערזיכטיג.

— נאָכדעם האָט ער מיך געוואָלט מאַכען פאַר זיין פרוי. ער האט מיר צוגעזאָגט צו בעזעצען אין זיין פּאַלאַץ מיט פיעלע קנעכט און דינסטען, ער וועט מיר געבען די טייערסטע ציערונג און שעהנע קליידער... אָבער איך האָב ניט צוגעשטימט.... איך האָב ביי איהם געבעטען ער זאָל מיר געבען עטליכע טעג זיך צו בעזינען און ווי גרויס מיין פרייד איז געווען ווען איך בין געקומען אין פּאַלאַץ איהם אָנזאָגען אז איך קען זיין פאָרשלאַג ניט אָננעהמען, האט מען מיר געזאָגט, אז ער ליגט קראַנק... ער איז זיכער קראַנק געוואָרען פון זיין שטאַרקער ליעבע צו מיר – אָבער דאס האָט מיר דערווײַלע געגעבען א געלעגענהייט צו פערלאָזען אשקלון.

— און נאָכדעם ?—האט שמשון ווייטער געפרעגט.

— נאָכדעם האָב איך זיך שוין אויסגעהיט ניט צו טאַנצען אין די פּאַלאַצען פון די אַלטע סרנים !—האט דלילה געשמייכעלט—אָבער ווען איך האָב געטאַנצט אין א קרעטשמע נעבען אשדוד, האָט זיך אין מיר פערליעבט א מאַן פון תמנה !

— פון תמנה ? ווער איז ער ?

— איך גלויב, אז דו קענסט איהם !—האט דלילה א שמייכעל געטהאָן—ער האט זיך פאַר מיר שטאַרק בעריהמט מיט זיינע גבורות... יע, דורך איהם האָב איך זיך דערוואוסט אויך וועגען דיר.

— איך ווייס ווער דאס איז !!—האט שמשון אויסגערופען—זיין נאָמען איז ברטור !

— דו האסט געטראָפען, שמשון—ער האט מיר דערצעהלט, אז ער האט דיך אָפּגענאַרט מיט א רעטעניס, און ער האָט זיך בעריהמט, אז ער האט איינמאָל דיר אין א קאַמפּף בעזיעגט.

— און דו האסט איהם געגלויבט ?—האט שמשון איהר געפרעגט.

— צוליעב דעם האָב איך איהם פון זיך פערטריבען !—האט דלילה געלאַכט—איך פערהאַס א בעריהמער. איך ווייס אז ער איז ענטלאָפען פון תמנה,

ווייל ער האט מורא געהאט אז דו זאלסט איהם קיין שלעכטעס ניט טהאן....

— איך וואלט זעהר געוואלט איהם טרעפען !—האט שמשון געזאגט— איך האב נאך מיט איהם אן אלטען חשבון.

— איך וויים ! — האט דלילה געזאגט—ער האט מיר דערצעהלט ווי אזוי ער האט פון דיר אוועקגענומען דיין ערשטע פרוי.... ניט ווייל ער האט זי גע־ליעבט, האט ער זי פון דיר אוועקגענומען. האט ער זיך פאר מיר געריהמט — נאר ווייל ער האט ניט געוואלט, אז זי זאל בלייבען דיין פרוי....

— און דו ווייסט דאך געוויס, אז איך האב זי אליין פערלאזען, ווייל זי האט מיך פערראטהען !—האט שמשון געזאגט—אבער וואס מיר האט פער־דראסען איז וואס ברטור האט דערלאזען, אז די אויפגערעגטע פלשתים זאלען זי פארברענען !

—און דו קענסט זי נאך יעצט ניט ארויסשלאגען פון דיינע געדאנקען ? — האט דלילה איהם געפרעגט.

— א, ניין ! איך האב זי שוין לאנג פארגעסען און בפרט יעצט ווען איך האב דיך דערקענט. יעצט וואונדער איך זיך ווי אזוי איך האב זי גאר אמאל גע־קענט ליעב האבען ? ! נאר איך בין דאן זעהר יונג געווען און איך האב אליין ניט געוואוסט וואס איך טהו.

— און ביזטו זיכער, אז דו האסט מיך יעצט שטארק ליעב ? — האט דלילה זיך געשפיעלט מיט זיינע לאקען.

— דאס פייער פון מיין ליעבע צו דיר וועט קיינמאל ניט אויסגעלאשען ווערען ! — האט שמשון געזאגט.

— און איך האב קיינמאל ניט גע'חלום'ט אז דו וועסט מיך ליעב האבען, — האט דלילה איהם א קוש געטהאן. — איך האב שטענדיג געהאט א פארלאנג דיך צו זעהן, נאכדעם ווי איך האב אזוי פיעל געהערט פון דיין גבורה, און ווען איך האב דיך צום ערשטען מאל דערזעהן אין קרעטשמע, ווען מיינע בליקען האבען זיך מיט דיינע באגעגענט, האב איך גלייך געפיהלט אז מיין הארץ ציהט צו דיר.

— און פארוואס האסטו מיט מיר ניט געוואלט לענגער פארברייגגען ? — האט שמשון איהר געפרעגט.

— ווייל איך האב ניט געוואלט דיין לעבען שטעלען אין געפאהר. איך האב געוואלט אז דו זאלסט וואס שנעלער פארלאזען עזה.

— און דאריבער איז מיין ליעבע צו דיר נאך שטארקער געווארען... איך האב געזעהן אז דו ביזט מיר איבערגעבען און דו האסט מיך אין צייט געווארענט.

— יעצט מעג איך דיר דאך דערצעהלען אז די פלשתים פון עזה האבען פון מיר פערלאנגט איך זאל זיי ארויסהעלפען, כדי עס זאל פאר זיי גרינגער זיין דיך צו טויטען... אבער איך האב זיי אפילו ניט פארשפראכען דאס צו טהאן.

— איך בין אהער געקומען אונטערהאלטען די געסט פון דיזער קרעטשמע מיט מיין טאנצען, — האב איך זיי געענטפערט — און איך וויל ניט זיין פאר־מישט אין דעם.

— און דאריבער בעט איך דיך נאך אמאל צו קומען אין צרעה. מיינע על־טערען וועלען דיר נישט שטערען. דו וועסט דארט זיין מעהר געזיכערט ווי דא, צווישען דיינע אייגענע ברידער. דו ווייסט דאך ווי געאכטעט איך בין צווישען מיינע ברידער... איך בין זייער שופט שוין באלד צוואנציג יאהר.

— און מיר האָט מען דערצעהלט, אז איינמאָל האָבען דיר דיינע אייגענע ברידער געבונדען און איבערגעגעבען צו די פּלשתים אין די הענד! — האָט דלילה מיט א שמייכעל זיך אָפּגערופען.

— איך האָב זיי דאָס אליין געהייסען טהאָן, — האָט זיך שמשון פאַר־ענטפערט, — אָבער זינט דאַן זיינען שוין פיעלע יאָהרען פאַראיבער... יעצט זיינען זייערע בעציהונגען צו מיר אין גאַנצען אנדערע.

— דאָך וויל איך מיין לאַנד ניט פאַרלאָזען! — האָט דלילה געזאָגט, — און אויב דו האָסט מיך ווירקליך ליעב דאַרפסטו פון מיר אַזאַ זאַך נישט פאַר־לאַנגען. איך בין צופריעדען צו דיענען צו דיין גאָט, אָבער פאַרלאָזען מיין לאַנד קען איך ניט.

— אויב אזוי, וועסטו מיט מיר קומען אין צרעה פאַר א קורצע צייט. דו וועסט זיין ביי מיינע עלטערען און אין זייער הויז וועלען מיר פייערען אונזער חתונה.

— איך וויל ניט געהן צו דיינע עלטערען, — האָט זיך דלילה פאַרקאַפּריזע־וועט — זיי האָבען אויף מיר אַן אום־חן געוואָרפען איידער זיי האָבען מיך געזעהן.

— אָבער דו האָסט דאָך דאָ ניט קיין עלטערען?! — האָט שמשון גע־זאָגט, — וואָס פאַר אַן אויסרייד וועל איך קענען האָבען פאַר מיינע עלטערען?

— איך זעה, שמשון, אז דו האָסט מיך ניט שטאַרק ליעב, — האָט דלילה געזאָגט, — אז ניט וואָלסטו געטראַכט מעהר פון מיר ווי פון דיינע עלטערען...

— איך האָב דיך ליעב מעהר פון אַלעס אין דער וועלט, — האָט שמשון איהר גערדריקט צו זיך — און מיר וועט קיין זאַך ניט זיין צו שווער צו טהאָן פאַר דיר.

— אויב אזוי פאַרלאַנג איך פון דיר, אז דו זאָלסט מיט מיר מעהר נישט ריידען וועגען דיינע עלטערען, — האָט דלילה זיך אָפּגערופען.

— גוט, איך גיב דיר נאָך, — האָט שמשון געזאָגט, — איך וועל פון זיי פערלאַנגען זיי זאָלען קומען אהער און דאַן וועלען מיר פייערען אונזער חתונה. האָסטו ניט דאַגעגען?

דלילה האָט א שמייכעל געטהאָן.

— אזוי לאַנג ווי דו וועסט מיר ניט צווינגען צו געהן צו זיי, קימערט מיך נישט. זאָלען זיי קומען אהער, און אויב זיי וועלען מיר ארויסציינען פריינד־ליכקייט, וועל איך זיך אויך פערהאַלטען צו זיי מיט פריינדשאַפט, און ווען איך וועל באַמערקען אז זיי קוקען אויף מיר מיט קרומע אויגען, וועל איך זיך אויף זיי אפילו ניט אומקוקען.

— אָ, דלילה, דו רעדסט אזוי, ווייל דו קענסט ניט מיינע עלטערען. זיי זיינען זעהר אנגענעהם און ליעבליך און איך בין זיכער, אז דו וועסט זיי באַלד ליעב האָבען.

— איך אורטייל דיינע עלטערען לויט ווי דו האָסט מיר וועגען זיי דער־צעהלט, שמשון. דו אַליין האָסט דאָך מיר געזאָגט, אז דיינע עלטערען זיינען מיט מיר ניט צופריעדען.

— זיי האָבען געגען דיר גאָרנישט, זיי זיינען בלויז דאַגעגען איך זאָל הייראַטען מיט א פּלשתית.

— און איך בין דאך א פלשתית.
— ווען מיינע עלטערען וועלען וויסען אז איך האב בעשלאסען דיך צו נעה־מען פאר מיין ווייב, וועלען זיי זיכער צושטימען צו קומען אהער, און מיר וועלען צוזאמען פייערען אונזער חתונה אין דיין שטאדט.

---

דריי טעג האט שמשון פארבראכט מיט דלילה׳ן. זיין ליעבע צו איהר איז שטארקער געווארען מיט יעדער רגע. שווער איז איהם געווען זיך צו שיידען מיט איהר, כאטש ער האט געוואוסט אז עס איז אויף א קורצע צייט.

— איך וועל אין א פאר טעג ארום זיך אומקעהרען צו דיר, מיין ליעבע דלילה! — האט זיך שמשון מיט איהר געזעגענט, — יא, איך וועל זיך אומ־קעהרען צוזאמען מיט מיינע עלטערען.

— איך וועל אויף דיר ווארטען מיט גרויס אונגעדולד, — האט דלילה איהם געהאלזט און געקושט, — זאם זיך ניט צו לאנג!

א פרעהליכער, בארוישט פון זיין גרויסער ליעבע צו דער וואונדער־שעהנער דלילה׳ן, האט שמשון פארלאזען דעם טהאל פון שורק, און האט זיך אומגע־קעהרט קיין צרעה. דעם גאנצען וועג האט ער ניט אויפגעהערט צו טראכטען פון איהר. איהר זיסע שטימע האט געקלונגען אין זיינע אויערען. איהר ליי־דענשאפטליכע האלזען און קושען האבען איהם נאך יעצט געבריהט... זי גע־הערט צו איהם... דלילה, די שעהנסטע מיידעל פון לאנד געהערט צו איהם... ווי גליקליך ער פיהלט זיך... איהר וואונדער־שעהנער געשטאלט שוועבט פארבי זיינע אויגען... דלילה! דלילה!... זיין גאנצער קערפער וויברירט און ברויזט מיט זיין ליעבע צו דער רייצענדער פלישתים מיידעל.

ווען שמשון איז אריינגעקומען אין הויז, האט ער געטראפען זיינע עלטערען זיצענדיג פארטרויערט.

— א, שמשון, וואו ביזטו געווען די עטליכע טעג? — האט צללפונית זיך אפגערופען, — מיר זיינען געווען שטארק בעזארגט וועגען דיר.

מנוח האט זיך אויך אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ און איז צוגעגאנגען און בעטראכט זיין זוהן מיט פארשענדע בליקען.

— אבער, מוטער! — האט שמשון אויסגערופען מיט א פרעהליכע שטי־מע, — עס איז דאך ניט דאס ערשטע מאל וואס איך געה אוועק אויף עטליכע טעג.

— נאכדעם ווי דו האסט אונז דערצעהלט ווי אזוי די פלשתים האבען גע־זוכט דיך צו באפאלען, און ווי אזוי דו האסט דעם טויער אויף דעם בארג אוועקגעטראגען, זיינען מיר אומרוהיג געווארען, פיעלייכט וועלען די פלשתים זוכען צו פארשפרייטען אן אנדער נעץ פאר דיר.

— וועגען דעם מעגט איהר רוהיג זיין! — האט שמשון געזאגט, — איך ווייס שוין ווי זיך אויסצוהיטען פון די פלשתים נעצען. און יעצט בין איך געקומען אייך זאגען אז איך פיהל זיך זעהר גליקליך.

— דו האסט זיך ארומגעזעהן אז מיר האבען געהאט רעכט! — האט צללפונית אויסגערופען, — דו ביזט גליקליך וואס דו האסט אין צייט אויס־געפונען אז יענע פלשתים מיידעל וועגען וועלכע דו האסט אונז דערצעהלט, איז אזוי פאלש ווי מרמה איז געווען!

— געלויבט איז גאָט וואָס ער האָט דיזען מאָל דיינע אויגען געעפענט! — האָט מנוח געזאָגט, — יעצט מעגען מיר רופען תרצה'ן און איהרע עלטערען און מיר וועלען בעשטימען דעם טאָג פאַר דער חתונה.

— יא, שמשון, תרצה האָט אויף דיר די גאַנצע צייט געוואַרט. זי האָט פון קיינעם ניט געוואָלט הערען און וויסען, זי האָט דיך ליעבער פון אַלעם אין דער וועלט, און דו קענסט זיך גאַרנישט פאָרשטעלען ווי גליקליך זי וועט זיך פיהלען ווען זי וועט אויסגעפינען אז דו האָסט בעשלאָסען מיט איהר צו הייראַטען.

— אָבער וואָס רעדט איהר? — האָט זיך שמשון פאַנאַנדערגעלאַכט, — האָב איך דען אייך געזאָגט אז איך וועל נעהמען תרצה'ן פאַר מיין פרוי? ניין, גאָט האָט מיר צוגעשיקט א פרוי און איהר נאָמען איז דלילה!

— איז זי דיזעלבע פלשתים מיידעל וועגען וועמען דו האָסט אונז לעצטען מאָל דערצעהלט? — האָט מנוח איהם געפרעגט.

— יא, פאָטער! — האָט שמשון געענטפערט, — ווען איך האָב זי צום צווייטען מאָל געזעהן האָט מיין הארץ נאָך מעהר צו איהר געצויגען... זי איז וואונדערבאַר שעהן און בעזיצט א נאָבעלע נשמה... איך האָב זי נאָך מעהר ליעב געקראָגען... אזא רייצענדע שעהנהייט איז נישט צו געפינען... איך וועל זי נעהמען פאַר מיין פרוי!...

— ניין, ניין! — האָט מנוח אויסגערופען, — דו זאָלסט עס ניט טהאָן! איך בעט דיך, מיין זוהן, טראַכט מעהר ניט פון דער פלשתית, ווייל קיין גוטעס וועט דיר דערפון ניט ארויסקומען!

— אָבער, פאָטער, איך קען אָהן איהר ניט לעבען! איך מוז זי האָבען... זי האָט מיך ליעב...

— דו האָסט דיזעלבע זאַך געזאָגט וועגען מרמה'ן, — האָט צללפונית זיך אָנגערופען, — און פון דעסטוועגען האָט ניט לאַנג געגומען און דו האָסט אַז איהר פארגעסען. ווילסטו דען ווייטער זינדיגען געגען גאָט און געגען אונז?

— דלילה האָט מיר פארשפּראָכען אז זי וועט זיך מגייר זיין! זי וועט ווערען פארערעכענט ווי איינע פון אונז... אָה, מוטער, ווען דו וואָלסט זי נאָר געזעהן, וואָלסטו צוגעגעבען אז קיין שעהנערע פון איהר איז ניט צו געפינען!

— אָבער א פלשתית איז ניט קיין פרוי פאַר דיר, שמשון! — האָט מנוח געזאָגט, — ווייסטו דען ניט ווי שטאַרק פאַרהאַסט דו ביזט ביי די פלשתים, און ווער ווייס אין וואָס פאַר א צרה דו קענסט נאָך ארייַנפאַלען ווען דו וועסט ווידער הייראַטען מיט א טאָכטער פון דיינע גרעסטע שונאים.

— ווען דו וואָלסט געוואוסט ווי געטריי און איבערגעבען זי איז צו מיר, וואָלסטו געביטען דיין מיינונג! — האָט שמשון געזאָגט צו זיין פאָטער מיט א שמייכעל, — זי האָט איהר לעבען געשטעלט אין געפאַהר און מיר איבערגע־געבען וואָס איהרע אייגענע ברידער האָבען איהר אָנפערטרויט, און מיך אין צייט געוואָרנט. יא, זי ליעבט מיך אויך זעהר פיעל.

— די ליעבע פון א פלשתית קען לאַנג ניט אָנהאַלטען, מיין זוהן... און ווען א קורצע צייט וועט פאַראיבער, וועסטו זיך ארומזעהן אז זי איז מעהר גע־טריי איהרע ברידער ווי דיר.

— ניין, דלילה וועט מיך שטענדיג ליעב האבען און זי וועט מיר בלייבען געטריי ביז די לעצטע טעג פון מיין לעבען.

— דו ווייסט דאך, שמשון, אז די אויגען פון גאנץ ישראל איז געווענדעט צו דיר. דו האסט זיי געמשפט און געהאלפען פון זייערע שונאים, יעצט ווי אזוי וועסטו קענען טהאן אזא זאך?

— און פארגעס ניט, מיין זוהן, אז דו ביזט געהייליגט געווארען נאך איידער דו ביזט געבארען געווארען, דו ביזט א נזיר, דו דארפסט זיך אפהיטען ניט צו טרינקען וויין, און געוויס איז דיר פארבאטען צו נעהמען א פרוי וועלכע איז ניט פון דיין אייגען פאלק.

— האב איך שוין דאך געזאגט אז דלילה איז וויליג זיך מגייר צו זיין איידער מיר וועלען הייראטען.

— דאס וועט קיין אונטערשיעד ניט מאכען! — האט מנוח געזאגט, — אין איהר הארצען וועט זי פארבלייבען א פלשתית.

— איך וועל מיין בעשלום ניט ענדערען, פאטער, איך האב דלילה'ן זעהר ליעב און זי וועט ווערען מיין פרוי. און יעצט בין איך געקומען בעטען אז דו און די מוטער זאלען מיט מיר געהן נאך דעם טהאל שורק צו פייערען מיין חתונה מיט דלילה'ן.

— ניין, מיין זוהן, מיר וועלען מיט דיר ניט געהן. איך און דיין מוטער האבען שטארק חרטה געהאט וואס מיר זיינען מיט דיר געגאנגען נאך תמנה צו פייערען דיין חתונה מיט מרמה'ן. און יעצט וועלען מיר ניט געהן.

— איך בעט דיך, פאטער, צושטער ניט מיין גליק, קום מיט מיר! און די מוטער זאל אויך קומען.

— איך וועל מיין ווארט ניט ענדערען! — האט מנוח אויסגערופען, — איך בין שטארק דאגענען אז דו זאלסט הייראטען מיט א פלשתית, און געוויס וועל איך ניט געהן פייערען דיין חתונה. אויב דיין מוטער וויל, קען זי מיט דיר מיטגעהן.

— דו ווייסט דאך, מנוח, אז אהן דיר וועל איך ניט געהן, — האט צללפונית געזאגט, — און פאלג מיר, מיין זוהן, הער זיך צו צו דיינע עלטערען, מיר קענען פאראויסזעהן די שלעכטע פאלגען וואס עס וועט ארויסקומען פון אזא הייראט.

— דאס קען ניט געענדערט ווערען! — האט שמשון זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאץ, — דלילה מוז געהערען צו מיר, אבער איהר וועט דאך ניט דערלאזען אז איך זאל פייערען מיין חתונה מיט איהר אין אייער אבוועזענהייט!

— ווען מיר וועלען מיט דיר מיטגעהן וועט אויסקומען אז מיר שטימען איין, אבער דאס וועלען מיר קיינמאל ניט טהאן... מיר וועלען בשום אופן ניט צושטימען אז דו זאלסט די פלשתית נעהמען פאר דיין פרוי...

— נו, וועל איך געהן אהן אייך! — האט שמשון אויסגערופען עטוואס אויפגערעגט, — דלילה וועט וויסען אז איהר שטימט ניט איין צו געהן מיט מיר.

שמשון האט גענומען געהן צו דער טהיר.

צללפונית האט זיך איבערגעווארפען מיט בליקען מיט מנוח'ן, און נאכהער האט זי זיך אפגערופען:

— שמשון, פארוואס זאל זי ניט קומען אהער מיט איהרע עלטערען?

— זי האט ניט קיין עלטערען! — האט שמשון געענטפערט.

— אויב אזוי, קען זי דאָך געווים קומען צו אונז! מעגליך אז מיר וועלען איהר זעהן און מיט איהר ריידען, און זי וועט וועלען זיך מגייר זיין, דאַן וועט דיין פאטער פיעלייכט ענדערען זיין מיינונג, — האָט צללפונית אויסגערופען.

— דו האָסט נאָר וואָס געזאָגט, אז דלילה האָט ניט קיין עלטערען, טאָ וואו געפינט זי זיך? — האָט מנוח געפרעגט.

— זי האָט איהר אייגען פּלאַץ! — האָט שמשון געענטפערט.

— איהר אייגען פּלאַץ?! און ווער שטיצט איהר?

— זי שטיצט זיך אליין!

— איך מיין, פון וואנען נעהמט זי געלד אויף צום לעבען?

— זי איז א טענצערין און קריגט דערפאַר בעצאָהלט.

— און דו ערוואַרטעסט אז אזא פרוי זאָל דיר זיין געטריי און איבערגעבען?

— האָט מנוח איהם פאַרגעוואָרפען.

— זי איז ריין און אומשולדיג ווי א מלאך... זי איז עהרליך, נאָבעל, גוטהארציג און שעהן!... — האָט שמשון געזאָגט, — און כאָטש זי איז א טענצערין, האָט זי נאָך קיינעם נישט געליעבט. יא, איך בין דער ערשטער וועמען זי האָט ליעב געקראָגען.

— שמשון, דיין ליעבע צו איהר מאַכט דיך בלינד... די פּלשתים מיידלעך דאַרף מען קיינמאָל נישט געטרויען, בפרט אזא וועלכע איז נאָך א טענצערין און אונטערהאַלט יונגע מענער מיט איהרע פאַרשייטע טענץ... איך זאָג דיר, מיין זוהן, אז אזא פרוי איז קיינמאָל ניט עהרליך... זי האָט שוין געהאַט גענוג ערפאַהרונגען און זי וויים ווי אריינצונאַרען א מאַן אין איהר נעץ.

— איך בעט דיך, פאטער, רייד נישט אזוי וועגען דלילה'ן וועמען איך ליעב אזוי שטאַרק!...

— איך האָב זי נאָך נישט געזעהן, נאָר פון דיינע רייד קען איך פאַרשטעהן אז זי איז שוין ניט אזוי אומשולדיג ווי דו בעטראַכטסט איהר.

— ווייל דו האָסט זי ניט געזעהן, האָסטו קיין רעכט נישט אזוי צו ריידען פון איהר! — האָט שמשון געזאָגט. — איך פאַרזיכער דיר, אז אפילו צווישען די טעכטער פון ישראל איז שווער צו געפינען אזא טרייע און עהרליכע מיידעל.

— פאָלג מיך, מיין זוהן, — האָט זיך די מוטער אריינגעמישט — ברייננג דלילה'ן צו אונז, און אזוי לאַנג ווי זי האָט נישט קיינע עלטערען, וועט זי דאָך געווים ניט האָבען דאַגעגען אז מיר זאָלען פייערען דיין חתונה אין צרעה.

— לויט דיינע רייד קומט אוים, אז דו שטימסט שוין צו, — האָט מנוח זיך אָפּגערופען צו זיין פרוי מיט א ברוגז'ער שטימע, — און איך וועל קיינמאָל ניט איינשטימען ער זאָל נעהמען א פּלשתית פאַר א פרוי.

— איך זאָג בלויז, אז זי וועט קומען אַהער וועלער מיר זעהן, — האָט זיך צללפונית פאַרענטפערט, — אפשר וועט זי אונז מאַקע געפעלען ווערען.

— ווי אזוי קען זי אונז געפעלען ווערען ווען זי איז א פּלשתית! — האָט מנוח געזאָגט, — שמשון דאַרף וויסען אז די פּלשתים זיינען זיינע גרעסטע שונאים, און ער דאַרף זיך האַלטען פון דער וויטענס פון זיי. איך קען דיר נישט צווינגען, שמשון, אז דו זאָלסט זיך צוהערען צו מיינע רייד, אָבער איך וועל געווים מיין צושטימונג ניט געבען!

— עס וועט ניט שאַדען, פון דעסטוועגען אז דלילה וועט קומען. לאָמיר זי

אם וויניגסטען אנקוקען, דאן וועלען מיר פיעלייכט קענען בעסער אורטיילען.

— ניין, מוטער, זי קען אהער קיינמאל ניט קומען! — האט שמשון אויס־גערופען, — איך האב זיך פאר איהר ארויסגערעדט אז איהר זייט ניט איבריגס צופריעדען מיט איהר, וויל זי שוין אהער ניט קומען. אבער ווען איהר וועט מיט מיר מיטגעהן און פייערען די חתונה אין איהר שטאדט, וועט זי ווערען צוגע־בונדען אויך צו אייך און פארעקענט ווערען פאר אייער טאכטער.

— אז איך פערלאנג גארנישט אז זי זאל אהער קומען! — האט מנוח געזאגט, — איך בעט נאר גאט אז ער זאל דיר אריינגעבען א געדאנק און דו זאלסט פארשטעהן וואס פאר א געפעהרליכען שריט דו מאכסט.

— איך בין זיכער אז איך וועל קיינמאל קיין חרטה נישט האבען. אבער ווען איהר וואלט מיט מיר מיטגעגאנגען וואלט איך זיך א סך גליקליכער געפיהלט — האט שמשון געזאגט, און זיך דערנעהנטערט צו דיר טהיר.

— וועסטו זיך לאנג זאמען? — האט צללפונית איהם געפרעגט.

— איך האב מורא אז דיזען מאל וועל איך זיך זאמען זעהר לאנג! איך וועל מיין חתונה מיט איהר דארטען פייערען און דערנאך וועל איך דארטען מעגליך אויף שטענדיג פארבלייבען.

צללפונית האט געווישט איהרע טרעהרען.

— איך בעט דיך, שמשון, פארברייינג נאך מיט אונז א פאר טעג. פיעלייכט וועלען מיר מיט דיר מיטגעהן.

— דו קענסט געהן, אויב דו ווילסט, — האט מנוח געזאגט, — אבער איך שווער אז איך וועל דארט ניט געהן און געוויס ניט זיין אנוועזענד אויף זיין חתונה מיט דער פלשתית.

— פאטער, דו ווייסט ווי שטארק איך שעץ און ליעב דיך. דיינע רייד זיי־נען אימער צו געווען היילינ פאר מיר. אבער דיזען מאל, וועל איך זיין געצוואונ־גען צו געהן געגען דיין ווילען... ווייל איך ליעב זי מעהר ווי מיין אייגען לעבען.

צללפונית איז צוגעגאנגען צו שמשון׳ען און איהם אנגענומען פאר זיין האנט, און מיט טרערען אין די אויגען געזאגט:

— פילע יאהרען בין איך געווען קינדערלאז. איך האב געבייגקט נאך א קינד, וועלכער זאל זיין צו מיר א טרייסט אין מיינע עלטערע יאהרען. איך האב צו גאט מתפלל געווען. טאג און נאכט האב איך ניט אויפגעהערט אויסצוגיסען מיין הארץ פאר דעם באשעפער פון דער וועלט, ביז וואנען ער האט זיך איבער מיר דערבארימט, און מיר דורך זיין מלאך געשיקט אנזאגען די גליקליכע בשורה אז איך וועל געבוירען א זוהן, וועלכער וועט ברענגען גליק ניט נאר צו מיר און צו מיין מאן, נאר אויך צום גאנצען פאלק ישראל. די רייד פון מלאך זיינען מקויים געווארען. דו האסט ווירקליך געהאלפען ישראל פון די פלשתים׳ם הענט. דיין נאמען איז גרויס געווארען און גליקליך און שטאלץ זיינען מיר און גאנץ ישראל געווען מיט דיר. און איצט, ווען מיר זיינען שוין אלט און דו ביזט אונ־זער איינציגער טרייסט אין לעבען, ווילסטו אונז פארלאזען? דו ווילסט חתונה האבען מיט א טאכטער פון ישראל׳ם גרעסטע שונאים... ווי אזוי וועסטו דאן קענען זיין א שופט און א פיהרער ביי דיינע ברידער? וועט דיר דען דיין דלילה לאזען קעמפען געגען איהרע ברידער?

— איך פארזיכער דיר, מוטער, אזוי שנעל ווי דלילה וועט ווערען מיין פרוי,

וועט זי אינגאנצען פארגעסען אַן איהרע ברידער, די פלשתים. אפילו איצט איז זי עלענד און איינזאַם, זי האָט ניט קיין גואל און קרוב צוליעב וועמען זי זאָל דארפען זיין צוגעבונדען. זי האָט מיך אליין ליעב און ווען זי וועט מיין פרוי ווערען, וועט זי אין גאנצען געהערען צו מיר און מיין פאָלק. איך וועל איהר לערנען די וועגען פון אונזער פאָלק. זי וועט דינען צו אונזער גאָט און וועט פאררעכענט ווערען ווי איינע פון אונז...

— א טאָכטער פון די פלשתים וועט קיינמאָל ניט פארנעמען דעם פלאַץ פון א טאָכטער פון ישראל — האָט מנוח געזאָגט מיט ביטערקייט. — איך האָב נאָך ניט פארגעסען יענע ערפאהרונג וואָס דו האָסט געהאט מיט מרמה... איך ווייס אז אלע זיינען זיי פאלש, די מענער און די פרויען. געדענקסטו ניט ווי זיי האָבען דיך אָפּגענארט מיט דעם רעטעניש... אָ, שמשון, דו האָסט שוין געדארפט וויסען, אז האָניג טריפט פון דער צונג פון א פלשתים פרוי, אָבער דער האָניג ווערט שפעטער אין שלאַנגען־גיפט פארוואַנדעלט... באדענק און באַטראַכט זיך איידער דו מאכסט דעם פאלשען שריט... שפעטער וועט פיליכט צו שפעט זיין...

— דו האָסט א פאָראורטייל געגען די פלשתים מיידלעך, פאָטער, דער־פאר איבערטרייבסטו דעם געפאהר וואָס דראָהט מיר. ווייסטו דען ניט, אז איך האָב אליין טויזענטע פון די פלשתים געטויטעט און איך האָב זיך ניט געשראָ־קען, און איצט וועל איך דען דארפען מורא האָבען פאר א פרוי וועלכע איך האָב ליעב און וועלכע האָט מיך ליעב...

— ווילסטו דען געהן געגען גאָט און געגען זיין תורה... ווייסטו דען ניט, אז אין אונזער הייליגער תורה שטעהט געשריבען "דו זאָלסט זיך ניט מתחתן זיין מיט זיי".

— זי האָט אָבער צוגעשטימט זיך מגייר צו זיין, — האָט שמשון ערווי־דערט — איך ווייס, אז גאָט וועט עס מיר ניט פאררעכענען פאר א זינד... איצט אויב דו וועסט צושטימען צו געהן מיט מיר, וועסטו זיך אליין איבערצייגען אז איך האָב רעכט... דורכדעם וועסטו אויך געווינען איהר הארץ, און זי וועט זיך צוהערען צו אלץ וואָס איהר ביידע וועט איהר לערנען. אָבער ווען איהר וועט ניט וועלען קומען, וועט זי פארשטעהן אז זי איז ניט ווילקאָמען צו אייך און זי וועט טראָגען א האס צו אייך.

— און ביי דיר איז רעכט צו הייראטען מיט א פרוי וועלכע וועט האסען דיינע עלטערען? — האָט מנוח איהם געפרעגט.

— דעריבער וויל איך טאקע אז איהר זאָלט מיט מיר מיטגעהן, דאן וועט זי אייך פאררעכענען ווי אייגענע עלטערען.

— דאָס וועט קיינמאָל ניט געשעהן! — האָט מנוח אויסגערופען — איך וועל ניט געהן דיר העלפען צו באגעהן א זינד.

— אויב אזוי געה איך אליין — האָט שמשון געזאָגט און געעפענט די טיהר — אָבער איך ווייס ניט אויב איך וועל זיך שוין ווען עס איז דאָ צוריק־קעהרען.

— אָה, שמשון, געה ניט! געה ניט! — האָט צללפונית זיך פאַנאנדערגע־וויינט. טו עס פון מיינטוועגען!

— איך קאָן ניט, מוטער! איך האָב זי ליעב מעהר ווי מיין אייגען לעבען! איך מוז געהן! זי ווארט אויף מיר. געוויינליך אלץ וואָלט פילייכט אנדערש גע־ווען ווען איהר ביידע וואָלט מיט מיר מיטגעגאנגען...

— וועלען מיר געהן מיט דיר! — האָט צללפונית אויסגערופען.

— איהר וועט געהן! — האָט שמשון געזאָגט מיט שטראהלענדע אויגען.

— יע, מיר וועלען געהן — האָט צללפונית זיך געווענדעט צו מנוח'ן.

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט אז איך געה ניט, אויב דו ווילסט קענסטו אליין געהן.

— דו מוזט געהן! דו מוזט געהן! — האָט צללפונית מיט טרערען געזאָגט —ווי אזוי קענסטו צוזעהן ווי שמשון, אונזער זוהן, זאָל פון אונז אינגאנצען אוועקגעהן און מעהר קיינמאָל זיך ניט צוריקקעהרען. קום, מנוח, לאָמיר מיט־געהן מיט איהם. מעגליך אז ווען מיר וועלען זי זעהן, וועלען מיר אליין צוגעבען אז עס איז פילייכט ניט אזוי קרום. עס איז א סך בעסער וואָס זי האָט ניט קיין משפחה צווישען די פלשתים... זי האָט דאָך קיינעם ניט וועלכער איז נאָהענט צו איהר, און זי וועט דעריבער זיין צו אונז מעהר צוגעבונדען. וואָס וועלען מיר דערלעגען אז מיר וועלען געהן אהין.

מנוח האָט אומגעקערט זיין קאָפּ און געשוויגען.

—, מעגליך, אז ווען זי וועט זעהן אז מיר זיינען געקומען, וועט זי צושטי־מען מיט אונז מיטצוגעהן — האָט צללפונית ווייטער געזאָגט. דענקסטו דען ניט שמשון, אז מיר וועלען זי קענען איבעררעדען צוריקצוקערען זיך מיט אונז קיין צרעה און פייערען דאָ די התונה.

, — איך גלויב אז יאָ, — האָט שמשון געזאָגט און געווענדעט זיינע בליקקען צו זיין פאָטער.

— דו הערסט, מנוח, זי וועט איינשטימען מיט אונז צו געהן צוריק אהער האָט צללפונית זיך אָפּגערופען. קום, זאָג איך דיר, לאָמיר מיטגעהן מיט איהם.

— איך וועל קיינמאָל מיין צושטימונג דערצו ניט געבען! — האָט מנוח אויסגערופען — און אויב איך וועל יע געהן, וועט עס מיינען, אז איך שטים צו, אז מיין זוהן זאָל הייראטען א טאָכטער פון די פלשתים! ניין! איך וועל ניט געהן! איך וועל ניט געהן!

— נו, וועל איך אליין מיט דיר מיטגעהן שמשון — האָט זיך צללפונית אָפּגערופען — איך וועל איהר ארויסווייזען פיעל צערטליכקייט און ליבע, און איך בין זיכער אז זי וועט מיר אויך ליעב האָבען ווי א טאָכטער האָט ליעב איהר מוטער, און דאַן, מעגליך, אז איך וועל איהר איבעררעדען זי זאָל זיך מיט מיר צוריקקעהרען.

— ניין, מוטער, איך וויים ניט אויב דיין מיטגעהן מיט מיר וועט עפּעס אויפטאָן — האָט שמשון געזאָגט — דלילה וועט פארשטעהן פארוואָס מיין פאָטער איז ניט געגאנגען און דו אליין וועסט איהר צאָרן ניט קענען שטילען... ניין, אויב דער פאָטער וועט אויך ניט געהן דאַן...

— דאַן ווילסטו איך זאָל אויך בלייבען אין דער היים — האָט צללפונית טרויעריג געזאָגט.

— דו ווייסט דאָך מוטער ווי גליקליך איך וואָלט זיך געפיהלט ווען דו וואָלסט מיט מיר געגאנגען. אָבער איך זעה ניט איין די נוצען וואָס דאָס וועט

ברענגען... איך גלויב, אז דאס וועט נאך די לאנגע ערגער מאכען... איך וועל זעהן, אויב עס וועט זיין מעגליך וועל איך קומען איך צרעה אייך צו באזוכען.

שמשון האט אויפגעעפענט די טיר און איז ארויס פון זיינע עלטערנ׳ס הויז.

צו זיינע אויערען האט זיך דערטראגען זיין מוטער׳ס געוויין. ער איז געבליבען שטעהן א ווײלע אין דרויסען. זיין הארץ האט איהם וועה געטאן פאר זיין ליבע מוטער. ער האט ניט געקענט באשליסען ביי זיך וואס צו טאן. איהם האט געצויגען צוריק צו זיינע עלטערען. ער זעהט ווי שטארק זיי ליידען. ווי אזוי קען ער איצט אוועקגעהן און זיי איבערלאזען אין אזא צושטאנד... ער האט זיך שוין געוואלט אומקערען. אבער דא איז דלילה׳ס געשטאלט פארביי געשוועבט זיינע אויגען... איהר באצויבערענדער פנים האט איהם געצויגען... גערופען צו זיך... ער מוז צו איהר היינט קומען, אז ניט וועט זי מיינען אז ער וועט זיך שוין ניט אומקערען צו איהר. ער האט א ציה געטאן מיט זיינע אקסלען און איז געגאנגען נאך דעם טאל פון שורק.

---

ווי שמשון האט פארלאזען דאס הויז איז צללפונית צוגעגאנגען צו מנוח׳ן און מיט טרויער אין איהר שטימע, געזאגט:

— וואס וועט איצט זיין, מנוח?... גאט וויים, אויב מיר וועלען שוין איהם זעהן... איך גלויב, אז מיר וואלטען א סך בעסער געמאכט אויב מיר וואלטען מיט איהם מיטגעגאנגען. פיליכט איז עס אזוי באשטימט פון גאט...

— ער געהט אויף א זעהר געפעהרליכען וועג און עס איז מיין פליכט געווען איהם צו ווארענען און ניט איהם העלפען דארט צו געהן. עס וועט לאנג ניט דויערען און ער וועט זיך ארומזעהן, אז איך בין גערעכט, דאן וועט ער זיך אליין אומקערען.

— גאט וויים אויב עס וועט שוין ניט זיין צו שפעט! — האט צללפונית געבראכען איהרע הענט — מיר האבען געדארפט געהן שיקען רופען קרני׳ן, פיליכט וואלט ער געהאט אויף איהם אן איינפלוס.

— זעהסטו דען ניט, אז יענע פלשתים־מיידעל האט איהם אזוי פארדרעהט זיין קאפ, און אויב אונזערע רייד האבען ניט געהאלפען, וועט קיינעמס רייד אויף איהם קיין ווירקונג ניט האבען...

— אומגליקליכע תרצה! — האט צללפונית געזיפצעט — איצט זיינען שוין אלע איהרע האפענונגען פארשוואונדען... זי האט איהר גאנצען לעבען מקריב געווען צוליעב איהר שטארקער ליבע פאר שמשון׳ען... אזוי לאנג ווי ער האט נאך ניט געהייראט, האט זי נאך געהאפט, איצט האט זי שוין מעהר ניט אויף וואס צו האפען. אַ, ווי גרוים איז דאס רחמנות אויף איהר.

— נאך גרעסער איז דער רחמנות אויף שמשון׳ען! — האט מנוח אויסגערופען — א פלשתים־טענצערין! עס איז זיך שוין ניט שווער פארצושטעלען, וואס פאר א "סחורה" זי איז. זי האט א נעץ פארשפרייט און איהם געפאנגען אין איהר נעץ.

— מעגליך, אז מיר מאכען א טעות — האט צללפונית זיך אליין פרובירט טרייסטען — געדענקסטו ניט ווי שמשון האט אונז דערצעהלט, אז זי האט זיין לעבען געראטעוועט, כאטש איהרע ברידער האבען פון איהר פארלאנגט, אז זי

זאָל זיי ארויסהעלפען איהם שלעכטעס צו טאָן, אויב זי וואָלט געהאַט שלעכטע כונות וואָלט זי דאָך עס גלייך, ווי די געלעגענהייט איז צו איהר געקומען, אויס־געפיהרט.

— ווער ווייס וואָס פאַר א כונות דלילה האָט. שמשון אָבער באַגעהט א גרויסע זינד געגען גאָט און געגען זיין פאָלק וואָס ער געהט הייראטען מיט דער פלשתים־מיידעל.

— אויב דו ביזט אזוי איבערצייגט אין דעם, טאָ פאַרוואָס האָסטו איהם ניט געצוואונגען ער זאָל זיך צו דיר צוהערען — האָט צללפונית איהם פאַרגע־וואָרפען.

— איהם צווינגען ?! — האָט מנוח געשאָקעלט מיט זיין קאָפּ. ווען ער איז געווען נאָך גאַנץ יונג האָב איך איהם ניט געקענט צווינגען, בפרט נאָך איצט... ער האָט זיך פאַרפלאָנטערט אין איהר נעץ...

— ווען דו וואָלסט ניט געווען אזוי פאַר'עקשנ'ט וואָלטען מיר געדאַרפט מיטגעהן מיט איהם און אמווייניגסטען זי אָנקוקען.

— דאָס וואָלט ביי איהם אויסגעקומען אלס א סימן, אז מיר שטימען איין. ניין, דאָס האָב איך ניט געוואָלט. זאָל ער וויסען, אז מיר זיינען דאַגעגען, און ער טהוט עס געגען אונזער ווילען.

— און וואָס זאָלען מיר איצט טאָן ? — האָט צללפונית וויינענדיג געזאָגט.

— איצט בלייבט פאַר אונז מעהר ניט ווי צו בעטען גאָט, אז ער זאָל זיינע אויגען אין צייט עפענען און ער זאָל זיך ארומזעהן וואָס ער טהוט. זאָל איהם גאָט באַשיצען, ווי ער האָט עס פריהער צו איהם געטאָן.

— איך קאָן ניט פאַרשטעהן וואָס מיט שמשון'ען איז געוואָרען. ער פלעגט דאָך זיין אזוי געהאַרכזאַם. ער האָט קיינמאָל ניט געטאָן א זאַך געגען אונזער וואונש. און איצט וואָס ווערען אונזערע ברידער זאָגען... ער, זייער שופט און פיהרער, זאָל הייראטען מיט א טאָכטער פון אונזער שונא, און וואָס וועט זיין אז עס וועט ווידער אויסברעכען א סכסוך צווישען ישראל און פלשתים, וועט ער דען קענען איצט קעמפען געגען די ברידער פון זיין פרוי ?

— ער איז אזוי באַליבט געוואָרען אין גאַנץ ישראל. זיין נאָמען איז באַ־רימט ביי אלע שבטים. אלע קוקען אויס אויף איהם פאַר הילף. אַלע האָפען, אז ענדליך וועט שמשון אינגאַנצען צוברעכען דעם יאָך פון די פלשתים און ער וועט באַפרייען ישראל פון די פלשתים יאָך. זיי וועלען מעהר קיין צינזען ניט דאַר־פען צאָהלען. די פלשתים האָבען זיך ארומגעזעהן, אז זיי וועלען שוין מוזען לעבען בשלום מיט אונז. קומט איצט שמשון און מאַכט אן ענדע צו ישראל'ס האָפענונג...

— אפשר וועט ער דורכדעם וואָס ער פאַרבינדט זיך מיט א פלשתית קע־נען דערגרייכען א גיכערען שלום, ווי דורך קאַמף — האָט צללפונית איהם געפרעגט.

— ניין, דאָס איז אוממעגליך. דאָס געפיהל פון נקמה און האַס איז זעהר גרויס ביי די פלשתים. זיי וועלען קיינמאָל ניט פאַרגעסען וואָס שמשון האָט געטאָן צו זייערע פעלדער און צו זייערע ברידער. זיי וועלען זוכען פאַרשידענע מיטלען מיט איהם זיך אָפּצורעכענען און איצט, אז ער געפינט זיך אין זייער רשות, וועלען זיי דען ניט טאָן אלץ וואָס מעגליך איהם טיפער צו פאַרפלאָנטע־

רען אין דעם נעץ... יע, יעדער איינער קאן פאראויסזאגען די טרויעריגע פאלגען... יעדער איינער, אויסער שמשון, ווייל ער איז פארבלענדעט געווארען פון דלילה'ס ליעבע...

— אה, איך מוז געהן איהם צוריקרופען"! — האט צללפונית זיך פאנאנדערגעוויינט — איך וועל צו זיינע פיס פאלען. איך וועל איהם בעטען, ער זאל אויף זיין אלטע מאמען רחמנות האבען... ניין, איך וועל איהם ניט לאזען געהן צו איהר! איך וועל ניט לאזען!...

צללפונית איז גלייך ארוים פון איהר הויז און מיט שנעלע טריט איז זי געגאנגען אנצוזאגען איהר זוהן. זי איז געלאפען איבער די גאסען, וואס פיהרען צו די טויערען פון שטאדט אין געשריהען:

"שמשון! שמשון! מיין זוהן!"

איהר שטימע האט זיך בלויז אפגעהילכט אין דרויסען, אבער שמשון'ען האט איהר שטימע ניט דערגרייכט. ער איז שוין געוועזן ארוים פון שטאדט...

איינינע פארבייגעהער האבען זיך אפגעשטעלט און געפרעגט צללפונית'ן וואס עס האט פאסירט? צללפונית אבער האט גארניט ניט געזעהן און קיינעם ניט געענטפערט. איהרע אויגען האבען איהר גענומען שווינדלען און מיט וואקלענדע טריט איז זי צוריקגעגאנגען אהיים.

## עלפטער קאפיטעל

# אין נעץ...

ווען שמשון איז שוין געוועזן ארוים פון צרעה, האט ער שוין אינגאנצען פארגעסען וואס עס איז פארגעקומען צווישען איהם און זיינע עלטערען... איין פרעהליכער געדאנק האט איהם אינגאנצען באהערשט: ער וועט באלד זעהן די וועלכע ער האט האט אזוי ליעב... זיינע פיס האבען זיך שנעלער באוועגט. ער האט זיך געפיהלט אזוי גוט און מונטער. אלע אברים האבען אין איהם געזונגען... באלד וועט ער דערזעהן דעם שעהנעם פנים פון דלילה'ן. ער וועט הערען איהר זיסע שטימע. ער וועט קושען איהרע ליפען... זיין גאנצ שנאה צו די פלשתים איז פארשוואונדען געווארען. נאך אלעמען, אויב פון זיי קאן ארויסקומען אזא ליבליכע צארטע בלום ווי דלילה איז — האט ער געטראכט — זיינען די פלשתים גאר ניט אזוי שלעכט...

באלד איז ארויפגעשוואומען אויף זיינע געדאנקען זיינע עלטערען... מעגליך, אז ער וועט איבעררייידען מיט דלילה'ן און זי וועט צושטימען מיט איהם צו געהן צו זיינע עלטערען. אה, וואס פאר אן איבערראשונג עס וועט זיין פאר זיי... ערשט דאן וועלען זיי איינזעהן, אז זיי האבען געמאכט א טעות... אז דלילה איז ליבענסווירדיג און זי וועט צו זיי פאררעכענט ווערען אלס זייער טאכטער. קיינער וועט מעהר ניט זיין דאגעגען. מען וועט בלויז דארפען איינמאל א קוק טאן אויף איהר... ווער פון די אידישע טעכטער באזיצט נאך אזעלכע אויגען, וואס ווארעמען און לאסטשען... איהר שמייכעל דערפרעהט דאס אומעטיגע הארץ, און איהר זיסע שטימע קלינגט ווי הימעלישע מוזיק. דלילה! דלילה! ווי גרויס און מעכטיג מיין ליבע איז צו דיר! ווי אנגענעם דאס לעבען איז. צו פיהלען דאס לאסטשען פון דיינע הענט, די ברענענדיגע קושען פון דיינע ליפען.

אזעלכע גערדאנקען האָבען איהם באנומען ווען ער האָט זיך דערנענטערט צום טאָל שורק... פון וויטענס האָט ער דערזעהן דלילה'ס הויז און מיט שנעלע ברייטע טריט איז ער דאָרטען אָנגעקומען.

דלילה האָט איהם דורך איהר פענסטער דערזעהן, און איז ארויס איהם אנטקעגען צו קומען.

— אַה, דלילה! איז שמשון שנעל צו איהר צוגעלאָפען — ווי פרעכטיג שעהן דו ביזט, ווי דער מאָרגענשטערן לייכט דיין פנים — האָט ער זי געקושט.

— און איך בין שוין געווען באזאָרגט וועגען דיר — האָט דלילה איהם גענומען אונטער איהר אָרעם און אריינגעפיהרט אין הויז.

— זעץ זיך שמשון, דו ביזט זיכער מיעד פון וועג. די דינסט וועט ברענגען וואסער און דו וועסט ארומוואשען די שטויב און נאכהער וועסט עסען.

דלילה האָט אריינגערופען איהר דינסט, און איהר עפּעס געזאָגט... באלד איז זי אריינגעקומען מיט וואסער.

שמשון איז געווען שטארק דורשטיג און ער האָט דאָס גאנצע וואסער אויסגעטרונקען. די דינסט האָט געבראכט נאָך וואסער און דלילה האָט שמשון'ען געהאָלפען ארונטערנעמען דעם אייבער בגד, און די סאנדאלען פון זיינע פיס.

שמשון האָט זיך ארומגעוואשען און געפיהלט ערפרישט.

— איך האָב געמיינט, אז דיזען מאָל וועסטו קומען מיט דיינע עלטערען — האָט דלילה זיך געמאכט אז זי איז ענטוישט.

— זיי האָבען ניט געקענט קומען — האָט שמשון א זאָג געטאָן.

— ניט געקענט קומען! זיי האָבען ניט געוואָלט קומען! זיי האַסען מיך! איך ווייס! זיי ווילען מיר ניט אנערקענען פאר זייער טאָכטער! איך בין א פלשתית — האָט דלילה מיט א צאַרענדיגע שטימע געזאָגט.

— בארוהיג זיך מיין טייערע, וואָס איז דער אונטערשייד, אבי איך האָב דיך ליעב מעהר פון אלץ אין דער וועלט.

— און אויך מעהר פון דיינע עלטערען — האָט דלילה געגלעט זיין פנים מיט איהר האנט.

שמשון האָט געשוויגען.

— איך זעה, אז דיינע עלטערען האָסטו נאָך אלץ מעהר ליעב ווי מיך! — האָט דלילה זיך פאר'ברוגז'ט.

— דו זעהסט דאָך, אז איך בין דאָך פּאַרט צו דיר געקומען כאטש...

— כאָטש וואָס? — האָט זי א כאַפּ געטאָן.

—המ... כאָטש זיי האָבען ניט געקענט קומען — האָט שמשון זיך געזוכט ארויסצודרעהען.

— איך ווייס — האָט דלילה געזאָגט — דו ביזט געקומען צו מיר, כאָטש דיינע עלטערען זיינען געווען דאגעגען! זאָג מיר דעם אמת, פארלייקען ניט פון מיר. בין איך גערעכט?

— יע— האָט שמשון ניט ווילענדיג צוגעגעבען.

— אויב אזוי וויל איך זיי קיינמאָל ניט אָנקוקען־! — האָט דלילה אויסגערופען מיט כעס — אויב זיי קענען זיין מיר דאגעגען, נאָך איידער זיי האָבען מיך אָנגעקוקט, דאן פאררעכען איך זיי פאר מיינע שונאים!

— ווייל זיי קענען דיך ניט זיינען זיי דאגעגען — האָט שמשון פּרובירט זי בארוהיגען — איך בין זיכער, אז ווי נאָר זיי וועלען דיר דערזעהן, וועלען זיי ענדערען זייער מיינונג וועגען דיר...

— אָ, ניין, איך וויל פון זיי ניט הערען און ניט וויסען — האָט זיך דלילה פארקאפּריזעט.— דו דארפסט איצט באשליסען ווער עס איז דיר ליבער, איך צי דיינע עלטערען ? !

שמשון איז געבליבען שטעהן ווי צוטומעלט...

דלילה — האָט ער זיך אָפּגערופען — וואָס האָט עס צו טאָן מיט מיינע עלטערען. זעהסטו דען ניט ווי שטארק איך האָב דיך ליעב. אמת, מיינע עלטערען זיינען געווען שטארק דאגעגען, פונדעסטוועגען זעהסטו דען ניט, אז איך בין צו דיר געקומען. געוויינליך, איך האָב זיי אויך ליעב, אָבער דאָס איז אן אנדער סאָרט ליבע... די ליבע פון א זוהן צו זיינע עלטערען. אָבער מיין ליעבע צו דיר איז אזוי גרויס און שטארק, אז אפילו זיי האָבען זי ניט געקענט צוברעכען. ניין דלילה, דו ביזט מיינע אויף אייביג.

שמשון האָט זי ארומגענומען און געדריקט צו זיך. ער האָט זי באדעקט מיט קושען.

דלילה האָט איינגענורעט איהר קאָפּ אין זיין בוזים און זיך צוכליפּעט.

8 — שמשון

— פארוואָס וויינסטו, מיין ליבע דלילה — האָט ער זיך צו איהר אָפּגערופען — ביזטו דען ניט גליקליך מיט מיין ליבע צו דיר ?

— איך האָב מורא אז דיין ליבע צו מיר וועט ניט לאנג געדויערען — האָט דלילה געזאָגט — דיינע עלטערען וועלען זיכער אָפּווענדען דיין הארץ פון מיר.

— קיינער אין דער וועלט וועט מיר ניט קענען דערווייטערען פון דיר — האָט שמשון זיך אָפּגערופען — און איצט מעג איך דיר זאָגען וועגען מיין באשלוס.

— וועגען וואָס פאר א בעשלוס ? — האָט איהם דלילה געפרעגט.

— וועגען מיין באשלוס זיך קיינמאָל ניט צוריקקעהרען צו מיינע עלטערען, סיידען זיי וועלען קומען צו דיר און זיך מיט דיר איבערבעטען.

— יע, אויב זיי וועלען קומען, וועל איך זיי מוחל זיין — האָט דלילה געזאָגט — אָבער בלויז דאַן, ווען זיי וועלען קומען צו אונזער חתונה...

— נו, געוויס ! — האָט שמשון געענטפערט.

— שמשון, האָסטו מיך באמת ליעב ? — האָט דלילה איהם ארומגענומען.

— וואָס פאר א פראגע ! — מיין ליבע איז אזוי מעכטיג ווי דער פעלזענשטיין אין עיטם.

— ניין, דו האָסט מיך ניט ליעב. דו נארסט מיך אָפּ — האָט דלילה קאָקעטיש א זאָג געטאָן.

— וואָס רעדסטו, דלילה — האָט שמשון איהר געקושט — ווייסטו דען ניט, אז דאָס גאנצע וואסער פון דעם ירדן וועט ניט קענען אויסלעשען דעם פלאַם פון מיין ליבע צו דיר.

— ברטור האָט מיר דערצעהלט, אז ווען דו האָסט געהייראט מיט מרמה׳ן האָסטו איהר געגעבען אביסעל צירונג, וואָס באלאנגט צו דיין מוטער.

— אָה, ברטור איז א ליגנער ! — האָט שמשון אויסגערופען — מיין פאַ־

טער האָט איהר איבערגעגעבען א רינג וואָס האָט באַלאַנגט צו מיין מוטער, אין דער צייט ווען ער איז מיר געגאַנגען זוכען, ווען איך בין נאָך גאר יונג געווען און איך האָב געראַטעוועט תרצה'ן פון זעקס פּלשתים. דו געדענקסט דאָך, איך האָב דאָך דיר דערצעהלט וועגען דעם.

— אָבער וועגען רינג האָסטו מיר ניט דערצעהלט!

— מיין פאָטער האָט דאַן געמיינט אז די פּלשתים האָבען מיך געפאַנגען, און דעריבער האָט ער מיטגענומען מיין מוטער'ס ציערונג מיך אויסצולייזען, און ווען ער האָט באַגעגענט מרמה'ן און זי האָט איהם דערצעהלט אַלץ וואָס עס האָט פּאַסירט, איז ער געווען אזוי דאַנקבאַר צו איהר, אז ער האָט איהר געגעבען איינעם פון די רינגען פון מיין מוטער.

— און מיר האָסטו גאָרניט געבראַכט. איך האָב פון דיר קיין איינציגע מתנה נאָך ניט געקראָגען — האָט דלילה איהם פּאַרגעוואָרפען — יע, דאַמיט וועל איך וויסען אז דו האָסט מיך ווירקליך ליעב, ווען דו וועסט מיר ברענגען די ציערונג פון דיין מוטער.

— אָבער דלילה! — האָט שמשון זיך אָפּגערופען — דאָס איז דאָך אומ־מעגליך — דו ווייסט דאָך, אז מיין מוטער איז זעהר אומצופרידען מיט דעם וואָס איך וועל מיט דיר הייראַטען, און ווי אזוי וועט זי דען צושטימען צו געבען מיר איהרע ציערונג פאר דיר?

— אויב דיין ליעבע צו מיר איז ווירקליך גרויס, וואָלסטו שוין געפונען א וועג — האָט דלילה דורכגעפיהרט איהרע הענט דורך זיינע לאַנגע לאָקען — יע, דאָס וועט זיין מיין סימן. אויב דו וועסט מיר ברענגען די ציערונג פון דיין מו־טער וועל איך וויסען אז דו האָסט מיך ווירקליך ליעב. אָבער ווען דו וועסט גע־פינען אן אויסרייד, און מיר ניט ברענגען די ציערונג, וועל איך וויסען אז דיין ליעבע צו מיר וועט ניט זיין דויערהאַפט... און אזוי שנעל ווי דו וועסט דערזעהן א צווייטע, וועסטו מיך פארלאָזען.

— אָה, ניין, דלילה, קיין צווייטע וועט קיינמאָל ניט קענען פארנעמען דיין פּלאַץ אין מיין הארצען — האָט שמשון אויסגערופען — אזוי לאַנג ווי איך ליעב וועל איך דיך, בלויז דיך ליעב האָבען.

— אויב אזוי, פארלאַנג איך פון דיר דו זאָלסט מיר ברענגען דיין מוטער'ס ציערונג. מיר אַרט ניט ווי אזוי דו וועסט עס קריגען — האָט דלילה געזאָגט.

—איך בעט דיך, מיין ליעבע דלילה, פאַרלאַנג ניט פון מיר אזא אונמעגליכע זאַך. איך וועל טהאָן אַלעס, וואָס דו וועסט פון מיר בעטען, אָבער ניט דאָס! מיין מוטער וועט אפילו ניט וועלען הערען פון דעם!

— יעצט זעה איך, אז דיין ליעבע צו דיין מוטער איז שטאַרקער ווי דיין ליעבע צו מיר! — האָט דלילה אָפּגעווענדט איהר קאָפּ פון איהם. — איך האָב דיר געגלויבט, ווען דו האָסט מיר געזאָגט, אז דו ליעבסט מיך מעהר פון אַלעם אין דער וועלט, און יעצט זעה איך ווי נישטיג דיין ליעבע איז צו מיר!

שמשון האָט זי פּרובירט ארומנעהמען, אָבער זי האָט זיך ארויסגעדרעהט פון זיינע הענט.

— ריהר מיך מעהר ניט אָן! איך האָב מעהר קיין צוטרויען ניט צו דיר... איך בין שטאַרק ענטוישט אין דיין ליעבע און דו ווייסט דאָך ווי שטאַרק איך האָב דיך ליעב געהאַט, אז איך האָב מיין לעבען פאר דיר איינגעשטעלט... ווייסטו

דען ניט, אז ווען מיינע ברידער, די פלשתים, וואלטען אויסגעפונען, אז איך האב דיר געראטהען צו אנטלויפען פון עזה, וואלטען זיי מיך פארשטיינט? יע, מיר איז קיין זאך ניט שווער געווען צו טהאן פאר דיר און ווען איך פארלאנג פון דיר אזא קלייניגקייט, ענטזאגסטו מיר!

— דו ביזט גערעכט, דלילה! — האט שמשון זיך אפגערופען. — דו האסט פאר מיר זעהר פיעל געטהאן. דו האסט פארדינט, אז איך זאל אויך פאר דיר עפעס טהאן. איך וועל געהן צוריק נאך צרעה, צו מיינע עלטערען, און איך וועל בעטען מיין מוטער, אז זי זאל דיר שענקען א טייל פון איהר ציערונג.

— אבער דו האסט דאך מיר נאר וואס אליין געזאגט, אז דיין מוטער וועט קיינמאל ניט צושטימען מיר צו געבען איהר ציערונג!

— איך וועל זי שטארק בעטען, וועט זי עס פאר מיר טהאן, — האט שמשון געענטפערט. — דער אמת איז, אז מיין מוטער האט יא געוואלט מיטגעהן מיט מיר, בלויז דער פאטער איז געווען דאגעגען.

— און וואס וועסטו טהאן, אז זי וועט דיר ניט וועלען געבען איהר ציערונג? — האט איהם דלילה געפרעגט.

— מיין מוטער האט מיר אימערצו נאכגעגעבען! — האט שמשון א שמייכעל געטהאן.—מעגליך, אז איך וועל זיך צוריקקעהרען מיט איהר און זי אליין וועט דיר איהר ציערונג אפגעבען.

— ניין! איך וויל ניט נעהמען פון איהר האנט! איך פארלאנג, אז דו זאלסט מיר אליין געבען און איך וויל ניט, אז דו זאלסט ברייננען דיין מוטער! איך וויל זי ניט אנקוקען! איך האב זי פיינט!

דלילה איז ארומגעלאפען הין און צוריק אין צימער, איהרע האר זיינען געווען צעשויבערט, פון איהרע אויגען האבען פונקען געשפריצט און איהר פנים האט געפלאמט. אין שמשון'ס אויגען האט זי נאך יעצט אויסגעקוקט וואונדערליך שעהן. איהרע קאקעטישע קאפריזען האבען איהם נאך מעהר באצויבערט.

— דלילה! — האט ער זי פעסט ארומגענומען. — דלילה, איך האב דיך ליעב! איך וועל אלעס טהאן פאר דיר! איך געה מארגען אהיים און איך וועל דיר ברייננען די ציערונג פון מיין מוטער!

— יעצט זעה איך, שמשון, אז דו האסט מיך ווירקליך ליעב, — האט זי ארומגעוויקעלט איהרע הענט ארום זיין האלז. — זאג מיר, וועסטו מיך אימער אזוי ליעב האבען? וועסטו שטענדיג ערפילען מיינע פארלאנגען?

— איך וועל דיך ליעבען ביז דעם לעצטען טאג פון מיין לעבען! — האט שמשון זי געקושט. — קיין זאך וועט פאר מיר ניט צו שווער זיין צו טהאן פאר דיר.

— און אפילו ווען איך זאל פון דיר פארלאנגען, דו זאלסט טרינקען וויין, וואלסטו מיך אויך געפאלגט?

— וואס פאר א נוצען וואלט דיר ארויסגעקומען, אויב איך וואלט געטרונקען וויין? ניין, דו וועסט זיכער אזא זאך פון מיר ניט פארלאנגען! זינט מיין געבורט בין איך פארערעכענט געווארען פאר א נזיר און איך בין אפגעהיט געווארען ניט צו טרינקען בארוישענדע געטראנקען, און צוליעב דעם העלפט מיר גאט. און דו וואלסט ניט געוואלט איך זאל זינדיגען געגען מיין גאט?!

— אַ, ניין, שמשון! געוויס וועל איך דיך לאָזען דינען צו דיין גאָט! — האָט דלילה געזאָגט. — און דו וועסט מיר געוויס ניט שטערען, ווען איך וועל דינען צו מיין גאָט דגון?!

— אָבער דו האָסט דאָך מיר פאַרשפּראָכען, אַז איידער מיר וועלען הייראַטען, וועסטו זיך מגייר זיין? — האָט שמשון געזאָגט. — דו ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ שופט אין ישראל און איך קען ניט באַהויפּטען צו נעהמען אַ פרוי, וועלכע וועט דינען צו פרעמדע געטער?!

— וועגען דעם דאַרפסטו ניט זאָרגען, שמשון! — האָט דלילה זיך אָפּגערופען. — ווען איך וועל זיין צווישען דיינע מענשען, וועל איך דינען צו דיין גאָט, אָבער אַזוי לאַנג ווי איך געפין זיך צווישען מיינע ברידער, וועל איך מוזען דינען צו דעם גאָט דגון!

— און דעריבער האָף איך, אַז דו וועסט לאַנג ניט זיין צווישען דיינע ברידער! — האָט שמשון געזאָגט מיט אַ שמייכעל.

— דאָס וועט זיך ווענדען אין דיר, שמשון, אויב דיין ליעבע צו מיר איז זעהר שטאַרק, וועסטו מיך באַוועגען צו געהן מיט דיר אפילו צו דיין געבורטסשטאָדט, אָבער מיט איין באַדינג, אַז דו וועסט מיך ניט צווינגען צו וואוינען מיט דיינע עלטערען!

— דו וועסט אַליין זעהן, אַז מיינע עלטערען זיינען גאָרניט אַזוי שלעכט, ווי דו שטעלסט זיך פאָר! — האָט שמשון געלאַכט. — איך בין זיכער, אַז עס וועט לאַנג ניט נעהמען און דו וועסט ביי זיי פאַררעכענט ווערען ווי אַן אייגענע טאָכטער און דו וועסט ליעב האָבען צו זיין מיט זיי צוזאַמען.

— דאָס וועל איך נאָכהער זעהן! — האָט דלילה געזאָגט. — פריהער וועל איך זיך דאַרפען איבערצייגען, אַז דו האָסט מיך ווירקליך ליעב און דאָס וועט זיין דאַן, ווען דו וועסט מיר ברייננגען דיין מוטער׳ס ציערונג.

— איך וועל דיין וואונש ערפילען, — האָט שמשון זיך אָפּגערופען און זי באַדעקט מיט קושען.

דלילה האָט געהייסען איהר דינסט צוגרייטען אַ מאָלצייט פאַר שמשון׳ען.

— דער מאָלצייט זאָל זיין בלויז פון גרינסען און פרוכט! — האָט שמשון צוגעגעבען. — ווייל מיר איז ניט ערלויבט צו עסען פלייש, וואָס איז ניט צוגעגרייט לויט אונזער געזעץ.

איז אַ ווייל ארום האָט די דינסט געבראַכט אַ מאָלצייט און שמשון האָט געגעסען מיט גרויס אַפּעטיט.

אויף מאָרגען איז שמשון אוועק צוריק נאָך צרעה. ווען ער איז אריין אין זיין הויז, איז צללפּונית איהם געפאַלען אויפ׳ן האַלז און געקושט:

— מיין ליעבער זוהן! דו ביזט צוריקגעקומען?! אַה, ווי גליקליך איך בין! אָט וועל איך לויפען אָנזאָגען דיין פאָטער, ער געפינט זיך יעצט אין שייער, ער דרעשט דאָרט די ווייץ. ער וועט זיין אַזוי צופרידען, וואָס דו האָסט זיך צוריקגעקעהרט... ער האָט אָבער מיר געזאָגט, אַז דו וועסט זיך ארומזעהן און דו וועסט צוריקקומען! און איך בין געווען אַזוי באַזאָרגט וועגען דיר, מיין זוהן... איך האָב די גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען, איך האָב פיעל טרעהרען פאַרגאָסען, און יעצט האָט גאָט זיך צו מיין תפלה צוגעהערט און דיך צוריקגעשיקט. זאָג מיר, שמשון האָסטו זי אויפגעגעבען?

שמשון האט באטראכט זיין מוטער. ער האט געזעהן טרעהרען אין איהרע מילדע אויגען. דאס זיינען געווען טרעהרען פון פרייד. זאל ער זי ענטוישען? ניין, ער וועט א ווײלע צו־וואַרטען... ער וועט איהר שפּעטער דערצעהלען צוליעב וואס ער איז יעצט געקומען.

— שמשון, דו ביזט זיכער הונגעריג?! — האט צללפונית זיך אפּגערופען.

— אַט וועל איך אַריינברײנגען שפּײז פאר דיר.

צללפונית איז גלייך ארויס פון הויז און זי האט צוגערופען איינע פון איהרע דינסטען און איהר געזאגט:

— געה שנעל אריבער אין אביעזר'ס הויז און זאג תרצה'ן אין מיין נאמען, אז זי זאל באלד צוקומען צו אונז,אבער געדענק! שמשון טאר ניט וויסען, אז איך האב דיך געשיקט צו איהר.

איידער צללפונית האט פארטיג געמאכט דעם מאלצייט, איז תרצה אנגעקומען.

— שמשון איז נאר וואס צוריקגעקומען פון שורק! — האט צללפונית איהר אריינגערוימט אין אויער, — און איך גלויב, אז ער האט אינגאנצען אפּגעבראכען מיט דלילה'ן...

תרצה איז געבליבען שטעהן עטוואס צעטומעלט. א רויטקייט האט באדעקט איהר פנים. איז איהר האפנונג נאך ניט אינגאנצען פארלוירען?

— איך וועל שמשונ'ען זאגען, אז דו ביזט דא! — האט צללפונית געזאגט.

— אה, ניין! ניין! — האט תרצה אויסגערופען. — ער וועט מיינען...

— פארלאז זיך אויף מיר, תרצה! איך וועל איהם זאגען, אז דו קומסט אהער יעדען טאג און יעצט ווייסטו אויך ניט, אז ער איז דא, — האט צללפונית געזאגט. — אה, תרצה! דו קוקסט אויס אזוי שעהן און צוציהענד! זאל נאר דיך שמשון יעצט דערזעהן...דו ווייסט ניט ווי צופרידען איך בין, וואס ער איז גלייך צוריקקומען. איך האב שוין געמיינט, אז ער וועט שוין מיט איהר אויף שטענדיג פארבלייבען. אבער ווי עס ווייזט אויס, האט ער זיך ארומגעזעהן, אז מיר זיינען גערעכט און ער האט זיך צוריקגעקעהרט.

צללפונית האט דערלאנגט שמשונ'ען צו עסען און נאכהער האט זי זיך אפּגערופען:

— עס איז א גוטע זאך, וואס תרצה איז דא געקומען. זי האט מיר ארויסגעהאלפען מיט'ן צוגרייטען דיין מאלצייט. א, זי איז דאך אזוי ליעבליך און פריינדליך! זי קומט כמעט יעדען טאג צו זעהן, וואס מיר מאכען. זי וועט ווירקליך זיין צופרידען צו הערען, אז דו ביזט דא!

שמשון האט גענומען עסען שווייגענדיג. ער איז ניט געווען שטארק צופרידען, וואס תרצה געפינט זיך יעצט אין הויז און האט ניט געוואלט, אז זי זאל אריינקומען אין דעם צימער.

— יעצט וועל איך שיקען רופען דיין פאטער! — האט צללפונית געזאגט.

— ער וועט גלייך קומען... ער וועט זיך פיהלען גליקליך...

— מוטער! — האט שמשון זיך אפּגערופען. — פארבלייב דא א ווײלע מיט מיר, איך וויל מיט דיר עטוואס רעדען.

— יא, מיין זוהן! איך וועל הערען, — האט זיך צללפונית געזעצט נעבען איהם.

— איך ווייס, מוטער, אז דו וועסט זיין ענטטוישט, ווען דו וועסט פון מיר הערען, וואס איך האב דיר צו זאגען. אבער איך האף, אז דו וועסט מיך פאר־שטעהן און אלעס וועט אויסגעגליכען ווערען. דלילה וועט זיכער צושטימען צו קומען נאך צרעה...

— דלילה? ! — האט צללפונית אויסגערופען. — האסטו דען זי ניט פאר־לאזען?

— א, ניין, מוטער! — האט שמשון געזאגט. — איך האב דלילה'ן ליעב נאך מעהר ווי מיין אייגען לעבען! איך וועל זי קיינמאל ניט פארלאזען! אבער איך וויל, אז אויך דו און דער פאטער זאלען זי ליעב האבען. איך וועל זיך פיהלען זעהר גליקליך, ווען איך וועל וויסען, אז מיט דער צייט וועט זי קענען פאררעכענט ווערען אזוי ווי אייער טאכטער...

— און איך האב געמיינט, אז דו האסט זיך ארומגעזעהן, אז מיר זיינען גערעכט! — האט צללפונית געזאגט מיט א שטימע פון ענטטוישונג.

— המ... ווען דו וואלסט זי נאר געזעהן! א, ווי וואונדערליך שעהן זי איז!

— האט שמשון אויסגערופען. — איך בעט דיך, מוטער, דו זאלסט מיך פאר־שטעהן! וועל איך דען קענען זיין גליקליך, ווען איך וועל וויסען, אז דו האסט זי פיינט, און זי וועט ניט האבען קיין ליעבע פאר דיר?

— ווי איך זעה, שמשון, האבען מיר שוין ניט וואס צו האפען, אז דו וועסט בייטען דיין מיינונג וועגען דלילה'ן?

— אבער, מוטער, דו האסט דאך שוין צוגעשטימט? ! — האט שמשון אויסגערופען. — דו האסט דאך מיט מיר געוואלט מיטגעהן צו דלילה'ן? נאר דער פאטער האט ניט דערלאזען... און דלילה? זי פארשטעהט, אז איהר האסט זי נאך איידער איהר האט זי געזעהן.

— ווער זאגט דיר, אז איך האס זי? — האט צללפונית געזאגט.

— אויב ניט דו, האט זי דער פאטער פיינט. דלילה פיהלט עס און דעריבער וועט פאר מיר זיין זעהר שווער זי צו ברייגגען נאך צרעה, זי וועט ניט וועלען געהן אהער.

— דו קענסט איהר דאך זאגען, אז ניט איך און ניט דיין פאטער האסען זי. מיר זיינען בלויז דאגעגען דו זאלסט זי נעהמען פאר דיין פרוי, ווייל זי איז א טאכטער פון א פרעמד פאלק.

— מיט דעם, וואס איהר זיינט מיט מיר ניט מיטגעגאנגען, האט דלילה גערדרונגען, אז זי איז אייך ביי אייך פארהאסט און וויפיעל איך האב מיט איהר ניט גערעדט, איז זי געבליבען ביי דאס איהריגע, אז איהר האט זי פארהאסט נאך איידער איהר האט זי געזעהן. און דעריבער וואלט איך פון דיר פארלאנגט, אז דו זאלסט ציינגען דלילה'ן, דאס זי מאכט א טעות.

— מיט וואס וועל איך איהר קענען איבערצייגען? — האט צללפונית איהם עגפרעגט.

— מיט דעם, וואס דו וועסט איהר שיקען א מתנה דורך מיר!

— א מתנה?

— יע, א מתנה! דו וועסט איהר אפגעבען א טייל פון דיין ציערונג, וועט זי וויסען, אז דו האסט זיווירקליך ליעב!

— מיין ציערונג? — האט צללפונית מיט איבעררואשונג אויסגערופען.

— איך ווייס, מוטער, אז איך פארלאנג צופיעל פון דיר. אבער איך קען זיך נימי העלפען. איך בין א גרויסער פארלעגענהייט. איך וואלט וועלען, אז זי זאל דיך ליעב האבען ווי אן אייגענע מוטער.

צללפונית איז געבליבען שטעהן צעטומעלט. זי האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען.

באלד איז אנגעקומען מנוח און ער האט זיך אויך שטארק דערפרעהט מיט שמשון'ס אומערוואארטעטען באזוך. ווען אבער ער האט א קוק געטהאן אויף צללפונית'עס פנים, האט ער פארשטאנען, אז זיין שמחה איז פריהצייטיג.

— שמשון האט זיין באשלוס ניט געענדערט, — האט צללפונית געזאגט.

— ער איז בלויז געקומען בעטען, אז מיר זאלען צושטימען...

— און איך האב אויך מיין באשלוס ניט געענדערט! — האט מנוח טרוקען געענטפערט. — איך וועל קיינמאל ניט צושטימען, ער זאל נעהמען א פלשתית פאר א פרוי.

— און איך זאג דיר, מנוח, אז וויבאלד אז עס וועט אזוי בלייבען, פארוואס זאלען מיר פארדרעבענט ווערען ווי איהרע שונאים? שמשון פארלאנגט, אז מיר זאלען איהר ארויסצייגען פריינדשאפט, וועט זי דאן קומען און זיך באזעצען אין צרעה.

— און מיך ארט ניט, אז זי וועט בלייבען אין איהר שטאדט! — האט מנוח געזאגט. — עס וועט זיין א סך בעסער, אז זי וועט אהער ניט קומען. אמווענינגסטען וועט מען זי ניט אנזעהן!

צללפונית האט געזעהן, אז זי וועט בשום אופן ניט פועל'ן ביי מנוח'ן און ניט וועלענדיג דערצארענען שמשונ'ען, איז זי ארויס פון צימער און אריין צו תרצה'ן, וועלכע האט מיט גרויס אומגעדולד געווארט, אז שמשון זאל צו איהר אריינקומען.

— תרצה! — האט צללפונית אויסגערופען. — איך האב ווידער א טעות געמאכט. שמשון האט זיך אומגעקעהרט בלויז אויף א ווייל און צוליעב א געוויסען צוועק... איך באדויער זעהר, וואס איך האב דיך מטריח געווען אומזיסט.

— א, עס מאכט ניט! — האט תרצה געזאגט מיט א געצוואונגענעם שמייכעל. — איך דאנק דיר זעהר. איך ווייס ווי דיינע כונות זיינען געווען גוט.

— ווי איך זעה, איז שוין מעהר קיין האפנונג ניטא, — האט צללפונית געזאגט מיט יאוש. — שמשון פארלאנגט פון מיר איך זאל איהר אפגעבען א טייל פון מיין ציערונג, כדי דערמיט צו צייגען, אז מיר זיינען מיט איהר צופריעדען. איך ווייס ניט, וואס איך זאל טהאן. איך ווייס, אז ווען איך זאל זיך ענטזאגען עס צו טהאן, וועט ער זיך זעהר אומגליקליך פיהלען.

תרצה האט געשוויגען. א שווערעניש איז איהר געלעגען אויפ'ן הארצען. זי זעהט, אז זי טאר מעהר פון איהם ניט טראכטען. זי האט באשלאסען, אז זי וועט אוועקגעהן נאך איידער זי וועט זעהן שמשונ'ען. זי האט זיך געזעגענט מיט צללפונית'ן און שנעל פארלאזען דאס הויז.

צללפונית איז אריין אין איהר צימער און ארויסגענומען א טייל פון איהר ציערונג און נאכהער האט זי ארויסגערופען שמשונ'ען און זיך צו איהם אפגערופען:

— מיין זוהן! דו קענסט זעהן, אז איך האב גארניט צו דלילה'ן. נעהם די

ציערונג. און גיב איהר א מתנה אין מיין נאמען. זאג איהר, אז איך בין זעהר נייגעריג זי צו זעהן... מעגליך, אז ווען זי וועט שוין דא זיין מיט דיר, וועט דער פאטער זיך ארומזעהן און וועט אנדערש האנדלען.

— איך דאנק דיר, מוטער! — האט שמשון זי געקושט. — דו האסט מיך זעהר גליקליך געמאכט. איך בין זיכער, אז דלילה וועט דיך אויך ליעב האבען. איך וועל יעצט געהן.

— איך בעט דיך, שמשון! שטעה אמווענינגסטען נאך א טאג מיט אונז. איך וואלט זעהר ניט וועלען, אז זו זאלסט אוועקגעהן בייז אויף דיין פאטער!

— איך בין אויף איהם ניט בייז! — האט שמשון געזאגט. — איך וויים, אז ער מיינט ניט קיין שלעכטס פאר מיר. ער פארשטעהט מיך אבער ניט אזוי ווי דו...

— פונדעסטוועגען וויל איך, אז דו זאלסט מיט אונז בלייבען ביז מארגען.

— גוט, מוטער! — האט שמשון אויסגערופען. — איך וועל דיין וואונש ערפילען. איך האף, אז דלילה וועט זיין זעהר צופרידען מיט דער מתנה, וואס דו שיקסט איהר דורך מיר.

---

די נייעס, אז שמשון, דער גרעסטער שונא פון די פלשתים, האט זיך פאר־ליעבט אין דלילה'ן, האט זיך שנעל פארשפרייט צווישען אלע פלשתישע שטעדט.

— איצט מיר וועלען וויסען ווי צו האנדלען, וועט שמשון אריינפאלען אין אונזערע הענט! — האט דער סרן (פירשט) פון עקרון זיך אפגערופען צו דעם סרן פון אשדוד, וועלכער איז איהם געקומען באזוכען.

— מיר וועלען דארפען זיך בעראטהען מיט די איבעריגע סרנים וואס צו טהאן.

אלע סרנים האבען זיך פארזאמעלט אין עזה און זיך געהאלטען אן עצה ווי אזוי צו פארשפרייטען א נעץ פאר שמשונ'ען, ער זאל אריינפאלען אין זייערע הענט.

— מיר וועלען זיך דארפען דורכרעדען מיט דלילה'ן, — האט דער סרן פון אשקלון געזאגט.

— איך האב זיך נאר וואס דערוואוסט, אז שמשון איז אוועק פון דלילה'ן אויף א קורצער צייט. יעצט וועלען מיר קענען מיט איהר רעדען.

די פינף סרנים זיינען אוועק צו דלילה'ן אין דעם טהאל פון שורק.

— מיר האבען געהערט, אז שמשון קומט צו דיר אריין גאנץ אפט, — האט דער סרן פון אשדוד זיך אפגערופען צו דלילה'ן.

א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף דלילה'ס ליפען.

— שמשון וועט מיך נעהמען פאר זיין פרוי! — האט זי אויסגערופען. — ער האט מיך ליעב.

— און דו? האסטו איהם אויך ליעב? — האט דער סרן פון אשקלון געפרעגט.

— ער איז זעהר שטארק און מעכטיג! ער שרעקט זיך ניט פאר קיינעם!
— האט דלילה מיט שטאלץ געזאגט.

— ווייסטו דען ניט, אז שמשון איז אונזער גרעסטער שונא? — האט דער סרן פון עקרון זיך אפגערופען.

— איך ווייס! — האָט דלילה קאַלטבלוטיג געענטפערט.

— און דיך אַרט ניט?

דלילה האָט אַ קוועטש געטהאָן מיט די פּלייצעס.

— אויב איך וועל איהם ניט קריגען, וועט אַ צווייטע פרוי איהם אַריינ־קריגען.

— מיר מוזען אַלע צוגעבען, אַז ער איז אויסערגעוועהנליך שטאַרק. יע, מיט זיין גבורה קען ער גאַנצע אַרמעען פאַרניכטען. האָט ער דען דיר קיינמאָל ניט דערצעהלט דעם סוד פון זיין גבורה?

— ער האָט מיר געזאָגט, אַז פון זיין געבורט איז ער אַ הייליגער, אַ נזיר. און ער טאָר ניט טרינקען קיין וויין.

— מעגליך, אַז ווען אימיצער זאָל איהם קענען איינרעדען ער זאָל טרינקען וויין, וואָלט זיך פון איהם פיעלייכט אָבגעטהאָן זיי'ן גבורה?

— ער וועט עס קיינמאָל ניט טהאָן! — האָט דלילה געזאָגט. — איך האָב שוין אַ פּאָר מאָל פּרובירט איהם איבעררעדען ער זאָל פאַרזוכען אַביסעל וויין. אָבער ער האָט זיך צו מיר ניט צוגעהערט און ער האָט פון מיר פאַרלאַנגט, איך זאָל מיט איהם קיינמאָל ניט רעדען וועגען וויין.

— אויב ער האָט דיך ווירקליך ליעב, וועט ער אַלעס פאַר דיר טהאָן! — האָט אַ סרן געזאָגט.

— דאָס, וואָס האָט צו טהאָן מיט זיין גאָט, וועט ער אַפילו פאַר מיר ניט טהאָן! — האָט דלילה געזאָגט.

— ווייסטו, דלילה, וויפיעל די פּלשתים האָבען פון איהם זיך אַנגעליטען?

— איך ווייס! איך האָב געהערט! און ער אַליין האָט מיר אויך דערצעהלט.

— ווי מיר האָבען דערהערט, אַז שמשון האָט זיך אין דיר פאַרליעבט, האָבען מיר אַלע באַשלאָסען, אַז דגון, אונזער גאָט, האָט איהם איבערגעגעבען אין אונזערע הענט. און דו וועסט אונז העלפען!

— ניין! — האָט דלילה אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ. — איך וועל אייך ניט העלפען! איך האָב איהם ווירקליך ליעב.

— דו האָסט ליעב אונזער שונא?

— איך האָב איהם ליעב, ווייל זיין ליעבע צו מיר איז זעהר שטאַרק. איך האָב פון איהם פאַרלאַנגט די ציערונג פון זיין מוטער, איז ער אַוועק צו זיינע עלטערען און איך בין זיכער, אַז איך וועל עס באַקומען.

— ווייסטו דען ניט, אַז ווען דיר וועט געלינגען אַריינצוקריגען שמשון'ען אין דיין נעץ און אויסגעפינען אין וואָס עס באַשטעהט זיין גבורה, דאַן וועט דיר גאָרניט פעהלען?!

— דו וועסט ווערען אונזער קעניגין! — האָט אויסגערופען דער סרן פון אשקלון.—אַלע פּלשתים וועלען זיך צו דיר בוקען. דו וועסט זיין רייך. דיינע קליידער וועלען זיין פון דעם בעסטען זייד, געפלאָכטען מיט גאָלד און איינגע־פּאַסט מיט בריליאַנטען.

דלילה'ס אויגען האָבען גענומען לייכטען.

— אַ קעניגין וועל איך ווערען... איך וועל שעהנע קליידער האָבען...

— און אַ גאָלדענע קרוין וועט באַציערען דיין שעהנעם קאָפּ האָר! —

האט נאך א סרן צוגעגעבען. — קנעבט און דינסטען וועלען דיך באדינען. דו וועסט הערשען איבער אונז אלעמען, ווייל דו וועסט האבען איבערגעגעבען אין אונזערע הענט אונזער שונא, וועלכער איז אזוי שטארק און מעכטיג.

—מיר וועלען דיר געבען עלף הונדערט שטיקער זילבער, אויב דיר וועט געלינגען אויסצוגעפינען אין וואס עס באשטעהט זיין כח און נאכהער, ווען מיר וועלען איהם קענען בייקומען, וועלען מיר דאן מאכען א גרויסע פייערונג און מיר וועלען דיך קרוינען פאר דער קעניגין איבער אלע פלשתים!

— גוט! איך נעהם אן אייער פארשלאג! — האט דלילה זיך אויפגעשטעלט פון איהר פלאץ מיט פרייד. — איך וועל איהם איבערגעבען אין אייערע הענט און איהר וועט קענען טהאן מיט איהם, וואס איהר ווילט.

— ווען שמשון איז געווען איז עיטם אין פיעלע פון אונזערע ברידער האבען פארלאנגט פון דעם שבט יהודה זיי זאלען איבערגעבען שמשון'ען א געבונדענעם אין אונזערע הענט, און זיי האבען אונזער פארלאנג ערפילט... אבער ווי נאר זיי האבען איהם איבערגעגעבען אין אונזערע הענט א געבונדענעם, האט ער מיט זיין כח צעריסען די שטארקע שטריק און מיט א באק פון אן אייזעל געטויט א טויזענט מאן פון אונזערע ברידער... און יעצט, וועט מעגליך זיין, אז דו וועסט מיינען, דאס ער איז הילפלאז און נאכהער וועט ער נעהמען נקמה אן אונז...

— פאר דעם דארפט איהר קיין מורא ניט האבען! — האט דלילה געענטפערט. — אזוי לאנג ווי איך וועל זיין נעבען איהם וועט ער קיינעם פון אייך קיין שלעכטס ניט טהאן. איך וועל שוין זעהן אויסגעפינען דעם סוד פון זיין גבורה. אייניגע פון אייך וועלען זיין באהאלטען אין א צימער פון מיין הויז. און ווען איך וועל זיך איבערצייגען, אז ער האט פארלוירען זיין גבורה, דאן וועל איך אייך ארייגרופען און איהם איבער'עבען אין אייערע הענט. דערווייל נעהמט אלע אוועק און ווען איך וועל עפעס ארויסקריגען, וועל איך שיקען מיין דינסט אייך אנזאגען און דאן וועט איהר קומען מיט דעם געלט און ווארטען אין צווייטען צימער. איהר דארפט ניט פארגעסען אויך מיטצונעהמען אייערע וואפען.

די פלשתים האבען פארלאזען איהר וואוינונג און דלילה האט צוגערופען איהר דינסט און זיך צו איהר אפגערופען:

— דו זאלסט שמשון'ען גארניט זאגען וועגען דעם באזוך פון די פלשתים־פירשטען אין מיין הויז. ווען ער וועט קומען, זאלסטו שטענדיג זיך געפינען ניט ווייט פון דער טיר פון מיין צימער. ווען איך וועל צו דיר א וואונק טהאן, זאלסטו וויסען, אז דו דארפסט גלייך געהן רופען די פלשתים. דו זאלסט זיי באהאלטען אין דעם צווייטען צימער און ווען איך וועל זיין פארטיג, וועל איך זיי לאזען וויסען.

די דינסט האט זיך א נייג געטהאן און איז ארויס.

דלילה איז געבליבען אליין אין איהר צימער. זי איז געווען אזוי גליקליך. זי האט גענומען טראכטען פון דעם, וואס די פלשתים האבען איהר פארגעשלאגען. אויב דאס וועט איהר געלינגען, וועט זי ווערען די קעניגין איבער אלע פלשתים. אלע וועלען זיך צו איהר נייגען. זי וועט זיין רייך. זי וועט קענען טהאן וואס זי וועט וועלען. זי וועט שוין זעהן אלעס דורכפיהרען ריכטיג...

דלילה איז געוואָרען אומגעדולדיג. שמשון זאמט זיך צו לאנג... מעגליך, אז ער קען ניט קריגען די ציערונג. אָבער וואָס אַרט איהר פאר די ציערונג? יעצט וועט ז' זיך אין דעם ניט נויטיגען... אָבער טאָמער איז זיינע עלטערען געלונגען איהם אפצורעדען פון איהר און ער וועט פיעלייכט זיך מעהר ניט אומקעהרען צו איהר? איז איהר ארויפגעקומען א שרעקענדיגער געדאנק. ניין! דאס איז אונמיגליך! האט זי זיך באלד אליין בארוהיגט. שמשון האָט זי צו־שטארק ליעב, אז ער זאָל זיך צוהערען צו זיינע עלטערען... זי איז זיכער. אז ער וועט זיך צוריקקעהרען צו איהר.

דאך ווען די נאכט איז אָנגעקומען און שמשון איז נאָך אלץ ניט געקומען, האָט זיך איהר אומרוהיגקייט פארשטארקט. פארשיעדענע געדאנקען און פלע־נער האבען זי' גענומען פלאָנטערען איז איהר מח.

— אויב ער וועט טאקע זיך ניט אומקעהרען ביז מאָרגען, איז א סימן, אז זיינע עלטערען האָבען איהם באאיינפלוסט...

איהר האָט שוין גענומען פארדריסען פארוואָס זי האָט איהם גאָר אוועק־געשיקט ברייגנען זיין מוטער׳ס ציערונג. זי האָט זיך אָבער געטרייסט דערמיט, וואָס ווען ע' וואָלט פון איהר ניט געווען אוועקגעגאנגען אויף א טאָג, וואָלט אונמעגליך געווען פאר די פלשתים מיט איהר צו פארהאנדלען.

דלילה האָט באשלאָסען, אז אויב שמשון וועט ביז מאָרגען בייטאָג ניט צוריקקומען, וועט זי אליין אוועק נאָך צרעה. זי וועט זיך באנוצען מיט אלע איהרע וואפען איהם צוריקצוברייגגען.

דערצו איז עס אָבער ניט געקומען. נאָך איידער זי איז אויף מאָרגען אויפ־געשטאנען פון איהר שלאָף, איז שוין שמשון געווען אין איהר צימער.

— אָה, מיין ליעבער שמשון! — איז דלילה ארויסגעשפרונגען פון איהר בעט און זיך איינגעקלאמערט אין איהם. — ווען דו וואָלסט געוואוסט, שמשון, ווי שטארק איך האָב נאָך דיר געבייגקט?! די גאנצע נאכט האָב איך מיינע אויגען ניט צוגעמאכט. איך בין געלעגען וואך און פארשיעדענע טרויעריגע און שרעקליכע געדאנקען הקאָבען געעגבערט מיין מח. איך האָב גמיינט, אז דו האסט מיך שוין פארלאָזען. דו וועסט שוין צו מיר מעהר קיינמאָל ניט צוריק־קומען. דיינע עלטערען האָבען דיך איבערגערעדט דו זאָלסט מיט זיי בלייבען... איך האָב געמיינט, אז איך ווער געריהרט פון זינען פון אזעלכע געדאנקען.

— וואָס רעדסטו, מיין ליעב דלילה?! — האָט שמשון איהר געקושט. — האָב איך דיר דען ניט געזאָגט, אז קיין זאך אין דער וועלט וועט ניט שטעהן אין וועג צווישען מיר און דיר?! אָט זעהסטו, איך האָב אפילו געהאלטען מיין פארשפרעכען. איך האָב דיר געבראכט די ציערונג. מיין מוטער האָט דאָס דיר געשאָנקען אלס א מתנה. זי איז געווען זעהר צופרידען דיר דאָס אוועקצושענקען.

שמשון האָט ארויסגענומען די ציערונג און דאָס איבערגעגעבען צו דלילה׳ן אין האנט.

— אָה, ווי וואונדערליך שעהן דאָס איז! — האָט דלילה אויסגערופען מיט גרוים פרייד. — יעצט זעה איך, אז דו האָסט מיך ווירקליך ליעב! — האָט זי איהם ארומגענומען און געקושט. — ווי גליקליך איך בין! מעהר וועסטו שוין פון מיר ניט אוועקגעהן! דו וועסט שטענדיג בלייבען מיט מיר!...

— צו מיין גליק איז גאָר קיין גרעניץ ניטאָ, דלילה! — האָט שמשון

איהר געדריקט צו זיך — וואָס מעהר איך קוק אויף דיר אלץ מעהר רייץ און צויבער געפין איך אין דיר. אָ, דלילה!

— און איך בין אויך זעהר גליקליך וואָס איך האָב דיך געטראָפען. איך וויס, אז דו ביזט דער שטארקסטער מאן אין דער גאַנצער וועלט, און גרויס איז מיין פרייד, אז דו ביזט אינגאנצען מיינער. דו באלאנגסט צו מיר. דו האָסט מיך בלויז ליעב און קיינמאָל וועסטו אימיצען אנדערש ניט ליב האָבען. דו וויסט שמשון, אז זינט איך האָב דיך באַגעגענט האָב איך געפיהלט, אז איך דערווייטער זיך פון מיינע ברידער, די פלשתים. איצט פיהל איך אז איך בין אינגאנצען פרעמד צו זיי... די פלשתים מיינען גאָרניט צו מיר....

— און נאָהענט זיינען צו דיר די מענשען פון מיין פאָלק — האָט שמשון מיט א שמייכעל געזאָגט — איך האָף, אז ווען דו וועסט צושטימען זיך צו באַזעצען מיט מיר אין צרעה וועסטו ליעב קריגען מיינע עלטערען.

— דיין מוטער האָב איך שוין ליעב — האָט דלילה געענטפערט, באַטראַכטענדיג די צערונג — זי איז גוט און גנעדיג צו מיר. אָבער דיין פאָטער! אָ, איך וויים ווי שטארק ער האָסט מיך, דעריבער קען איך איהם ניט ליעב האָבען... יאָ, צוליעב איהם וועל איך ניט צושטימען גלייך צו געהן מיט דיר נאָך צרעה, סיידען ער זאָל פריהער קומען אהער אין דעם טאָל שורק, און וועט זיך מיט מיר איבערבעטען.

— עס וועט דארפען פארלויפען א היבשע צייט, איידער מיין פאָטער וועט צושטימען דערצו — האָט שמשון געזאָגט —- איך בין זיך מודה, אז כאָטש מיין מוטער איז געווען וויליג צו געהן אליין מיט מיר, איז מיר אָבער ניט געלונגען איבערצורעדען מיין פאָטער.

— איך וויים ניט וואָס ער האָט צו מיר — האָט דלילה זיך געמאַכט ווי זי ווישט איהרע אויגען — מיט וואָס האָב איך איהם אזוי שלעכטעס געטאָן?

— דו פארשטעהסט דאָך, ליבע דלילה, אז ער האָט צו דיר גאָרנישט... ער האָט דאָך דיר קיינמאָל ניט געזעהן און אפילו ניט געהערט פון דיר... ער האָט ניט געוואָלט אז איך זאָל נעמען א טאָכטער פון די פלשתים פאַר מיין פרוי... יע, מיינע עלטערען האָבען פארלאַנגט, אז איך זאָל נעמען פאַר א פרוי איינע פון מיין פאָלק, אָבער ווען איך וועל צו זיי קומען און זאָגען אז דלילה איז שוין געוואָרען מיין פרוי, דאַן וועלען זיי זיין צופרידען. דעריבער וואָלט איך וועלען אז מיר זאָלען פייערען אונזער חתונה וואָס שנעלער, כדי איך זאָל זיי קענען אָנזאָגען וועגען דעם און כדי איך זאָל זיין זיכער מיט דיר אז קיין צווייטער זאָל דיר פון מיר ניט אוועקנעמען.

— איך האָב דאָך ניט קיין פאָטער, וועלכער זאָל מיר קענען אָפּגעבען צו א צווייטען, ווי מרמה'ס פאָטער האָט עס געטאָן — האָט דלילה געלאַכט — און איך וועל דיך ניט אומבייטען אויף א אנדערען... סיידען דו וועסט אויפהערען מיך ליעב צו האָבען. דאַן וועל איך טויטען די וועלכע האָט דיין ליבע פון מיר אוועקגערויבט! אָבער דערצו וועט דאָך ניט קומען, מיין ליבער שמשון. דו וועסט דאָך מיר אייביג ליעב האָבען.

— מיין ליבע צו דיר וועט דויערען אזוי לאַנג ווי די זון אין הימעל —האָט שמשון זי געקושט — יע, איך בין זיכער ,אז קיין אנדער פרוי וועל איך שוין נאָך דיר קיינמאָל ניט ליבען.

— איך האָב אַז איך וועל זיין דיין לעצטע פרוי — האָט דלילה קאַקעטיש אַ שמייכעל געטאָן... אַ שמשון, ווען דו וואָלסט געוואוסט ווי אייפערזיכטיג איך בין, וואָלסטו אפילו קיין צווייטע פרוי אין זינען ניט געהאט!

— און מיין אייפערזוכט איז אויך שטארק גענוג ווען איך וועל דערזעהן ווי אַן אנדער מאַן זוכט צו געווינען דיין ליבע, וועל איך איהם צומאָלען אויף שטויב.

— ווען איך וואָלט נאָר געקענט זיין אזוי זיכער מיט דיר ווי דו ביזט זי־כער מיט מיר, דאַן וואָלט איך זיך נאָך מעהר גליקליך געשעצט.

— דו קענסט זיין נאָך זיכערער מיט מיר — האָט שמשון מיט אַ שמייכעל געזאָגט — דו האָסט מיך אזוי באַצויבערט מיט דיין שעהנקייט, אַז איך וועל שוין קיינמאָל ניט געפינען אַ שעהנערע פון דיר.

— און דו ועסט קיינמאָל קיין סודות ניט האָבען פון מיר? — האָט דלילה זיך אַ זעץ געטאָן אויף זיין שויס.

— פאַר דיר וועל איך קיינמאָל ניט האָבען קיין סודות — האָט זי שמשון צו זיך געדריקט.— קען איך דען האָבען אַ סוד פון זיך זעלבסט?... און דו ביזט דאָך נאָך ביי מיר טייערער ווי מיין לעבען...

— איך וואָלט אלץ געגעבען אַז איך זאָל זיך נאָר קאָנען איבערצייגען אין דעם — האָט דלילה געזאָגט — דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב מיט מיין לעבען ריזיקירט פאַר דיר, ווען איך האָב דיך בלויז צום ערשטען מאָל געזעהן... פון דעם אליין האָסטו זיך גליייך געקענט איבערצייגען אַז דו ביזט ביי מיר טייערער ווי מיין לעבען... אָבער דו? מיט וואָס קענסטו מיר איבערצייגען אַז דו האָסט מיך אזוי שטארק ליעב?

— ווען די געלעגענהייט וועט קומען וועל איך דיר איבערצייגען — האָט שמשון געזאָגט.

דלילה איז געזעסען אויף שמשון'ס שויס. זי האָט אָנגערירט די מוסקולען פון זיינע הענט און זיך אָפּגערופען:

— אָה, שמשון, ווי שטארק דו ביזט. דיינע מוסקולען זיינען ווי אייזען! זאָג מיר, ווי קומט עס אַז דו זאָלסט זיין אזוי שטארק?

— גאָט האָט מיך געמאַכט אזוי שטארק—האָט שמשון אַ שמייכעל געטאָן.

— פאַרוואָס האָט ער דיר אזוי שטארק געמאַכט? — האָט דלילה איהם געפרעגט.

— ווייל ער האָט מיך ליעב — האָט שמשון געלאַכט.

— איך פאַרשטעה, אַז דו ווילסט פון מיר פאַרבאָרגען דעם סוד פון דיין גבורה... אָבער איך וויל דיר ניט באשולדיגען. נאָכאַלעמען בין איך דאָך איצט צו דיר גאָר אַ פרעמדע. ווען איך וועל ווערען דיין פרוי, דאַן וועסטו פון מיר קיינע סודות ניט האָבען, ניט אמת, שמשון?

— און ווען וועלען מיר פייערען אונזער חתונה? — האָט איהר שמשון געפרעגט.

— איך בין געגרייט יעדען טאָג, — האָט דלילה געענטפערט.

— אויב אזוי וועלען מיר באַשטימען אונזער חתונה אין צוויי וואָכען ארום — האָט שמשון געזאָגט — דאַס וועט דיר געבען גענוג צייט איינצולאַדען אלע דיינע פריינט.

— אַבער געדענק שמשון, דו זאָלסט זיי נאָר קיין רעטעניש ניט פרעגן— האָט דלילה געזאָגט לאַבענדיג — דו געדענקסט דאָך וואָס פאַר אַ שאָדען דיין רעטעניש האָט אָנגעטאָן צו מיינע ברידער, די פּלשתים, און איך וויל ניט אַז זיי זאָלען זאָגען, אַז אויך צוליעב מיר האָבען זיי פון דיר געליטען.

— עס איז שוין לאַנג, אַז איך האָב אויפגעהערט צו פרעגען רעטעניסען, און דו ווייסט דאָך געוויס אַז דאָן איז עס אויך געווען ברטור'ס שולד. ער האָט מיר אָנגעצויגען... ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט דורך מרמה'ן אַרויסקריגען דעם ענטפער, דעריבער איז ער געווען אַזוי נייגעריג איך זאָל פרעגען אַ רעטעניס... אַבער איצט האָף איך, אַז ברטור וועט ניט זיין צווישען דיינע געסט.

— געוויס ניט! — האָט דלילה געענטפערט — דו ווייסט דאָך אַז דיין שונא איז מיין שונא.

— און מיין פריינד איז דיין פריינד — האָט שמשון צוגעגעבען.

— אין דעם צווייפעל איך נאָך — האָט זיך דלילה קאָקעטיש אַ דרעה געטאָן — אָט, צום ביישפּיל, נעהם דיין פאָטער, ער איז דאָך געוויס דיין פריינד פון דעסטוועגען איז ער מיין שונא.

— אַבער דאָס איז מער ניט צייטווייליג — האָט שמשון געזאָגט — אַזוי שנעל ווי דו ווערסט מיין פרוי, ווערט ער דיין פריינט. געוויינליך איצט זוכט ער מיר נאָך צו שטערען, אַבער ווען ער וועט זיך אַרומזעהן, אַז די זאַך איז אָפּגעטאָן, וועט ער אונזביידען געבען זיין ברכה.

---

אין אַ פּאָר טעג אַרום, ווען שמשון האָט אַזוי פאַרבראַכט מיט דלילה'ן, איז די דינסט אַריינגעקומען און געמאָלדען אַז אַ מאַן פון די ישראלים איז אין דרויסען און ער פרעגט זיך נאָך אויף שמשון'ען.

— געוויס מוז עס זיין מיין פאָטער! — איז שמשון אויפגעשפּרונגען מיט פרייד. יע, ער איז געקומען מיר געבען זיין ברכה.

— איז ער אַן אַלטער מאַן מיט גרויע האָר? — האָט שמשון די דינסט געפרעגט.

— ניין, ער איז אַ יונגער מאַן — האָט די דינסט געענטפערט.

— ווער קען דאָס זיין? — האָט שמשון אַ ווייליע אַ טראַכט געטאָן.

— אויב עס איז ניט דיין פאָטער קענסטו איהם אַריינפיהרען אין הויז— האָט דלילה געזאָגט — דיין פאָטער וויל איך אפילו ניט אָנקוקען, ווייל ער האַסט מיך.

— אַ ווי איך ווינש, אַז דאָס זאָל זיין מיין פאָטער! — האָט שמשון אויסגערופען — דאָס וואָלט דאָך געווען אַ סימן אַז ער איז געקומען מיר זיין צושטימונג געבען. אַבער דו הערסט דאָך אַז עס איז נאָר אַ יונגערמאַן. אָט וועל איך אויסגעפינען ווער דאָס איז.

שמשון איז אַרויס פון הויז און באַלד האָט ער דערזעהן זיין בעסטען פריינד קרני'ן שטעהענדיג אין דרויסען.

— אַ, קרני, וואָס טוסטו דאָ? — האָט שמשון מיט פאַרוואונדערונג געפרעגט, און געדריקט זיין האַנט.

— הם... איך בין אהער געקומען, ווייל... עה... דיין מוטער האָט מיך געשיקט.

— זי האָט דיך געשיקט אַנזאָגען אז זיי קומען צו מיין חתונה! — האָט שמשון מיט א באַגייסטערטע פרייד אויסגערופען.

— איך האָב מורא, אז מיין איצטיגע שליחות וועט דיר קיין סך פרייד ניט פאַרשאַפען — האָט קרני אומעטיג געזאָגט.

שמשון האָט איהם דורכגעדרונגען מיט זיינע בליקען.

— זיי האָבען דיך געשיקט אז דו, מיין בעסטער פריינד, זאָלסט זעהן וויר־קען אויף מיר איך זאָל אויפגעבען דלילה'ן — אָבער ניין! אומזיסט איז דיין טרחה! קיין זאַך אין דער וועלט וועט מיך פון איהר ניט אוועקנעהמען!...

— ניין, שמשון. דו מאַכסט א טעות — האָט קרני געענטפערט — דאָס איז ניט דער צוועק פון מיין קומען... דיין פאָטער איז קראַנק, יע, זעהר קראַנק! און דיין מוטער האָט מיך געבעטען איך זאָל געהן דיר אָנזאָגען.

— מיין פאָטער איז קראַנק? — האָט שמשון אויסגערופען און זיין פנים איז באַדעקט געוואָרען מיט בלאַסקייט — ביזטו זיכער אז ער איז קראַנק? האָסטו איהם אליין געזעהן?

— יע, איך האָב איהם געזעהן. ער איז געלעגען אין בעט... זיין שטימע איז געווען קוים הערבאַר... דיין מוטער איז געזעסען נעבען איהם און געוויינט... ווי זי האָט מיך דערזעהן, האָט זי זיך צו מיר אָפּגערופען:

— קרני, דו ביזט דאָך שמשון'ס בעסטער פריינד, געה צו איהם, ער געפינט זיך אין דעם טאָל שורק, און זאָג איהם אז זיין פאָטער איז קראַנק, און זאָל ער קומען וואָס שנעלער איידער עס וועט זיין צו שפּעט.

— אָ, זאָג מיר, קרני, עס איז דאָך ניט געפעהרליך? — האָט שמשון מיט שרעק זיך אָפּגערופען — האָט מיין פאָטער מיט דיר גערעדט?

— ניין, ער האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. ער איז געלעגען און האָט אויף מיר מיט מאָדנע בליקען געקוקט... און דיין מוטער האָט צו מיר א וואונק געטאָן אז איך זאָל זיך צוזאיילען... איך האָב פאַרלאָזען דאָס הויז און שנעל אהער געקומען.

— שמשון! — האָט זיך געהערט דלילה'ס שטימע — פאַרוואָס ברייננסטו דיין פריינט ניט אריין אין הויז. דו ווייסט דאָך, אז דיין פריינד איז אויך מיין פריינט.

— אָה, דלילה! איז שמשון צו איהר צוגעקומען — איך האָב נאָר וואָס דערהאַלטען א טרויעריגע בשורה, מיין פאָטער איז געפעהרליך קראַנק געוואָרען.

— עס איז א ליגען! — האָט דלילה קאַלטבלוטיג געזאָגט. עס איז א שפּי־צעל פון דיינע עלטערען, כדי דיר אוועקצונעמען פון מיר!

— ניין, דלילה, מיין פריינט קרני וועט מיך ניט נאַרען. ער האָט אליין גע־זעהן מיין פאָטער ליגענדיג אין בעט געפעהרליך קראַנק. איך מוז זיך אומקערען אהיים.

— דו ווילסט מיך פאַרלאָזען, שמשון! — האָט דלילה זיך אָפּגערופען — און ערשט ניט לאַנג האָסטו מיך פאַרזיכערט אז דו ליבסט מיר מעהר פון אלץ אין דער וועלט.

— דו ווייסט דאָך, דלילה, אז מיין ליעבע צו דיר וועט קיינמאָל ניט אויפ־הערען — האָט שמשון איהר אָנגענומען פאַר דער האַנט — אָבער מיין פאָטער איז קראַנק און איך מוז איהם געהן זעהן.

— אַ, דו קענסט מיך ניט פארלאָזען שמשון — האָט זיך דלילה אָנגעהאַנגען ביי איהם אויפ'ן האלז —איך האָב דאָך דיר אזוי ליב, און איך האָב מורא אז ווען דו וועסט פון מיר איצט אוועקגעהן, וועל איך דיר שוין מעהר קיינמאָל ניט זעהן... זיי וועלען דיר ניט דערלאָזען דו זאָלסט אַך צו מיר צוריקקערען. אַ, ווי וועל איך קענען לעבען אָהן דיר.

— אַ דלילה, גלויב מיר, אז ווי נאָר מיין פאָטער וועט זיך פארבעסערען פון זיין קראנקהייט, וועל איך זיך צוריקקערען צו דיר. איך וועל די גאנצע צייט פון דיר ניט אויפהערען צו טראכטען.

דלילה האָט נאָך שטייפער איהרע הענט ארומגעוויקעלט ארום שמשון'ס האלז, און זי האָט זיך צובליפעט:

— אַ, ווי אזוי וועל איך קענען זיין אָפּגעשיידט פון דיר פאר א לאנגער צייט?... איך וועל דאָך אזוי בענקען נאָך דיר! ניין, שמשון, איך וועל דיר ניט לאָזען געהן!

— אָבער דלילה, איך מוז געהן. מיין ליבער, טייערער פאָטער איז קראנק, איך מוז איהם זעהן!

— דו האָסט מיך מעהר ניט ליעב! דו וועסט זיך קיינמאָל צו מיר ניט אומקערען — האָט דלילה איינגענורעט איהר קאָפּ אין זיין בוזים.

— בארוהיג זיך דלילה — האָט שמשון צערטליך געגלעט איהר קאָפּ, צו גרויס און שטארק איז מיין ליבע צו דיר אז איך זאָל זיך צו דיר ניט אומקערען... דו באַזאָרג אלץ פאר אונזער חתונה און אזוי שנעל ווי מיין פאָטער וועט זיך ערהאָלען. וועל איך קומען צו דיר און מיר וועלען פייערען אונזער חתונה.

— מיין הארץ שרעקט מיך, אז דו וועסט זיין מיט דיינע עלטערען, וועלען זיי אויף דיר ווירקען, דו זאָלסט זיך מעהר צו מיר ניט אומקערען — האָט דלילה זיך אָפּגערופען. אַ, שמשון, ווי אזוי קענסטו טאָן צו מיר אזא זאך... אָט נאָר וואָס בין איך געווען אזוי גליקליך, און איצט?...

—וואָס עס זאָל ניט פאסירען טייערע דלילה, וועל איך זיך צו דיר צוריקקעהרען — האָט שמשון איהר געזאָגט — דו אליין ווייסט דאָך, אז איך וועל לאנג אָהן דיר ניט קענען זיין.

— ווייסטו וואָס שמשון — האָט זיך דלילה אָפּגערופען — איך וועל מיטגעהן מיט דיר, איך וויל שטענדיג זיין נאָהענט צו דיר.

— אַ, דאָס וועט זיין זעהר גוט! — האָט שמשון אויסגערופען מיט פרייד— איך בין זיכער אז... אָבער ניין — האָט ער אומעטיג א זאָג געטאָן — מיין פאָטער'ס קראנקהייט... ווער ווייס פון וואָס ער איז קראנק געוואָרען. מעגליך פון דעם זאָרג, וואָס ער האָט געהאַט ווען איך האָב זיך צו איהם ניט צוגעהערט... און איצט, ווען ער וועט דיר דערזעהן... ניין, דו וועסט בעסער בלייבען איצט דאָ. איך וועל אליין געהן.

— און וואָס וועל איך טאָן, ווען דו וועסט זיך שוין מעהר צו מיר קיינמאָל ניט צוריקקערען! — האָט דלילה זיך ווידער פאנאנדערגעבליפעט — איך האָב זיך איבערגעגעבען צו דיר מיט מיין גאנצען לייב און לעבען און איצט וועסטו זיך אָפּווענדען פון מיר...

— איך שווער דיר ביי דעם לעבען פון מיינע עלטערען, אז איך וועל זיך צו דיר צוריקקערען — האָט שמשון זיך אָפּגערופען צו דלילה'ן.

— איצט גלויב איך דיר שמשון — איז דלילה איהם ווידער געפאלען אויפ'ן האלז... געה אין פרידען און הער ניט אויף צו טראכטען פון מיר, אזוי ווי איך וועל ניט אויפהערען צו טראכטען פון דיר. קום צו מיר זעהר שנעל צוריק, שנעל ווי דו קענסט!

— איך וועל קומען צו דיר נאך שנעלער ווי איך קען — האט שמשון זי געקושט — זארג ניט, דלילה, האב בלויז אביסעל געדולד, ווייל אונזער גליק איז נאהענט...

שמשון און קרני האבען שנעל פארלאזען דלילה'ן און זיך פארנומען אויפ'ן וועג נאך צרעה.

---

דלילה איז געבליבען שטעהן א ווײלע נעבען איהר הויז. זי האט באגלייט מיט איהרע בליקען שמשון'ען. אין איהר מוח האבען זיך געפלאנטערט פארשידענע מחשבות: אויב שמשון וועט זיך צו איהר ניט אומקערען, דאן פארלירט זי די גרעסטע געלעגענהייט וואס זי האט געהאט אין איהר לעבען... ניין! שמשון טאר זיך פון איהרע הענט ניט ארויסדרעהען... זי מוז איהם ארײנקריגען אין נעץ וואס זי האט פאר איהם אויסגעשפרייט... זי וועט ווערען קעניגין איבער אלע פלשתים שטעדט. זי וועט זיין רייך. די סרנים וועלען קומען זיך בוקען צו איהר... זי וועט בארימט ווערען פאר איהר העלדישקייט. מען וועט אויף איהר זאגען: דלילה האט באזיגט דעם גרעסטען גבור פון דער וועלט. דער ערגסטער שונא פון איהר פאלק... א, ווי גליקליך זי וועט זיין. מען וועט זי רופען: "דלילה, די שעהנע קעניגין פון פלשתים"! ווער וועט זיין גלייך צו איהר...

באלד אבער איז איהר ארויפגעקומען א טרויעריגער געדאנק, וואס וועט זי טאן, ווען שמשון וועט זיך לאזען איבעררײדען פון זיינע עלטערען... ווען ער וועט זעהן, אז זיין פאטער איז קראנק צוליב דעם, וועט ער פיליייכט זיך לאזען באאיינפלוסען פון זיינע רייד און ער וועט זיך צו איהר ניט אומקערען... אבער ער האט דאך געשווארען... און שמשון וועט זיין שבועה האלטען, האט דלילה זיך אליין געטרייסט און אויב ער וועט זיך ניט אומקערען, וועט זי אליין אוועקגעהן צו איהם. זי וועט שוין וויסען ווי אזוי איהם צוריק ארײנצוציהען אין איהר נעץ... ניט אזוי גרינג וועט ער זיך פון איהרע הענט ארויסדרעהען... זי וועט ווארטען עטליכע טעג אויב זי וועט פון איהם ניט הערען וועט זי אליין אהין אוועקגעהן.

---

ווען שמשון איז אריין אין הויז פון זיינע עלטערען, האט ער געפונען זיין פאטער א גוסס'ן. אין דעם צימער וואו מנוח איז געלעגען האט ער געטראפען א סך חשוב'ע לייט פון שטאדט. צללפונית האט ביטער געוויינט.

— פאטער! פאטער! — איז שמשון געפאלען צו זיין פאטער און איהם בארעקט מיט קושען — אה, פאטער, וואס האט מיט דיר פאסירט?

מנוח האט עפעס ארויסגערעדט מיט א שוואכע שטימע, וואס איז קוים געווען הערבאר. צללפונית האט ניט אויפגעהערט צו וויינען. זי האט געוואלט זאגען שמשון'ען אז זיין פאטער האט זיך גענומען צום הארצען וואס ער איז אוועק צוריק צו דלילה'ן, אבער זי האט עס ניט געטאן. זי האט ניט געוואלט אז די פרעמדע מענשען וועלכע שטעהען ארום איהם, זאלען וויסען דערפון... אפשר איצט, ווען שמשון זעהט זיין פאטער אין אזא לאגע וועט ער זיך ארומזעהן און

װעט זי אויפגעבען. דאן װעט קײנער גאר ניט דארפען װיסען, אז שמשון האט געהאט צו טאן מיט דלילה׳ן...

דעם גאנצען טאג האט שמשון ניט אפגעטראטען פון זײן פאטער׳ס בעט. ער האט געבעטען די רופאים זײ זאלען זעהן ראטעװען זײן פאטער, אבער װען דער אװענט איז צוגעפאלען האט מנוח אויסגעהויכט זײן נשמה.

שמשון האט געװײנט:

— אה, פאטער, פאטער, זײ מיר מוחל! דו ביזט צו מיר געװעזן אזוי גע־טרײ. דו האסט מיך ליעב געהאט. א, איך װײס, אז איך בין שולדיג אין דײן טויט, פארגיב מיר!

די גאנצע שטאדט צרעה האט געטרויערט נאך מנוח׳ן. ער איז בײ אלעמען געװעזן באליבט, געשעצט און געאכטעט.

דרײסיג טעג האט שמשון געטרויערט נאך זײן פאטער. ער האט פון דלילה׳ן גאר ניט געטראכט. זײן פארלוסט איז געװעזן אזוי גרויס, זײן צער טיף, אז איהם איז קײן זאך אין זינען ניט געלעגען. ער איז טאג און נאכט געזעסען אין הויז צוזאמען מיט זײן מוטער און געטרויערט נאך זײן פאטער.

אײנמאל, אין אװענט, װען שמשון איז אזוי געזעסען אין הויז און גע־רעדט מיט זײן מוטער איז קרני אריין אין הויז. א װײלע איז ער געשטאנען שװײגענדיג. נאכהער האט ער א װאונק געטהאן צו שמשון׳ען אז ער װיל מיט איהם עפעס רײדען.

שמשון איז מיט איהם אריין אין א צװײטען צימער און קרני האט זיך אפגערופען:

— שמשון! דלילה איז דא אין צרעה!

— א, דלילה! — האט שמשון אויסגערופען — װאו איז זי? א, װי שרעקליך זי האט געמוזט פיהלען... זי האט געװיס מיך חושד געװעזן, אז איך האב זי פארלאזען... אבער נײן! זי טאר דא אין הויז ניט ארײנקומען! מײן מוטער דארף ניט װיסען אז זי איז געקומען!

— איך האב שוין דערצו געזעהן, אז זי זאל אהער ניט קומען — האט קרני געזאגט — איך האב זי געבראכט אין מײן הויז און איהר געהײסען דארטען װארטען ביז װאנען דו װעסט צו איהר קומען.

— װי אזוי האסטו אויסגעפונען אז דלילה איז דא אין צרעה? — האט שמשון געפרעגט.

— איך האב זי דערזעהן ארײנקומענדיג אין שטאדט און איך האב זי גלײך דערקענט. כאטש זי האט אויף איהר פנים א שלײער געטראגען. איך האב איהר דערצעהלט װעגען דעם טויט פון דײן פאטער, און איך האב איהר געראַ־טען, זי זאל אויף דיר צװאװארטען אין מײן הויז.

שמשון האט געזאגט זײן מוטער אז ער געהט ארויס אויף א װײלע און ער װעט גלײך צוריקקומען. מיט אײלענדע טריט איז ער געגאנגען צו קרני׳ס הויז און װי נאר ער האט אויפגעעפענט די טיר, איז איהם דלילה אנטקעגען געקומען.

— אה, מײן טײערער שמשון! װי שטארק איך פיל דײנע שמערצען... איך װײס, אז דײן פארלוסט איז גרויס. איך קען זיך ניט מוחל זײן װאס איך בין דאן מיט דיר ניט מיטגעגאנגען... איך האב איהם אפילו קײנמאל ניט געזעהן!!

אבער שמשון, דו דארפסט וויסען, אז אויך איך האב שטארק געליטען... איך האב שוין געמיינט, אז דו האסט זיך אן מיר איינגאנצען פארגעסען... איך האב געמיינט...

— א, טייערע דלילה. איך וועל דיך קיינמאל ניט פארגעסען! איך בין גליקליך וואס איך קען דיר זעהן.

— איך וויל מיט דיר מיטגעהן צו דיין מוטער'ס הויז. איך וויל זי זעהן. איך ווייס אז זי איז געווען גנעדיג צו מיר. זי האט מיר געגעבען א מתנה איהרע ציערונג. דו זעהסט שמשון איך טראג דיין מוטער'ס ציערונג. נעהם מיך צו איהר און איך וועל זי באדאנקען.

— ניין, טייערע דלילה, ניין! מיין מוטער'ס צער איז נאך גרויס. זי ווייס אז מיר ביידע זענען אביסעל שולדיג אין דעם טויט פון מיין פאטער, און עס וועט זיין איצט א סך בעסער ווען זי זעהט דיך ניט.

— א, שמשון! איך האב געמיינט, אז דו וועסט מיר שטענדיג ליעב האבען און איצט זעה איך אז דיין ליבע צו מיר איז אפגעקילט געווארען.

— מיין ליבע צו דיר דלילה, איז נאך שטארקער און גרעסער ווי פריהער — האט שמשון איהר געקושט.

— און ווען וועסטו קומען?... איך בין דאן געווען אזוי זיכער אז אין צוויי וואכען ארום וועלען מיר פייערען אונזער חתונה, אז איך האב שוין איינגעלאדען אלע מיינע גוטע פריינט, און דא זעה איך אז דו קומסט ניט... אלע געסט זיינען געווען ענטוישט... זיי האבען געמיינט, אז דו האסט מיר פארלאזען. איך האב זיך שוין מעהר ניט געקאנט פארבארגען פון שאנדע, האב איך באשלאסען, אז איך זאל פריהער אריבערגעהן אין דיין שטאדט אויסצוגעפינען די אורזאכע. און דא דערוויים איך זיך, אז דיין פאטער איז טויט... אבער דו האסט דאך דיין פליכט געטאן שמשון. און איצט וועסטו מיט מיר זיך אומקערען נאך שורק.

— איך ווייס ניט אויב איך וועל עס קענען טאן אזוי שנעל — האט שמשון געזאגט, — פריש איז נאך מיין וואונד און די וואונד פון מיין מוטער.

— אבער דו האסט דאך מיר געזאגט אז דיין מוטער איז קיינמאל ניט געווען דאגענגען, איך זאל דיין פרוי ווערען. זאל זי מיט דיר מיטגעהן. זי וועט זיין ביי אונז, און מיר וועלען איהר העלפען פארגעסען אן דעם אומגליק.

— ניין, דלילה, מיין מוטער וועט איצט ניט צושטימען דערצו. זי איז זעהר פארביטערט. איך וועל דארפען זיין זעהר פארזיכטיג ווען איך וועל צו איהר דארפען ריידען וועגען דיר.

— און ווען וועסטו קומען צו מיר, אין שורק? — האט דלילה איהם געפרעגט.

—איך וועל קומען דיך זעהן אין איינינע טעג ארום.

— און דאן וועלען מיר קענען פייערען אונזער חתונה?

— איך וועל זיין געצוואונגען אפצולייגען די חתונה ביז די טעג פון מיין טרויער וועלען פאראיבער — האט שמשון געזאגט, אבער איך וועל זיין ביי דיר גאנץ אפט.

—שמשון! — איז דלילה צו איהם צוגעגאנגען — זאג מיר דעם אמת, האסטו מיך נאך ליעב?

— א דלילה! — האט זי שמשון געדריקט צו זיך.— ווייסטו דען ניט

ווי גרויס מיין ליבע איז צו דיר ?... איך וועל קיין געדולד ניט האבען צו ווארטען די עטליכע טעג ביז וואנען איך וועל דיר קענען זעהן...
— איך וועל געהן איצט צוריק — האט דלילה זיך אפגערופען.
— א ניין, דו וועסט אליין ניט קענען געהן. עס איז שוין אווענט און דער געפאר איז גרויס — האט שמשון געזאגט — דו בלייב איבערנאכט אין מיין פריינד'ס הויז און מארגען גאנץ פריה וועסטו געהן צוריק.
— איך בין אהער געקומען מיט מיין דינסט. זי ווארט אויף מיר נעבען טויער פון שטאדט אין וואגען. איך וועל געהן איצט.
שמשון האט זי באגלייט, ביז וואנען זי איז צוגעקומען צום וואגען און זיך דארטען אריינגעזעצט.
—שמשון, איך וועל אויף דיר ווארטען — האט דלילה זיך אפגערופען.
זעה זיך לאנג ניט צו פארזאמען.
—איך וועל קומען! איך וועל קומען! — האט שמשון געענטפערט.

עלפטער קאפיטעל

# דער פערראטה

דורך דעם יאהר פון טרויער, האט שמשון גאנץ אפט בעזוכט דלילה'ן, אבער ער פלעגט קומען צו איהר אויף א קורצע ווײלע, בלויז זי צו פארזיכערען אז זיין ליעבע צו איהר איז שטארקער געווארען, און ווי נאר דער יאהר פון זיין פאטער'ס טויט וועט פאראיבער וועט ער מיט איהר חתונה האבען.
מיט זיין מוטער האט שמשון אויסגעמידען צו ריידען וועגען דלילה'ן. ער האט געוואוסט אז כאטש איידער זיין פאטער איז געשטארבען, וואלט ער איהר באוואוינגען צוצושטימען. יעצט אבער וועט זי בשום אופן ניט איינשטי־מען און דאריבער וועט זיין בעסער אויב ער וועט אפילו גאר ניט ריידען מיט איהר וועגען דעם.
ווען דאס יאהר פון טרויער איז געווען פאראיבער, האט שמשון זיך אפגערופען צו זיין מוטער:
— איך וועל דיך יעצט מוזען פארלאזען פאר א לענגערע צייט.
—איך ווייס, מיין זוהן, אז די געהסט צו דלילה'ן, — האט צללפונית טרויעריג געזאגט. — מיין הארץ שרעקט מיך, זאל נאר גאט דיך בעשיצען ווי ער האט יעם געטהאן פריהער, און זאלסט קיין חרטה ניט האבען אויף דיינע טהאטען.
— חרטה האבען! א, מוטער, ווען דו וואלסט זי נאר געזעהן! צו איהר איידעלקייט און גוטסקייט איז קיין גרעניץ נימא... זי וועט זיין צו מיר אזוי געטריי, אז זי וואלט איהר לעבען איינגעאפפערט פאר מיר. אזא פרוי ווי דלילה איז ניט צו געפינען אין דעם גאנצען לאנד.
— פון מיין ערפאהרונג מיט די פלשתים פרויען, האב איך אויסגעפונען אז זיי זיינען פאלש, — האט צללפונית געזאגט.
— אבער דלילה איז אנדערש, — האט שמשון געזאגט מיט א שמייכעל, — נאך פון דעם ערשטען מאל ווען זי האט מיך דערקענט, האט זי איהר לעבען אין סכנה געשטעלט מיר צו העלפען פון די פלשתים.
צללפונית האט איהם נישט געענטפערט.

שמשון האט איהר געקושט און שווייגענדיג איז ער ארויס פון הויז. ווען ער האט פארלאזען צרעה, האט ער זיך געפיהלט אין גאנצען אנדערש. ער האט גענומען שטעלען שנעלע טריט... זיינע געדאנקען זיינען פול געווען מיט דלילה'ן... באלד וועט ער זי זעהן, ער וועט זי האלטען אין זיינע ארעמס... און דאן וועט לאנג ניט נעהמען און זי וועט געהערען צו איהם אויף שטענדיג.

מיט גרויס פרייד האט דלילה אויפגענומען שמשון'ען... זי האט איהם געהאלזט און געקושט.

— יעצט, מיין ליעבער, וועסטו שוין פון מיר קיינמאל ניט אוועקגעהן! — האט זי געזאגט.

— קיינמאל ניט! — האט שמשון זי געדריקט צו זיך — יעצט בין איך געקומען פייערען אונזער חתונה.

— איך האב מיט גרויס אונגעדולד געווארט אויף דעם טאג, און ענדליך איז ער געקומען, איך וועל שיקען רופען די געסט... ווען זאלען זיי קומען?

— מארגען! — האט שמשון געענטפערט, — מארגען וועלען מיר פייערען אונזער חתונה, און זאלען זיך אלע משמח זיין.

אויף מארגען האט זיך אנגעפאנגען שמשון'ס חתונה מיט דלילה'ן וואס האט געדויערט זיבען טעג. די געסט האבען גע'שכור'ט אין געהוליעט. דלילה האט אויך פיעל וויין געטרונקען.

עטליכע מאל האט דלילה איהם איבערגעלאזען מיט איינינע געסט צו פארברייגען. און זי האט זיך ארויסגע'גנב'עט פון צימער וואו זי האט זיך בעראטהען מיט די פלשתים ווי אזוי זי זאל האנדלען מיט שמשון'ען, זי זאל איהם קענען צווינגען ער זאל איהר ארויסגעבען דעם סוד פון זיין שטארקייט.

— ביז יעצט איז מיר ניט געלונגען איהם איבערצוריידען ער זאל מיר דערצעהלען, — האט דלילה זיך בעקלאגט פאר איהרע פריינד — אבער איך גלויב אז יעצט נאכדעם ווי איך בין שוין פאררעכענט פאר זיין פרוי, וועט ער שוין לאנג פון מיר קיין סוד ניט האלטען.

— פון דעסטוועגען וועסטו זיך פריהער מוזען איבערצייגען אויב ער האט דיר דערצעהלט דעם אמת, ווייל טאמער וועט ער דיך אפנארען, דאן וועלען מיר ליידען פון דעם...

—איך וועל שוין וויסען ווי פון איהם אלעם ארויסצוקריגען, — האט דלילה מיט שמאלץ געזאגט, — עס איז ניטא א זאך אין דער וועלט וואס ער וועט פאר מיר ניט טהאן. איך וועל בלויז ווארטען עטליכע טעג. נאכהער וועט ער שוין מיר זיין סוד דערצעהלען.

ווען די זיבען טעג פון דער חתונה־פייערונג זיינען פאראיבער, האט דלילה איין אבענד זיך אפגערופען צו שמשון'ען מיט טרעהרען אין די אויגען:

— איך האב געמיינט אז נאכדעם ווי איך וועל ווערען דיין פרוי, וועל איך זיך פיהלען גליקליך. יעצט זעה איך אז איך האב געמאכט א טעות... איך בין די אומגליקליכסטע פרוי אין דער וועלט.

— וואס רעדסטו, דלילה? — האט שמשון זי אנגעקוקט מיט ערשטוינונג, — האסטו דען מיך אויפגעהערט ליעב צו האבען?

— איך בין אומגליקליך ווייל איך ליעב דיך יעצט נאך מעהר ווי פריהער, — האט זיך דלילה פלוצלינג ציכליפעט אין זיינע ארעמס — אבער דיין ליעבע

צו מיר האט זיך אפגעקיהלט, דו האסט נאך אלץ קיין צוטרוי ניט צו מיר... דו בעהאנדעלסט מיך ווי איך וואלט געווען א פרעמדע צו דיר.

— אבער איך פארשטעה ניט וואס דו מיינסט, דלילה?

— איך מיין דאס וואס דו האסט פיעלע סודות פון מיר, און דו האסט מורא מיר צו פארטרויען... אין איך?... איך האב מיין לעבען איינגעשטעלט אין סכנה, אין דער צייט ווען איך האב מיט דיר בלויז איין אווענט פארבראכט... אזוי בעצאהלסטו מיר פאר מיין טרייהייט און ליעבע?...

— אבער וועלכע סודות האלט איך פון דיר פארבארגען? — האט שמשון איהר געפרעגט.

— א, פיעלע סודות!... דו ווייסט דאך אז דו ביזט אין גאנצען איינגע־הילט אין סודות, און האסטו מיר דען איינעם פון זיי פארטרויט.

—אה, מיין ליעבע דלילה!... — האט זי שמשון ארומגענומען און גע־קושט, — איך פארבארג קיינע סודות פון דיר ניט. דו ווייסט דאך אז איך וועל דיר טרויען מיט מיין לעבען.

— אויב אזוי, זאג מיר דעם סוד פון דיין גבורה! איז דען פאראן א זאך וואס זאל דיר אין גאנצען קענען אפשוואכען אז דו זאלסט ווערען ווי אלע מענשען...

— וואס איז דען דער אונטערשיעד צו דיר? — האט שמשון געלאכט, — ביזטו דען ניט צופרידען אז איך בין דער שטארקסטער מאן, און דו וואלסט דאך זיכער ניט געוואלט זעהן מיך אזן אפגעשוואכטער.

— געוויס ניט!... דו ווייסט דאך ווי שטאלץ איך בין מיט דיין כח — אבער איך בין נייגעריג צו וויסען דעם סוד פון דיין אונגעהייערער גרויסער קראפט... ווען דו וואלסט זיך מיט מיר געטיילט דיזען סוד, וואלט איך זיך געפיהלט א סך גליקליכער... איך וואלט געפיהלט אז דו געטרויעסט מיר מיט דער ט׳יערסטער זאך אין דער וועלט, דו טרויעסט מיר מיט דיין לעבען... ערשט דאן וואלט איך געוואוסט אז דיין ליבע צו מיר איז אזוי גרענצלאז ווי מיינע צו דיר...

— אה, דלילה, איך וואלט זיך קיינמאל ניט פארגעשטעלט אז אזא קליי־ניגקייט זאל דיר אזוי פיעל ערגערען.

— דאס איז א סימן, שמשון, אז דו פארשטעהסט נאך ניט די פרויען גאנץ גוט... עס איז אט אזעלכע קלייניגקייטען וואס מאכען אונז גאנץ אפט גליקליך אדער אומגליקליך און אייטער דעם איז עס פאר מיר א סימן אויב דיין ליעבע איז ווירקליך שטארק אדער ניט. יעצט בעט איך דיר, זאג מיר איז וואס בא־שטעהט דיין גבורה?... און וואס וועט קענען אפשוואכען דיין קראפט, אז ווען מען וועט דיך בינדען זאלסטו זיין הילפלאז ווי אלע אנדערע מענשען.

— אויב מען זאל מיך בינדען מיט זיבען פייכטע שטריק, וואס זיינען נאך ניט אויסגעטריקענט געווארען דאן וועל איך אפגעשוואכט ווערען און זיין ווי אלע מענשען.

—איך וועל דיך נאך ווען עס איז אויספרובירען צו זעהן אויב דו נארסט מיך אפ! — האט דלילה געזאגט לאכענדיג.

דעם זעלבען טאג האט זי איבערגעגעבען די פלשתים אז שמשון האט איהר ענטדעקט דעם סוד פון זיין שטארקייט, און זי האט אפגעמאכט אז עטליכע פון

זיי זאָלען זיך בעהאַלטען אין א צווייטען צימער פֿון איהר הויז, און זי וועט איהם דאַן אויספּרובירען, און אויב עס איז ווירקליך אזוי ווי ער זאָגט וועט זי זיי געבען א צייכען און זיי וועלען איהם דאַן ארומרינגלען און טהאָן צו איהם וואָס זיי וועט געפֿעלען.

דלילה האָט געקראָגען זיבען פֿייכטע שטריק ווי שמשון האָט איהר געזאָגט, און די פּלשתים האָבען זיך בעהאַלטען אין דעם צווייטען צימער און געוואַרט אומגעדולדיג אויף דלילה'ס צייכען.

— יעצט וועל איך דיר אויספּרובירען אויב די האָסט מיך ניט גענאַרט! — האָט זיך דלילה אָפּגערופֿען צו שמשון'ען, און איהם געצייגט די שטריק, — ווערסטו זיך לאָזען בינדען פֿון מיר?

— גוט, בינד מיך! — האָט שמשון געזאָגט, — וועסטו זיך איבערצייגען אז איך האָב דיך ניט גענאַרט.

דלילה האָט גענומען די זיבען שטריק און געבונדען שמשון'ס הענד און פֿיס. זי האָט איהם געבונדען אזוי פֿעסט אז עס איז געווען אונמעגליך אָפּצובינדען

— נו, יעצט מאַך זיך לויז פֿון די שטריק! — האָט דלילה צו איהם געזאָגט מיט א שמייכעל.

שמשון האָט זיך געמאַכט ווי ער שטריינגט זיך אָן מיט אלע זיינע כחות צוצורייסען די שטריק, אָבער אָהן ערפֿאָלג.

— נו, זעהסטו, דלילה, אז איך בין יעצט הילפֿלאָז. יעדער איינער וואָלט געקענט טהאָן מיט מיר וואָס ער וויל.

דלילה האָט זיך גענומען מיט איהם רייצען. זי האָט איהם א ציה געטהאָן פֿאַר א לאָק פֿון זיינע האָר און זיך אָפּגערופֿען:

— נו, שמשון, קענסטו מיך א כאַפּ טהאָן!

שמשון האָט כלומרשט געמאַכט א פּאַרזוך זי צו כאַפּען, אָבער עס איז איהם ניט געלונגען.

— בינד מיך אָפּ, וועל איך דיך כאַפּען! — האָט שמשון א זאָג געטהאָן לאַכענדיג.

דלילה האָט איהם נאָך אלץ ניט געוואָלט גלויבען. זי איז צוגעגאַנגען צום טיהר און פּלוצלינג א געשריי געטהאָן:

—אָ, שמשון, די פּלשתים קומען אָן דיך צו באַפֿאַלען... שנעלער, ראַטעווע זיך.

שמשון האָט זיך שנעל א דרעה געטהאָן און האָט צוריסען די שטריק פֿון זיך, ווי איינער צורייסט א דינעם פֿאָדעם.

— דו זעהסט, שמשון, אז דו האָסט מיך אָפּגענאַרט! — האָט דלילה זיך אָפּגערופֿען, און אין דערזעלבער צייט געגעבען א צייכען צו די פּלשתים וועלכע האָבען זיך בעהאַלטען אין צווייטען צימער, אז זיי זאָלען פֿאַרבלייבען אויף זייער פּלאַץ.

— איך האָב דיך נישט גענאַרט, דלילה! — האָט שמשון איהר געענטפֿערט, — אָבער די שטריק מיט וואָס דו האָסט מיך געבונדען, זיינען, וויזט אויס געווען צו דין. אויב מען וואָלט מיך געבונדען מיט נייע דיקע שטריק, דאַן וואָלט איך שוואַך געוואָרען און וואָלט געווען ווי אלע אנדערע מענשען.

— ביזטו זיכער אז דו נארסט מיך אויף דיזען מאָל ניט אָפּ? — האָט דלילה איהם געפּרעגט.

אויף דעם צווייטען טאָג האָט דלילה ווייטער אָפּגעמאַכט מיט די פּלשתים זיי זאָלען זיך בעהאַלטען אין איהר צימער און אליין האָט זי געקראָגען נייע דיקע שטריק און געבונדען שמשון׳ען... און צו מאַכען נאָך שטאַרקער האָט זי איהם געבינדען צוויי מאָל.

—יעצט קען איך זיך טאַקע פון אָרט ניט ריהרען! — האָט שמשון געזאָגט, — דו האָסט מיך אַזוי שטאַרק געבונדען אַז איך פיהל זיך שוין אָפּגעשוואַכט.

— די פּלשתים קומען אָן אויף דיר, שמשון! — האָט דלילה אויסגערופען, — יאָ, ווירקליך, שמשון, דיינע שונאים, די פּלשתים, קומען... שנעל, באַפרייע זיך פון די שטריק.

שמשון האָט אַ ציה געטהאָן מיט זיינע הענט און די דיקע נייע שטריק זיינען צוריסען געוואָרען ווי פאָדעם.

דלילה האָט צי איהם מעהר ניט גערעדט. זי איז אריין אין דעם צימער וואו די פּלשתים האָבען זיך בעהאַלטען און זיי געזאָגט אין דער שטיל.

— שמשון האָט מיך צוויי מאָל אָפּגענאַרט, אָבער איך בין נאָך מיט איהם ניט פאַרטיג... ער וועט מיר מוזען זאָגען דעם גאַנצען אמת, ניט אַזוי שנעל וועט זיך דלילה אונטערגעבען. דערווייל געהט אהיים, ווען איך וועל הערען עפּעס וויכטיגעס פון איהם וועל איך שיקען מיין דינסט אייך רופען.

ווען זי האָט זיך אומגעקעהרט צו שמשון׳ען אין צימער, האָט זי איהם אַרויסגעוויזען אַ ברוגז׳ן פּנים.

— יעצט בין איך איבערצייגט אַז דו האָסט פון מיר חוזק געמאַכט. דו געטרויעסט מיר ניט... און דו האָסט מיך פיינט... און דאַריבער האָסטו מיך אָפּגענאַרט צוויי מאָל.

— איך בעט דיך, דלילה, זיי ניט צאָרנדיג אויף מיר. איך האָב אליין געמיינט אַז דאָס וועט מיך אָפּשוואַכען. אין אמת׳ן ווייס איך אליין ניט דעם סוד פון מיין גרויסער גבורה.

— אָ, דו ווייסט שוין גאַנץ גוט אין וואָס באַשטעהט דיין קראַפט, אָבער די האָסט מורא מיר אויסצוזאָגען, ווייל דו געטרויעסט מיר ניט... איך האָב דיר אָנפערטרויעט מיין לעבען, מיין גליק, און דו האָסט מורא זיך צו טיילען מיט מיר דיין סוד... זאָג מיר, שמשון, פאַרוואָס האָסטו מורא פאַר מיר... ביזטו דען ניט זיכער אַז איך האָב דיך ליעב, אָדער האָסטו מורא אַז איך וועל דיך פערראַטהען... דו ווייסט דאָך אליין, ווען איך וואָלט געוואָלט דיר שלעכטעס טהאָן וואָלט איך דאָך דיר עס געטהאָן דעם ערשטען מאָל ווען איך האָב דיך דערזעהן... און דו ווייסט דאָך אַז איך האָב זיך אין סכנה געשטעלט צון דיך געראַטעוועט... זאָג אליין, שמשון, האָב איך ביי דיר פאַרדיענט אַז דו זאָלסט מיך אַזוי בעהאַנדלען?!...

— קים אהער, זעץ זיך אוועק אויף מיין שויס, און איך וועל דיר דערצעהלען דעם אמת — האָט שמשון געזאָגט.

דלילה האָט איהם געפאָלגט און האָט איהרע הענט אַרומגעוויקעלט אַרום זיין האַלז... זי האָט איהם גענומען קושען...

— איך ווייס שמשון, אז דו האסט געמאכט שפּאס מיט מיר, אָבער יעצט וועסטו מיר זאָגען דעם אמת ? !...

שמשון האט א קוק געטהאָן אויף דעם שפּין־ראָד וואס איז געשטאנען נעבען איהם, און ער האט זיך אָפּגערופען :

— אויב דו וועסט איינפלעכטען מיינע זיבען לאָקען אין דעם שפּין־ראָד און זיי גוט פארבינדען וועל איך אָפּגעשוואכט ווערען און זיין ווי יעדער מענש.

— אין דיזען שפּין־ראָד ? — האט דלילה אָנגעצייגט מיט דעם פינגער, און איהם אָפּגעמאָסטען מיט איהרע בליקען צו זעהן אויב ער איז ערנסט אדער ער וויל זי ווידער אָפּנארען.

שמשון האט דורכגעפיהרט זיין האנד דורך זיינע לאָקען האָר און זיך אָפּגערופען :

— דו זעהסט מיינע לאָקען האָר ? אויב דו וועסט זיי גוט פארבינדען אין דעם שפּינראָד, וועל איך זיך ניט קענען ריהרען פון אָרט.

— די מאכסט ווידער שפּאס מיט מיר ! — האט זיך דלילה צו איהם אָפּ־גערופען, — זאָג מיר דעם אמת, שמשון !

— דאס איז ניט קיין שפּאס, ווען דו בינדסט צו מיינע זיבען לאָקען צו דעם שפּין־ראָד, דאן ווער איך אָפּגעשוואכט.

—איך וועל דיר נאָך אמאָל אויספּרובירען, אָבער גערענק, שמשון, אויב דו נארסט מיך ווידער אָפּ, וועל איך צו דיר מעהר ניט ריידען...

דלילה האט אָפּגעווארט נאָך עטליכע טעג און זי האט ווידער געשיקט רופען די פלשתים זיי זאָלען ווארטען אין דעם צווייטען צימער.

— איהר וועט מוזען ווארטען ביז וואנען שמשון וועט איינשלאָפען. דאן וועל איך צי איהם טהאָן ווי ער האט מיר געזאָגט. געוויינליך וועל איך איהם אויספּרובירען פריהער און ווען איך וועל זיין איבערצייגט אז ער איז ווירקליך הילפלאָז און קען זיך ניט ריהרען פון פלאץ, דאן וועל איך אייך געבען דעם צייכען וועלכען מיר האבען אָפּגערעדט.

דלילה האט געווארט ביז וואנען שמשון איז אנשלאָפען געווארען. זי האט צוגעטראָגען דעם שפּין־ראָד נעבען זיין בעט און האט צוגעבונדען זיינע זיבען לאָקען האָר צו דעם שפּין־ראָד און נאכהער האט זי באפעסטיגט דעם שפּין־ראָד צו דער באָדען מיט טשוועקעס אז עס זאָל זיין אונמעגליך איהם צו ריהרען פון אָרט. זי האט א ווייל׳ע צוגעווארט און נאכהער איז זי ציגעלאָפען צו שמשון׳ן און גענומען איהם וועקען :

— שמשון ! שמשון ! די פלשתים קומען אויף דיר, שמשון !

שמשון האט זיך א דרעה געטהאָן און זיך א זעץ געטהאָן אויף זיין בעט ארויסרייסענדיג דעם שפּין־ראָד פון באָדען און באפרייענדיג זיינע האָר.

דליכה האט מיט בליקען פון שרעק און ערשטוינונג געקוקט אויף שמשון׳ען. אויך דיזען מאָל האט ער זי אָפּגענארט ? זי האט זיך עטוואס אָפּגערוקט. פון איהרע אויגען האבען פונקען פייער געשפּריצט.

— אָ, שמשון, ווי אזוי קענסטו זאָגען אז דו האסט מיך ליעב. שוין דעם דריטען מאָל ווי דו האסט מיך אָפּגענארט ! דו ביזט פאלש צו מיר ! דו האסט מיך ניט ליעב ! אָ, פארוואס בין איך בלינד געוועזן ! איך האב גלייך געקענט

איינזעהן אז דו האסט מיך פיינט... ווייל ווען דו וואלסט מיך ליעב געהאט, וואלסטו מיך ניט בעהאנדעלט ווי א נידריגע דינסט.

שמשון האט אויף איהר געקוקט מיט שמייכלענדע בליקען. אין זיינע אויגען האט זי יעצט אויסגעזעהן נאך שעהנער. איהרע באקען זיינען באדעקט געווארען מיט א רויטקייט און איהרע אויגען האבען געפינקעלט.

— דלילה! — האט שמשון זי א נעהם געטהאן ביי דער האנד און האט זי געוואלט א קוש טהאן. דלילה אבער האט איהרע ליפען פארשטעלט מיט דער האנד.

— ניין, קוש מיך ניט, איך וויל ניט קיין פאלשע קושען! — האט זי זיך געריסען פון זיינע הענד, — דו האסט מיך ניט ליעב. א, שמשון, עס טהוט וועה... לאז אפ מיין האנד... דריק זי ניט צו שטארק...

שמשון האט זי אפגעלאזען. און דלילה איז האסטיג ארויס פון צימער.

— דלילה, קום אריין! — האט שמשון זי גערופען.

— ניין! איך וועל מעהר צו דיר ניט צוגעהן! — האט זיך דלילה איינגע׳עקשן׳ט.

זי האט זיך געמאכט ווי זי וויל אוועקגעהן, געבענדיג שמשון׳ען א געלעגענהייט איהר צו דערגרייכען.

שמשון איז צו איהר צוגעקומען און זי צוריק אין צימער אריינגעפיהרט. ער האט זי אוועקגעזעצט ביי זיך אויפ׳ן שויס.

— פארוואס ברענט אין דיר דער צארן אויף מיר, דלילה? דו ווייסט דאך אז דו ביזט ביי מיר טהייערער פון אלעס אין דער וועלט.

— פון דיין מויל טריפט האניג, אבער דיין בעהאנדלונג צו מיר איז אנדערש. ווען דו האסט מיך אפגענארט דעם ערשטען מאל, האב איך זיך געטראכט, אז דו טרייבסט עס שפאס מיט מיר, דעם צווייטען מאל האב איך אויך אזוי געטראכט, אבער ווען דו האסט מיך אויך דעם דריטען מאל אפגענארט, זעה איך אז דו האסט מיך פיינט, דו בעהאנדעלסט מיך ווי איך וואלט צו דיר א ווילד־פרעמדע געווען.

— פארוואס זאלסטו מיר ניט ווילען פארשטעהן, דלילה, — האט שמשון געזאגט, — עס זיינען פאראן אזעלכע זאכען וואס זיינען אונמעגליך צו ענטדעקען צו א צווייטען, אפילו צו אן אייגענער ווייב.

— וואלסטו דען דיין סוד געהאלטען פארבארגען פון דיין אייגענער מוטער?

— מעגליך אז יא!

— ניין, איך בין זיכער אז דיינע עלטערען ווייסען אלע דיינע סודות, און פון מיר בעהאלטסטו זיך. איידער דו האסט מיט מיר געהייראט, האסטו מיר געזאגט אז דיין ליעבע צו מיר איז שטארקער פון אלעס אין דער וועלט, און דא זעה איך ווי איך מעג זיך פארלאזען אויף דיינע רייד, דו ווילסט מיר ניט אנפערטרויען א זאך וואס דיין מוטער ווייס עס אהן צווייפעל. יא, דיינע עלטערען האסטו א סך מעהר ליעבער ווי מיך.

— ווי אזוי קענסטו אזוי ריידען, דלילה, דו ווייסט דאך אז איך האב מיט דיר געהייראט געגען דעם ווילען פון מיינע עלטערען, און ווער ווייס אויב ניט צוליעב דעם איז מיין פאטער פריהצייטיג געשטארבען!...

— איך האב שטענדיג שטאלצירט מיט דיין ליעבע. איך האב קיין צוויי־פעל ניט געהאט אז דו ביזט געווען אויפריכטיג, אבער וואס זאל איך יעצט טראכטען ווען איך זעה אז דו האסט ניט קיין צוטרוי צו מיר, צו דיין אייגענער פרוי.

* * *

עטליכע טעג האט דלילה געמאטערט שמשון׳ען. זי האט איהם קיין רו ישט געגעבען טאג און נאכט, אז שמשון׳ען איז שוין דאס לעבען נמאס גע־ווארען... ער האט פרובירט ווידער אנגעבען פארשידענע אורזאכען וועגען זיין אויסערגעוועהנליכער שטארקייט, אבער דלילה האט זיך מעהר ניט געלאזט נארען. זי איז צו איהם צוגעשטאנען, איהם נאך מעהר דערקוטשעט אז שמשון האט שוין פארגעצויגען צו שטארבען איידער אזוי געפייניגט צו ווערען פון דלילה׳ן.

און אין איין אווענט ווען שמשון האט שוין מעהר ניט געקענט אריבער־טראגען די מאטערנישען וואס ער איז אויסגעשטאנען פון דלילה׳ן, האט ער זיך אפגערופען:

— גוט, דלילה, יעצט זאג איך דיר אויס דעם גאנצען אמת. זעץ זיך דא נעבען מיר.

דלילה האט בּרייט פאנאנדערגעעפענט איהרע אויגען, זיך גלייך אנידער־געזעצט נעבען שמשון׳ען און איהם גענומען קושען.

— יא, שמשון, דערצעהל מיר דעם גאנצען אמת. איך בין זיכער אז מעהר וועסטו פון מיר קיין שפאס ניט מאכען.

שמשון האט אויפגעהויבען זיין האנד צום קאפ און גענומען פאנאנדער־טיילען זיינע לאקען.

— דו זעהסט, דלילה, אין דיזע לאקען האר ליגט מיין גאנצע מאכט... אין מיין מוטער׳ס בויך בין איך שוין געהייליגט געווארען... איך בין געבארען גע־ווארען א נזיר פון גאט. קיין גאל־מעסער האט זיך צו מיין קאפ קיינמאל ניט צוגעריהרט. אזוי זיינען מיינע האר געהייליגט געווארען, און מיין גאנצער כח ליגט אין זיי און ווען אימיצער זאל אפשערען מיינע האר, דאן וועל איך ווערען אפגעשוואכט און וועל זיין אזוי ווי אלע מענשען.

— א, שמשון, יעצט זעה איך אז דו האסט מיר דערצעהלט דעם גאנצען אמת.. שמשון, איך האב דיך נאך קיינמאל אזוי שטארק ניט ליעב געהאט ווי איצט. איך זעה אז דו האסט צו מיר צוטרויען. דו שיינסט צו זיין אזוי מיעד און שלעפעריג, שמשון, לעג דיין קאפ אין מיין שויס און איך וועל דיר איינ־שלעפערען, און ווען דו וועסט אויפוואכען פון דיין שלאף, וועל איך האבען צוגעגרייט פאר דיר א גרויסארטיגען מאלצייט... איך וועל מאכען אזעלכע שפייז ווי דו האסט ליעב.

שמשון איז ווירקליך געווען זעהר מיעד פון דלילה׳ס קאפריזעווען, און אזוי שנעל ווי ער האט אוועקגעלייגט זיין קאפ אין איהר שויס, האט ער געשמאק איינגעשלאפען.

דלילה האט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען פון איהר פלאץ און מיט גרויס פארזיכטיגקייט אוועקגעלייגט שמשון׳ס קאפ אויף דעם קישען וואס זי האט גע־האט צוגעגרייט.

שטילערהייט איז זי ארויס פון צימער און געשיקט איהר דינסט רופען די פלשתים.

— זאל מען מיר אויך ברייננען א שער — האט זי אנגעזאגט דער דינסט.

באלד זיינען אנגעקומען די פלשתים באוואפענט.

דלילה איז צו זיי אריינגעקומען און געזאגט:

— יעצט קענט איהר זיין זיכער אז שמשון איז אין אונזערע הענד. ער האט מיר ענטדעקט זיין גאנצען סוד.

— אבער... טאמער...

— מיין לעבען גיב איך אויב שמשון האט מיך אויך דיזען מאל אפגענארט, — האט דלילה אויסגערופען. — איהר קענט שוין זיין גרייט מיט די געלד.

— מיר האבען די עלף הונדערט שקלים מיט אונז, — האט איינער פון די פלשתים אויסגערופען, — און מיר האבען דיר אויך געבראכט א שארפע שער.

— באלד וועט דער שאטרקער שמשון אפגעשוואכט ווערען, — האט דלילה געזאגט, און איהרע אויגען האבען געפלאמט. — ער האט מיר דעם גאנצען סוד ענטדעקט.

— און דו וועסט אונזער קעניגין ווערען, — האט זיך איינער אנגערופען.

— האט איהר געבראכט דיקע שטריק איהם צו בינדען? — האט זיי דלילה געפרעגט.

— דיזען מאל האבען מיר געבראכט קייטען פון קופער — האט א יונגער פלשתי געזאגט, — אויב מיר וועלען נאר האבען די מעגליכקייט איהם צו בינדען, וועלען מיר איהם דיזען מאל בינדען מיט קופערנע קייטען.

— שנעלער גיט מיר די שער! — האט דלילה געזאגט, — שמשון שלאפט יעצט גאנץ געשמאק. ער וועט ניט הערען ווי איך וועל זיינע זיבען לאקען האר אפשערען.

מען האט איהר געגעבען די שער, און דלילה איז אריין אין צימער וואו שמשון איז געשלאפען. זי האט זיך אוועקגעזעצט אויף איהרע קניע נעבען שמשון'ס קאפ און איינציגווייז האט זי אפגעשארען די לאקען. זי האט גענומען די זיבען אפגעשארענע לאקען און זיי אריינגעבראכט צו די פלשתים אין צימער.

— איהר זעהט, אין דעם איז געלעגען שמשון'ס גאנצע מאכט. אט איז עס יעצט אין אייערע הענד, אהן דעם איז ער שוואך ווי אלע מענשען. זייט גרייט, איך וועל אריינגעהן איהם אויפוועקען.

די פלשתים זיינען נאך דלילה'ן נאכגעגאנגען, און צוקומענדיג ביז דער טהיר פון שמשון'ס צימער, האבען זיי זיך דארט אפגעשטעלט.

דלילה איז צוגעגאנגען צו שמשון'ען און איהם גענומען וועקען.

— שטעה אויף, שמשון, שנעלער, די פלשתים קומען אן!

שמשון האט זיך אויפגעכאפט פון שלאף, און ער האט שנעל אויפגעהויבען זיין האנד צום קאפ.

— א, וואס האסטו צו מיר געמהאן, דלילה? — האט שמשון אויסגעשריען מיט א משונה'דיגע שטימע.

— איך האב דיר געוואלט אויספרובירען אויב דו האסט מיר אויך דיזען מאל ניט גענארט.

— אַ, דו אומווירדיגע פרוי! — האָט שמשון זיך אַ לאָז געטהאָן צו דלילה׳ן, דריקענדיג זיינע פויסטען.

דלילה האָט אַ שפּרונג געטהאָן אויף צוריק און אַן עפּען געטהאָן די טהיר.

באַלד האָבען זיך די פלשתים אריינגעבראָכען אין צימער און זיך אַ וואַרף געטהאָן אויף שמשון׳ען.

שמשון האָט נאָך געמאַכט אַ פּאַרזוך זיך געגענצושטעלען, אָבער ער האָט געזעהן אַז זיינע כחות האָבען איהם פאַרלאָזען.

— טהוט אויף איהם ארויף די קייטען! — האָט זיך געהערט אַ שטימע.

— לאָמיר איהם פריהער אויסשטעכען די אויגען, דאַן וועלען מיר זיין זיכער אַז ער וועט ניט זעהן ווי אונז צו שעדיגען.

— בינד איהם פריהער! — האָט דלילה זיי געראַטהען, — איך וויל זיך נאָך אַביסעל מיט איהם אַנרייצען און וועל זעהן מיט וועלכע בליקען ער וועט אויף מיר קוקען. כאַ־כאַ־כאַ! איך, די שוואַכע פרוי, האָב באַזיעגט שמשון׳ען דעם שטאַרקסטען מאַן אין דער וועלט...

— אַ, דו נידערטרעכטיגסטע צווישען פרויען, דו פאַלשע שלאַנג, — האָט שמשון געקריצט מיט די צייהן, — גאָט זאָל דיר בעצאָהלען פאַר דעם שענדליכען פערראַטה.

— יעצט אַז איך האָב זיך אָנגעזעטיגט מיט זיינע פון האַס־ברענענדיגע בליקען, קענט איהר אויסשטעכען זיינע אויגען! — האָט דלילה באַפוילען.

איהר באַפעהל איז גלייך אויסגעפיהרט געוואָרען. די פלשתים האָבען אויס־געשטאָכען זיינע אויגען.

דלילה איז געשטאַנען און צוגעקוקט ווי די פלשתים פּייניגען שמשון׳ען. זי האָט אָנגעקוואָלען ווען זי האָט געזעהן ווי ער קאָרטשעט זיך פון יסורים, ווי זיין פּנים דריקט אויס האַס און פאַרבּיטערונג.

— שמשון! — דו קענסט זעהן ווי שעהן איך בין! כאַ, כאַ, כאַ! אַ שוואַ־כע פרוי האָט דיך באַזיגט. איצט ביזטו אין אונזערע הענט. ניט מעהר וועלען די אידען קענען שטאָלצירען מיט דיין גבורה. די פלשתים האָבען זיך איבער דיר געקליגט.

— פאַרשאָלטען זאָלסטו ווערען, דו מרשעת! — האָט שמשון אַ ברום גע־טאָן און זיין מויל האָט געשוימט.

— וואו איז ברטור? — האָט דלילה גאַנץ הויך אויסגערופען, אַז שמשון זאָל עס הערען — קום אהער ברטור, שמשון האָט דיך נאָך מעהר געהאַסט ווי אַלע אנדערע פלשתים. ער האָט איינמאָל פאַר מיר געשוואָרען, אַז ער וועט זיך מיט דיר אָפּרעכענען.

ברטור איז צוגעגאַנגען צו שמשון׳ען און איהם אָנגענומען פאַר זיין האַנט.

— אויב דו קענסט מיך ניט זעהן, וועסטו מיך פיהלען שמשון — הער זיך איין איך וועל דיר פרעגען אַ רעטעניש: ״פון שטאַרקייט קומט ארויס ביטער־קייט, און שעהנקייט באַזיעגט שטאַרקייט, וואָס איז דאָס שמשון? אויב דו וועסט טרעפען דיזען רעטעניש, וועלען מיר צוריק דיינע ארויסגעשטאָכענע אוי־גען צוריקשטעלען אין זייערע לעכער.

אַ הילכיגער געלעכטער האָט אויסגעבראָכען צווישען אַלע פלשתים. יעדער

פון זיי איז צוגעגאנגען צו שמשון'ען. איינער האט איהם א ריס געטאן, א צווייטער א שטופ, א דריטער א שנעל און אנדערע האבען זיין פלייש געקניפען.

שמשון האט געליטען שווייגענדיג. ער האט באשלאסען מעהר קיין ווארט ניט צו ריידען, וואס זיי זאלען צו איהם ניט טאן...

— אונזער גאט, דגון, האט מיט אונז אזא גרויסען וואונדער געטאן. ער האט איבערגעגעבען אונזער גרעסטען און שטארקסטען שונא אין אונזערע הענט און מיר האבען קיינעם ווענען דעם ניט געלאזט וויסען. שנעל מוז די נייעס פארשפרייט ווערען אין אלע שטעדט און שטעדטלאך פון אונזער לאנד.

— וואוהין זאלען מיר איהם אוועקפיהרען? — האט איינער פון די פלשתים געפרעגט.

— אין עקרון!

— ניין, אין אשדוד!

— פארוואס ניט אין אשקלון?

אזוי האבען צווישען זיך די פלשתים געאמפערט.

— און איך זאג, אז מען זאל שמשון'ען אוועקפיהרען אין עזה! — האט דלילה אויסגערופען — דארטען האב איך איהם צום ערשטען מאל באגעגענט און אין עזה האט ער די טויערען פון שטאדט ארויסגעריסען. איצט זאלען די איינוואוינער פון שטאדט האבען די פרייד צו זעהן ווי שמשון איז אין אונזערע הענט. יע, אין עזה זאל ער געבראכט ווערען און אהין זאלען אלע קומען פייערן אונזער גרויסען זיעג איבער אונזער שונא און צושטערער פון אונזער לאנד.

— אזוי ווי דו זאגסט אזוי וועט עס געשעהן! — האט א פלשתים באאמטער געזאגט — דלילה'ס רייד וועלען זיין הייליג ביי אונז.

— יע, אין עזה וועלען מיר פייערן אונזער זיעג, און דארטען וועלען מיר קרוינען דלילה'ן פאר קעניגין איבער גאנץ פלשתים!

— לאמיר איהם פיהרען — האט דלילה באפוילען.

ברטור איז צוגעגאנגען און איהם א שלעפ געטאן ביי די קייטען.

— קום שמשון, מיר וועלען דיר ארייגפיהרען דורך דעם זעלבען טויער וואס דו האסט אמאל ארויסגעריסען פון זיינע זאוויעסעס. פרוביר עס איצט טאן.

מיט גרויס יובעל אזו פאראד האבען די פלשתים איהם אוועקגעפיהרט אין עזה. הונדערטע פלשתים זיינען נאכגעגאנגען און געשאלטען שמשון'ען, זיך פרעהענדיג אויף זיין מפלה.

אין עזה האט מען שמשון'ען אוועקגעפיהרט אין דעם געפענגנים. ביז וואנען אלע פלשתים וועלען זיך צוזאמענקלייבען צו פייערן דעם זיעג וואס זייער גאט דגון האט פאר זיי מעגליך געמאכט.

אין געפענגנים האט מען שמשון'ען אוועקגעשטעלט נעבען א מיהל וואו ער איז געשטאנען דעם גאנצען טאג א צוגעשמידטער מיט די קייטען צום וואנט און געמאהלען מיט דער מיהל.

דער.וייל האט די נייעס אז שמשון איז ארייגעפאלען אין די הענד פון פלשתים, זיך פארשפרייט בליץ שנעל.

פון אלע גרויסע שטעדט האבען גענומען שטראמען די פלשתים נאך עזה.

די פינף סרנים (פירסטען) זיינען דארט אויך געקומען און צוזאמען מיט דלילה'ן האבען זיי געפלאנעוועט צו מאכען די גרויסע פייערונג לכבוד זייער זיעג.

זיי האבען באשלאסען אויפצובויען א גרויסע געביידע וואו אלע וויכטיגע פלשתים און די באאמטע וועלען קענען צוזאמענקומען און דארטען זאל מען פייערען די קרוינונג פון דלילה'ן.

פיבערהאפטיג האבען זיך די פלשתים גענומען צו בויען דיזע געביידע. יע־דער איינער האט ביינעטראגען צו דעם בנין. מען האט געבראכט פיעל געלד און זילבער און די געביידע איז פארטיג געווארען אין משך פון עטליכע מאנאטען.

---

אין צרעה און אין אלע איבעריגע שטעדט פון דעם שבט דן, האט געהערשט גרויס טרויער.

— אונזער שטאלץ איז געפאלען. די קרוין פון אונזער קאפ איז ארונטער־גענומען געווארען! — האבען די אידען געקלאגט.

מעהר פון אלעמען האט געקלאגט און געיאמערט תרצה, די טאכטער פון אביעזער. איהר ליבע צו שמשון'ען איז נאך געוועזען אזוי שטארק ווי פריהער. צללפונית, שמשון'ס מוטער איז געווען שוואך און אלט. זי איז געלעגען קראנק אין איהר בעט און קיינער האט קיין הארץ ניט געהאט צו ברענגען צו איהר די טרויעריגע בשורה.

— איך מוז געהן נאך עזה — האט תרצה געוויינט — איך וויל איהם זעהן איידער די פלשתים וועלען איהם טויטען. א, גאט, פארוואס שטראפסטו איהם אזוי שרעקליך?!

— רייד ניט קיין נארישקייטען, מיין טאכטער — האט אביעזר געזאגט און די טרערען האבען איהם געשטיקט — עס איז אזוי באשטימט פון גאט, און מיר טארען ניט איבערטראכטען וועגען זיינע מעשים. אבער דו, ווילסטו דיין לע־בען פארלירען? ווייסטו דען וואס פאר א סכנה עס וועט זיין פאר יעדען איינעם פון אונז זיך צו געפינען אין א פלשתים שטאדט, און בפרט אין עזה.

— אבער איך מוז איהם זעהן... איך וועל איהם זאגען אז איך האב איהם ליעב... איך וויל שטארבען מיט איהם צוזאמען...

— מיין טאכטער, איך וויל מעהר פון דיר ניט הערען אזעלכע רייד! — האט אביעזר זיך אויף איהר אנגעבייזערט.

די גאנצע צייט האט אביעזר און די איבעריגע פון זיין משפחה אפגעהיט תרצה'ן זי זאל ניט אוועקגעהן נאך עזה.

אין אביעזר'ס הויז האבען זיך פילע חשוב'ע לייט פון צרעה פארזאמעלט און גערעדט וועגען דער טרויעריגער לאגע פון אלע אידען וואס גרעניצען זיך מיט די פלשתים.

— ווער וועט אונז איצט פארטיידיגען פון די הענט פון אונזערע שונאים? זעהר שווערע צייטען קומען אן אויף אונז. די פלשתים וועלען אונז איצט נאכ־מעהר דריקען און פייניגען...

אייניגע האבען פארגעשלאגען אז מען זאל שיקען צו די פלשתים אין עזה א מתנה פון געלד, כדי דאמיט אפצושוואכען זייער נקמת דורשט.

— וואס? — האט אביעזר אויסגערופען — מיר זאלען איצט זיי ברענגען

א מתנה! אין דער צייט ווען זיי פרעהען זיך מיט דער מפלה פון אונזער גרעס־טען העלד, זאלען מיר נאך ארויסצייגען אז מיר זיינען צופרידען דאמיט און מיר שיקען זיי באגריסונגען! ניין!

— אבער דאמיט וועלען מיר פיליכט פארמיידען אן אומגליק! — האט יענער געשריהען... זיי וועלען אונז פיליכט צורות לאזען.

— עס וועט זיין פאר אונז א סך בעסער צו ליידען איידער צו זינקען אזוי נידעריג און פארשוועכען דעם נאמען פון אונזער העלד! — האט אביעזר גע־זאגט — ניין, איך וועל ניט דערלאזען אז מיר זאלען אונזער שונא ברענגען א מתנה.

---

דעם אויפזעהער איבער שמשון'ען האט דלילה באשטימט ברטור'ן. דורך זיין האנט האט ער באקומען זיין שפייז און ווען שמשון האט אזוי שנעל ניט אויסגעפיהרט זיין באפעהל, האט איהם ברטור מיט א דיקען בייטש געשמיסען.

יעדען טאג פלעגען אריינקומען הונדערטער פלשתים אנצוקוקען מיט זייע־רע אויגען ווי דער גרעסטער העלד וועלכער האט אויף אלעמען אנגעווארפען אזא שרעק ווערט געפייניגט.

דלילה פלעגט אויך איהם קומען באזוכען כמעט יעדען טאג. זי פלעגט זיך מיט איהם רייצען. זי האט געוואלט אז ער זאל איהר ענטפערען, אבער איהר מיה איז געווען אומזיסט. ער האט קיין ווארט ניט ארויסגערעדט צו איהר. ער האט בלויז זיינע ליפען פארביסען און געטאן זיין ארבייט דרעהענדיג די ראד פון מיל.

די גרויסע געביידע איז פארטיג געווארען.

עס איז געווען א הויכע געביידע, וואס איז געשטאנען אויף צוויי ריזיגע זיילען וואו אן ערך דריי טויזענד מענשען האבען געקענט אריינקומען. די פלשתים פרויען האבען באצירט די געביידע מיט שעהנע בלומען. אויבען זיינען געמאכט געווארען פלעצער פאר די פירסטען און אנדערע חשוב'ע פלשתים. א ספעציעלער טראהן איז צוגעגרייט געווארען צו קרוינען דלילה'ן. אונטען זייי־נען געמאכט געווארען פלעצער פאר דעם אלגעמיינעם המון. א ליידיגער פלאץ, א דורכגאנג איז איבערגעלאזען געווארען צווישען די צוויי זיילען אויף וואס די געביידע האט זיך געהאלטען.

אויף דעם אויבערשטען שטאק האבען די פלשתים אוועקגעשטעלט א ריזיגע סטאטוע פון זייער אפגאט דגון, וואס האט אויסגעקוקט העלפט מענש און העלפט פיש. דער טאג פון דער פייערונג איז געקומען.

שמשון'ס האר האבען אנגעפאנגען צוריק צו וואקסען. ער האט בעקומען זיין פריהערדיגען כוח אבער וואס פאר א גוטעס קען איהם יעצט זיין אונגע־הויער גרויסע קראפט ברייננגען, ווען ער איז בלינד?... יעדער איינער קען טאן מיט איהם וואס ער וויל... ער האט זיך איינגעבויגען און אנגעריהרט די שווערע קופערנע קייטען מיט זיין האנט. יע, ווען ער וויל קען ער יעצט די קייטען מיט זיינע הענט צוברעכען. אבער וואס פאר א נוצען וועט ער דערפון האבען? ווען זיינע שונאים זאלען אויסגעפינען, אז ער האט צוריק געקראגען זיין פריהערדיגע גבורה, וועלען זיי איהם ערשט אנהויבען מעהר צו פייניגען... ניין, קיינער פון זיינע שונאים טארען דערפון ניט וויסען. אפשר וועט ער נאך קענען אויספיהרען זיין נקמה פלאן איבער דלילה'ן...

בייטאָג ווען ער איז געשטאַנען און גערדעהט די ראָד פון מיהל, האָט ער געטראַכט ווי אזוי נקמה צו נעהמען פון איהר, און ביינאַכט ווען ער איז געלע־גען אויף דער ערד א צוגעשמידטער צום וואַנט, איז זיין מוח געווען פערנומען בלויז מיט דיזע געדאַנקען: ווען ער זאָל נאָר האָבען די מעגליכקייט זי צו דער־גרייכען מיט זיינע הענט... אָבער די לעצטע צייט קומט זי שוין ניט מעהר אהער זיך צו רייצען מיט איהם. פון די געשפּרעכען פון די וועכטער וואָס האָט דער־



תמות נפשי עם פלשתים

גרייכט זיינע אויערען, האָט ער פערשטאַנען אז גאָר אין גיכען וועט מען פייערען א גרויסען יום טוב צו זייער גאָט דגון לכבוד זייער זיעג איבער איהם און דאָז וועט מען קרוינען דלילה'ן פאַר די קעניגין איבער גאַנץ פלשתים... ער האָט אויך געהערט ווי זיי ריידען מיט גרויס בעגייסטערונג פון דער נייער גרויסער געביידע וואָס עס איז נאָר וואָס אויפגעשטעלט געוואָרען אין מיטען שטאָדט, און וואו עס וועלען זיך קענען פערזאַמלען אריבער דריי טויזענט מענשען.

— וואָס איז דאָס פאַר א געביידע וואָס די פלשתים האָבען אויפגעבויט?

— האט שמשון איינמאל א פרעג געטאן דעם וועכטער, וועלכער האט איהם געבראכט זיין שפייז.

— מיר וועלען דיר דארפען בעדאנקען פאר דער געביידע — האט דער וועכטער איהם געענטפערט מיט א שמייכעל. — איך האב זי שוין געזעהן. עס איז זעהר פרעכטיג. די פרויען פון עזה האבען די גאנצע געביידע בעצירט מיט בלומען.

— און ווי קוקט אוים די געביידע? — האט שמשון איהם געפרעגט.

— די געביידע שטיצט זיך אויף צוויי הויכע זיילען. אויבען וועלען זיצען אלע הארען, און פירסטען פון פלשתים, און אין מיטען איז אוועקגעשטעלט געווארען א טראהן וואו מען וועט קרוינען דלילה'ן. נעבען דעם טראהן שטעהט אונזער גאט דגון... א שמשון, ווען דו וואלסט נאר געקענט זעהן ווי שעהן דאס אלעס איז!

— און ווען פאנגט זיך אן די פייערונג? האט שמשון ווייטער געפרעגט.

— אין צוויי טעג ארום... ווי איך פערשטעה וועסטו דארטען אויך זיין! — האט יער וועכטער געלאכט — נו, געוויס! דו האסט דאך דעם גרעסטען חלק אין דיזער שמחה. איך האב געהערט אז דלילה האט פארגעשלאגען מען זאל דיר ברייגגען צייגען פאר דעם גאנצען עולם.

שמשון האט א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ און געשוויגען. ער איז געווען צופרידען וואס מען וועט איהם ברייגגען אהין. אמשר וועט ער האבען דארטען די מעגליכקייט נקמה צו נעהמען אן זיינע שונאים.

די פייערונג האט זיך אנגעפאנגען. אין דער נייער ריזיגער געביידע האבען זיך פערזאמעלט אלע גרויסע און חשוב'ע לייט פון פלשתים, די פינף סרנים (פירסטען) און זייערע משפחות. די רייכסטע מענער און פרויען זיינען געזעסען אויבען אן מיט די סרנים. אויף דעם קאפ פון דער סטאטוע פון זייער אפגאט דגון איז געווען א גאלדענע קרוין מיט וועלכען מען האט בעדארפט קרוינען דלילה'ן פאר דער קעניגין איבער די פלשתים.

אלע האבען געהאלטען גרויסע בעכערס וויין און מען האט געטרונקען אהן אויפהער.

— זאל מען ברייגגען שמשון'ען אהער! — האט דלילה א בעפעהל געגעבען — ער וועט פאר אונז ווייזען קונצען.

באלד האט מען געבראכט שמשונ'ען נעבען דער געביידע.

דלילה און די איבעריגע, וועלכע זיינען געווען אויף דעם אויבערשטען שטאק פון דער געביידע, האבען זיך אריבערגעקליבען און געקוקט ווי א פלשתים יונג פיהרט דעם בלינדען געוועזענעם אידישען העלד.

— שמשון! שמשון! — האט דלילה ארונטערגעשריען — שמשון, דו דערקענסט מיך ניט, דאס איז דאך דלילה, דיין געליעבטע.

שמשון האט אויפגעהויבען דעם קאפ ווי ער וואלט געוואלט א קוק טאן אויף איהר.

— א, וואס פאר א שעהנע אויגען דו האסט שמשון! — האט דלילה ווייטער ארינטערגעשריען.

א הילכיגער געלעכטער האט אויסגעבראכען פון אלע געסט.

— זאל אונז שמשון פרעהליך מאכען! — האט איין סרן אויסגערופען.

— זאָל ער זינגען!

ניין, זאָל ער טאַנצען פאַר אונז! — האָט דלילה בעפוילען.

דער יונג האָט איבערגעגעבען שמשון'ען דלילה'ס בעפעהלען.

שמשון האָט ארויסגעוויזען נאָכגיעביגקייט. ער האָט גענומען טאַנצען.

אַלע האָבען געקלאַפּט מיט זייערע הענט און הילכיג געלאַכט.

— יעצט, שמשון, שטעל זיך אויף דיין קאָפּ! — האָט דלילה נאָך העכער געשריען — ווייז אונז אַביסעל מעהר קונצען.

שמשון האָט געפאָלגט: ער האָט זיך געשטעלט מיט'ן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארויף.

ווידער האָבען די פערזאַמעלטע פלשתים ארויסגעשאָסען מיט א געלעכ־טער.

— זאָל שמשון ארויפקומען און אליין מיט זיינע הענט ארויפטאָן די קרוין אויף דלילה'ס קאָפּ — האָט אייענר פון די סרנים פאָרגעשלאָגען.

— ניין, ניין, זאָל ער בעסער בלייבען אונטען! — האָט דלילה געזאָגט און אין איהר שטימע איז געווען עטוואָס שרעק. זאָל שמשון אונז בעסער אמו־זירען פון אונטען.

— אויב אזוי וועלען מיר דיר פריהער קרוינען פאַר אונזער קעניגין און דאַן וועלען מיר פאָדערען אז שמשון זאָל טאַנצען לכבוד דלילה'ן און אונז אלע־מען פרעהליך מאַכען...

דלילה האָט זיך געזעצט אויף דעם טראָהן און דער עלטסטער פון די פינף סרנים האָט ארויפגעטאָן די קרוין אויף איהר קאָפּ.

— זאָל לעבען אונזער קעניגין דלילה, די בעזיגערין פון שמשון'ען! — האָבען טויזענדער שטימען א דונער געטאָן.

די געסט וועלכע זיינען געווען אונטען, האָבען זיך געשטעלט פון זייערע פלעצער און אויך געשריען דאָס זעלבע.

---

אין שמשון'ס אויערען האָבען אָפּגעקלונגען דיזע געשרייען און זיין הארץ איז נאָך מעהר פערביטערט געוואָרען. דלילה טריאומפירט איבער איהם. זי איז געקרוינט געוואָרען קעניגין...

— איך בין זעהר מיעד! — האָט זיך שמשון אָפּגערופען צו דעם יונג, וועלכער האָט איהם געפיהרט — דלילה וועט געווים באַלד פאָרשלאָגען איך זאָל נאָך א מאָל טאַנצען פאַר איהר. פיהר מיר צו די זיילען פון דער געביידע און איך וועל זיך אָנשפּארען און זיך אויסרוהען, כדי איך זאָל ווידער קענען בע־ווייזען מיינע קונצען פאַר אלע פלשתים.

דער יונג האָט שמשון'ען צוגעפיהרט צו די זיילען אויף וואָס די געביידע האָט זיך אויפגעהאַלטען.

שמשון האָט ארומגענומען איין זייל מיט זיין רעכטער האַנט און דעם צווייטען זייל מיט זיין לינקער האַנט און ער האָט מתפלל געווען א קורצע תפלה צו גאָט:

א מעכטיגער, דערמאָן זיך אין מיר און שטאַרק מיר בלויז דיזען מאָל,

**א גאָט, גיעב מיר צוריק מיין פריהערדיגע קראפט איך זאָל קאָנען נקמה נעהמען מיט אמאָל פאר מיינעביידע אויגען. העלף מיר א גאָט, דיזען מאָל.**

די גאנצע לופט איז אָנגעפילט געוואָרען מיט געשרייען: לאנג לעבען זאָל די קעניגין דלילה! און —

שמשון האָט ארויסגעלאָזען א גרויס געשריי: "תמות נפשי עם פלשתים" (איך וועל שטארבען צוזאמען מיט די פלשתים)! ער האָט מיט זיין גאנצען כוח א נייג געטהאָן ביידע זיילען. א דונערענדער קראך האָט זיך דערהערט. די גאנצע געביידע איז איינגעפאלען, די שווערע ווענט און די שטיינער זיינען צעפאלען געוואָרען טויטענדיג אלע דריי טויזענד פלשתים, וועלכע זיינען געווען אנוועזענד אויבען און אונטען. דלילה איז אויך צעשמעטערט געוואָרען. שמשון איז אויך געטויטעט געוואָרען.

אַט אזוי האָט שמשון גענומען נקמה אָן זיינע גרעסטע שונאים, און די צאָהל טויטע וואָס שמשון האָט געטויטעט דורך זיין טויט זיינען געווען מעהרער ווי ער האָט געטויטעט ביי זיין לעבען.

---

אויף מאָרגען גאנץ פריה ווען קריגי, שמשון'ס בעסטער פריינד און נאָך איינינגע פון שמשון'ס משפחה זיינען געקומען אין עזה אויפצוזוכען זיין קערפער, האָבען זיי געטראָפען נעבען איהם ליגענדיג א טויטע תרצה, די טאָכטער פון אביעזר. זי האָט זיך מיט איהם ניט געקענט פינראייניגען דורך זיין לעבען האָט זיי ביידען דער טויט פעראייניגט.

מען האָט שמשון'ען און תרצה'ן בעגראָבען איינעם נעבען דער צווייטער אין דעם קבר פון מנוח זיין פאָטער.

ע נ ד ע